שפרה ליפשיץ

# חלומות
# און
#ווירקלעכקייט

(בירא־בידזשאַן און אַרבעטס־לאַגערן)

פאַרלאַג „איינגנס"
תש"ם — 1979

SHIFRA LIFSHITZ

# DREAMS AND REALITY

Birobidzan and labour camps

שפרה ליפשיץ

# חלומות און ווירקלעכקייט

(בירא־בידזשאַן און אַרבעטס־לאַגערן)

פאַרלאַג „אייגנס"

**Printed in Israel 1979**

נדפס בישראל תש״ם

דפוס „להב" בע״מ, תל־אביב, טלפון 336564

פאַר זייער מיטהילף אַרויסצוגעבן דאָס בוך, אַלע אינסטי־
טוציעס און פּערזאָנען — אַ דאַנק!

**ראש העיר פון עפולה עובדיה עלי**

**לאה מרגלית**

**איידל ווישינסקי ע״ה**

**קרן תל־אביב לספרות ואמנות**

**ליטעראַטור־פאָנד א. נ. פון חנה און לייב רובינליכט**

**לייב גאַטערער**

**זעליק ליס**

**לעאָן רייך**

**שמעון פרייסלער**

**שמחה שלעסער**

**ליטעראַטור־פאָנד א. נ. פון חיים באָלער ז״ל**

## קאַפּיטל איינס

# זעמבראָווע

איך בין געבאָרן אין 1898 אין זעמבראָווע, לאָמזשער גובערניע, פּוילן, דאָס שטעטעלע ווו ס׳איז געבאָרן אויך מיין פאָטער. מיין מוטער האָט געשטאַמט פון שטעטעלע קאָלנע, אויך לאָמזשער גובערניע.

פון דער מאַמעס דערציילן האָב איך געוווּסט, אַז זי האָט געבראַכט אויף דער וועלט ניין קינדער. איין זון און אַכט מיידלעך. פונקט דער היפּך ווי ס׳איז געווען מיט איר מוטער, וואָס האָט געבאָרן 8 זין און איין איינציקע טאָכטער — זי, די מאַמע מיינע.

אָבער פון זיבנט איך געדענק מיין משפחה איז זי באַשטאַנען פון דעם איינציקן זון און פון פיר מיידלעך.

דער טאַטע מיינער — אַ פרומער, אָבער נישט קיין פאַנאַטיקער, איז געווען אַ גראַמאַטנער ייד. פרויען פלעגן קומען צו אים ער זאָל פאַר זיי שרייבן בריוו. ער האָט שטענדיק געטראָגן דעם עול פון פרנסה. אָבער ער איז נישט געווען קיין אייגרייסער. אויף דער מאַמעס מוסר־רייד און טענות אַז ער פאַרדינט ווייניק האָט ער שטענדיק געהאַט איין ענטפער: „גנבענען וועלן מיר נישט גיין״. ער איז געווען אַ שאַצער פון וועלדער ביי וואַלד־אייגנטימער, און אויף די יאַרידן פלעג ער אָפּקויפן ביי די פויערים אַ זאַק תבואה. אויף די פּלייצעס פלעג ער אַריינטראָגן דעם זאַק צו די גרויסע תבואה־הענדלער און פאַרדינען דערביי צוואַנציק קאָפּיקעס פונעם זעקל. פון דעם פאַרשטייט זיך, אַז די משפחה האָט געלעבט אין אָרעמקייט. דערפאַר האָבן דריי פון מיין משפחה אין פאַרשיידענע צייטן אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע, ווו ס׳האָבן געלעבט דער מאַמעס ברידער און זיי האָבן געהאָלפן אַרויסנעמען אַהין אירע קינדער.

דער ערשטער איז אַוועק מיין ברודער פישל. איך בין נאָך געווען אַ קינד און האָב אים נישט געדענקט. אין אַ צייט אַרום איז אים נאָכגעפאָרן מיין שוועסטער נחמה.

נחמה האָט געאַרבעט שניידעריי. איר געשטאַלט געדענק איך עד היום. זי איז געווען אַ הויכע, אַ שלאַנקע מיט אַ סימפּאַטישן פּנים, דער קאָפּ

אַרומגערעמט מיט אַ געדיכטער, געלאָקטער, קורץ־געשוירענער גריווע פון קאַשטאַנען־האָר. זי פלעג טראָגן אַ פּעלערינע און זי האָט אויסגעזען אין איר מלכותדיק ווי קיין שום מיידל אין שטעטל. איך האָב ליב געהאַט שטיין ביי איר אַרבעט און זיך צוהערן צו איר געזאַנג:

די זון פאַרגייט אין פלאַמען,
די זון. מען זעט זי קוים: —
אַזוי פאַרגייט מיין האָפענונג,
אַזוי פאַרגייט מיין טרוים!...

נחמה, ווי איך האָב שפּעטער פאַרשטאַנען, האָט אָנטייל גענומען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון יענער צייט, און דאָס איז אויך געווען די סיבה וואָס מיינע עלטערן האָבן זיך שטאַרק באַמיט אָפּצושיקן זי קיין אַמעריקע.

איך געדענק, אַז ווען פון פישלען איז אָנגעקומען די שיפסקאַרטע און אויך געלט פאַר אירעט ווענן אויף הוצאות, האָט זי דעם גאַנצן טאָג געוויינט. נישט אַנדערש אַז איר האָט שטאַרק זיך נישט געוואָלט אַוועקפאָרן. אפשר האָט זי זיך נישט געוואָלט צעשיידן מיט דער משפּחה, און אפשר מיט נאָך עמעצן? מיין מאַמע האָט מיר דערציילט, אַז צווישן דעם יונגוואַרג פון שטעטל וואָס האָבן זי דעמאָלט באַגלייט איז געווען איינער וועמען זי האָט ליב געהאַט.

קינדוויז האָט מען מיך אָפּגעגעבן לערנען אין חדר ביי ישראל־חיימלען דעם מלמד וועלכן מ׳האָט גערופן אין שטעטל „ישראל־חיים מיט די פּאָפּליאַטקעס״. אַזוי האָט מען אים גערופן ווייל ער האָט זיך דערנערט מיט שוואַרצע זעמעלעך אַריינגעבראָקטע אין אַ שיסל הייס וואַסער. ער פלעג זיצן אויבן אָן פון טיש און אין מיטן לערנען אונטערהאַלטן דאָס האַרץ מיט זיין מאַכל. און דערביי שטאַרק הנאה געהאַט פון דעם.

אין אַ שיינעם טאָג האָט מיין טאַטע מיך פאַרהערט און זיך פאַרוואונדערט, אַז די תפילות קנאַק איך אויף אויסנווייניק, אָבער אינעווייניק אין סידור קען איך גאָרנישט. דעמאָלט האָט ער באַשלאָסן אַז לערנען מיט מיר וועט ער אַליין. דערביי האָט ער געזאָגט: „דער קאָפּ איז ביי דיר אַ גוטער, מען דאַרף אָבער אויך וועלן״... צווישן זיינע קרובים, האָט ער געזאָגט, איז געווען אַ פרוי וואָס האָט געהאַט סמיכות אויף רבנות״.

פון דעם וואָס דער טאַטע האָט גענומען קנעלן מיט מיר בין איך נישט געווען צופרידן. תמיד ווען איך האָב זיך געשפּילט מיט קינדער, שבת בייטאָג, פלעג ער אָן אויסגעשלאָפענער נאָכן שבתדיקן מאָלצייט מיט

טשאָלנט, מיט קוגל, אַרויסקומען אין גאַס און מיך אַ רוף טאָן: „אַנו שפּרהלע, קום זאָגן אַ קאַפּיטל תהלים". איך האָב געזאָגט, פֿאַרשטייט זיך, נישט פֿאַרשטייענדיק קיין איינציק וואָרט. וואָס ס׳איז מיר יאָ געפֿעלן איז זיין לערנען מיט מיר אַריפֿמעטיק. אַלע טירן זענען געווען פֿאַרשריבן פֿון מיר מיט קרייד, מיט מיינע לאַנגע חשבונות. די כּפל־טאַבעלע האָב איך געקענט אויף אויסנווייניק ווי אַ וואַסער.

ווייזט אויס, אַז מיינע עלטערן האָבן שטאַרק געוואָלט איך זאָל לערנען אין דער צווייאָריקער שול — די איינציקע אין שטעטל. ביידע, דער טאַטע מיט דער מאַמען האָבן זיך געמאַטערט מיר אָנצוטאָן אַ פּאָר קאַלאָשן נישט אין מיין מאָס (נאָר אַ קינדערישע — ס׳האָט געקאָסט ביליקער) און זיי האָבן מיך אַרויסגעפּראַוועט. איך האָב דאָרט געלערנט אַ קורצע צייט ביז מיין טאַטנס אָפּפֿאָר קיין אַמעריקע.

אין טאָג פֿון זיין אָפּפֿאָרן, ווען די מאַמע האָט זיך געקליבן באַגלייטן דעם טאַטן אין איר געבאָרן־שטעטעלע קאָלנע צו דער גרענעץ, וווהין זי האָט באַגלייט אַלע פֿון אונדזער משפּחה ווען זיי זענען אַוועקגעפֿאָרן, איז געשען אַן איבערראַשונג. דאָס יינגסטע שוועסטערל, כּייקע, נאָך אַ פּיצל קינד, איז געפֿאַלן אין גאַס. שכנים האָבן זי יעכצנדיק, מיט אַ פֿאַרבלוטיקטן פּנים אַריינגעבראַכט אין שטוב, די מאַמע האָט געוויינט, געבראָכן זיך די הענט און געפֿרעגט אַ פֿאַרצווייפֿלטע ווי קען זי אַוועקפֿאָרן איבערלאָזנדיק דאָס קינד אין אַזאַ מין צושטאַנד... דעמאָלט האָב איך אַ זאָג געטאָן:

„זאָרג נישט מאַמע, פֿאָרט אייך גאַנץ רויִק. איך וועל כּייקען אויסהיילן".

די ווערטער מיינע האָבן געזאָגט פֿאַר דעם אַז איך בין שוין געווען אַ דערוואַקסענע.

מיין טאַטע איז קיין אַמעריקע געפֿאָרן דורך ענגלאַנד. אין דער פֿאַרשטאָט סיסטאָמפּסאָן האָט געוווינט זיינע אַ שוועסטער מיט איר גרויסער משפּחה. ווייזט אויס אַז ער איז געווען ביי זיי אַן אָנגעלייגטער גאַסט. פֿון דאָרט האָט ער אונדז אין אַ צייט אַרום געשיקט אַ פֿאָטאָגראַפֿיע און מיין טאַטע איז געווען נישט צום דערקענען. מ׳האָט אים דאָרט אָנגעטאָן אין אַ העלן קורצן ראָק. אויפֿן קאָפּ אַ קאַפּעליוש און די מאַמע האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט דעם בילד, געקוקט און געשטוינט. ס׳איז גאָרנישט דער שאַכנע אין אַ קאַפּאָטע מיט אַ היטל אויפֿן קאָפּ...

די מאַמע מיינע...

זי איז געווען אַ הויכע, דיקלעכע פֿרוי, מיט אַ סימפּאַטישן, קלוגן פּנים. אין זעמבראָווע האָט מען זי גערופֿן: ביילע די שטאָט־חכמה. יונגע

פרויען האָבן ליב געהאַט צו שמועסן מיט איר און ביי איר זיך האָלטן אַן עצה. זי האָט שטאָלצירט מיט איר ייחוס, און זיך באַמיט אַז אויך אירע קינדער זאָלן זיך פירן ווי יחסנים. מיין חברן זיך מיט אַרבעטער־יוגנט איז איר ווייט נישט געפעלן.

נאָך מיין טאַטנס פאַרלאָזן די היים איז זי געבליבן שטאַרק עלנט. אָן אומעטיקע און שווייגנדיקע איז זי געווען באַזונדערס פרייטיק צו נאַכטס און אין די יום־טובים. אַ חוץ דעם אומעט און דער בענקשאַפט נאָכן מאַן און די עלטערע קינדער האָט אונדז פּשוט נישט געקלעקט דאָס געלט וואָס דער טאַטע פלעג אונדז שיקן און די מאַמע האָט געמוזט ווערן אַ פאַרדינערין. זומער ווען עס ווערן צייטיק די פאַרשידענע יאַגעדעס, פלעג זי פרעגלען איינגעמאַכטסן פאַר די רייכע משפחות. מיר, די קינדער, פלעגן איבערקלייבן די יאַגעדעס און זיך נישט פוילן דערביי די שענסטע פון זיי אַריינוואַרפן אין מויל. די מאַמע האָט דאָס נישט געטאָרט זען, ווייל זי האָט געהאַלטן אַז מען טאָר נישט אָנרירן קיין פרעמדס.

און נאָך וואָס? אין זעמבראָווע זענען געווען קאַזאַרמעס. אין דעם רוסישן מיליטער־טייל וואָס איז געשטאַנען אין שטעטל פלעגן זיין יידישע סאָלדאַטן. אויף די יידישע יום־טובים פלעגן די סאָלדאַטן באַפרייט ווערן פון דער קאַזאַרמע. פלעגן זיי זיך אָנדינגען אויף קעסט און פאַרברענגען אין יידישע הייזער.

אין יענער צייט האָבן מיר געוווינט אין אַ גרויסער דירה, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ גרויסן גראָמען זאַל און אַ שמאָלן, לענגלעכן אַלקער — און איך ווייס נישט פאַר וואָס דער זאַל איז ביי אונדז געשטאַנען ליידיק.

מאַכט זיך איין מאָל אַ יום־טוב — די צווייטע טעג סוכות. צום עלנט אָן דעם טאַטן איז נאָך צוגעקומען די זאָרג וואָס כייקעלע די יינגסטע האָט געמאָזלט. אין אַלע הייזער איז ליכטיק, פריילעך און נאָר ביי אונדז איז אומעטיק. פלוצעם, אין אַ פאַרנאַכט — מען קלאַפּט. פון יענער זייט פאַר־שלאָסענער טיר האָבן מיר דערהערט עטלעכע שטימען. מען האָט גערעדט צו אונדז אויף יידיש:

— עפנט אויף. לאָזט אונדז אַריין. האָט קיין מורא נישט. מיר זענען סאָלדאַטן, יידן. מיר האָבן געהערט אַז ביי אייך שטייט ליידיק אַ גרויס צי־מער מיט אַ קיך. פאַרדינגט עס אונדז... מיר וועלן אייך גוט באַצאָלן.

מיין מאַמע האָט געעפנט, זיי אַריינגעלאָזט. און אין שטוב איז באַלד געוואָרן אַ גאַנצער טאַראַראַם. ס'איז אַריין אַ גרויסע גרופּע. יונגע, געזונטע, פריילעכע חברה. פון ערגעץ האָבן זיי געבראַכט אַ גרויסן לאָמפּ, טישן, בענקלעך. באַלד זענען געקומען אויך פרויען וואָס האָבן געקאָכט, גע־

בראָטן, און צוויי טעג איז אין אונדזער דירה געווען ווירקלעך זייער פריי־לעך.

פון דעמאָלט אָן זענען אייניקע פון זיי געוואָרן אונדזערע שטענדיקע אַריינגייער און צום קומענדיקן יום טוב האָבן מיר שוין גענומען אויף באַ־דינען אייניקע פון זיי. דאָס איז געווען מיין מאַמעס אַ צוגאָב־פאַרדינסט צו דער הילף פונעם טאַטן.

איך פלעג דער מאַמען העלפן אין דער שווערער אַרבעט. געראַמט, צוגעגרייט די מאַכלים: קרעפּלעך, געפילטע פיש, קניידלעך. איך האָב געוואָלגערט לאָקשן. די חברה האָט ליב געהאַט צו שטיין און קוקן ווי איך אַרבעט מיט מיינע קליינע נאָר געראַטענע הענטלעך. איינער פון זיי קאַ־מינסקי, אַ קיעווער ייִנגל, האָט מיר אָנגעהויבן באַווייזן צופיל אויפמערק־זאַמקייט. איך פלעג אין שרעק אַנטלויפן פון אים. נאָר דער מאַמען האָב איך וועגן דעם נישט דערציילט. נאָך זיין באַפרייונג פון דער אַרמיי האָט מיין מאַמע באַקומען פון אים אַ בריוו אין וועלכן ער האָט געשריבן, אַז ער איז גרייט צו וואַרטן עטלעכע יאָר ביז איך וועל אויסוואַקסן, און חתונה האָבן מיט מיר.

אַרבעטן האָב איך אָנגעהויבן פרי און עפּעס פאַרדינען. אונדזערע אַ קרובה פון וואַרשע, זייענדיק ביי אונדז צו גאַסט, האָט מיך אויסגעלערנט שטריקן. געשטריקט האָב איך קינדערישע וועסטלעך פון ווייכער קאָלירטער וואָל. די וועסטלעך האָבן אויסגענומען ביים עולם און מען פלעג זיי ביי מיר באַשטעלן, אַפילו פאַר אויסלענדישע קרובים, ווי מתנות.

די מאַמע האָט געוואָלט איך זאָל מיך לערנען אַ פאַך אין אַ וואַר־שטאַט ווו מ׳האָט געמאַכט שייטלען, צעפּ, לאָקן. פון פאַרזעצן מיין ביל־דונג אין אַ שול האָט די מאַמע אַפילו טראַכטן נישט געקענט. און איך האָב געהאַט אַ שטאַרקן נייגער צו וויסן, און אַ ליידנשאַפט צו לייענען. ביי אונדז אין שטוב האָט זיך פאַרוואָלגערט אַ יידיש ביכל אָן טאָוולען, האָב איך עס איבערגעלייענט הונדערטער מאָל, אָן אַ גוזמא. פון דעם ביכל טאַקע האָב איך זיך אויסגעלערנט לייענען פּליסיק יידיש. דאָרט האָט זיך גערעדט וועגן אוריאל אַקאָסטאַ. דער אינהאַלט פול מיט שפּאַנונג. דאָס האָט דערוועקט אין מיר דעם ווילן צו קריגן אַנדערע לייען־ביכלעך וואָס איז געווען נישט פון די גרינגע זאַכן. קיין ביבליאָטעק איז נאָך אין שטעטל נישט געווען. דאָך האָב איך זיי באַקומען. דינעזאָנס ביכלעך זענען געווען ביי מיר פון די ערשטע און איך האָב מיך אַריינגעלאָזט אין לייענען ווי אין אַ שיכרות. צוליב דעם בין איך אויסגעשטאַנען צרות פון מיין מאַמען, וואָס האָט קיין מאָל אין איר לעבן, אַ חוץ דעם טייטש־חומש גאָרנישט

נישט געלייענט. אַלע חומש־מעשיות וואָס מיין מאַמע האָט געלייענט מיט אַ ניגון האָב איך געקענט אויסווייניק. זי האָט געהאַלטן פאַר משונהדיק מיין זיצן ביינאַכט ביי אַ קליינעם לעמפּל אַריינגעטאָן אין לייענען:

— „פאַרלעש דעם לאָמפּ און גיי שלאָפן", פלעג זי שרייען. און אַז איך האָב נישט געפאָלגט האָט זי זיך נישט געפוילט, אַרויסגעטאַנצט פון בעט, צוגענומען דאָס ביכל און פאַרלאָשן דאָס לעמפּל.

אין יענער צייט האָבן מיר באַקומען אַ בריוו פון דער מומע רייזעס אַ זון וואָס האָט געוווינט אין קעלץ. אין בריוו האָט ער פאַרגעלייגט מיין מוטער, זי זאָל נעמען קיין זעמבראָוו זיין מוטער, ווייל זי איז שוין ביז הונדערט און צוואַנציק 82 יאָר און זי וויל צו קבורה קומען לעבן איר מאַן אויף אונדזער שטעטלשן בית עולם. אין זעמבראָווע זענען זיי געווען אַמאָל די חשובסטע משפחה. אַלטע לייט האָבן געקענט די מומע „די יחסנטע" און האָבן געוווּסט צו דערציילן וועגן דעם מאַן אירן זייער פיל מעשיות ווי וועגן אַ בעל־נס. און געשריבן האָט דער מומע רייזעס זון, אַז ער מיינט נישט, חלילה, אַרויפצוּוואַרפן זי אויף דער מאַמען ווי אַ לאַסט. דער מומע רייזעס קינדער וועלן שיקן גענוג געלט פאַר איר אויסהאַלטונג.

מיין מאַמע איז געווען גליקלעך פון דעם גרויסן כבוד וואָס די קרובים טוען איר אָן. אין גיכן האָט זי אונדז די דריי קינדער געלאָזט אַליין, און איז געפאָרן קיין וואַרשע מקבל פּנים זיין די מומע רייזע. איך וואָס האָב שוין געוווּסט די מעשיות וועגן איר מאַן, האָב געוואַרט אויף איר שטאַרק אומגעדולדיק. אַ קלייניקייט? — איר מאַן, האָט מען דערציילט, האָט מיט אַ קליין טשייניקל וואַסער פאַרלאָשן אַ מאָל אַ שריפה! היינט דער נס מיטן געזונט מאַכן אַ געפערלעך שלאָף קינד, ווען קיין שום רופא און קיין שום תרופות האָבן נישט געהאָלפן?... ער איז געקומען צו דעם קראַנקן קינד, האָט געהייסן אָפּרוקן זיין בעטעלע פון דעם אָרט וווּ עס איז געשטאַנען, ווייל אונטער דעם בעט, אין אונטערשטן שטאָק, הענגט אויף דער וואַנט אַ צלם. שטעלט אייך פאָר, דאָס קינד איז גענעזן געוואָרן.

נאָר באַזונדער פאַרכאַפּנדיק זענען די נסימדיקע מעשיות וואָס זענען געשען מיט דער מומע רייזע שוין נאָך זיין פּטירה, ווען זי איז געבליבן אַן אַלמנה מיט דריי פּיצלעך קינדער. מ'האָט דערציילט אַז ר' עלי פלעג אָפּט איר קומען צו חלום. איין מאָל האָט ער זי אַ שלאָפנדיקע אַרויסגעפירט פון שטוב, זי געבראַכט צום פלומפּ אין מיטן פלאַץ פונעם שטעטל, זי אויפגעוועקט, און אַליין איז ער נעלם געוואָרן. ווען זי האָט זיך אויפ־געכאַפּט פונעם חלום, איז זי טאַקע געזעסןביים פלומפּ און ביי אירע פיס אויף דער ערד איז געלעגן אַ טייסטער מיט געלט. כדי די מומע זאָל נישט

מיינען אַז דאָס געלט איז פון אַ יידן, נעבעך, וואָס איז פאַראַרעמט גע־וואָרן מיטן פאַרלירן יענעם טייסטער, איז אין אים געווען אויך אַ צלם: דאָס האָט באַטייט אַז עס וועט נישט זיין קיין זינד זיך צו באַנוצן מיט דעם.

און נאָך האָט מען דערציילט, אַז זי, די מומע, האָט געהאַלטן אַ שענקל און געהאַנדלט דאָרט אין די לאַנגע מאַרקטעג, זי איז אַזוי מצליח געווען אַז פון איין קריגל בראָנפן האָט זי געגאָסן דעם גאַנצן טאָג און דאָס קריגל האָט זיך נישט אויסגעשעפּט.

איז אָט, אין אַ גוטער שעה, די מאַמע איז געקומען מיט דער מומע רייזע.

זי איז געווען אַ הויכע, אַ דיקע. דאָס פּנים אַ גרויס. די נאָז אַ ברייטע, פליישיקע. דאָס ווייסע טיכל אויפן קאָפּ פאַרבונדן פון הינטן. אָנגעטאָן אין אַ העלן, ברייטן שלאָפראָק איז זי געזעסן אָדער געלעגן אין אַ ברייטן בעט און געקרעכצט. זי האָט זיך תמיד געקלאָגט אַז זי קען נישט עסן. זי האָט נישט קיין אַפּעטיט. די ערשטע צייט האָט זי אונדז פּשוט נישט געלאָזט שלאָפן. זי פלעג אונדז וועקן אין די נעכט מען זאָל לויפן נאָכן פעלדשער, ווייל זי שטאַרבט.

דריי פערטל פון דעם צימער האָט די מומע פאַרנומען פאַר זיך און מיר האָבן געמוזט זאַלבעפירט שלאָפן אין איין בעט. די מאַמע איז גאַנצע טעג געשטאַנען אין פינצטערן קיכל און געקאָכט פאַר אירעט וועגן, ווייל צו להכעיס איר קלאָגן זיך אויפן אַפּעטיט האָט זי געהאַט אַ גוטן אַפּעטיט גראָדע. זי איז געשטאָרבן ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, אין 1914.

## די ערשטע וועלט־מלחמה

זעמבראָווע האָט באַלד דערפילט דעם מלחמה־אויסברוך. די רוסישע אַרמיי, וואָס איז געשטאַנען אין די קאַזאַרמעס האָט זיך תיכף אויפגעהויבן און פאַרלאָזט דאָס שטעטל. איך געדענק גוט יענעם טאָג. שעהנווייז בין איך געשטאַנען אין גאַס און געקוקט מיט אַ פאַרקלעמטן האַרץ ווי די יונגע סאָלדאַטן פאַרלאָזן זעמבראָוו. מיט טרערן אין די אויגן האָב איך זיך גע־זעגנט מיט די סאָלדאַטן, די באַקאַנטע יידישע יינגלעך, וועלכע גייען אַוועק צו די שלאַכט־פעלדער, אין פייער אַריין און קיינער ווייסט נישט ווער עס וועט זיך אומקערן.

באַלד אין די ערשטע מלחמה־טעג האָט אין שטעטל זיך אָנגעהויבן אַ הונגער. באַזונדערס שווער איז געוואָרן אונדזער משפּחה. דער קאָנטאַקט

מיט אַמעריקע האָט זיך איבערגעריסן. די הילף פונעם טאַטן האָט זיך אָפּ־געשטעלט. צו דער מאַמעס ווי אויך צו מיינע פאַרדינסטן איז געקומען אַ סוף. אַלץ איז פון שטוב פאַרקויפט געוואָרן.

ערשט ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען פוילן און זיך באַזעצט אין די זעמבראָווער קאַזאַרמעס, איז אין פרט פון אַרבעט געוואָרן אַ ביסל לייכ־טער. די דייטשן האָבן געזוכט אַרבעטס־הענט און די יוגנט פונעם שטעטל איז געלאָפן צו זיי, גרייטע אויף יעדער מין אַרבעט. איך בין געווען איינע פון די ערשטע, ווייל אונדז איז געווען זייער ביטער. די נויט — אומ־געהויער. איך האָב געאַרבעט אויף די פעלדער ביים טריקענען היי, ווען די לאַנקעס זענען געווען 7—10 ק"מ ווייט פונעם שטעטל. פאַר דער קאַ־טאָרגע־אַרבעט האָבן מיר באַקומען 2 מאַרק אַ טאָג און אַ שוואַרץ לעבל ברויט. פון דער היים בין איך אַרויסגעגאַנגען פאַרטאָג אַ באָרוועסע מיט־נעמענדיק מיט זיך אַ שטיקל ברויט און עטלעכע אָפּגעקאָכטע קאַרטאָפל. אין אָוונט זיך אומגעקערט פאַרמאַטערט און הונגעריק.

אין דער דאָזיקער דייטשישער מלחמה־צייט איז מיין מאַמע געפער־לעך קראַנק געוואָרן. איך ווייס נישט גענוי פון וואָס פאַר אַ שלאָפקייט זי האָט געליטן. איך ווייס נאָר, אַז זי איז געלעגן מיט געשוואָלענע פיס, באַדעקטע מיט ווונדן. ביינאַכט פלעג זי מיך אויפוועקן, בעטנדיק מיט אַ שוואַכן קול איך זאָל איר איבערבינדן די ווונדן. זי האָט געגעסן ווייניק. ערשטנס איז נישט געווען וואָס צו עסן. צווייטנס פלעג זי דעם לעצטן ביסן לאָזן פאַר די קינדער. אַ חוץ דעם האָט זי געפּייניקט, זיכער, דער פאַרדרוס אויפן טאַטן וואָס האָט אונדז נישט גענומען צו זיך. מיט האַרצ־ווייטיק און טרערן האָט זי געטענהט אַז איר שכנא האָט אין אַמעריקע זיך מיט גאָרנישט נישט געענדערט. ער איז געבליבן דער זעלבער. אויך די קינדער, ווי זיי האָבן געשריבן, זענען נישט געווען צופרידן מיטן טאַטנס אויפפירונג לגבי זיי. צוליב זיין פרומקייט האָט ער זיך דערווייטערט פון זיי, און אַפילו אַ גלאָז טיי ביים זון נישט געטרונקען. פון נעמען שטיצע ביי זיי — שוין אָפּגערעדט. ווען איך האָב אָן דער מאַמעס וויסן אים גע־בעטן ער זאָל מיך נעמען צו זיך, כדי איך זאָל אים העלפן פאַרדינען און אַרויסנעמען די משפחה, האָט ער געענטפערט, אַז איך זאָל זיך נישט יאָגן, מען דאַרף האָבן געדולד. און דאָך האָט די מאַמע נישט אויפגעהערט האָפן, אַז סוף כל סוף וועט קומען די הילף. עס וועט זיך דורכרייסן אַ וועג און דער טאַטע וועט אַרויסשיקן געלט מיר זאָלן קענען שטילן דעם הונגער און דער עיקר — ראַטעווען די קראַנקע מאַמע.

איין מאָל, ווען איך מיט אַלע אַנדערע אַרבעטער אין פעלד האָבן צו מיטאָג גערוט, האָבן מיר באַמערקט אין אונדזער ריכטונג צוויי לויפנדיקע קינדער. ווען איך האָב דערקענט אין זיי מיינע שוועסטערלעך, בין איך אויפגעשפּרונגען פון אָרט, און מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ פון שרעק, טאָמער איז עפּעס געשען, חלילה, מיט דער מאַמע, בין איך זיי געלאָפן אַנטקעגן. אָבער זיי זענען שוין געווען איינגעאיבט, קלוג און אַז איך זאָל זיך נישט דערשרעקן, האָבן זיי פון דערווייטנס געשריגן:

— שפרה, ס'איז אָנגעקומען געלט פונעם טאַטן;

הילף פונעם טאַטן... ווי מיר האָבן אויף איר געוואַרט. די אויגן זיך אויסגעקוקט ממש.

אָבער... די הילף האָט, ליידער, פאַרשפּעטיקט.

נאָכן געלט האָט מען געדאַרפט פאָרן קיין לאָמזשע. די מאַמע איז שוין פאָרן נישט געווען בכוח. פאָרן האָב געמוזט איך, און ווען איך האָב מיך אומגעקערט מיטן געלט, האָב איך געטראָפן אַ פולע שטוב מיט מענטשן. מען האָט מיך צוגעפירט צום בעט און מיר געוויזן די טויטע מאַמע. איך האָב צעריסן אויף זיך דאָס קאַפּטל. איך האָב אין פאַרצווייפלונג געשריגן: „אויף וואָס דאַרפן מיר איצט דאָס געלט?"

דאָס איז געשען אין 1916טן יאָר ווען זי איז אַלט געווען 53 יאָר איבערגאָר. איך ווייס נישט ווער און ווי אַזוי מ'האָט זי געבראַכט צו קבורה, אָבער ווייסן ווייס איך, ווי כ'האָב שפּעטער געהערט ריידן אין שטעטל, אַז ביילע שכנאס האָט געהאַט אַ גרעסערע לוויה ווי די מומע רייזע...

זענען מיר געבליבן דריי יתומעלעך.

ווי אַזוי לעבט מען ווייטער? גוטע פריינד האָבן אונדז געהאָלפן אַריבערגיין אין אַן אַנדער דירה, איך בין געוואָרן אַ מאַמע פון די צוויי קלענערע שוועסטערלעך, מוזנדיק זאָרגן פאַר זיי. כ'האָב געמוזט זוכן אַרבעט, ווייל ביזן סוף פון דער מלחמה האָבן מיר מער קיין הילף פונעם טאַטן נישט באַקומען.

ביי וואָס האָב איך אין יענער צייט נישט געאַרבעט? ביים רעמאָנט פון די קאַזאַרמעס; ווי אַן אויפראַמערין אין חזרים־שטאַל; איך האָב די בהמות געפיטערט, געוואָלגערט מצות אויף פּסח אין שטעטל. 25 ק"מ דורכגעמאַכט צופוס קיין לאָמזשע ווו איך בין געווען אַ דינסט אין אַן אייג־פאַרהויז.

פאַרשטייט זיך אַז די לאַגע מיינע פון אַן אָרעמען קינד, האָט פון סאַמע

פריסטער יוגנט מיך געבראַכט אין קרייז פון אַזעלכע ווי איך — אַרבעטער־יוגנט. זומער פלעגן מיר זיך טרעפן אויף די שאָסייען, אין די באָענטע וועלדלעך, געשפּילט אין פאַרשיידענע שפּילן און אויך געשמועסט. ווינטער פלעגן מיר זיך צונויפקומען אין דירה פון אַ קאָמאַשן־שטעפּער, וואָס האָט געאַרבעט אין דער היים. דאָס איז געווען אַ גרויסע משפּחה, מיט אַ קראַנקער מוטער און פיר טעכטער. די דאָזיקע דירה האָט מען גערופן „קעסל־גאַרדן", ווייל יעדער אין שטעטל ניי־געקומענער מענטש, האָט גע־מוזט אַריינפאַלן אַהין, דורכגיין די דאָזיקע דירה ווי די עמיגראַנטן אין אַמעריקע האָבן געמוזט אַדורכגיין יענעם פילטער־פּונקט.

אין צייט פון דער מלחמה איז דער באַזוך אין דער זאַמלשטוב געוואָרן שוואַכער, ווייל די יוגנט איז געווען פאַרהאַרעוועט און ס'איז קיין צייט נישט געווען צום פאַרברענגען. איך האָב דאָס הויז נישט באַזוכט צוליב מיינע נעבעכדיקע מלבושים. שוין נישט רײדנדיק פון דעם אַז צוליב דעם עול וואָס איך האָב געהאַט פאַר מיינע שוועסטערלעך און דער שווערער אויסמאַטערנדיקער מי, האָב איך פאַרלאָרן דעם אינטערעס צו אַלץ.

אַן איבערברוך אין מיין לעבן איז געקומען מיטן אַנטשטיין פון דער זעמבראָווער פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די יוגנט אין זעמבראָווע געווען ווייט פון וועלכע עס איז געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען. מ'האָט קיין אַנונג נישט געהאַט פון די שטרייטן וואָס פירן זיך אין דער וועלט פאַר אַ גע־רעכטער אָרדענונג, פאַר סאָציאַלע אידעאַלן פון יושר און גלייכקייט. די יאָרן פון מלחמה און די געשעענישן אין רוסלאַנד האָבן אָנגעצונדן אַן אינטערעס ביי דער יוגנט צו דעם וואָס געשעט אין דער וועלט. זי האָט אָנגעהויבן זוכן אַן ענטפער אויף די פאַרשיידנסטע פראַגן ווי למשל: ווער האָט אָנגעצונדן די מלחמה און אין וועמעס אינטערעסן פירט זי זיך די מלחמה? וואָס קומט פאַר אין רוסלאַנד? וואָס מיינט דעמאָקראַטיע? וואָס איז אויסן דער דער סאָציאַליזם? קודם איז נישט געווען ווער עס זאָל פאַרענטפערן די פראַגן. יונגע מענטשן ציוניסטן האָבן געשאַפן אָוונט־קורסן אין שטעטל. איך האָב נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט זיי צו באַ־זוכן און איך ווייס נישט וואָס מ'האָט דאָרט געלערנט מיט דער יוגנט. (אַגב געפינט זיך איצט אין ישראל דאָמב, וואָס איז געווען איינער פון די גרינדער פון די קורסן. ווען ער, דער ערשטער פון די זעמבראָווער איז מיך געקומען באַזוכן אין רמת־גנער מרכז קליטה נאָך מיין עולה זיין, האָב איך מיט באַדויער מיך דערמאָנט אַז ער האָט מיך אַמאָל געוואָלט

לערנען העברעיש און פאַר וואָס דאָס איז נישט צו צושטאַנד געקומען, געדענק איך נישט).

מיינע אַ חברטע רבקה־לאה וואָס איז יאָ געווען צווישן די קורסן־באַ־זוכער קומט איין מאָל אַ געוואַלדיק־באַגייסטערטע און דערציילט מיר, אַז מיט אַ טאָג פריער איז געקומען צו זיי אַ נייער מענטש, פון וואַרשע איז ער. פון זיין ריידן קען מען משוגע ווערן. זיין פאַמיליע איז זאַבלודאָווו־סקי. זי האָט זיך שוין מיט אים באַקענט. זי האָט אים דערציילט אויך וועגן מיר, וועגן מיין לאַגע מיט די יתומים. און ער האָט צוגעזאָגט אַריינקומען זיך באַקענען און מיר אויך ברענגען עפּעס צום לייענען. געקומען איז ער נישט, אָבער ביכלעך האָט ער פאַר מיינעטוועגן געבראַכט. אַלע מיט איין אינהאַלט: וועגן דער שווערער לאַגע פונעם אַרבעטער־קלאַס. און ווי אַזוי זיך אָרגאַניזירן צום קאַמף אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך די קייטן...

ווער זשע איז ער, דער ניי־געקומענער? — אַן אַרבעטער. אַ שלאָסער פון פאַך. געבאָרן אין וואַרשע ווו ער האָט אַ פאָטער, אַ מוטער און אַ שוועסטער. פאַרכאַפּנדיק פוילן, האָבן די דייטשן ווערבירט יונגע אַרבעטער אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד. זיי האָבן צוגעזאָגט אַרבעט לויטן פאַך, נאָר ברענגענדיק די מענטשן קיין דייטשלאַנד האָט מען זיי אַריינגעטריבן אין די קוילן־גרובנס די אַרבעט איז געווען אַ שווערע און דערצו איז אויסגע־קומען צו הונגערן. האָט אַ גרופּע באַשלאָסן צו מאַכן פליטה. צווישן די אַנטלאָפענע איז געווען אויך ער, זאַבלודאָווסקי. ווען ער האָט זיך אומגע־קערט קיין וואַרשע האָט ער די משפּחה נישט געטראָפן. ביי שכנים האָט ער זיך דערוווּסט, אַז זיי האָבן זיך ווערבירט אויף אַרבעט אין די זעמ־בראָווער קאַזאַרמעס. זאַבלודאָווסקי קומט קיין זעמבראָווע מיט אַ פּוילישן פּאַס (די דייטשן האָבן אין וואַרשע אַרומגעזוכט די אַנטלאָפענע פון די קוילן־גרובנס). דאָ האָט ער זיך באַלד געשטעלט אַרבעטן אַלס שלאָסער אין די קאַזאַרמעס.

דעם ערשטן שבת, דורכשפּאַצירנדיק זיך איבער די גאַסן פון שטעטל מיט אַן אָנטבלויזטן קאָפּ, האָט מען גענומען רעדן, אַז דאָס איז אָנגעקומען אַן אַפּיקורס און אין גיכן ועט אין שטעטל ווערן פריילעך. ווייל די פרומע אין שטרייט מיטן רב, וועלן נישט פאַרטראָגן אין שטעטל קיין מחלל שבת.

זאַבלודאָווסקי האָט אָנגעהויבן באַזוכן די אָוונט־קורסן, און דאָרט צווישן די יוגנטלעכע געפונען אייניקע וואָס האָבן אים געהאָלפן צונויפ־רופן די ערשטע פאַרזאַמלונג ביי אים אין דער היים.

צווישן די 13 אָנוועזנדיקע אויף אָט דער ערשטער פאַרזאַמלונג בין געווען אויך איך. די פאַרזאַמלונג האָט ער געפירט אַליין. אַליין גערעדט,

אינפאָרמירט וואָס עס טוט זיך אין אַנדערע שטעט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, וועגן דעם אימפעטיקן אָרגאַניזירונגס־פּראָצעס, וועגן קאַמף און פאַרטיידיקונג פון זייערע עקאָנאָמישע אינטערעסן; מיר האָבן זיך דערוווּסט אַז ער איז אַ מיטגליד פון דער וואַרשעווער פּועלי ציון־אָרגאַניזאַציע און אַז שאַפן אַזאַ האָט ער בדעה אויך אין זעמבראָווע. זאָל מען רעכענען, אַז די 13 פאַרזאַמלטע זענען די גרינדונגס־צעלע... און זאָל זיך אָנהייבן אַן אַרבעט.

איך האָב דעם וואַרשעווער שלאַנקן בחור געהערט מיט פאַרכאַפּטן אָטעם. איך האָב געקוקט אין זיין לעגגלעכן, נישט שיינעם פּנים מיט די רויטלעכע ברעמען ווי אַ פאַרכישופטע. איך האָב געפילט די גערעכטיקייט פון זיינע רייד וואָס זענען געווען שטאַרק איבערצייגעוודיק. איך האָב מיך אָנגעצונדן פון דעם געדאַנק, אַז דער באַשלוס פון דער ערשטער קליינער גרופּע פאַרזאַמלטע צונויפצורופן אַ גרויסע פאַרזאַמלונג פון אַלע יוגנטלעכע אין שטעטל איז פאַר מיר געווען אַ געבאָט.

עטלעכע טעג, אַהיימקומענדיק נאָך פון דער אַרבעט האָב איך מיך אַוועקגעלאָזט איבער די הייזער ווו ס׳האָבן זיך געפונען יוגנטלעכע און איך האָב זיי גערופן אויף דער פאַרזאַמלונג.

אַוודאי, עס זענען געווען קעגנער, אַפילו אַקטיווע, עס זענען געווען סתם אָפּשפּעטער, אָפּלאַכער פון דער אונטערנעמונג, און אַזעלכע וואָס האָבן געכיכיקעט פון מיר גופא אַז איך קען אַפילו דאָס וואָרט „סאָציאַליזם" נישט אַרויסרעדן.

שוועריקייטן זענען געווען אַ סך ביים גרינדן די אָרגאַניזאַציע. ס׳האָט אונדז געפעלט אַ לאָקאַל פאַר אונדזערע צונויפקומען. ס׳האָבן געפעלט געלט־מיטלען און אַזוי האָט עס געדויערט ביזן סוף פון דער מלחמה ווען די מאַטעריעלע לאַגע פון דער גאַנצער באַפעלקערונג האָט זיך פאַרבעסערט. ס׳האָבן זיך ווידער געעפנט פאַרשידענע וואַרשטאַטן. די יוגנט האָט געקראָגן אַרבעט און אונדזער געשאַפענע פּועלי ציון־אָרגאַניזאַציע איז גאָר אויפגעלעבט געוואָרן. מ׳האָט געעפנט אַ קלוב און אויך אַ קאָאָפּעראַטיווע קלייט, כדי פון דעם רווח אויסהאַלטן דעם קלוב. מיר האָט מען אין דער קלייט געגעבן אַן אַרבעט, ס׳האָט אָנגעהויבן גיין געלט פונעם טאַטן און איך מיט די שוועסטערלעך האָבן אויך געלעבט בעסער.

פון קיינעם נישט אָפּהענגיק, האָב איך מיט לייב און לעבן זיך אָפּגעגעבן דער אַרבעט פון אונדזער פּועלי ציון־אָרגאַניזאַציע. קיינער האָט מיך נישט געמוסרט, קיין דעה נישט געזאָגט. איך בין געווען פריי און זעלבסט־שטענדיק. איך בין אַ מיטגליד אין דער קלוב־פאַרוואַלטונג און מיר שאַפן

אַ דראַמקרייז, אַ ביבליאָטעק, פאַרשיידענע קורסן. פון צייט צו צייט קומען באַזוכן אונדזער זעמבראָווער אָרגאַניזאַציע אָנפירער פון דער פּועלי ציון־פּאַרטיי. איין מאָל איז געקומען זרובבל. אין רעזולטאַט פון דער איבער־געבנקייט פון אירע מיטגלידער איז אונדזער זעמבראָווער אָרגאַניזאַציע געוואָרן די שטאַרקסטע אין לאָמזשער גובערניע. דער אָנפירער און די נשמה פון אַלע טעטיקייטן איז געווען זאַבלודאָווסקי, איך — זיין אַקטיוו־סטע העלפערין.

אַ וויכטיק אָרט אין אונדזער אַרבעט האָט פאַרנומען דער קאַמף מיט די פּרומע. פּאַרלויפט זיך איין מאָל אין יענער צייט אַזאַ געשיכטע: צוויי יידישע סוחרים זענען אין וועג דערהרגעט געוואָרן פון באַנדיטן. די גאַנצע באַפעלקערונג איז געווען דערשיטערט פון דער רציחה און צו דער לוויה, אָרגאַניזירט פון די פּרומע, איז געקומען דער גרויסער רוב פון די איינ־וווינער. טרעט אַרויס דער רב מיט אַ דרשה און זאָגט — נישט מער און נישט ווייניקער ווי דאָס, אַז אין דעם שרעקלעכן מאָרד זענען שולדיק די עוכרי ישראל ווי זאַבלודאָווסקי ימח שמו, און אַנדערע. מיר, די פּועלי ציון־מיטגלידער, וואָס האָבן אויך אָנטייל גענומען אין דער לוויה, זענען געוואַל־דיק איבערראַשט געוואָרן פון דעם בילבול. זאַבלודאָווסקי האָט אָנגעקלאָגט דעם רב אין געריכט. דער רב האָט זיך אָפּגעזאָגט זיך שטעלן פאַר אַ גויישן געריכט און דערצו נאָך אַן אָנגעקלאָגטער פון אַן עוכר ישראל. דער סכסוך האָט געדויערט זייער לאַנג. דער רב האָט געשיקט פּרומע יידן אויף אונטערהאַנדלונגען, ביז זאַבלודאָווסקי האָט די אָנקלאַגע צוריקגע־נומען. אָבער מיט דעם האָט דער שטרייט מיט די פּרומע און באַזונדערס מיטן רב זיך נישט פאַרענדיקט. אין אַ צייט אַרום האָבן מיר דערלעבט אַ „נקמה" אין רב. און וואָס די נקמה האָט זיך אויסגעדריקט? דער רב האָט געהאַט זייער אַ שיינע און גראַטענע טאָכטער. זי איז פּרי אַוועק פון דער היים, געלערנט אין וואַרשע. דאָרטן האָט זי חתונה געהאַט מיט אַ יונגנ־מאַן, אַ מיטגליד פון דער פּועלי ציון־פּאַרטיי. איין מאָל זעען מיר פונעם באַלקאָן פון אונדזער קלוב וואָס איז געווען פּונקט אַנטקעגן דער דירה פונעם רב, ווי זיין איידעמל שטייט אום שבת אויפן באַלקאָן מיט אַן אָנגט־בלויזטן קאָפּ. מיר האָבן באַוווּנדערט זיין דרייסטקייט און כאָטש אין דעם ליגט אַ סך קינדערישע נאַיִווקייט, האָבן מיר עס באַטראַכט ווי אונדזער נקמה אין רב.

צו די געשעענישן אין רוסלאַנד האָבן אונדזערע מיטגלידער זיך באַ־צויגן מיט גרויסן אינטערעס. אמת, נישט אַלץ וואָס קומט דאָרטן פאַר האָבן מיר געוווּסט; די ידיעות וואָס זענען צו אונדז דערגאַנגען זענען געווען ווי־

דערשפּרעכלעכע. ס׳איז נישט געווען גרינג זיך פונאַנדערקלייבן אין זיי. אָבער ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן פּוילן מיטן ראַטנפאַרבאַנד, זענען אונדזערע סימפּאַטיעס געווען אויף דער זייט פון די באָלשעוויקעס. מיטן גרעסטן אומגעדולד האָבן מיר געוואַרט אויפן אָנקום פון דער רויטער אַרמיי. אָבער דריי טעג פאַר איר אַריינקום אין זעמבראָווע, האָט די פּוילישע אַרמיי דורכגעפירט גרויסע אַרעסטן צווישן אונדזערע מיטגלידער. די אָנפירונג פון דער אָרגאַניזאַציע האָט מען גוט אויסבאַהאַלטן. נאָר אייניקע און צווישן זיי אויך מיך האָט מען אַנטדעקט און אַרעסטירט.

מען האָט מיך געגומען ביינאַכט און אַריינגעזעצט אין דער זעמבראָווער ,,קאָזע״ (אַזוי האָט מען גערופן דאָס הייזל ווו מען פלעגט אַריינזעצן אַרעסטאַנטן צייטווייליק). אין דער פרי זענען צום פענצטער מיט גראַטעס געקומען מיינע שוועסטערלעך מיט אַ גרויס געוויין: ,,וואָס וועט איצטער זיין מיט אונדז? ווי אַזוי וועלן זיי בלייבן אָן מיר?״...

צווישן אונדז זענען געווען אויך סתם בירגער, וואָס האָבן קיין שייכות צו אונדזער אָרגאַניזאַציע נישט געהאַט. און דער עיקר: אַ סברה איז געווען — אַזוי האָט מען געשמועסט — אַז געהאָלפן צונויפשטעלן דאָס צעטל פון פאַרדעכטיקטע, האָבן מענטשן וואָס האָבן געהאַט מיט עמעצן אַ ,,חשבון״... און חושד איז מען געווען אויך דעם רב, אַז ער איז נישט געווען פרעמד צו דער נבזהדיקער זאַך...

צו פוס האָט מען אונדז אָפּגעפירט צום וואָקזאַל און פון דאָרטן מיט דער באַן קיין וואַרשע. אויפן וואַרשעווער וואָקזאַל האָט מען אונדז — דערשראָקענע, הונגעריקע — דורכגעפירט ווי דורך אַ קאָרידאָר, דורך שערענגעס צערייצטע פּוילישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן פון אונדז חוזק געמאַכט און אונדז אָנגערופן ,,פאַרהאַסטע באָלשעוויקעס״. דערנאָך האָט מען אונדז אַריינגעזעצט אין אַ לאַסטוואַגאָן, דער שמוץ אין אים איז געווען אין לשער. אויפן דיל, פאַרשפּרייט מיט שטרוי זענען געלעגן קראַנקע, פאַרלייזיקטע מענטשן. פון זיי ווי פונעם שטרוי האָט געשטונקען, דערשטיקט צו ווערן. דער וואַגאָן איז געגאַנגען פון קיעוו און אויפן וועג האָט מען אים אָנגעפילט מיט אַזעלכע פאַרברעכער ווי מיר. געפאָרן איז מען לאַנג. מיר זענען מער געשטאַנען אין די טעמפּע ווינקלען פון באַן־סטאַנציעס. דער סאָלדאַט וואָס האָט אונדז געהיט און ער האָט אויך נישט געקענט פאַרטראָגן דעם ריח פון וואַגאָן, פלעג אויף די האַלט־שטעלעס עפענען די ברייטע טירן כדי אויסצולופטערן דעם וואַגאָן און אויך בייטן דאָס שטרוי. דער סאָלדאַט איז געווען נישט קיין שלעכטער פאַרשוין. ער האָט געהאַט

צו אונדז מיטליידיד און אונדז געהאָלפֿן מיט וואָס ער האָט נאָר געקענט: ער האָט אונדז געבראַכט וואַסער, אונדז איינגעקויפֿט פּראָדוקטן. און דאָס וויכטיקסטע — ער האָט אונדז געגעבן איבערלייענען דעם באַשולדיקונגס־אַקט וואָס ער האָט געפֿירט מיט זיך. אין דעם אַקט מיטן אויפֿשריפֿט „שטרענג געהיים" האָט זיך געזאָגט, אַז די גאַנצע רשימה איז פֿון פֿאַלי־טישע נישט פֿאַרלעסלעכע מענטשן וועמען מען דאַרף דערווייטערן פֿון די פֿראָנט־ליניעס, אַז אַלע אויסגערעכנטע געהערן צו דער בונדישער פּאַרטיי. קיין אַנדערע באַווייזן קעגן אונדז זענען נישט געווען. דערוויסנדיק זיך דעם אינהאַלט פֿונעם באַגלייט־דאָקומענט, האָבן מיר טראַץ דער געדריקטער שטימונג זיך שטאַרק צעלאַכט. אַלע האָבן מיר באַשלאָסן אַז ווען מען וועט אונדז סוף כל סוף ברענגען לעבעדיקע צו אַ געריכט־אויספֿאָרשונג, ליי־קענען שטיין און ביין. און דאָס וועט נישט זיין קיין ליגן, ווייל צום בונד האָט קיינער פֿון אונדז נישט געהערט.

מען האָט אונדז געבראַכט אין דער שטאָט לוויוויטש און דער וואַגאָן־קאַשמאַר האָט זיך פֿאַרענדיקט. דאָס איז ווירקלעך געווען ווייט פֿון דער פֿראָנט־ליניע. דער טאָג איז געווען אַ הייסער און אונדז האָט מען עט־לעכע שעה, מידע, שמוציקע געפֿירט דורך דער גאַנצער שטאָט צו דער תּפֿיסה. מענטשן זענען געשטאַנען אויף די טראָטואַרן און אונדז באַטראַכט מיט מיטגעפֿיל.

צו אונדזער פֿאַרדראָס האָט די תּפֿיסה־אַדמיניסטראַציע אונדז נישט געוואָלט אויפֿנעמען. ס'איז קיין אָרט נישט געווען. די תּפֿיסה איז געווען אַן איבערפֿולטע. און מיר, געבאַקענע פֿון דער זון, און אויסגעמאַטערטע, האָבן שוין געוואָלט ערגעץ אַריין. נאָך לאַנגע זוכענישן האָט מען גע־פֿונען אַ קעלער ווו ווינטער ווערן געהאַלטן קאַרטאָפֿל, אַהין האָט מען אונדז אַריינגעשטופּט. אין דעם פֿינצטערן קעלער האָבן מיר פֿאַרבראַכט אַ נאַכט אויפֿן ערדענעם דיל. אין דער פֿרי האָבן מיר געמאַכט אַ טומל, גע־קלאַפּט אין די טירן און מ'האָט פֿון דעם קעלער אונדז איבערגעפֿירט אין אַ שול. אין אַ גרויסן זאַל מיט אַ געפֿאַרבטן דיל. דאָרט האָבן מיר זיך אַוועקגעלייגט און זיך געפֿילט ווי אין גן עדן.

די יידן פֿון שטאָט ווי נאָר זיי האָבן זיך דערוווּסט די סיבה פֿון אונ־דזער אַרעסט, האָבן אונדז אַריינגעטראָגן פֿון כּל טוב: עסנוואַרג, קליידער, געלט און אונדז געטרייסט, אַז מען וועט אונדז באַפֿרייען.

אין אַ טאָג אַרום האָט זיך אָנגעהויבן די אויספֿאָרשונג. גערופֿן האָט מען איינציקווייז. צום ערשטן מאָל האָב איך געזען פּוילישע אָפֿיצירן,

עלעגאַנטע, מיט אַ סך אויסצייכענונגען אויף די מונדירן. איך האָב מיך שטאַרק דערשראָקן ווען זיי האָבן מיך באַגעגנט מיט אַ „פּשיאַ קרעוו"־געשריי. זיי האָבן געפּאָדערט איך זאָל זיך מודה זיין צו וועלכער פּאַרטיי איך געהער. אויב איך וועל נישט זאָגן דעם אמת, וועל איך פּאַרפּוילט ווערן אין תפיסה. תפיסה? האָב איך געטראַכט, הייסט עס מען דראָט נישט מיט שיסן, בין איך געקומען צו זיך, געזאָגט אַז איך געהער נישט צו קיין שום פּאַרטיי, אַז מען האָט אומגליקלעך געמאַכט נישט נאָר מיך, נאָר אויך מיינע צוויי קליינע שוועסטערלעך, פּיצלעך קינדער — אָן טאַטע־מאַמע, יתומים. די אויספאָרשונג האָט געדויערט אַ גאַנצן טאָג.

אין אַ טאָג אַרום האָט מען אונדז אַלע באַפרייט.

קאַפּיטל צוויי

# וואַרשע

אומגעריכט באַפּרייט, אין פרעמדן פאַרוואָרפענעם שטעטל בין איך געבליבן אַ פאַרצווייפלטע מיט מיינע טראַכטענישן:

„וווּהין טוט מען זיך אַהין אַצינד ?"

וואָס עס טוט זיך אין זעמבראָווע מיין געבוירנשטאָט האָב איך נישט געוווּסט. וואָס איז מיט מיינע שוועסטערלעך ? וואָס איז מיט זיסקינדן (דאָס איז געווען זאַבלודאָווסקיס אמתער נאָמען), זיין פּסעוודאָנים איז געווען אַלעקסאַנדער.

צום גליק האָב איך געדענקט דעם אַדרעס פון מיינע וואַרשעווער קרובים (נאָוואָליפּיע 7), ביי וועמען איך בין געווען צוריק מיט אַ צייט. פאָר איך צו זיי. אמת, אויף פּראַדלען טראָג איך אין האַרצן אַ גרויסן פאַר־דראָס. דאָס פאַריקע מאָל האָט זי מיך אויפגענומען שלעכט, ווי אַן אָרעמע קרובה. מיך האָט דעמאָלט שטאַרק געקרענקט וואָס זי האָט מיך געלייגט שלאָפן אין איין בעט מיט דער דינסט.

פּראַדל איז געווען איינע פון די פיר טעכטער פון אונדזער מומע, דעם טאַטנס אַ לייבלעכע שוועסטער. זיי האָבן געוווינט אין אַ דאָרף נישט ווייט פון זעמבראָווע. דער פאָטער האָט דאָרט געהאַט אַ גרויסע ווירטשאַפט און דערפאַר האָט מען אים גערופן „פּריץ". זייערע פיר טעכטער זענען געווען שיינע, געזונטע. אין וואַרשע וווּהין זיי זענען אַוועק יונגערהייט, האָבן זיי חתונה געהאַט און גוט געלעבט.

מיינע קרובים פון נאָוואָליפּיע 7 האָבן מיך באַגעגנט קאַלט. מיין אויס־זען איז געווען אַ קלאָגעדיקער. איך בין געווען שמוציק, שלעכט אָנגעטאָן. דערצו האָט זיי פאַרדראָסן וואָס איך בין געוואָרן אַ סאָציאַליסטקע, וואָס איז אויך געווען די סיבה פון מיין אַרעסט צוליב וואָס מיינע קלענערע שוועסטערלעך זענען געבליבן אויף גאָטס באַראָט. די שטימונג פון מיינע קרובים איז דעמאָלט געווען אַ געדריקטע. די רויטע אַרמיי האָט זיך דער־נענטערט צו פּראָגע — די פאָרשטאָט פון וואַרשע. זיי האָבן נישט אָן אַ גרונט מורא געהאַט פאַר די באָלשעוויקעס, וועמעס באַציונג צו דער בור־

זשוואַזיע און צו פּריוואַט־אייגנטום איז געווען באַוווּסט. זיי, די קרובים מײַנע, האָבן פאַרמאָגט צוויי פאַבריקלעך. איינע — ווו מ׳האָט געמאַכט די שאַכטלען פאַר שוואַקס, און די צווייטע, אין הויף פון זייער דירה, ווו מ׳האָט דעם שוואַקס געקאָכט. דער באַלעבאָס אַליין האָט בסודי סודות געקאָכט דעם שוואַקס. פראַדל, זיין פרוי, האָט אים צעגאָסן אין די שאַכט־לען, און מיך האָבן זיי באַלד געשטעלט צו דער אַרבעט. דאָס מאָל האָב איך שוין געלעבט מיט זיי אין זייער גרויסער דירה. געשלאָפן בין איך שוין נישט אין קיך, נאָר אין עסצימער אויף אַ דיוואַן. איך בין דאָך שוין נישט געווען די הכנעהדיקע און נאַיווע פון פריער. כ׳האָב זיך שוין דער־לויבט צו דיסקוטירן מיט זיי, ווידערשפּרעכן. איך געדענק ווי פריילעך און אויפגעלעבט זיי זענען געוואָרן, ווען ס׳איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז מ׳האָט די באָלשעוויקעס אָפּגעשטויסן, פאַרטריבן.

קורץ נאָך דעם האָט די באַציונג פון מײַנע קרובים צו מיר שאַרף זיך געענדערט. מען האָט מיר פּשוט געזאָגט, אַז אויב איך וויל ווינען און אַרבעטן ביי זיי טאָר איך נישט געהערן צו קיין שום פּראָפעסיאָנעלן פאַר־איין, אָדער פּאַרטיי. אַז צאָלן פאַר דער אַרבעט וועלן זיי מיר נישט. איך ווין דאָך און דערנער זיך ביי זיי. זיי האָבן מיר פאַרבאָטן צו שליסן באַקאַנטשאַפטן און אַרויסגיין.

די לאַגע האָט געדויערט ביז איך האָב באַקומען דעם ערשטן בריוו פון מײַנע שוועסטערלעך. זיי האָבן באַשריבן אויספירלעך וואָס אין זעמ־בראָווע איז געשען ווען די רויטע אַרמיי האָט פאַרכאַפּט דאָס שטעטל. ס׳האָט זיך באַלד געשאַפן אַ צייטווייליקער רעווקאָם פון אָרטיקע יונגע־לייט, צווישן וועלכע ס׳איז געווען אויך זאַבלודאָווסקי, וועלכע האָבן אי־בערגענומען די מאַכט, באַלעבאַטעוועט אין שטעטל. ווייל ס׳איז באַלד גע־וואָרן אַ מאַנגל אויף שפּייז־מיטלען, האָבן זיי איבערגענומען די פּראָ־דוקטן־פאַרטיילונג צווישן דער באַפעלקערונג — צוויי וואָכן האָבן די באַל־שעוויקעס זיך אויפגעהאַלטן אין זעמבראָווע און ווען מען האָט זיי אַרויס־געטריבן פונעם ראַיאָן, איז דער רעווקאָם און אויך זאַבלודאָווסקי אַוועק אין איינעם מיט זיי. וואָלט מען אים, חלילה, געפאַקט, האָבן מיר געשריבן די שוועסטער, וואָלט מען אים זיכער דערשאָסן...

זיי האָבן אויך געשריבן אַז איך דאַרף קיין זעמבראָווע נישט קומען. בעסער זאָל איך זיי אַרויסנעמען צו זיך קיין וואַרשע.

נאָך דעם בריוו האָב איך באַשלאָסן אַוועקגיין פון מײַנע קרובים. צוליב דעם האָב איך געדאַרפט געפינען אַרבעט און אַ דירה. אייניקע אָנפירער פון די וואַרשעווער פּועלי־ציון האָב איך געקענט, האָב איך באַשלאָסן זיך

ווענדן צו דער אָרגאַניזאַציע. קיין באַקאַנטע האָב איך נישט געטראָפֿן, אָבער אויפֿגענומען האָט מען מיך זעלטן גוט. און אויסהערנדיק מיין גאַנ־צע געשיכטע — פֿון אַ געליטענער פֿאַר די אידעען פֿון דער פּאַרטיי — האָט מען מיר באַלד צוגעטיילט אַ חבר וואָס האָט מיר געדאַרפֿט העלפֿן מיט אַרבעט און מיך אַריינפֿירן אין די ווירקונגס־קרייזן פֿון דער אָרגאַני־זאַציע.

אַרבעט האָב איך באַקומען אין אַ הענטשקע־פֿאַבריקל. דאָרטן האָבן געאַרבעט אַ 50 מענטשן אין צוויי שיכטן. דער באַלעבאָס, אַ ייד אַ חסיד מיט אַ לאַנגער קאַפּאָטע, האָט מיט גרויס טומל אַליין אָנגעפֿירט מיט דער אַרבעט. געאַרבעט האָבן דאָרט אין גרעסטן טייל יונגע מיידלעך ווי אויך עלטערע מיט אַ צען־יאָריקן סטאַזש. די אַרבעטס־פּראָצעסן זענען געווען צעטיילט און יעדער אויף זיין דעטאַל האָט געאַרבעט מיט געוואַלדיקער שנעלקייט. די אַרבעטער האָבן געהערט צום יידישן טעקסטיל־פֿאַראיין אין וואַרשע, וואָס איז געווען אונטער דער השפּעה פֿון דער פּועלי ציון־פּאַרטיי. וויסנדיק פֿון וועמען איך בין אַריינגעשיקט געוואָרן אויף אַרבעט האָבן זיי זיך באַצויגן גוט צו מיר, מיך געלערנט די אַרבעט, מיר געהאָלפֿן געפֿינען אַ ווינקל אין אַ דירה אויף סמאָטשע־גאַס. איך בין געוואָרן אין וואַרשע אַ פֿרייער, אומאָפּהענגיקער מענטש!

די גרעסטע צופֿרידנקייט אין מיין נייעם לעבן אין וואַרשע האָב איך געהאַט פֿון די באַזוכן אין דער „אַרבעטער־היים" אויף קאַרמעליטסקע 28. דער דאָזיקער קלוב איז געווען אָפֿן אַ גאַנצן טאָג ביז שפּעט אין אָוונט. דריי מאָל אין טאָג האָט מען דאָרט געקענט פֿאַר ביליקע פּרייזן אָפּעסן. אין די אָוונטן זענען פֿאָרגעקומען פֿאָרטראָגן, קאָנצערטן, דיסקוסיעס צווישן באַזוכער פֿון פֿאַרשידענע ריכטונגען אין דער אַרבעטער־באַוועגונג.

אַלץ אין דער „אַרבעטס־היים" איז מיר געווען אינטערעסאַנט, און באַזונדערס די גרופּע אַקטיוויסטן פֿונעם קלוב ווי משה מעזריטשער, קאָפּל דוא, חנה הימל, שמואל מעלער און אַנדערע. אַהיים אין מיין ווינקל פֿלעג איך קומען נאָר איבערשלאָפֿן. יעדע פֿרייע מינוט פֿלעג איך פֿאַרברענגען אין „אַרבעטער־היים". אויף אַ קאָנצערט אָדער פֿאַרזאַמלונגען פֿלעג איך פֿון דאַנען גיין מיט אָט־די אינטערעסאַנטע, קלוגע און גוטע חברים.

ס'איז מיר געווען אינטערעסאַנט און גוט צו לעבן. און וואָס האָט גע־קענט זיין אינטערעסאַנטער ווי הערן די גייסטרייכע און פֿול מיט בקיאות אַרויסטרעטונגען פֿון קאָפּל דוא?

קאָפּל איז געווען דער טעכנישער סעקרעטאַר פֿון דער וואַרשעווער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. ער איז געווען אַ קריפּל פֿון געבאָרן. ער האָט גע־

האָט צעדרייטע פּיס און הענט, אָבער אַ גרויסן קאָפּ געקרויזטע האָר, אַ קיילעכיק פּנים, שוואַרצע ברענענדיקע אויגן. ער איז געווען אין דער היים נישט נאָר אין דער יידישער, נאָר אויך אין דער וועלט־ליטעראַטור. אַ ליבהאָבער פון קונסט. באַזונדער'ס פון טעאַטער. ווען ער פלעגט זיצן אין קלוב און רעדן, האָט תמיד געקלעפּט אַרום אים אַ קרייז מענטשן. ער האָט מיר געהאָלפן פאַרשטיין ליטעראַטור.

חנה הימל — אַ הויכע, אַ שיינע. אַ קלוג און געראָטן מיידל. זי איז געווען די ערשטע, געטרייסטע חברטע מיינע אויף דער גאַנצער צייט פון מיין לעבן אין וואַרשע. זי האָט מיך געפירט אין וואַרשעווער אָפּערע, אויף פילהאַרמאָנישע קאָנצערטן, מיך געלערנט ליב האָבן און באַנעמען מוזיק.

אויב איך האָב פאַר עפּעס געזאָרגט איז עס נאָר געווען פאַר מיינע שוועסטער און פאַר זיסקינדן פון וועמעס גורל איך האָב גאָרנישט נישט געוווּסט.

מאַטעריעל זענען דעמאָלט די שוועסטער געווען פאַרזאָרגט. דער טאַטע האָט געשיקט גענוג געלט און איך האָב פון דעם ווייניק גענומען. איך האָב מיר פאַרדינט אויף מיין אויסקומען גענוג. דער טאַטע האָט אונדז גערופן צו זיך. זיין לאַגע האָט זיך פאַרבעסערט, אָבער אַמעריקע האָט אין יענער צייט באַשרענקט דעם אַריינפאָר. ס'האָט עקזיסטירט אַ נאָרמע, די אַזוי גערופענע „קוואָטע". דערלויבענישן האָט מען געגעבן פרויען מיט קינדער זיך צו פאַראייניקן מיטן מאַן. ווי אויך קינדער צום טאַטן, אָבער בלויז מינדעריעריקע. איך האָב שוין נישט געהאַט קיין האָפענונג צו קענען פאָרן. אַפילו מיין שוועסטער האָט מען די וויזעס נישט געגעבן צוזאַמען. איז צו ערשט געפאָרן די צוועלפיאָריקע כייקע.

איך און שרה זענען געפאָרן זי באַגלייטן אין דאַנציג. ביים אָנקומען קיין דאַנציג האָט מען די עמיגראַנטן אָפּגעפירט אין קאַראַנטין, און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז מער ווען די באַגלייטער נישט האָבן קיין מעגלעכקייט זיך געזעגענען מיט די אָפּפאָרנדיקע. די איינציקע מעגלעכקייט וואָס איז אונדז געבליבן איז צושווימען אויף אַ לאָדקע צום שיף און זי זען פון ווייטנס ווען זי וועט אויפשטייגן אויפן שיף. מיר האָבן געזען ווען מ'האָט זי אַרויפגעפירט מיטן טראַפּ, מיר האָבן געפאָכט צו איר מיט די טיכלעך, אָבער זי האָט אונדז נישט געזען.

אַזוי האָבן מיר זיך געזעגנט מיט אונדזער קליינעם שוועסטערל כייקע, וואָס איז געוואַקסן אין נויט און אין עלנט און איצט איז זי איינע אַליין געפאָרן קיין אַמעריקע צום טאַטן.

אין אַ צייט אַרום האָב איך זיך דערוווּסט, אַז קיין אַמעריקע איז זי אָנגעקומען שבת און מיין פרומער, משונהדיקער טאַטע איז נישט געקומען אָפּנעמען זיין קינד כדי נישט ווערן אַ מחלל שבת. פּישלען, דעם ברודער מיינעם, איז אָנגעקומען זייער שווער אַראָפּצונעמען כייקען פון שיף.

אַנדערש איז געווען מיין שרהס אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע. זי איז שוין אַלט געווען 17 יאָר. זי איז געווען אַ סימפּאַטיש־צוציענדיק מיידל. יונגע בחורים האָבן זיך שוין געפּוצט אַרום איר. זי איז געווען אַ מיטגליד אין דער זעמבראַוווער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, און עס האָט זי נישט געצויגן קיין אַמעריקע, נאָר קיין רוסלאַנד, אין לאַנד פון סאָציאַליזם, גלייכהייט און יושר. זי איז געווען זיכער, אַז לעבנדיק אין וואַרשע האָב איך די בייטיקע פאַרבינדונגען, כדי איר העלפן פאַרווירקלעכן איר טרוים, און וואָס שייך רוסלאַנד וועט איר זאַבלודאָווסקי, מיין געליבטער, נישט העלפן זיך איינאָרדענען? זי האָט נישט געצווייפלט. אַזוי ווי אַ וויזע קיין אַמעריקע האָב איך נישט קיין האָפענונג צו קריגן, וועל איך דאָך פאָרן קיין רוסלאַנד, וועט זי מיטפאָרן מיט מיר. איך בין נישט מסכים געווען און זי געגרייט צו דער רייזע צום טאַטן. שרה האָט זיך מיט מיר נישט געקריגט נאָר ברוגז איז זי געוואָרן נישט אויף קאַטאָוועס און אַזוי אַ ברוגזע האָב איך זי אָפּגעפירט צו דער גרענעץ קיין פּאָזנאַן.

די גרענעץ האָט זיך געפונען אויפן סאַמע פּעראָן פונעם וואָקזאַל. שטאַכעטן האָבן אָפּגעטיילט די פּוילישע און דייטשע אייזנבאַן־ליניעס. מען האָט נאָר געדאַרפט אַדורכגיין אַ טונעל — און מען איז שוין אין יענער זייט.

אָן אויסגעפּוצטע, מיט אַ שטאָלץ־פאַרהויבענעם קאָפּ האָט שרה מיט אַלע אַנדערע אָפּפאָרנדיקע, זיך אַ לאָז געטאָן צום טונעל, איבערלאָזנדיק די זאַכן און אָן אַ „זיי געזונט". אַ פאַרצווייפלטע בין איך מיט אירע וואַ־ליזקעס צוגעלאָפן צו די שטאַכעטן, געשריגן מיט אַלע כוחות שרה!!! — זי האָט זיך אַפילו נישט אומגעקוקט.

געראַטעוועט האָט מיך דער באַגלייטער פון די עמיגראַנטן. איך האָב אַריבערגעוואָרפן אירע זאַכן איבערן שטאַכעט און ער האָט זיי אַריינגע־וואָרפן שרהן אין וואַגאָן. וואָלט די גרענעץ־וואַך באַמערקט, וואָלט איך געהאַט נישט ווייניק צרות איבער דעם. איך האָב מיך אומגעקערט אַהיים אַ געקרענקטע: „פאַר וואָס קומט דאָס מיר? איך בין דאָך נאָך דער מאַ־מעס טויט זיי געווען נישט נאָר אַ שוועסטער, אַ מאַמע בין איך געווען"...

און אַט בין איך אַליין. איינע אַליין, אָפּגעריסן פון מיין גאַנצער משפּחה, עלנט אין אַ שלעכטער, גלייכגילטיקער וועלט.

אָבער אַריינפאַלן אין ייאוש? — דאָס נישט. איך בין באַפרייט געוואָרן פון דער אַחריות פאַר מיינע שוועסטער. איך לעב אין דער גרויסער, שיינער שטאָט וואַרשע; פאַר וואָס זשע בין איך עלנט? איך בין דאָך אין אַ קעמפנדיקער אָרגאַניזאַציע, צווישן גוטע, געטרייע און אינטערעסאַנטע חברים...

מיין אַנטייל אין דער אומלעגאַלער טעטיקייט פון דער וואַרשעווער פועלי ציון־אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ פיל קלענערער ווי אין דער זעמ־בראָווער, אָבער פון גרעסערער וויכטיקייט. אַלע אויף מיר אַרויפגעלייגטע פליכטן און אויפגאַבן האָבן געזאָגט פאַר דעם, אַז די אָנפירונג האָט צו מיר צוטרוי. איך בין געווען מיט זיך צופרידן, נאָר נישט אויפגעהערט טראַכטן פון מיין געליבטן, פון זיסקינדן. און גראָד דעמאָלט ווען ס׳האָט זיך געדאַכט אַז איך וועל מער קיין מאָל נישט הערן פון אים, באַקום איך אַן אויספירלעכן בריוו.

פון ראַטן־פאַרבאַנד איז געקומען אומלעגאַל ברוך הובערמאַן, אַזוי ווי אַנדערע חברים וועלכע פלעגן אַריבערגעשטעלט ווערן איבער דער גרענעץ מיטן ציל צו שפּאַלטן די פועלי ציון־פּאַרטיי. און לויט ברוך האָט מיר איבערגעגעבן האָט זיסקינד־זאַבלודאָווסקי אים געבעטן ער זאָל מיך אָפּזוכן און איבערגעבן אַ גרוס.

ער, זיסקינד, האָט אויך געדאַרפט זיין אין דער גרופּע געשיקטע קיין פּוילן, נאָר זיין שלימזל, און אפשר מזל, האָט געפירט אַז מ׳האָט אים גע־כאַפּט אויף דער גרענעץ, אים גוט אָנגעשלאָגן און צוריק געשיקט. און דאָס איז אויך זיין מזל, האָט ברוך דערקלערט, ווייל ווען מען וואַרפט אים אַריין אין אַ פּוילישער תפיסה, וואָלט עס געווען אויף לאַנגע יאָרן.

ווי לאַנג איך האָב וועגן אים גאָרנישט געוווּסט בין איך געווען זייער באַאוּמרויקט פאַר זיין גורל. אין דער זעלבער צייט איז אָבער עפּעס געשען צוליב וואָס ער האָט מיך זייער אַנטוישט.

איין מאָל, אין „אַרבעטער־היים”, אין דער אָנוועזנהייט פון אַ סך מענטשן ווענדט זיך צו מיר אַ מיידל מיט דער פראַגע צי איך ווייס עפּעס וועגן זאַבלודאָווסקין? אויף מיין פראַגע ווער זי איז און פון וואַנען ווייסט זי אַז איך קען אים, איז זי אַרויס מיט מענה־לשון פון אַ מאַרק־הענדלערין און אויסגעפירט האָט זי, אַז זי האָט רעכט צו פרעגן אויף אים ווייל „זי וויל וויסן דעם אמת וועגן איר חתן”.

דער פּלוצעמדיקער, גראָדער אָנפאַל פון דעם וואַרשעווער מיידל האָט דערוועקט אין מיר דעם אַלטן חשד אַז אויך פריער אין זעמבראָווע איז נישט געווען קיין באַשטענדיקייט אין זיין באַציונג מיט מיר, און אַז זיין

ליבע איז ווייט נישט קיין אידעאַלע ווי איך האָב אַליין מיר איינגערעדט. דאָס האָט געווירקט אויף דער אָפּקילונג פון מיין בענקשאַפט און ס'האָט זיך פאַרשאַרפט מיין ווילן צו נעמען אין דער פולער מאָס אַלץ וואָס כ'האָב געקענט באַקומען אין וואַרשע, צו לעבן ווערדיק און זיך פילן גליקלעך.

אין דעם פעריאָד האָב איך געלייענט אַ סך אַלץ פון דער יידישער ליטעראַטור און אויך אַלץ וואָס איז געווען אין איבערזעצונג. באַזונדער פון רוסיש. יעדע פרייע מינוט האָב איך אויסגענוצט — אין מיין ווינקל־ווינקל. אויף דער גאַס גייענדיק, אין אַ גאָרטן, אין דער „אַרבעטער־היים". כ'האָב געלייענט אָן אַ „סיסטעם" און כ'בין געווען זייער שטאַרק פאַר־קאָכט אין לייענען און באַגייסטערט פאַר די מחברים פון די ביכער און איך האָב געטרוימט צו באַגעגענען אַ לעבעדיקן שרייבער. אין וואַרשע, וווּ איך פלעג לויפן אויף ליטעראַרישע פאַראַנשטאַלטונגען איז מיין טרוים מקוים געוואָרן. דאָס איז געווען אָן אָוונט געווידמעט דעם דיכטער פרץ מאַרקיש. דעם אָוונט וועל איך קיין מאָל נישט פאַרגעסן. אין אַ פול גע־פאַקטן זאַל האָט די וואַרשעווער יידישע יוגנט אויפגענומען דעם פאָעט פון ראַטן־פאַרבאַנד. מיט זיין אויסזען אין דער פשוטער שוואַרצער סאַטין־בלוזע, מיט זיין פלאַמיקער דרשה, האָט ער אַרויסגערופן אַ גוואַלדיקע התלהבות ביי די הערער.

דאָס אינטערעסאַנטע לעבן מיינס אין וואַרשע, רייך אין אינהאַלט און אין מעשים, האָט געדויערט ביז דער שפּאַלטונג אין דער פּולי ציון־פּאַרטיי פון פּוילן. לאַנג האָבן אָנגעהאַלטן די דיסקוסיעס ביי דער וואַרשעווער פּועלי ציון אין „אַרבעטער־היים", אויף אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען, אין פּראָפּפאַראיין, און אַפילו אין גאַס.

דעם הייסן אָנטייל אין די דיסקוסיעס האָבן גענהאָט די שליחים פון ראַטן־פאַרבאַנד. דער קליינגעוויקסיקער ברוך פלעג אַרומשוועבן איבערן לאַנגן זאַל פון „אַרבעטער־היים" פון גרופּע צו גרופּע און אַגיטירט מיט פייער. ער האָט גערופן זיך אָנצושליסן אין דער קאָמפּאַרטיי, ער האָט דער־לאַנגט אייזערנע, איבערצייגנדיקע אַרגומענטן, געווירקט.

זעלבסטפאַרשטענדלעך אַז אויף מיר, כאָטש זייער אַן אַקטיווע, אָבער שוואַך אונטערגעקאָוועט מיט טעאָרעטישן וויסן, האָבן די אַרויסטרעטונגען פון די לינקע געהאַט אַ גרויסע ווירקונג. אמת, כ'בין געווען אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט און זיך פאַרלאָרן ווען צו מיר איז צוגעקומען אַזאַ אויטאָרי־טעט ווי זרובבל, מיך אָנגעקוקט מיט באַדויער און זאָרג און געפרעגט — „דו אויך ?"

פּונקט אין דער צייט פון דעם גרויסן אינערלעכן פאַרטיי־שטרייט, האָט

קיין פוילן פון זיין רייזע אין פּאַלעסטינע זיך אומגעקערט דער באַוווּסטער פּועלי ציון־טוער גרשון דוא. אויף אַ גרויסער אומלעגאַלער פאַרזאַמלונג איז ער אַרויסגעטראָטן מיט אַ פייערדיקער רעדע קעגן די ציון־אידעאַלן... און מערקווירדיק איז דאָס וואָס בשעת ער האָט געפּרעדיקט קעגן ציון, האָט זיין פרוי, וואָס האָט די רייזע דורכגעמאַכט מיט אים צוזאַמען, אָפּגעלייקנט זיינע רייד און טענות.

קלאָר, אַז איך און אַזעלכע ווי איך, זענען געווען דעמאָלט פון די קעגנזעצלעכע טענות צעטומלט. מיר האָבן זיך געפונען אין אַ גרויסן קלעם, נישט וויסנדיק וועלכער צד איז גערעכט.

און אויסקלייבן האָט מען געפאָדערט: די לינקע אָדער די רעכטע. האָב איך אויסגעקליבן — די לינקע. איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אָן זייערע גרופּעס, און דאָס איז געשען אַ פּנים דערפאַר ווייל וועגן ציון האָב איך דעמאָלט געוווּסט זייער ווייניק.

די שפּאַלטונג איז פאָרגעקומען אויפן פּשוטסטן אופן — אויף פאַרזאַמלונגען פון פאַרטייער און סימפּאַטיקער האָט מען אָפּגעשטימט. נאָך דעם איז אין אַ זייטיקן, פאַרוקטן צימערל פונעם טעקסטיל־פאַראיין געקומען אַ פאָרשטייער פון דער פּוילישער קאָמפּאַרטיי און באַגריסט מיין גרופּע, וואָס איך האָב מיט זיך געבראַכט פון דעם פאַבריקל ווו איך האָב געאַרבעט. און אָט אַזוי־אָ פּשוט בין איך אַרויס פון פּועלי־ציון און געוואָרן אַ מיטגליד פון דער קאָמפּאַרטיי אין פוילן.

דער דאָזיקער שריט מיינער האָט ראַדיקאַל געענדערט מיין לעבן אין וואַרשע. אַלץ וואָס איז מיר ליב געווען, אָנגענעם, אינטערעסאַנט, האָב איך פאַרלאָרן. די „אַרבעטער־היים" האָט פאַרמאַכט פאַר מיר אירע טירן. דער אַקטיווער חבר און אָרגאַניזאַטאָר לייזער, דערזעענדיק מיך באַלד נאָך דער אָפּשטימונג, האָט אויסגעשריגן: „פאַר פאַררעטער איז אין אַרבעטער־היים קיין אָרט נישטאָ!" דער אויסרוף זיינער האָט מיך טיף פאַרלעצט. אָנשליסן זיך אין דער רעוואָלוציאָנערסטער פּאַרטיי באַטייט פאַרראַט? אָבער פון דער צווייטער זייט האָט מיר די פּאַרטיי צו וועלכער איך בין צוגעשטאַנען גאָרנישט געגעבן צו שטילן מיין דאָרשט נאָך טעטיקייט. קיין נייע חברים האָב איך נישט דערוואָרבן. משה מעזריטשער איז געזעסן אין וואַרשעווער תפיסה „פּאַוויאַק". שמואל מעלער וועלכער האָט מיך לאַנג פאַרפאָלגט מיט זיינע ליבע־דערקלערונגען, פלעג מיך שטענדיק באַגעגענען אין „אַרבעטער־היים", אין מיטן נאַכט מיך אָפּנעמען פון דער אַרבעט און אָפּפירן אַהיים — ער האָט זיך אויך אָפּגעקערט פון מיר. פון אַלע חברים איז מיר געבליבן איין חנה הימל.

ס׳איז מיר געוואָרן אומעטיק און שווער און מיט אַלע מחשבות האָב איך מיך געווענדעט צום ראַטנפאַרבאַנד.

נאָר ווי אַזוי קומט מען אַהין ? קודם כל האָב איך געדאַרפט געפינען אַ חבר וואָס זאָל מיר העלפן זיך אַריבערפּעקלען איבער דער גרענעץ. דאָס איז אַפילו נישט געווען דאָס שווערסטע, ווייל ברוך הובערמאַן איז געווען אַן אָפּטער גייער אַהין און צוריק און כ׳האָב געמעגט האָפן אַז ער וועט מיר העלפן. נאָר וואָס טוט מען אין ראַטן־פאַרבאַנד — אָן פריינד, אָן אַן אָנ־שפּאַר ? ווער וועט ערוב זיין פאַר מיין ערלעכקייט און פאַרלעסלעכקייט ? נאָך יענער סצענע אין „אַרבעטער־היים" מיטן אומבאַקאַנטן מיידל וואָס האָט מיך געפרעגט אויף איר חתן, האָב איך מיט זיסקינדן אָפּגעשניטן די פאַרבינדונג ווי מיט אַ מעסער. צוליב נאַרישן אייפערזוכט האָב איך אויפ־געהערט שרייבן. איך האָב שטאַרק חרטה געהאַט פאַר מיין לייכטזיניקער האַנדלונג. צי דען, האָב איך מיר געזאָגט, דאַרף מען זיין אין כעס אויף אַ מענטשן וועמען דו האָסט ליב דערפאַר וואָס ביז דיר איז געווען ביי אים אַן אַנדערע ?

צו די אַלע זעלבסטפּייניקונגען איז מיר געקומען ווי זאַלץ אויף די ווונדן זיסקינדס בריוו. צו אים איז דערגאַנגען — רכילות האָבן לאַנגע פיס —אַז שמואל מעלער איז אין מיר פאַרליבט. שמואל, האָט ער מיר געשריבן, איז אַמאָל געווען זיין חבר. ער האָט מיר געווונטשן גליק, און דאָך האָט ער זיך געוווּנדערט, ווי גיך איך האָב אים פאַרגעסן.

גראָד דעמאָלט האָט ברוך זיך געקליבן צוריק קיין ראַטן־פאַרבאַנד ; ער וועט זיכער זיך באַגעגענען מיט זיסקינדן — איז „וואָס פאַר אַ גרוס זאָל ער אים איבערגעבן ?"

מיט טרערן האָב איך אים געענטפערט אַז ער מעג וויסן אַז שפרה איז די זעלבע ווי געווען און זי וויל שטאַרק קומען צו אים...

אין אַ קורצער צייט אַרום האָב איך דערהאַלטן אַן ענטפער : קומען ! ער וואַרט !

די צוגרייטונג צו דער רייזע האָט נישט געדויערט לאַנג. די פּאַרטיי האָט מיר קיין שוועריקייטן נישט געמאַכט. קיין שום באַווייזן וועגן מיין מיטגלידערשאַפט האָט מען מיט נישט געקענט אַרויסגעבן ווייל די פּאַרטיי האָט זיך געפונען אין אונטערערד, די אַרעסטן — גרויס, און קיין שום דאָקומענטן זענען נישט פאַראַן.

נאָך מיינע שוועסטערס אָוועקפאָרן, האָב איך געהאַט אַ ביסל דאָלאַרן צו באַצאָלן שכר השמוגל. קיין סך זאַכן האָב איך נישט פאַרמאָגט, און

מ׳האָט אויך נעמען נישט געקאָנט, עס זאָל נישט שווער מאַכן דאָס גיין איבער דער גרענעץ. איך האָב עטלעכע טעג פאַרן אָפּפאָרן זיך אַריבערגע־קליבן צו מיין פריינדין חנה הימל אין דער וווינונג. און צו מיין גליק איז ברוך ווידער דאָ אין וואַרשע און ער איז גרייט געווען מיך באַגלייטן צו דער גרענעץ און מיך איבערגעבן זיינע באַקאַנטע גרענעץ־שמוגלער.

פון וואַרשע בין איך אַרויסגעפאָרן ווינטער אין 1923טן יאָר. צום וואָקזאַל האָט מיך באַגלייט נאָר איין חנה. מיט דער באַן קיין קאָרעץ איז מיט מיר געפאָרן ברוך הובערמאַן.

אין קליינעם שטעטעלע קאָרעץ, נאָענט צו דער גרענעץ האָט ברוך מיך אַריינגעפירט אין אַ דירה פון די שמוגלער. ער האָט באַצאָלט מיט דאָ־לאַרן פאַר זייער איידעלער געפעליקייט מיך אַריבערצופירן, און אַליין איז ער באַלד אַוועק.

אין אָוונט, אין דער פינצטער, אויף אַ פור געשפּאַנט מיט איין פערדל האָבן אַ מאַן און אַ פרוי מיך געבראַכט אין אַ כאַטע ביי דער סאַמע גרע־נעץ. די כאַטע, אַ טיפּיש דאָרפישע, איז באַשטאַנען פון איין גרויסן צימער. ס׳האָט געברענט אַ קליין נאַפט־לעמפל. זיי האָבן מיר אָנגעוויזן אַ ליידיק בעט איך זאָל זיך צולייגן. צוועלף אַ זייגער האָבן זיי מיר געגעבן צו דערקלערן אויף אוקראַיניש, וואָס איך האָב נישט פאַרשטאַנען, ווען זיי מיך אַריבערפירן. די דאָזיקע לייט וואָס פאַרנעמען זיך מיט מענטשן־שמוגל איבער דער גרענעץ, זענען זייער פּאָרזיכטיק. עס טרעפט אַז דער גרענעץ־פּאַטרול קומט אַריין זיך וואַרעמען. דעריבער ווען ביי זיי געפינט זיך אַ פרעמדער, לעשן זיי אויס די שיין. דאָס הייסט אַז זיי שלאָפן שוין. צוועלף ביינאַכט האָט מען מיר געהייסן אויפשטיין, אַ יונגער מאַן האָט גענומען מיין אויף העלפט אויסגעליידיקט פעקל אויף די פּלייצעס און שטילערהייט אַרויס מיט מיר פון דער כאַטע. זיך צוגעהערט צו עפּעס, זיך אַרומגעקוקט מיט די שאַרפע אויגן געוויינטע צו דער פינצטערניש און מיט שנעלע טריט גענומען שפּאַנען. איך נאָך אים. ערטערווייז איז ער אַפילו געלאָפן. מיר איז דאָס נאָכלויפן געווען שווער צוליב מיינע וואַרעמע בגדים. די נייע שטיוועלעך האָבן זיך געגליטשט. איך בין אַלע מאָל געפאַלן. אויף איין אָרט האָט ער זיך פאַרהאַלטן, אויף שטום־לשון מיר געהייסן זיך אַוועק־זעצן, איבערכאַפּן דעם אָטעם. איך האָב פאַרשטאַנען פון זיין אויפפירונג אַז מיר זענען שוין אַריבער די גרענעץ. ער האָט מיך אָבער געדאַרפט פירן ווייטער, טיפער, ברענגען אויף אַ ריכטיקן אָרט. און אויף דער סאָ־וועטישער זייט איז נאָך גרעסער די סכנה אַרעסטירט צו ווערן. דורך פאַר־

שנייטע פעלדער זענען מיר געקומען צו אַ דאָרף. ער פירט מיך ווידער צו צו אַ כאַטע, נאָר איידער מיר גייען אריין פּאַדערט ער פון מיר נאָך געלט. זיך אויסטענהן מיט אים קען איך נישט. האָב איך אים געגעבן נאָך צען דאָלער.

אין דער כאַטע איז געווען פינצטער, הייס, אַפילו דושנע און אַ סך מענטשן. דאָס זענען געווען אַלץ אַזעלכע וואָס האָבן געשוואַרצט די גרע־נעץ. פאַרטאָג וועט מען אונדז פירן קיין סלאָוואַקיע, אויב מיר וועלן פריער נישט אַרעסטירט ווערן פון דער סאָוועטישער מאַכט.

אָנגעקומען אין סלאָוואַקיע בשלום, האָט מען מיך אַריינגעפירט אין אַ וווינונג פון אַ יידישער משפחה. מיר איז מיט אַ מאָל געוואָרן שטאַרק גוט אויפן האַרצן, ווען די באַלעבאָסטע האָט מיך אַ פרעג געטאָן אויף יידיש פון וואַנען איך פאָר און וווהין?

דערוויסנדיק זיך אַז איך האָב די פאַרגאַנגענע נאַכט געגנבעט די גרע־נעץ, האָט זי מיר געזאָגט, זייער שטילינקערהייט, אַז איך דאַרף בענטשן גומל, וואָס מען האָט מיך נישט געכאַפּט. נישט דאָרטן און נישט דאָ, ווייל דאָ ווען מען כאַפּט איז אַ סך, אַ סך ערגער.

קאַפּיטל דריי

# אין ראַטנפאַרבאַנד

שיידנדיק זיך מיט ברוכן האָט ער מיר בפירוש געוואָרנט אַז ס'איז נישט אויסגעשלאָסן אויך אַזאַ גאָרנישט אָנגענעמע מעגלעכקייט געכאַפּט צו ווערן פון דער גרענעץ־וואַך, און אויב דאָס וועט, חלילה, געשען זאָל איך תיכף צו וויסן געבן זיסקינדן (זאַבלודאָווסקי), וועט ער גלייך קומען מיר אויסלייזן.

כאָטש איך האָב מיך געשעצט גליקלעך, וואָס איך בין שוין אויף דער אויסגעחלומטער און אויסגעבענקטער סאָוועטישער ערד, האָט מיין שטימונג גלייך זיך געביטן צום שלעכטן אויס מורא פאַר דער סכנה פון וועלכער איך בין נאָך נישט באַוואָרנט. אָבער די משפּחה האָט מיך באַרויִקט, אַז ס'איז דאָ אַן אויסוועג: ביי זיי, האָבן זיי מיר געזאָגט, פאַרבלייבן לאַנג קען איך נישט. זיי וועלן מיך איבערפירן אין אַן אַנדער דירה. פאַר נישט קיין גרויסער סומע געלט וועט מען מיר מאַכן אַ „פּאַפּירל" און איך וועל מיר קענען רויִק פאָרן צו מיין באַשערטן. אָבער דאָס וועט מען קענען דורכפירן מאָרגן מירצעשעם, ווייל עס איז שבת, און איך וועל בלייבן איבער מאָרגנדיקן טאָג זייער גאַסט.

ניין, איך האָב זיך נישט פאָרגעשטעלט (ווי נאַיִוו איך בין געווען..), אַז כדי גרייכן צו זאַבלודאָווסקין, דעם איבערגעגעבענעם קאָמוניסט, זאָל איך אין דעם לאַנד וווּהין איך קום מיט די ערלעכסטע כוונות, מיר דאַרפן מאַכן אַ פאַלש פּאַפּירל.

מיך האָט אויך געחידושט וואָס אין דער דירה וווּהין איך בין אַריינ־געפאַלן שטייען לייכטער אויפן טיש, ווען איך האָב געוווּסט אַז אַלע רע־ליגיעס זענען אין דער מדינה פאַרווערט, ווייל „רעליגיע איז אָפּיום פאַרן פאָלק".

איך האָב געזען ווי זיי ציטערן אימת־מוות. עס זאָלן, חלילה, זיי נישט באַפאַלן די גרענעץ־היטער און געפינען ביי זיי אַריינגעשמוגלטע מענטשן. זיי האָבן געקענט אַרעסטירט ווערן. און וואָס עס באַטייט אַ סאָוועטישע תפיסה האָבן זיי גוט געוווּסט.

צו דער שבתדיקער סעודה האָט מען דערלאַנגט שוואַרצע לאָקשן. אַ מעת לעת ווי איך האָב אין מויל גאָרנישט ניט געהאַט, בין איך צוגעפאַלן אַ הונגעריקע צום עסן. איך בין אָבער געבליבן זיצן אין פאַרלעגנהייט מיטן עסן אין מויל און נישט געקענט אַראָפּשלינגען. די לאָקשן זענען געווען מיט זאַמד און מיר געקריצט אונטער די ציינער.

אוודאי האָב איך געוווּסט אַז אין לאַנד איז אַ גרויסער מאַנגל אין שפּייז־מיטלען. איך אַליין האָבן געקליבן געלט פאַר די הונגעריקע סאָ־וועטישע קינדער. נאָר ווען איך האָב אַליין מיך צונויפגעטראָפן מיטן הונ־גער האָט עס געמאַכט אויף מיר אַ ביטערן און פּיינלעכן איינדרוק.

אין עטלעכע טעג אַרום, מיט אַ סאָוועטישן פּאַפּירל אין קעשענע, האָב איך מיך אויפגעזעצט אין באַן וואָס האָט מיך געפירט קיין קיעוו. דעם גאַנצן וועג איז פון שרעק די נשמה מיר געווען אין די פּיאַטעס, טאָמער וועט אין באַן פאַרקומען אַ דאָקומענטן־קאָנטראָל. אין קיעוו איז מיר געווען נאָך שווערער, מחמת קיינער האָט מיך נישט באַגעגנט. זיסקינד האָט נישט געוווּסט ווען איך דאַרף קומען. דאָס לשון האָב איך נישט געקענט כדי דינגען אַ שליטעלע וואָס זאָל מיך ברענגען אויף פּאָדאָל, ספּאַסקי 8 ווו ער האָט געוווינט. זיצנדיק שוין אין שליטעלע האָב איך געטראַכט ווי אַזוי לעבט ער, אין וועלכע באַדינגונגען, און דער עיקר: — ווי וועט עס אויס־זען אונדזער באַגעגעניש ?...

ס'איז נאָך געווען זייער פרי ווען איך האָב אָנגעקלאַפּט אין טיר. געעפנט האָט אַ גאָר יונגינקע מיידעלע. זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט פאַר־וווּנדערונג און געפרעגט אויף יידיש: — צו וועמען דאַרף איך? צו זיס־קינדן? יאָ, יאָ, אָט אין דער טיר קלאַפּט אָן. זיי שלאָפן נאָך זיכער.

זיי, האָט זי געזאָגט. פאַר וואָס עפּעס זיי?

שטילערהייט האָב איך געעפנט די טיר און קיינער האָט נישט געהערט ווען איך בין אַריינגעגאַנגען אין צימער. אַ שמאָלע צימער. צוויי שמאָלע בעטלעך. ביים פענצטער אַ שרייבטיש און נאָך אַ טישל מיט צוויי בענק־לעך. אַ קליידער־שאַפע. אַן עטאַזשערקע מיט ביכער. אויף די בעטלעך האָב איך געזען צוויי מענער־קעפּ, צוגעדעקטע מיט גאַנץ דינע קאָלדרעס.

דער ערשטער האָט זיך אויפגעכאַפּט טאָקע ער, זיסקינד. אַ פאַרוווּנ־דערטער האָט ער געקוקט אויף דער שטייענדיקער ביי דער טיר. איך בין געווען אויסטערליש געקליידט אין אַ בעקעשע מיט אַ פוטער־היטל אויפן קאָפּ, אין הויכע שטיוועלעך. ס'האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט נישט דער־קענט שפרהן פון זעמבראָווע.

— שפרה!! — האָט ער אויסגערופן.

ער איז געווען איבערראַשט. ער האָט געוואַרט אויף אַ ידיעה פון מיר כּדי קומען צו דער גרענעץ מיך אויסלייזן. און דאָ, נאַ דיר. אַזאַ סורפּריז.

איך בין צוגעלאָפן צו זיין בעט, מיר האָבן זיך אַרומגעכאַפּט, זיך געקושט, נישט לייגנדיק קיין אַכט אַז ס'איז נאָך עמעצער פאַראַנען אין צימער.

אין גיכן בין איך געוואָר געוואָרן, אַז אין דער גרויסער דירה אויף ספּאַסקי 8 איז אַ היים פאַר יידישע יוגנטלעכע. זיי געפינען זיך דאָרט אַ גאַנצן טאָג און שלאָפן גייען זיי אַהיים. זיי באַדינען זיך אַליין אין דער דאָזיקער היים, זיי קאָכן, זיי ראַמען און לערנען איינציייטיק. אַלעקסאַנדער איז דער פאַרוואַלטער פון דעם אַנשטאַלט און דער צווייטער אונטערריכט מאַטעמאַטיק, פיזיק און כימיע. אַלעקסאַנדער לערנט מיט זיי אויך די יידישע שפּראַך, ליטעראַטור.

איך בין געווען געוואַלדיק צופרידן. סוף כּל סוף בין איך אין לאַנד פון סאָציאַליזם און גליקלעך וואָס איך בין ענדלעך צוזאַמען מיט דעם מענטשן וואָס איז מיר ליב, און צו וועלכן איך האָב אַזוי געבענקט, כאָטש מיין צופרידנקייט און מיין גליק איז באַלד פאַרטונקלט געוואָרן פון דער ווירקלעכקייט, וואָס האָט מיר פון די ערשטע רגעס זיך אַנטפּלעקט.

אַלעקסאַנדער, ווי מ'האָט אים גערופן אומעטום אין קיעוו, האָט מיך באַקענט מיט זיינע שילער און מיך פאַר אַלעמען אונטערגעשטראָכן פאַרגעשטעלט ווי זיין פרוי פון פּוילן, מיט וועלכער ער איז געווען צעשיידט גאַנצע דריי יאָר.

„מיין פרוי" — פּראָסט און פּשוט. אין ראַטן־פאַרבאַנד אין יענער צייט איז אַפילו נישט נייטיק געווען מיר זאָלן זיך רעגיסטרירן אין „זאַגס". דאָס געזעץ איז איינגעפירט געוואָרן שפּעטער ווען ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די פרייע באַציונגען, דאָס צונויפגיין זיך און פונאַנדערגיין, אָן קעגנזייטיקע פאַרפליכטונגען האָט געבראַכט אַ סך אומגליקן, איבערהויפּט פאַר יונגע פרויען און פאַר זייערע געבוירענע קינדער.

אין טאָג פון מיין קומען איז אין קינדערהיים דערקלערט געוואָרן יום־טוב. מ'האָט אָפּגעשאַפט די לימודים, געפרישטיקט צוזאַמען ביי אַ לאַנגן טיש, אין גרעסטן צימער פון דער דירה. דאָס געריכט — אַ געדיכטע הירזשענע קאַשע. די קאַשע האָט מען געגעסן מיט שוואַרצן ברויט. געוואָרפן האָט זיך אין די אויגן בעת דעם אָנבייסן אַז סיי די שילער, סיי מיינע צוויי קאַוואַלערן זענען גוט הונגעריק.

איך האָב נעמענדיק די קאַשע צום מויל געציטערט עס זאָל מיר נישט קריצן אונטער די ציינער פון דער קאַשע. געקריצט האָט מיר נישט, אָבער

די קאַשע איז געווען אַ פּאַסנע, טרוקענע, געקאָכט אויף הוילער וואַסער, אָן אַ טראָפּן פעטס.

גאָכן פרישטיק זענען מיר אין דרייען געפאָרן אין צענטער פון קיעוו, די שענסטע שטאָט פון אוקראַינע. יאָ, קיעוו איז שטאַרק שיין, באַזונדערס ביינאַכט. געמיטאָגט האָבן מיר אין אַ ביליקער גאַרקיך. באַצאָלט האָט מען מיט דעם געלט וואָס איך האָב מיט זיך געבראַכט.

אין אַ טאָג אַרום נאָך מיין קומען איז אַלעקסאַנדער געגאַנגען מיט מיר זיך מעלדן צום „יעווסעק" ביים פּאַרטיי־קאָמיטעט אין אוקראַינע — אַברהמען. ווען אַברהם האָט אויסגעהערט מיין גאַנצע געשיכטע האָב איך באַלד באַקומען אַ קאַטעגאָרישן אָפּזאָג סיי אין דער פראַגע פון ווידערשטעלן מיינע מיטגליד־רעכט אין דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, סיי אין דער פראַגע פון אַרבעט.

קריגן אַרבעט איז געווען נישט פון די איינפאַכע זאַכן. זיסקינד האָט זיך געחכמעט אַז אונטערנעמונגען פאַר אַזעלכע העגעטשקעס וואָס איך קען מאַכן זענען נישטאָ און איך האָב באַלד פאַרשטאַנען אַז איך וועל זיין אַרבעטסלאָז, און דאָס הייסט: לעבן אויפן חשבון פון מיין מאַן און זיך דערנערן צוזאַמען מיט די הונגעריקע קינדער; אַז איך וועל זיין אָפּגעריסן פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט און דאָס וויכטיקסטע — לעבן מיט מיין מאַן אין איין צימער מיט אַ באַשטענדיקן עדות.

אין אַזעלכע באַדינגונגען האָב איך געלעבט אַנדערהאַלבן יאָר. מיר איז נמאס געוואָרן צו לעבן אָן אַרבעט און דריי מאָל אין טאָג גיין צום טיש עסן דעם אָרעמען פּאַיאָק פון די הונגעריקע קינדער. ווען איך בין געווען אין עלטער פון די קינדער האָב איך מיט שווערער אַרבעט אַליין מיר שוין פאַרדינט דאָס שטיקל ברויט. צוליב דעם מצב בין איך געווען זייער דערשלאָגן. אָבער קלאָגן זיך פאַר מיין מאַן האָב איך נישט געוואָגט. דאָס לאַנד האָט דורכגעמאַכט אומגעהייערע שוועריקייטן. אַלעקסאַנדער פלעג מיט גרויסער מי באַקומען פּראָדוקטן פאַר די שילער. און איך לעב ווי אַן אָנלעגעריין. ביין, האָב איך מיר געזאָגט. אַזוי טאָר עס ווייטער נישט זיין. און איין מאָל ווען אַ שילערין איז מיך געקומען רופן צום מיטאָג, האָב איך איר געזאָגט אַז איך פיל זיך נישט גוט און כ'בין פאַרבליבן אין צימער. איז באַלד געקומען צו לויפן מיין געליבטער מאַן. ער איז געווען געפערלעך אויפגעבראַכט און מיט פאַרביטערונג געשריגן:

— ווי וואַגסטו? דו באַשלודיקסט מיך אין אומערלעכקייט?

איך בין איבערראַשט געוואָרן פון זיין כעס־אויסברוך. איך האָב אים קיין מאָל נישט געזען אַזוי צעקאָכט. מיר האָט זיך געדאַכט אַז ער וועט

מיך באַלד אויך שלאָגן. נישט ענטפערנדיק אים קיין איינציק וואָרט בין איך אַרויסגעלאָפן פון צימער. מיט שנעלע טריט ווי נישט ביים זינען, בין איך פון פּאַדאַל צופוס געקומען אין צענטער פון שטאָט. איך האָב געבלאָנדזשעט אויף די גאַסן אַ דערשלאָגענע, צעטראָטענע, גאָרנישט ביט זעענדיק אַרום זיך.

מיט אַ מאָל האָב איך דערפילט אַ שטאַרקן קלאַפּ אין פוס און כ׳האָב אַ פאַל געטאָן אויפן טראָטואַר. מענטשן האָבן מיר געהאָלפן אויפשטיין. זיי האָבן מיך געפרעגט צי קען איך אָנטרעטן אויפן פוס, צי ווין איך ווייט און בייטיק זיך אין זייער הילף?

ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז ס׳איז פאַרבייגעלאָפן אַ פערד, און דעם שטאַרקן קלאַפּ האָב איך געקראָגן פונעם דראָנג וואָס דאָס פערד האָט נאָך זיך געשלעפּט. צו מיין גליק איז דער פוס געווען גאַנץ. ס׳האָט נאָר גע־בלוטיקט די קני און איך האָב געפילט אַ גרויסן ווייטיק.

פון דער אומגעריכטער געשעעניש האָב איך מיך אין גאַנצן אויסגע־ניכטערט פון מיין פאַרדרוס און דעם פיינלעכן איבערלעבעניש, וואָס האָט מיך אַרויסגעטראָגן פון שטוב.

נישט ווייט פון דעם פּלאַץ האָט געוווינט אַלעקסאַנדערס אַ חבר שמייע פּודרוצקי. בין איך אַריין צו אים כדי זיך ברענגען אין אָרדענונג און זיך באַרויִקן. פון איין זייט איז באמת געווען אַן אומזין ברוגז ווערן און אויס־לאָזן צום עסן. דאָס האָט טיף געטראָפן דעם ערלעכן אַלעקסאַנדער ווי איך וואָלט אים באַשולדיקט אין מיסברויך. ער האָט דאָך רעכט אויסצוהאַלטן זיין פרוי צי ניין?...

פאַר נאַכט האָב איך זיך אומגעקערט אַהיים און מיר האָבן זיך גיך איבערגעבעטן. כאָטש איך האָב דערביי נישט ווייניק טרערן פאַרגאָסן.

נאַטירלעך אַז באַלד ווי איך בין געקומען אין לאַנד האָבן מיר גע־דאַרפט באַשליסן די סאַמע וויכטיקסטע, די קאַרדינאַלע פראַגע: מיר שאַפן אָדער נישט אַ משפּחה. ברענגען קינדער אויף דער וועלט איז געווען פאַר־בונדן אין יענער צייט מיט גוואַלדיקע שוועריקייטן. קודם כל האָבן אונדז געפעלט וווינונגס־באַדינגונגען, די דערנערונגס־פראַגע איז אויך נישט קיין קלייניקייט. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן קיין ברירה נישט געהאַט און געמוזט מוותר זיין אויפן משפּחה־געדאַנק. אָבער באַפרייען זיך פון דער שוואַנגערשאַפט האָט געהייסן זיך אַליין קאַלעטשען אויפן גאַנצן לעבן. אַבאָרטן זענען געווען פאַרבאָטן. מ׳האָט געמוזט געפינען אַ פריוואַטן אופן עס דורכצופירן אין געהיים...

אין פאַרלויף פונעם ערשטן יאָר האָב איך דורכגעלעבט צוויי אָפּעראַ־

ציעס אין עקלהאַפּטע באַדינגונגען. נאָך דעם בין איך אַ שטיק צייט געווען קראַנק, פיזיש און מאָראַליש דערשלאָגן. איך בין געווען יונג, איך האָב בעסער געוואָלט האָבן אַ קינד ווי ס׳איז דער דרך הטבע איידער מאַכן פון זיך אַן אינוואַליד. אין גערדאַנק האָבן זיך ביי מיר געצייטיקט ביטערע טענות צו אַלעקסאַנדערן, מיין מאַן, וואָס אין משך פון דריי יאָר האָט ער נישט באַוויזן צוצוגרייטן אַ באַזע אַז מיר זאָלן יאָ קענען לעבן ווי מענטשן און אויפשטעלן אַ משפחה.

פאַרשיידענע געשעענישן וואָס קומען איינע נאָך די אַנדערע שטויסן אַרויס די ביטערע דערמאָנונגען און טראַכטענישן און ווירקן אויף אַן אַנטשפּאַנונג אין מיינע שטימונגען. אָבער דעמאָלט שוין, אין יענע שטי־מונגען, האָבן זיך אָנגעהויבן צוזאַמענלייגן די סיבות, וואָס האָבן סוף כל סוף דערפירט צו אונדזער צעשיידונג.

אין דער צייט האָט זיך געענדערט די לאַגע אין לאַנד. ס׳איז איינגע־שטעלט געוואָרן די נייע עקאָנאָמישע פּאָליטיק — „נעפּ״. פּויערים איז דערלויבט געוואָרן צו פאַרקויפן פריי זייערע לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָ־דוקטן. מער פרייהייט האָט מען געגעבן דער פּריוואַטער איניציאַטיוו פון מלאכה און האַנדל.

מיינע קאַוואַלערן האָבן באַקומען זומער־אורלויב און מיר זענען אַרויסגעפאָרן אויף דאַטשע אין וואַרזעל, אונטער קיעוו. זיי האָבן געדונ־גען אַ דירה אין אַ גרויסן סאָסנע־וואַלד, פּראָדוקטן איז געווען — זיי האָבן באַקומען זייער פּאַיאָק ווי מעל, גרויפּן און אַנדערע זאַכן. אויפן וואַרזעלער מאַרק האָט מען געקענט קריגן לעבנסמיטל — האָב איך געקאָכט. אויף אַזאַ אופן האָט מען געמאַכט אַ לעבן. אַלע זענען מיר געווען צופרידן פון דער דאַטשע. די וואַלד לופט און מיינע גוטע מאכלים האָבן גוט גע־ווירקט אויף אונדזער געזונט־צושטאַנד. מיר האָבן אַלע דריי זיך גוט פאַר־ריכט. אָבער אין גיכן איז אַלעקסאַנדער קראַנק געוואָרן אויף אַ לונגען־אָנצינדונג. די שלאַפקייט האָט ער דורכגעמאַכט אין דער היים, אין דעם זעלבן קליינעם צימער ווו מיר האָבן געוווינט זאַלבעדריט. איך בין געווען די קראַנקן־שוועסטער, די סאַניטאַרין. געוואַכט לעבן אים גאַנצע מעת לעתן. אָבער... אויפגעשטאַנען איז ער נאָך דער קרענק מיט גערירטע לונ־גען. מ׳האָט אים געהיילט אין די טוב־דיספּאַנסערס און סאַנאַטאָריעס פאַר לונגען־קראַנקע אין קרים. צוזאַמען מיט אים האָב איך געמוזט באַזוכן די טוב־דיספּאַנסערס אונטער אַ קאָנטראָל צי כ׳האָב זיך נישט אָנגעשטעקט.

אין קיעוו מאַכן מיר ווידער דעם פּרווו אויפצושטעלן מיין מיטגלי־דערשאַפט אין דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי. מיר איז געוואָרן אומפּאַר־

שטענדלעך און משוגעהדיק אַזאַ לאַגע, ווען צוליב דער מעגלעכקייט צו קריגן אַרבעט מוז מען זיין אַ פּאַרטייער. נאָכן ערשטן קאַטעגאָרישן אָפּזאָג פון דער ייד־סעקציע האָבן מיר באַשלאָסן זיך ווענדן אין קאָמאינטערן, אין דער פּוילישער סעקציע. צוליב דעם האָב איך געמוזט פאָרן קיין מאָסקווע. קענענדיק שוואַך רוסיש און נישט האָבנדיק כמעט קיינעם אין דער הויפּטשטאָט איז דאָס געווען פאַר מיר אַ ריזיקאַלישע נסיעה. דערי־בער האָבן מיר זיך געווענדט קודם כל צו הערש סמאָליאַר וועלכער האָט אין יענער צייט געלערנט אין מאָסקווער מערב־אוניווערסיטעט, צי ווער ער מיר קענען העלפן. סמאָליאַר איז מיינער אַ לאַנדסמאַן. ער איז געקומען אין לאַנד מיט אַ פּאָר יאָר פאַר מיר און איז אויך אויפגענומען געוואָרן פון אַלעקסאַנדערן, און דער אינסטיטוט ווו ער האָט געלערנט האָט אַרויסגע־לאָזט סאָוועטישע פּראָפּאַגאַנדיסטן אויף מערב־שפּראַכן. געווען איז דאָרט אויך אַ יידישע סעקציע. ה. סמאָליאַר האָט געענטפערט פּאָזיטיוו, דאָס הייסט: איך זאָל קומען. מיר גיבן אים צו וויסן ווען איך פאָר אַרויס. אָבער... ווען איך בין געקומען אין דער צוזאַמענווינונג (דער איין און איינציקער אַדרעס אין דער פילמיליאַניקער שטאָט) האָב איך סמאָליאַרן נישט געטראָפן. ער איז אַוועקגעפאָרן קיין קיעוו. אפשר האָט ער מיין טעלעגראַמע נישט געקראָגן און אפשר צוליב אַן אַנדער סיבה?

אַ פאַרצווייפלטע בין איך געשטאַנען אין קאָרידאָר פון צוזאַמענווינונג, מיט נייגער געקוקט אויף די סטודענטן, וואָס שמייען הין און צוריק, כדי צו דערקענען אַ יידישע צורה און זיך דערוויסן פאַר וואָס סמאָליאַר איז אַוועקגעפאָרן ווען ער האָט געוווסט אַז איך דאַרף קומען? דער ענטפער איז געווען, אַז ביי די סטודענטן זענען איצט די ווינטער־קאַניקולן און כמעט אַלע צעפאָרן זיך ווער וווהין...

די סטודענטן האָבן מיטפילנדיק מיך אַרומגערינגלט, גרייט מיר צו געבן זייער הילף. אין דעם מאָמענט האָב איך מיך דערמאָנט אַז אויפן יידישן סעקטאָר פון דעם אינסטיטוט לערנט אויך שלומקע, אַ חבר פון וואַרשע, וועלכער פלעג צוזאַמען מיט ברוכן קומען קיין פוילן אין שליחות פון דער פּאַרטיי.

— שלומקע? — האָבן די סטודענטן זיך צעשמייכלט — אָט גייט ער טאַקע.

מיט אַ האַנטעך אויפן האַלדז האָט ער שנעל געשפּאַנט אין לאַנגן קאָרידאָר. אין מיין נייער הלבשה האָט ער נישט באַלד מיך דערקענט. שלומקע איז געווען מיין רעטונג.

ער האָט מיך אַריינגענומען אין זיין צימער אין וועלכן ס'האָבן זיך געפונען 30 סטודענטן, פינער. ער האָט באַדויערט וואָס ס'איז געשען די מיספאַרשטייעניש מיט סמאָליאַרן. ער האָט מיר דערקלערט אַז בכלל בין איך געקומען נישט אין קיין גינסטיקער צייט, ווייל אויך ער פאַרט אַוועק אין דעם זעלבן אָוונט. אָבער ער נעמט אויף זיך מיר באַהילפיק צו זיין אין מיין ענין. וואָס שייך איבערנעכטיקן, בלייבט דאָך פריי זיין בעטל אין צימער מיט די פינער סטודענטן. איבערטראַכטן דאַרף איך נישט. זיי זענען ווילע חברה.

איך בין טאַקע געבליבן ווינען אין דעם צימער אויף שלומקעס בעטל אין משך פון עטלעכע טעג וויפל איך האָב געווײַלט אין מאָסקווע. דער חבר מיט וועלכן שלומקע האָט מיך באַקענט האָט געדאַרפט געפינען דריי קאָמוניסטן פון דער פוילישער קאָמפּאַרטיי, וועלכע זאָלן געבן זייערע רעקאָמענדאַציעס און עדות אַז איך בין געווען אַ מיטגליד. מ'האָט געדאַרפט צוליב דעם אַרומלויפן איבער מאָסקווע, כדי צו געפינען אַזעלכע חברים. יעדן טאָג פלעג איך קומען אין צימער אַ מידע פון אַרומלויפן, דורכגעפרוירן און אויך הונגעריק. און סוף כל סוף האָט מיר געראָטן. איך האָב אין דער פוילישער סעקציע פון קאָמאינטערן דערלאַנגט די בייטיקע פאַפּירן. אויף דער האַנט האָב איך באַקומען אַ באַשטעטיקונג, און מ'האָט מיר געהייסן צוריקפאָרן קיין קיעוו און וואַרטן אויף אַן ענטפער.

קיין קיעוו האָב איך מיך אומגעקערט אַ טאָג פאַר לענינס טויט. איבער דעם גאַנצן לאַנד האָט זיך אויסגעשפרייט אַ טרויער. אין קינדערהיים האָט געהערשט אַ טויט־שטילקייט. אַלעקסאַנדער איז געווען זייער דערשלאָגן.

אין יענער צייט האָט אַלעקסאַנדער באַקומען אַ קאָמאַנדירונג אין דער שטאָט בעלאָצערקאָוו אויף אַרבעט אין יידישן סעקטאָר פון בעלאָצערקאָווער שטאָטישן פּאַרטיי־קאָמיטעט. כדי צו באַקומען די קאָמאַנדירונג האָט ער פריער געדאַרפט אָנגענומען ווערן אין דער באַלשעוויסטישער פּאַרטיי. ער איז דאָך געווען פריער אַ פּועלי־ציוניסט. אין פוילן נאָך דער שפּאַלטונג איז דאָס איבערגיין אין דער קאָמפּאַרטיי צוגעגאַנגען פשוט. אין ראַטןפאַרבאַנד איז דער פּראָצעס צוגעגאַנגען אַנדערש. געוועזענע מיטגלידער אין בונד, פּועלי־ציון און אַנדערע פּאַרטייען האָבן זיך געדאַרפט רעכענען פאַר געוועזענע אָנגעהעריקע צו קליינבירגערלעכע פּאַרטייען, וואָס די רעוואָלוציע האָט זיי ליקווידירט און די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי האָט אָפּהענגיק פון זייער אויפפירונג, זיי יאָ אָדער נישט אַריינגענומען אין אירע רייען. אַלעקסאַנדערן האָט מען געפונען פאַר ראָוי אויפגענומען צו ווערן,

נישט קוקנדיק אויף זיין פריער פועלי־ציוניסטישער אָנגעהעריקייט און מען האָט אים אָנגעטרויט פּאַרטייִשע אַרבעט אַלס „יעווסעק" אין בע־לאָצערקאָוו. זעלבסטפאַרשטענדלעך אַז איך בין געפאָרן מיט אים. דאָרט האָט זיך אָנגעהויבן פאַר אונדז אַ נײַ לעבן, און, לײַדער, ערגער ווי אין קיעוו.

אויב אין קיעווער קינדערהיים האָבן מיר אין איין קליינעם צימער געלעבט אין דרייען, האָבן מיר אויפן נייעם אָרט אין איין צימער געמוזט זיך באַזעצן — זאַלבעפירט. דריי מענער און איך, איין פרוי. אויף איין ברייטן בעט — צוויי מענער. אַ יעווסעק פון בילדונגס־אַפּאַראַט און אַ טוער פון פּראָפּפאַראיין פון די בילדונגס־אַרבעטער. אויף אַ שמאָלער קו־שעטקע — מיר ביידע. צו די אומדערטרעגלעכע וווינונגס־באַדינגונגען האָב איך דאָ יאָ געהאַט אַרבעט פון וועלכער איך האָב ממש געטרוימט... איך בין געוואָרן אַ דינסט ביי דריי מענער: איך בין געלאָפן אין די מערק איינקויפן פּראָדוקטן און קאָכן פאַר אַלעמען, ראָמען די דירה, איינהייצן. און אויב אין קיעוו האָב איך געהאַט אַ מעגלעכקייט אַ סך צו לייענען, האָב איך די מעגלעכקייט דאָ אויך נישט געהאַט.

ניין, מיר איז לגמרי נישט געפעלן צו זיין נאָר דאָס ווייב פונעם יעווו־סעק זאַבלודאָווסקי (הגם אין די אויגן פון דער בעלאָצערקווער יידישער באַפעלקערונג איז דאָס געווען אַ גרויסער כבוד) און נאָך פירן די באַלע־באַטישקייט פון די אַנדערע צוויי מענער. איך האָב מיר געמוזט געפינען אַן אַרבעט. זייענדיק אַן אַקטיווער טוער אין דער פּאַרטיי האָט אַלעקסאַנ־דער דאָס געקענט אויספירן. אמת די פּאַרטיי האָט באַקעמפט פּראָטעקציאָ־ניזם אויפן שטרענגסטן אופן. (און איינאָרדענען דאָס ווייב האָט געהייסן פּראָטעקציע) אָבער איך האָב עס נישט געוואָלט וויסן. ווען מיינע דריי יעווו־סעקעס האָבן מיך געפירט מיט צוזאָגן און גאָרנישט געטאָן אין דער זאַך פון איינאָרדענען מיך, האָב איך אַלע דריי קאַוואַליערן מיינע פשוט דער־קלערט אַ שטרייק...

אין איינעם אַ קאַלטן ווינטער־טאָג, ווען מיינע מענער זענען געקומען מיטאָג עסן, האָבן זיי אין דעם קאַלטן נישט באַהייצטן צימער מיך געפונען ליגן אויף אונדזער שמאָלער קושעטקע, מיט דער קאָלדער איבערן קאָפּ. זיי האָבן זיך דערשראָקן. געמיינט אַז פון פאַרצווייפלונג האָב איך זיך אָנ־געטאָן אַ מעשה. פאַרזיכטיק אָפּגעדעקט די קאָלדרע פון מיין קאָפּ, און זעענדיק אַז איך בין אַ לעבעדיקע, האָבן זיי דערשטוינטע געפרעגט:

„,,וואָס איז געשען? דו ביסט קראַנק?"

איך האָב געענטפערט אַנטשלאָסן, דרייסט.

„כל זמן איך וועל קיין אַרבעט נישט האָבן וועל איך אַזוי־אָ ליגן אין בעט״...

הערנדיק מײַנע דראָונגען האָבן אַלע דריי מענער הילכיק זיך צעלאַכט. נאָר ווען זיי האָבן פאַרשטאַנען אַז איך מיין דאָס מיטן פולן ערנסט, האָבן זיי מיר געגומען אײַנרעדן אַז אָט־אָט וועל איך קריגן אַרבעט.אַז עס האַלט זיך אין אָרגאַניזירן אַ קוסטאַרן־קלוב און מיך וועט מען באַשטימען פאַר זײַן פאַרוואַלטערין.

באַשטימענדיק אַ פאַרוואַלטער פון אַזאַ מין קלוב האָבן די יעווסעקעס געדאַרפט זײַן זייער פאָרזיכטיק. אַ קלוב איז דאָך אַן אָרט פון אידעאָלאָגישער אויפּווירקונג אויף הונדערטער קוסטאַרן (פאַבריקן זענען אין בעלאָצערקאָוו אין יענער צײַט כמעט נישט געווען). איך האָב זיך געקענט אַנטשליסן אָנצונעמען דעם אַמט, ווײַל די אַרבעט איז קלוב האָט זיך געדאַרפט פירן אויף יידיש. וואָס שייך אידעאָלאָגיע — זענען דאָך געווען יעווסעקן, און דער קלוב איז געווען דאָס איינציקע אָרט פאַר זייער אויפקלערערישער טעטיקייט.

איך האָב מיך אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט מיט מײַן גאַנצן טעמפּעראַמענט און באַדערפעניש אין אַ טואונג. איך האָב דאָך געדאַרפט באַווײַזן אויף וואָס איך בין פעיִק און נישט אַנטוישן מײַנע אַרבעטסגעבער. איך האָב באַלד געשאַפן אַן אַקטיוו פון 10 חברים, וואָס האָבן פרייווילליק אָפּגעגעבן צײַט און כוחות דער שאַפונג פונעם קלוב. און צווישן זיי זענען די איבערגעגעבנסטע און אומדערמידלעכסטע געווען: די שניידער ווישניעוועצקי און פעלדמאַן, דער ציינדאָקטער סקליאַרסקי, פרענקל — אַ קאָמאַשנמאַכער, און דער פאָטאָגראַף טאַנגאַנאַקי. די דאָזיקע מענטשן זענען אויך געוואָרן מײַנע פּערזענלעכע פריינד אויף לאַנגע יאָרן.

דער קלוב, געשאַפענער אין 1925 האָט פאַרמאָגט אַ זאַל מיט 300 ערטער, אַ יידישע ביבליאָטעק, אַ לייען־ און לערן־צימערן, ווײַל קודם כל האָט מען געדאַרפט ליקווידירן דעם אַנאַלפאַבעטיזם. מיר האָבן דאָרט געהאַט אַ צימער פאַרן דראַמקרייז און אַ צימער פאַר שאַך, דאַמקע און אַנדערע שפּילן. דאַן איז געשאַפן געוואָרן די גרעסטע אין שטאָט קאָמיוג־אָרגאַניזאַציע, און אויך אײנע פאַר פּיאָנערן, און דער קלוב האָט זיך גערעכנט פאַר דעם בעסטן אין דער גאַנצער געגנט. דער באַזוך איז געווען גרויס יעדן אויפדערנאַכט. פול פלעג ער זײַן אין די רו־טעג און אין די יום־טובים. אויף די לעקציעס און אויף די פאָרשטעלונגען פון דראַמקרייז האָבן מיר געמוזט איינשטעלן אַ ריי. באַוואַכן די טירן, מען זאָל זיי נישט דורכברעכן. אָפט פלעג נאָר איך קענען באַרויִקן דעם עולם און אײַנשטעלן

אַן אָרדענונג. דער קלוב איז געווען באַליבט ביי דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג.

איך בין דורך דער אַרבעט געוואָרן באַוווּסט. אַזוי ווי דער קלוב האָט קיין נאָמען נישט געהאַט פלעגן מענטשן זאָגן: „מען גייט צו שפרהן". אין אַ צייט אַרום האָבן זיי מיר געגעבן אַ ביינאָמען „מאַמע". רעליגיעזע יידן וואָס פלעגן באַזוכן דעם קלוב פלעגן זאָגן: „וואָס צו גאָט איז צו גאָט און וואָס צו שפרהן איז צו שפרהן". איך בין אין שטאָט געוואָרן פּאָפּו־לערער פון מיין מאַן מיט אַלע זיינע יעווסעקעס צוזאַמען. איך בין מיט די יידן דאָך געווען טאָגטעגלעך. איך פלעג באַזוכן זייערע היימען, און האָב געקענט זייער לעבנשטייגער און זייערע נויטן.

זיי זענען געווען פרומע יידן. אין אַ שטיבל אין געהיים געדאַוונט טעגלעך. און דאָס איז געווען „צו גאָט". און וואָס ס׳איז צו שפרהן איז — קומען אין קלוב אַריין, און זען אַ גוטע פאָרשטעלונג, דען אַ זינד?

נאָך צוויי יאָר האָב איך מיט אַלעקסאַנדערן זיך אַריבערגעפּעקלט אין אַ באַזונדערער, געדונגענער דירה. אַ דאַנק די בייע באַדינגונגען, ווען איך האָב שוין אַליין פאַרדינט נישט ווייניקער פון מיין מאַן, האָב איך מיך דער־פילט זעלבשטענדיק, גלייכבאַרעכטיקט, כ׳בין געוואָרן אַ מיטגליד פון פראָפ־פאַראיין פון בילדונגס־אָנגעשטעלטע, און ווען ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די בייגעקומענע פון אַנדערע לענדער, קאָמוניסטן, ווערן נישט צוריק אויפ־געשטעלט אין דער סאָוועטישער פאַרטיי, האָט מען מיר געראָטן זיך אָנ־שליסן אין דעם קאָמוניסטישן קעמערל פון פראָפפאַריין ווי אַ סימפּאַ־טיקערין...

אין פאַרגלייך מיט דעם פריערדיקן פעריאָד האָט עס געהייסן אַז מיר זענען גוט איינגעאָרדנט און אונדזער צופרידנקייט איז נאָך גרעסער גע־ווען מיט דעם, וואָס מ׳האָט גענומען אַלץ אינטענסיווער היילן מיין מאַנס אָנגעגריפענע לונגען. ער האָט באַקומען אַ „פּוטיאָווקע" אויף דריי חדשים אין אַ סאַנאַטאָריע אין קרים און ער האָט זיך אומגעקערט פון דאָרט מיט פאַרצערעוועטע לונגען. נישט אַלע אין לאַנד (אַפילו פאַרטיי־מיטגלידער) האָבן געהאַט אַזעלכע מעגלעכקייטן. זומער פלעגן מיר אַרויספאָרן אויף דאַטשע.

באַזונדערס גליקלעך זענען מיר געווען ווען מיר האָבן געקענט נעמען אורלויב אין דער צייט ווען דער מאָסקווער יידישער מלוכה־טעאַטער, אין שפּיץ מיט מיכאָעלסן, האָט גאַסטראָלירט אין קיעוו. זייענדיק אין מאָסקווע האָב איך געזען „200 טויזנט". דאָס טעאַטער האָט געמאַכט אויף מיר אַ גרויסן איינדרוק און יעדעס מאָל ווען עס פלעגט קומען קיין קיעוו פלעגן

מיר בעטן אורלוּיב צוגעפּאַסט צו דער צייט פון זיינע גאַסטראָלן און אָריינ־פאָרן אין דער שיינער אוקראַינישער הויפּשטאָט. די משפּחה סמערטענקאָ, אַלעקסאַנדערס חברים, פלעגן אונדז אויפנעמען מיט גרויס צופרידנקייט. מיר האָבן זיך געפילט ביי זיי גוט, היימלעך, באַקוועם.

לעבנדיק גרינגער — אין אַ באַזונדערער ווינונג און מאַטעריעל פאַר־זאָרגטע צוליב דעם וואָס אויך איך האָב געאַרבעט — האָב איך באַשלאָסן אַז איצט מעג מען שוין טראַכטן פון אַ משפּחה און פון יורשים. אָבער נאָך אַ קורצער צייט קומען ווידער פאַר אין מיין לעבן נייע, ראַדיקאַלע ענדע־רונגען.

פאַר מיר אַליין, ווי אויך פאַר דעם בעלאָצערקווער בילדונגס־אָפּטייל איז קלאָר געוואָרן אַז איך אַרבעט גאַנץ גוט, נאָר פאַר פּאָליט־דערציערי־שער טעטיקייט פעלט מיר וויסן. צוליב דעם האָט מען מיך קאָמאַנדירט אויף קורסן פאַר אַרבעטער פון „פּאָליט־פּראָסוועט" אויף אַ חודש צייט אין דער שטאָט אָדעס. אַלעקסאַנדער האָט מיך פאַרזיכערט אַז די קורסן וועלן זיין אינטערעסאַנט, איך וועל הערן לעקציעס פון די גרעסטע מומחים, וואָס געפינען זיך אין אָדעס און זיך אויך באַגעגענען מיט דער שיינער דרום־שטאָט, מיט איר אָפּערן־טעאַטער וואָס איז דער שענסטער אין גאַנצן לאַנד.

אויף דעם חודשלעכן קורס האָב איך אויסגעהערט גרויסע ציקלען לעקציעס (וועגן געשיכטע, ליטעראַטור, לויפנדיקער פּאָליטיק אאַז"וו) פון דער בעסטער יידישער פּראָפעסור וועלכע האָבן געאַרבעט אין אָדעס. טאָג־טעגלעך זענען מיר געזעסן און געהערט אַ 7 שעה נאָך אַנאַנד. ליידער זענען נישט אַלע קורסאַנטן געווען צוגעגרייט צו אַזאַ אָנלאָדונג. די באַ־דינגונגען זענען אויך נישט געווען קיין גינסטיקע פאַר דעם. אין צוזאַמענ־ווינונג האָבן זיך געפונען עטלעכע קורסאַנטן איינפאַכע כוליגאַנעס וועל־כע האָבן אַליין נישט געלערנט און געשטערט די אַנדערע. מיר האָבן גע־האַט פון זיי געבערענטע צרות. אויסשליסן זיי האָט מען נישט געוואָלט, מען האָט געהאַלטן אַז מען דאַרף זיי איבערדערציען.

די כוליגאַנעס פלעגן ביינאַכט פאַרמאַכן דעם טויער און ווען מיר פלעגן זיך אומקערן פונעם טעאַטער אָדער פון אַן אַנדער אונטערנעמונג, זענען מיר געווען געצוווּנגען צו קלעטערן איבערן פּאַרקן. געפינענדיק זיך אין שוואַנגערשאַפט האָט דאָס קלעטערן איבערן פּאַרקן געווירקט שלעכט אויף מיין געזונט. אומקערנדיק זיך אַהיים האָב איך מיך אויך איבערגעמידט מיט צוגרייטן דעם יובילײ פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. איך בין אַ סך אַרומגעלאָפן, געזאָרגט פאַר דער אָרדענונג אין קלוב. און נאָכן אָוונט, אומקערנדיק זיך אַהיים אין מיין קליינער דירה האָט ביי מיר

זיך אָנגעהויבן אַ בלוטשטורץ. איך האָב געמפּלט אין 4טן חודש שוואַנ־גערשאַפט.

פאַר מיר איז דאָס געווען טראַגיש, ווייל נאָך דעם פאַרפאַל בין איך געוואָרן אַן אינוואַליד. די האָפענונג צו האָבן אַ קינד און שאַפן אַ משפחה־לעבן האָב איך פאַרלאָרן ענדגילטיק. מיינע באַציונגען מיטן מאַן זענען געוואָרן אָנגעצויגענע. לא די איך בין געוואָרן אַזוי צעבראָכן, האָט אַלעק־סאַנדער זיך אָנגעהויבן פון מיר דערווייטערן, אַרויסווייזן אינטערעס דער געזעלשאַפט פון אַנדערע פרויען. פריער פלעג ער דאָך יעדן אָוונט קומען אין קלוב מיך אָפּנעמען. איצט פלעג איך זיצן אין טומלדיקן קלוב צווישן פאַרשידענע מענטשן, וואָס האָבן געפאָדערט מיין אויפמערקזאַמקייט צו זיך, צו זייערע אָנגעווייטיקטע פראַגן — מיין קאָפּ צעשפּאָלטן די דאגות, די נערוון צעפּליקטע, און מיין בליק געווענדט צו דער טיר, צי קומט ער נישט נאָך מיר, מיין געליבטער מאַן?

אין די שפּעטע אָוונטן בין איך געלאָפן איבער די פינצטערע גאַסן פון בעלאָצערקאָוו און אַ מאָל האָט מיך באַגלייט עמעצער פון די מיטגלידער, וואָס האָט געוווינט אין מיין געגנט.

אין דער צייט בין איך געווען גוואַלדיק אייפערזיכטיק. כ׳האָב אָנגע־הויבן אַנאַליזירן מיין באַציונג מיט אַלעקסאַנדערן אָנהייבנדיק פון זעמ־בראָווע און אַ סך קלייניקייטן האָבן זיך מיר אַצינד אויסגעקלאָרט און כ׳האָב פאַרשטאַנען אַז ער איז נישט תמיד געווען אויפריכטיק, געטריי און באַשטענדיק אין זיינע געפילן. מיר האָט ער זיך געקענט שווערן אין ליבע, פאַרזיכערן אין טריישאַפט, און אין דער זעלבער צייט,, פאַרדרייען די קעפּ אַפילו מיינע חברטעס. דאָס האָט באַטייט: פרייע ליבע.

אין איינעם אַ פאַרנאַכט, ווען כ׳האָב מיך געגרייט אָוועקגיין אויף דער אַרבעט, איז צו מיר אַריינגעקומען די לערערין אַקסעלראָד, אונדזער ביידנס אַ גוטע באַקאַנטע, כמעט אַ פריינד. פּלוצעם טוט זי מיך אַ פרעג:

,,זאָג מיר, שרפה, פאַר וואָס האָסטו נישט קיין קינדער?״

איך האָב דערפילט ווי זי וואָלט מיר אַריינגעשטאָכן אַ מעסער אין האַרץ. איך בין צעטומלט און דערשיטערט געוואָרן. דאָס איז דאָך געווען מיין קראַנק, ווייטיקלעך אָרט, מיין טראַגעדיע. ווער האָט איר דערלויבט? איז זי פּשוט אַ בהמה, אַ געפיללאָזע פרוי, אָדער זי האָט גוט אויסגע־רעכנט דעם קלאַפּ? און נאָך נישט געקומען צו זיך פון דעם שטאָך, קומט אַ צווייטער, נאָך פיל אַכזריותדיקער, אין דער פאָרם פון אַ פאַרטרוילע־כער דערקלערונג:

,,פאַרשטייסט זאָגט זי מיר — שוין אַ לאַנגע צייט ווי איך בין פאַר־

ליבט אין אַלעקסאַנדערן, און איך געניס אויך פון קעגנזייטיקייט. נאָר צום באַדויערן...״

צום באַדויערן, האָט זי מיר דערקלערט, קען זייער פאַראייניקונג נישט צו שטאַנד קומען, ווייל דער ערלעכער און איידעלער אַלעקסאַנדער האָט נישט קיין מוט אַוועקצוגיין פון מיר, און אויך דערפאַר ווייל די פּאַרטיי קוקט קרום אויף אַזאַ האַנדלונג פון אירע מיטגלידער...

זי האָט עס געזאָגט אַזוי פּשוט, צערעמאָניעלאָז, גלייך איך וואָלט געווען אַ זייטיקער מענטש. אויב פון איר פראַגע בין איך צעטומלט געוואָרן, האָט מיך פון איר דערקלערונג באַפאַלן אַזאַ כעס אַז איך האָב זי פון מיין דירה אַרויסגעטריבן און איר נאָכגעשריגן: „באַרישער קאָפּ, וואָס ווילסטו, איך זאָל דיר העלפן צונעמען ביי מיר דעם מאַן?״...

איך האָב זיך קוים דערוואַרט אַלעקסאַנדער זאָל אַהיים קומען. איך האָב אים געזאָגט אַז דאָ איז געווען זיין געליבטע, די אַקסעלראָד, מיט אַ טענה אַז איך שטיי אין וועג פון זייער ביידנס גליק... אָפּגעזאָגט די איינציקע פראַזע בין איך מיט אַ קלאַפּ אין טיר אַוועק אין קלוב.

דעם גאַנצן אָוונט האָב איך מיך געמוזט באַהערשן נישט אַרויסצוווייזן מיינע אבערלעבונגען. נאָר ווי אַזוי קערט מען זיך אום אַהיים? שפּעט ביינאַכט, אייגע אַליין בין איך געגאַנגען לאַנגזאַם דורך די טונקעלע בעלאָצערקאָווער גאַסן און געטראַכט: וואָס ווייטער?

איך האָב געוואָלט ערגעץ פאַרשווינדן, פאַרפאַלן ווערן, איך זאָל אים מער נישט דאַרפן זען. נאָר ווו האָב איך געקענט פאַרשווינדן? — איך בין דאָך געצוווּנגען זיך אומקערן אַהיים...

אין צימער איז געווען פינצטער. ער איז שוין געלעגן אין בעט, נאָך נישט געשלאָפן און געוואַרט ווייזט אויס אויף אַן אייפערזוכט־סצענע. נאָר איך האָב געשוויגן. אין אָנטאָן האָב איך מיך איינגעקאָרטשעט אויף דער קושעטקע און שטיל פאַרגאָסן טרערן. מיינע טרערן האָבן אויף אים געהאַט אַ שטאַרקערע ווירקונג, ווייל סוף כל סוף איז ער אַרויס מיט אַ טענה אַז איך הער מיך צו צו יעדער נאַרישקייט, וואָס מען זאָגט וועגן אים. און איבערהויפּט פאַרדריסט אים וואָס איך גלייב אין די רכילותן.

איך האָב נישט רעאַגירט אויף זיינע רייד. ביז אינדערפרי בין איך אַזוי געלעגן אין אָנטאָן. ווען ער איז אַוועק אַ שטומער צו דער אַרבעט בין איך אויפגעשטאַנען און אַוועק צו אונדזערע זייער גוטע פריינד. כ׳האָב געמוזט פאַר עמעצן אויסגיסן מיין ביטער האַרץ. איך האָב מיך אויך געבייטיקט אין אַן עצה פון גוטע, קלוגע מענטשן. אַליין האָב איך נישט געקענט קומען צו קיין שום באַשלוס.

איך האָב פאַרבראַכט עטלעכע שעה ביי יענער משפחה וואָס זענען געווען און פאַרבליבן מיינע בעסטע פריינד (זיי געפינען זיך נאָך אין יענעם לאַנד, קען איך דעריבער זייער נאָמען נישט אָנרופן. איך וועל זיי נאָך נישט איין מאָל דערמאָנען. אין מיינע באַשרייבונגען, וועלן זיי באַדינגלעך הייסן — „פריינד").

מיינע פריינד זענען נישט איבערראַשט געוואָרן פון דער געשיכטע. זיי האָבן זיך נאָר געוווּנדערט וואָס נאָך כמעט 5 יאָר לעבן אין ראַטן־פאַרבאַנד מאַך איך אַ טראַגעדיע דערוויסנדיק זיך אַז איך ווער פאַרביטן פון מיין מאַן. אין ראַטן־פאַרבאַנד איז דאָס אַ געוויינלעכע, טאָגטעגלעכע דערשיינונג. דאַרף מען זיין אַ ניכטערער מענטש...

אַלעקסאַנדערן, האָבן זיי מיר געזאָגט, האָבן זיי געקענט זייער גוט. זיי האָבן געאַרבעט מיט אים צוזאַמען און געוווּסט אַז ער איז נישט דער יונגערמאַן פון אייביקער ליבע צו אַ פרוי. און אויב ס'איז שוין געקומען צו אַזאַ מדרגה אין די באַציִונגען, איז זייער מיינונג געווען אַז איך דאַרף זיי נישט אָנטאָן דאָס פאַרגעניגן און אַוועקגיין, און דערמיט זיי העלפן אין זייער צונויפגיין זיך. זאָל ער אַליין געפינען אַ לייזונג צו דער פראַגע. אַ חוץ דעם וועט איר דאָך אין גיכן סיי ווי זיך פונאַנדערגיין. אים וואַרפט מען איבער קיין אומאַן און איך פאַר לערנען געשיקט פונעם בילדונגס־אָפּטייל אין אָדעסער „אַרבפאַק". דאָס לעבן אַליין גיט אַ לייזונג צו דער ווייטיקלעכער פראַגע.

מיינע פריינד זענען געווען פולשטענדיק גערעכט.. איך האָב זיי געפאָלגט און מיר זענען זיך פונאַנדערגעפאָרן.

פאַר דעם בין איך אין 1927 דעלעגירט געוואָרן קיין כאַרקאָוו אויפן קולטור־צוזאַמענפאָר. דאָס איז געווען אַ מין פרעמיע פאַר מיין גוטער איבערגעגעבענער אַרבעט. אויף דעם צוזאַמענפאָר אויף וועלכן עס זענען געווען שרייבער, זשורנאַליסטן, קולטור־טוער, אויך פאַרשטייער פון פוילן — האָט דעם ערשטן פידל געשפּילט משה ליטוואַקאָוו, דער רעדאַקטאָר פונעם „עמעס". איך האָב זיך אומגעקערט אַ צופרידענע, באַרייכערטע און שטאָלצע, וואָס איך האָב אָנטייל גענומען אין דער גרויסער אַרבעט פון יידישער קולטור־בויונג. און אין 1928 געזעגן איך זיך מיט מיין קלוב. מען האָט מיר איינגעאָרדנט אַ געזעגענונגס־אָוונט. איך האָב געהערט זייער אַ סך וואַרעמע לויב־ווערטער פאַר מיין גוטער אַרבעט. מען האָט מיר צוגעזאָגט אויך העלפן אין דער צייט פון מיין לערנען. אין משך פון די זעקס יאָר וואָס איך האָב געלערנט בין איך געווען פאַרבונדן מיט דעם

קלוב־אַקטיוו, זיך דורכגעשריבן מיט זיי. אין די קאַניקולן פלעג איך קומען צו זיי צו גאַסט.

מיין „פּוטיאָווקע" (רעכט אויף אָנקומען לערנען) איז געווען אין „אַרבפאַק" (אַרבעטער־פאַקולטעט) ביים אָדעסער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. בעת די עקזאַמענס האָב איך באַלד געמאָלדן אַז איך האָב קיין מאָל קיין שולע נישט באַזוכט. דעריבער קען איך נישט די עלעמענטאַרע דיסציפּלי־נען. האָט מען געפּירט מיט מיר אַ שמועס אויף געזעלשאַפטלעכע טעמעס און וועגן יידישער ליטעראַטור. און דער פּראָפעסאָר בעלאָוו איז געווען באַגייסטערט פון מיין ליטעראַרישער באַהאַוונטקייט און וויסן און מען האָט מיך אויפגענומען אין אַרבפאַק מיט צופרידנקייט. די עקזאַמענאַטאָרס האָבן געגלייבט אַז אַ פּרוי אין מיין עלטער (מיר איז שוין געווען דרייסיק יאָר), מיט אַ גרויסער לעבנס־דערפאַרונג, מיט אַ שטאַרקן ווילן צום לער־נען, וועט זיכער דעריאָגן די יונגע סטודענטן, וואָס האָבן געהאַט מיטל־בילדונג.

אין ערשטן יאָר איז מיר אָנגעקומען שווער אין די פּינקטלעכע דיסצי־פּלינען, נאָר אונטעררריכט האָבן אויסגעצייכנטע פּעדאַגאָגן ווי מאַיסייענקאָ, וואָס האָט דעם קענגשטאַנד פון מאַטעמאַטיק אונטערגעטראָגן פריילעך אַז די היגטערשטעליקע סטודענטן האָבן לייכט באַנומען דעם לימוד. דער פּראָ־פעסאָר קאָזאַק, אַ פיזיקער, האָט אַזוי פּאָפּולער און אינטערעסאַנט איבער־געגעבן דעם לימוד אַז אונדז איז תמיד געווען אַ שאָד וואָס די לעקציע האָט זיך פאַרענדיקט. זי איז תמיד געווען פול חכמה און הומאָר, אַז די פיזישע פאָרמולעס האָבן זיך לייכט איינגעקריצט אין די מוחות פון די סטודענטן.

איך האָב געלערנט מיט גרויס התמדה, פלייסיק, און אין גיכן האָט מען גענומען מיך אַרויסרוקן ווי איינע פון די בעסטע אויפן קורס. דאָס איז מיר אָוודאי געווען אָנגענעם. אָבער דער אמת איז, אַז איך האָב בע־סער אויפגענומען די הומאַניטאַרע וויסנשאַפטן — אַ דאַנק מיין אָנגעזאַמל־טער פּראַקטיק. די דאָזיקע וויסנשאַפטן האָט מען אין לערנפּלאַן אָפּגעגעבן מאַקסימום צייט.

אויסגעצייכנטע אָפּשאַצונגען האָב איך באַקומען פאַר מיינע דערפאָלגן אין יידישער ליטעראַטור. גרינבערג — אונדזער לעקטאָר, אַ גרויסער מומחה, וועמען מיר אַלע האָבן ליב געהאַט, האָט מיט יעדן סטודענט זיך אינטערעסירט באַזונדער. ווען איך האָב צום ערשטן מאָל געענטפערט אויפן לימוד פון ליטעראַטור, האָט ער מיך אָפּגעשטעלט אין מיטן און געפרעגט מיט נייגער:

„איך בעט אייך, פון וואַנען זייט איר?"

„וואָס הייסט? איך קום פון בעלאָצערקאָוו"...

„ניין, האָט ער זיך פאַרענטפערט — איך מיין, ווו זענט איר געבאָרן, וואָס איר רעדט אַזאַ שיינעם יידיש?"

אין די קאַניקולן פלעג ער אונדז פאַרגעבן באַשטימטע ווערק מיר זאָלן איבערלייענען און אָנשרייבן אַן אָפּשאַצונג. איך האָב אַזאַ אָפּשאַצונג אָנגעשריבן וועגן איזי כאַריקס פּאָעמע „מיט לייב און לעבן" און ווען ער האָט די אַרבעט דורכגעקוקט איז ער געקומען אויפן קורס, געהאַלטן מיין העפט אין דער האַנט, געפאָכעט מיט אים און געזאָגט:

„אָט ווי אַזוי מען דאַרף פאַרשטיין אַ פּאָעטיש ווערק" און מיין פּנים האָט געפלאַמט פון גערירטקייט.

אין דער גרופּע פון די פיר סטודענטן מיט וועלכע מיר פלעגן צוזאַמען גרייטן די לימודים, איז געווען: גיטיס — אַ שטאַרק פעיִקער אין מאַטעמאַטיק און פיזיק. אירמע דרוקער — וואָס איז שוין דעמאָלט געווען אויסגעקאָכט נישט נאָר אין יידישער, נאָר אויך אין וועלט־ליטעראַטור, מאַטעמאַטיק, פיזיק, כימיע האָט אים נישט אינטערעסירט. ער איז געווען אַ גלענצנדער זינגער און אין מיטן לערנען פלעג ער זיך אַוועקשטעלן און אָפּזינגען אַריעס פון „יעווגעני אָניעגין". אין פּושקינען איז ער געווען פאַרליבט. ווען מען האָט אים געמוסרט אַז ער לערנט שלעכט מאַטעמאַטיק, פלעג ער אַ פאַרטראַכטער רויִק ענטפערן מיט די ווערטער פון פּושקינען אַז זיין פאַרמעגן קען ער איבעררעכענען אָן מאַטעמאַטיק. דער דריטער פון דער גרופּע איז געווען קניזשניק — אַ רויטער, פול מיט זומערשפּרענקעלעך אויפן פּנים, נאָר מיט אַ שוואַכן קאָפּ. איך, די פערטע אין דער גרופּע, בין געווען די אָרדענונג־היטערין, די אויפזעערין איבער דער דיסציפּלין.

אין ערשטן לערניאָר איז די מאַטעריעלע לאַגע פון דער גרופּע געווען אַ גוטע; מיר האָבן באַקומען סטיפּענדיעס, און איך, נישט קוקנדיק אויף די נישט נאָרמאַלע באַדינגונגען מיט מיין מאַן, פלעג באַקומען זיין אונטערשטיצונג. מיר האָבן זיך איבערגעשריבן. און צום סוף פון ערשטן לערניאָר בין איך אויף דער קאַניקול־צייט געפאָרן צו אים, קיין אומאַן.

אַלעקסאַנדער האָט מיך באַגעגנט ליבלעך אויפן אומאַנער וואָקזאַל. מיט דער משפּחה ווו ער האָט געוווינט אין אַ שיינעם מעבלירטן צימער, האָט ער זיך פאַרגלייכט מען זאָל אונדז באַזאָרגן מיט עסן, אַז איך זאָל זיך נישט דאַרפן פאַרנעמען מיט דער קיך. ער האָט מיך געפירט צו זיינע באַקאַנטע און אויף פאַרוויילונגען און מיך באַזאָרגט מיט ביכער. און נישט

קוקנדיק אויף דעם האָט מיך נערווירט די אומאויפריכטיקייט אין זיין האַלטונג, די צווייפּנימדיקייט, די צביעות. און איבער אַלץ — דאָס וואָס ער פלעג אַהיימקומען שפּעט ביינאַכט, ווען איך פלעג זיצן און וואַרטן אַליין אויף זיין אומקער.

דערפאַר אָבער האָב איך מיך געפילט גוט ווען איך פלעג מיך אומקערן צום לערנען. ערשטנס איז מיר געווען אינטערעסאַנט דאָס לערנען, און צווייטנס איז מיר געפעלן די געזעלשאַפטלעכע פונקציעס מיינע, ווי סטאַראָסטע פונעם קורס, דאָס האָט געמיינט אויך זיין די באַפולמעכטיקטע אין די באַציונגען פונעם קורס מיט דער אָנפירונג פון „אַרבפאַק". אַלע זעקס יאָר האָב איך געוווינט אין צוזאַמענוווינונג. אין ערשטן יאָר האָט אונדזער היים זיך געפונען אין אַ בנין מיט אַ הויכן נאָמען — „וואָראָבּצאָווסקי דוואָרעץ". דאָרט איז געווען אַ גרויסער זאַל מיט שטאַרק הויכע פענצטער. שמאָלע בעטלעך — אייזערנע און הילצערנע — זענען געשטאַנען צונויפגעשטעלט אַ סך. די לימודים האָט מען געגרייט זיצנדיק אין בעט, ווייל קיין טיש איז נישט געווען, אָדער אין דער ביבליאָטעק. אין דער דאָזיקער סטודענטן־היים האָב איך געוווינט אַ קורצע צייט, אָבער פאַרגעדענקט האָב איך זי אויף שטענדיק. אין דעם־אָ שלאָס האָבן מיר זיך געפילט ווי אויף אַ שיף אויפן ים אין אַ פינצטערער שטורעם־נאַכט; דער שלאָס האָט זיך געפונען נאָענט פונעם ים, און ווען אין דרויסן האָט געשטורעמט האָבן זיך געטרייסלט די פענצטער און מיר אויף די בעטלעך — פון קעלט.

אין די פרייע זומערטעג פלעג איך מיט פאַרגעניגן אַרויסגיין צו פוס איבער דער שטאָט, געניסן פון איר שיינקייט. זיצן אין די פּאַרקן, בולוואַרן ביים ים און לייענען אַ ביכל. איין מאָל, זיצנדיק אויף אַזאַ מין בולוואַר, האָב איך געלייענט מענדעלען. ביי מיין זייט איז געזעסן אַן עלטערע פרוי און איך האָב באַמערקט אַז זי כאַפּט נייגעריק אַ קוק אין מיין ביכל. פּלוצעם רופט זי זיך אָן:

„אַנטשולדיקט, איך בעט אייך, איך זע איר לייענט מענדעלע מוכר ספרים. מיך פרייט ווען איך זע אַז מען לייענט אים, ווייל מענדעלע איז געווען מיין ברודער".

איך האָב געהאַט הנאה פון שמועס מיט דער אינטערעסאַנטער פרוי און איך בין געווען צופרידן פון דער דאָזיקער אומגעריכטער באַגעגעניש מיט מענדעלעס שוועסטער.

איך האָב אַ סך מאָל באַזוכט דעם אָפּערן־טעאַטער און פאַרשטייט זיך דעם יידישן, וווהין מיר פלעגן גיין קאָלעקטיוו. באַזונדערס איז מיר גע־

ווען אינטערעסאַנט צו באַזוכן דעם אָדעסער קלוב פאַר יידישער קולטור, ווו עס פלעגן פאָרקומען ליטעראַרישע פאַרלעזונגען, באַגעגענישן מיט יונגע שרייבער, אָרטיקע צי געקומענע פון אַנדערע שטעט און אַפילו פון אויסלאַנד.

אַזוי איז געווען די ערשטע פאַר יאָר, דערנאָך איז געוואָרן שווערער און ווייניקער אינטערעסאַנט.

אין סוף 1929, אָנהייב דרייסיקער יאָרן, האָט זיך אָנגעהויבן אין לאַנד די קאָלעקטיוויזאַציע. כדי דורכצופירן די דאָזיקע איבערקערעניש זענען מאָביליזירט געוואָרן די בעסטע מענטשן — אַרבעטער, געלערנטע. דער פלאַן האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַ העפטיקן ווידערשטאַנד מצד דעם פאַר־מעגלעכן פויערטום — די בעלי־גופים. עס זענען געפאַלן קעפּ און בלוט האָט זיך געגאָסן פון ביידע צדדים.

צוליב דער אויפטרייסלונג אין די דערפער און דעם תהו ובוהו זענען די פעלדער נישט פאַרזייט געוואָרן. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער הונ־גער, וואָס איז געווען נישט ווייניקער שרעקלעך ווי אין די נאָך אָקטאָבער־יאָרן. ברויט האָט מען געקענט קריגן נאָר אויף ברויט־קאַרטלעך — צוויי הונדערט גראַם אַ טאָג. די גאַנצע באַפעלקערונג האָט זייער געליטן און באַזונדערס די סטודענטן־מאַסע, וואָס האָבן קיין שטיצע נישט געהאַט. אין יענער צייט פאַרענדיקנדיק דעם אַרבפאַק האָב איך מיך געגרייט אַריינצוטרעטן אין אינסטיטוט.

אין אָט דער שרעקלעכער צייט האָט מיין „געליבטער מאַן" זיך דער־טראַכט צו מאַכן אַ סוף צו אונדזער „צוזאַמענלעבן"...

אין איינעם אַ טאָג באַקום איך פון אים אַ בריוו מיט אַזאַ אינהאַלט: „שפרה, זיי וויסן וועגן דעם, אַז איך האָב באַשלאָסן לעבן אַליין"...

די פאָסט פלעגן מיר באַקומען אין רוישיקן קאָרידאָר פון „אַרבפאַק", און אויף גיך בעת דער הפסקה איבערלייענען. און דער בריוו זיינער האָט מיך געבראַכט אין אַזאַ ווילדן כעס, אַז איך האָב אויסגעשריגן —אידיאָט! מיר זענען דען צוזאַמען?

אַלע אין קאָרידאָר האָבן זיך אומגעקוקט אויף מיר. איך האָב זיך שטאַרק צעלאַכט און אַוועק נישט אויף דער לעקציע, נאָר אויפן טעלע־גראַף און געענטפערט אים מיט אַ טעלעגראַמע: „איך האָב פעסט באַ־שלאָסן דיך נישט לאָזן אַליין. מאָרגן פאָר איך אַרויס צו דיר".

מיט דער טעלעגראַמע האָב איך געצילט אים איבערשרעקן, אָנטאָן פאַרדראָס, קרענקונג, אים זאָל אונדזער פאָרמעלע צעשיידונג וואָס איז שוין געווען אַ פאַקט פון אַ לענגערער צייט, נישט אָנקומען אָן בויך־

ווייטיק און ער זאָל נישט בלייבן אָן מאָראַלישע פלעקן אין די אויגן פון חברים, ווי ער האָט דאָס געוואָלט. ווען דעם אַז איך בין גערעכט האָט באַשטעטיקט זיין ענטפער־טעלעגראַמע: „ער פאָרט אַוועק פון אומאַן אין אַ קאָמאַנדיראָווקע אויף אַ לענגערער צייט".

אויף זיין ליגנערישער טעלעגראַמע האָב איך אים געענטפערט מיט אַ בריוו אַז ער איז נישט נאָר אַ צבועק און אַ ליגנער, ער איז אויך אַ פּחדן. ער האָט זיך דערשראָקן טאָמער וועל איך טאַקע קומען... אָבער וויסן מעג ער, אַז אויב איך וועל אַ מאָל אים ערגעץ טרעפן, וועל איך אים אויס־מיידן ווי אַ קרעציקן.

ענטפערנדיק אַזוי דעם איבערגעגעבענעם קאָמוניסט, דעם געטרייען טוער אויף דער יידישער גאַס, האָט זיך אָראָפּגעקייקלט פון מיין האַרץ אַ קנויל פון עקל און פאַרדרוס. איך האָב מיך באַרויִקט.

דער הונגער אין לאַנד, די טעכנישע הינטערשטעליקייט און דער סאַ־באָטאַזש פונעם פויערטום האָבן גורם געווען דערצו, מען זאָל די סטודענטן אויסנוצן אויף שווערער אַרבעט אין די דערפער — פרילינג־צייט ביים פאַרזייִ, אין האַרבסט ביים אַראָפּנעמען דאָס גערעטעניש. אונדז, די יידישע סטודענטן האָט מען געשיקט אין די נישט לאַנג געגרינדעטע יידישע קאָ־לעקטיוון נישט ווייט פון אָדעס, אין כערסאָנער געגנט. די אַרבעט איז גע־ווען אַ שווערע. די באַדינגונגען — שוידערלעכע. נאָך אַ שווערן אַרבעטס־טאָג פלעגן מיר די פאַרשוויצטע לייבער וואַשן מיט קאַלט וואַסער. גע־שלאָפן זענען מיר אין פעלד, אויף שטרוי. וואָס הייסער בייטאָג אַלץ קעל־טער די נעכט. איך האָב זיך צוגעקילט, קראַנק געוואָרן. אויפן גאַנצן לייב האָבן זיך ביי מיר אויסגעשאָטן מכות — פורונקוליאָז. אַ פּאָר טעג בין איך געלעגן אין פעלד אין גרויסער היץ. נאָך דעם האָב איך צו פוס זיך דערשלעפּט אין דאָרף. מ'האָט קראַנקערהייט מיך אָפּגעפירט קיין אָדעס אין דער צוזאַמענוויניגונג, נאָר אַ דאַנק דעם חברישן אויפזיכט פון מיינע קאָ־לעגן לויטן צימער בין איך געזונט געוואָרן.

און ענדלעך — איך האָב דערלעבט. דער אַרבפאַק איז פאַרענדיקט. אָן עקזאַמענס האָט מען מיין קורס איבערגעפירט אויף פאַקולטעטן אויף וועל־כע יעדער האָט אַליין פאַרלאַנגט.

איך האָב געשטרעבט אָנצוקומען אויפן ליטעראַרישן פאַקולטעט. אָבער דער פּראָפעסאָר מעלאַמעד וועלכן כ'האָב געשעצט ווי אַ געלערנטן און אויטאָריטעט האָט דערווידערט.

— חברטע ליפשיץ — האָט ער אין מיר אַריינגעטענהט — מיר מוזן

זיך רעכענען מיט דער לאַגע. אונדזער אינסטיטוט גרייט לערער־קאַדרען פֿאַר יידישע שולן. אין די שולן און טעכניקומס פֿעלן לערער פֿון געשיכטע. אַלס דעקאַן פֿון יידישן סעקטאָר קען איך נישט דערלאָזן אַז גוטע סטודענטן זאָלן גיין אויף אַזוינע פֿאַקולטעטן ווו מיר האָבן מער וויפֿל מען דאַרף, און אַ חוץ דעם — אויפֿן געשיכטלעכן גייט איר דורך אויך ליטעראַטור. אויפֿן ליטעראַרישן וועט אייך זיין שווער ווייל איר קענט נישט קיין שפּראַכן, וואָס ווערן דאָרט געלערנט.

וואָס שייך שפּראַכן איז ער געווען גערעכט. אָנקומענדיק אויפֿן אַרבעט האָב איך אַפילו יידיש געשריבן מיט גרייזן. נאָך די אויסלייג־רעפֿאָרמען, האָבן מיינע גרייזן זיך נאָך פֿאַרמערט. רוסיש האָב איך נאָר געלייענט און פֿאַרשטאַנען, נאָר ריידן — נישט. פֿון שרייבן איז אָפּגערעדט.

און — איך בין אָנגעקומען אויפֿן פֿאַקולטעט פֿאַר געשיכטע. איך בין אויף מיין קורס געווען איינע אַן אומפּאַרטייִשע. אין פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע ביים יידישן סעקטאָר פֿון אינסטיטוט האָט מען געוווּסט מיין גאַנצע געשיכטע. האָט די פּאַרטיי אָרגאַניזאַציע באַשלאָסן מיך ווי אַ סטודענטין בעסער צופּעסטיקן צו אַ פּאַרטיי־קעמערל פֿון אַ פֿאַבריק, כדי צו קענען באַקומען רעקאָמענדאַציעס פֿון קאָמוניסטן־אַרבעטער, וואָס גיט גרעסערע שאַנסן צו ווערן אָנגענומען אין דער פּאַרטיי. מען האָט מיך צוגעפּעסטיקט צו דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע פֿון דער שניידער־פֿאַבריק אין אָדעס, „ראָזאַ לוקסעמבורג". פֿלעג איך באַזוכן דאָס פּאַרטיי־קעמערל פֿון דער פֿאַבריק, געהאָלפֿן אַרויסגעבן די וואַנט־צייטונג, אויסגעפֿילט פֿאַרשידענע אָנלאָדונגען, נאָר מיט קאָמוניסטן אַרבעטער זיך נישט באַקענט, און דער עיקר — קיין רעקאָמענדאַציע נישט באַקומען. איך האָב פֿאַרענדיקט דעם אינסטיטוט אַן אומפּאַרטייִשע. און דאָ וויל איך צוגעבן, למען האמת, אַז פֿאַר דער צייט האָט ראַדיקאַל זיך געענדערט מיין מיינונג סיי וועגן דער פּאַרטיי, סיי וועגן אַ סך פֿון אירע מיטגלידער און דער מצב פֿון זיין אויסער דער פּאַרטיי האָט מיך נישט געערגערט.

אויף מיין פֿאַרוווּנדערונג פֿאַר וואָס קומט אַן אַזוי שווער די זכיה אויפֿגענומען צו ווערן אין דער פּאַרטיי האָט מען מיר געענטפֿערט אַז מען מוז זיין פֿאָרזיכטיק, היטן אַז אין אירע רייען זאָלן זיך נישט אַריינשמוגלען קיין פֿרעמדע עלעמענטן, און נישט שעדיקן פֿון אינעווייניק. דערפֿאַר טאַקע ווערן אָפּט אויך דורכגעפֿירט רייניקונגען כדי פּטור צו ווערן פֿון אַזעלכע מיטגלידער וואָס מען כאַפּט זיי ביי גנבות, ביי שוחד. אַזעלכע אָרדענען זיך דאָך איין אויף גוטע פּאָסטנס, באַקומען אין הונגער־צייט גוטע פּייַקעס, וואַרפֿן פֿרויען מיט קינדער, דרייען זיך אַרויס פֿון צאָלן אַלימענטן.

מיך האָט די פראַגע אויפגעהערט אינטערעסירן. און די אומפּאַרטייִיש־קייט האָט מיר נישט געשטערט. פאַרקערט: אומעטום האָט מען מיך אַרויס־געשטעלט פאַר אַ ביישפּיל פון דיסציפּלינירטקייט, פון גוטן לערנען, פון אַ געזעלשאַפטלעך טעטיקער סטודענטין.

דער סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע ביים פּעד־אינסטיטוט, כאַסיע גאָרדאָן, איז מיר געווען נישט נאָר אַ גוטע חברטע בעת מיין שטו־דיום, נאָר אַ געטרייע שוועסטער.

כאַסיע גאָרדאָן, אַ פרוי שוין אין די מיטעלע יאָרן, איז אָנגעקומען אין אינסטיטוט צוליבן „פּאַפּירל". זי האָט שוין אין יענער צייט געהאַט אַ לאַנגן אַרבעט־סטאַזש אַלס לערערין ווי אויך אַלס פּאַרטיי־מיטגליד. זי האָט פאַרמאָגט אַ סך וויסן. זי האָט אין איר לעבן געהאַט אי קאַלטס אי וואַרעמס, אַ שווער־געפּרוּווטע און פיל־דערפאַרענע פרוי. זי איז געווען פון די שיינע, געטרייע, ערלעכע קאָמוניסטן. איר מאַן סטיזשאַק איז געווען לעק־טאָר אין פּעד־אינסטיטוט — אַ זייער באַגאַבטער, פיל וויסנדיקער, אַ „גייענדיקע ענציקלאָפּעדיע". זיי האָבן געהאַט אַ קליין ייִנגעלע. שוין יאָרנ־לאַנג האָבן זיי געוווינט אין אַדעס אין אַ מלוכישער דירה. צו דער־אַ סימ־פּאַטישער, העכסט־אַניטעליגענטער משפּחה האָב איך זיך צוגעטוליעט אין משך פון די דריי לערניאָרן.

ווען איך קלער וועגן דעם טייערן פּאַרפאָלק, מוז איך זאָגן ליידער — „געווען", ווייל די אַכזור־האַק וואָס האָט אין דעם לאַנד געפּאַכעט אָן איבעררייס און געמאָרדעוועט אָן איבערקלייב, האָט אויך זיי געטראָפן. צום לעצטן מאָל האָב איך זיי געזען אין 1936טן יאָר.

די סטודענטישע סטיפּענדיע איז באַשטאַנען פון 23 רובל. פאַר אַ שטיקל ברויט אויפן שוואַרצן מאַרק האָט מען געדאַרפט באַצאָלן מיליאָנען. דער סטודענטישער פּאַיאָק — אַ פּאָרציע ברויט, אָפּט פון 200 גראַם אויף אַ גאַנצן טאָג, אַ פּאָרציע צוקער, אַ ביסל גרויפּן, און קילקעס — קלייִנ־קע, געזאַלצענע הערינגלעך. האַלטן פּראָדוקטן אין צוזאַמענוווינונג האָט מען נישט געטאָרט. די סטודענטן פלעגן גנבענען איינער ביים צווייטן.

איך האָב מיין פּאַיאָק געהאַלטן ביי כאַסיען אין דער היים, נאָר ווייל זי פלעג מיר תמיד עפּעס אונטעררוקן צום עסן, איז מיר אויך אומ־באַקוועם געווען צו האַלטן ביי איר מיינע פּראָדוקטן.

מיטאָגן פלעגן מיר אין דער סטודענטישער גאָרקיך. זי האָט מיט איין מאָל געקענט אַרייננעמען צום באַדינען 1000 מענטשן. צום אַספאַלט־דיל זענען געווען צוגעפעסטיקט טישן און בענק און אַרום יעדן טיש — צען פּערזאָן. אָפיציאַנטקעס פלעגן צוטראָגן דעם מיטאָג. קודם צען זייער די־

נינקע פענעצלעך ברויט. דאָס רעפּטעלע ברויט פלעג זי געבן יעדן אין האַנט אַריין און נאָך דעם האָט זי געבראַכט דעם אַזוי גערופענעם זופּ.

איין מאָל איז ביי מיין טיש זיך פאַרלאָפן אַ פיינלעכע געשיכטע. ווען די אָפיציאַנטין האָט צוגעטראָגן דעם טעלער מיט די פענעצלעך ברויט, האָט דער סטודענט וואָס איז געזעסן ביים ראַנד פונעם טיש, אין איין אויגנבליק אַ כאַפּ געטאָן אַלע שטיקלעך און געוואָלט מאַכן ויברח... ער האָט נישט באַוויזן. חברה האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף אים און אים שרעקלעך צעשלאָגן. אין אַזעלכע באַדינגונגען פון הונגער זענען די לימוד־דים נישט געקראָכן אין קאָפּ.

אין דער אַ הונגעריקער צייט טרעט אַרויס דער פאָטער פון די פעל־קער מיט אַ רעדע און דערווייזט מיט סטאַטיסטישע אָנגאַבן, אַז אין רעזולטאַט פון דער קאָלעקטיוויזאַציע האָט זיך פאַרבעסערט דער וויל־שטאַנד פון די פעלקער!

פאַרשטייט זיך אַז יעדן גענעץ סטאַלינס האָט מען געדאַרפט „באַ־אַרבעטן״, טאָלקעווען, מפרש זיין אויף פאַרזאַמלונגען. געפינט זיך אַ בחור און דווקא אויפן יידישן סעקטאָר, וואָס האָט גענומען אַ וואָרט און האָט געזאָגט כהי־לישנא: „ווען מען לאָזט מיך, וואָלט איך געקענט דערווייזן סטאַלינען אויך מיט ציפערן — דאָס פאַרקערטע״.

אַ פעיִקער סטודענט פונעם ביאָלאָגישן פאַקולטעט, נאָר — אַ צונג אָן ביינער. פאַר דעם זאָג זיינעם האָט מען אים גענומען „אין דער אַרבעט״, אויף אַלע פאַרזאַמלונגען געטרייבערט, הייסט עס, געריסן שטיקער פון אים, לסוף — אויסגעשלאָסן פונעם אינסטיטוט. חברים האָבן צונויפגע־מאַכט אַ ביסל געלט און בשתיקה אים אַרויסגעפּראַוועט פון שטאָט.

מיין כאַסיע גאַרדאָן, צוזעענדיק מיין ליידן הונגער, האָט פאַרטראַכט מיר צו העלפן, כאָטש איר הילף איז געווען פאַרבונדן מיט סכנה, ווייסנדיק אַז איך האָב קרובים אין דער אימפּעריאַליסטישער אַמעריקע מיט וועלכע כ׳האָב מורא געהאַט צו האָבן אַ קאָנטאַקט, צי איך האָב פאַרלאָרן זייער אַדרעס, האָט זי באַשלאָסן דורך אירער אַ מומע אין אַמעריקע אָפּצוזוכן מיינע שוועסטער. גרויס איז געווען אונדזער אַלעמענס צופרידנקייט ווען אין אַ צייט אַרום איז אויף אַן אַדרעס וואָס כאַסיע האָט אָנגעגעבן איר מומען, אָנגעקומען פאַר מיר 10 דאָלער פון מיינע שוועסטער.

אין אַ סך שטעט זענען געווען דעמאָלט האַנדלס־געשעפטן, „טאָרג־סין״, אין וועלכע מ׳האָט געקענט פאַר דאָלאַרן קויפן פאַרשידענע חפצים און אויך שפּייז־פּראָדוקטן אָבער איך האָב מורא געהאַט אַריינצוגיין אַהינ־צו. נאָר דאָס האָט געפעלט מע זאָל געוואָר ווערן אין אינסטיטוט אַז איך

האָב צו טאָן מיטן „טאָרגסין״, אַרום וועלכן ס׳האָבן אַרומגעשמייעט אַלערליי ספּעקולאַנטן, מאַרעוויכערס קאָמבינאַטערס. אָבער עסן ווילט זיך דאָך. האָב איך באַשלאָסן אויסטוישן איין דאָלער אויף דער שוואַרצער בירזשע. מיט דער נשמה אין די הענט, געפינענדיק די בירזשע, איז מיר געלונגען אויסבייטן דעם דאָלער און ביי אַ ספּעקולאַנט אונטער דער פּאָלע אָפּגעקויפט אַ האַלב ברויטל.

אָבער... דער שטן, זאָגט מען, האָט דעם קאַטער... איך שלעפּ מיך אַ מידע און אַ גליקלעכע מיט דעם האַלבן ברויטל צו מיין פריינדין ווו איך וועל סוף כל סוף מיך צוכאַפּן צום ברויט און זיך אָנעסן צו זעט, פאַר־גליסט זיך מיר אין וועג אַריינצוגיין אין אַ טואַלעט און איידער וואָס פאַלט מיר אַרויס דאָס ברויט פון אונטערן אָרעם און — יאָ, גלייך אַהינצו אין דעם מושל אַריין...

פאַרצווייפלט און פאַרוויינט בין איך אַריין צו כאַסיען. זי האָט מיך קוים באַרויִקט. זי האָט גענומען אויף זיך אָפּצוזוכן אַ מענטשן, וואָס זאָל פונעם טאָרגסין קריגן פּראָדוקטן פאַר די געשיקטע דאָלאַרן. די פּראָ־דוקטן זענען געלעגן טאָקע ביי איר און אַ לאַנגע צייט האָב איך מיך בע־סער דערנערט און געקענט רויִקער לערנען.

געלערנט האָב איך אַ סך. זעקס שעה אין טאָג געהאַט לעקציעס אין אינסטיטוט, נאָך דעם האָב איך געגרייט די אויפגאַבעס, געלאָפן אויף סטו־דענטישע פאַרזאַמלונגען. מער פון אַלץ האָבן מיר געלערנט די געשיכטע פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי. מאַקסימום שעהען איז אָפּגעגעבן געוואָרן דעם קעגנשטאַנד. ברייט און לאַנג — דעם לעניניזם, אויפן שפּיץ מעסער ליטעראַטור־געשיכטע. די מאַטעריאַלן וואָס האָבן געדאַרפט אונדז דינען אין אונדזער קינפטיקער פּראָפעסיע האָט מען געגעבן קורץ, סכע־מאַטיש. קיין איינציק מאָל האָב איך אין משך פון די דריי יאָר נישט דורכגעמאַכט קיין פּראַקטיק, הגם דאָס איז פאַרן פאַקולטעט געווען אָבלי־גאַטאָריש. פאַר וואָס? ווייל אין דער צייט פונעם חודש באַשטימטן פאַר פּראַקטיק פלעג מען אונדז אויסנוצן אויף פעלד־אַרבעט — העלפן דעם דאָרף. דער מאָטיוו: ליפשיץ איז אַ גוטע סטודענטין. ווען זי וועט אָנקו־מען אין אַ שול אויף אַרבעט וועט זי זיך אַן עצה געבן...

איין מאָל האָט מען מיך געשיקט אויף אַזאַ חודש פון „פּעדאַגאָגישער״ פּראַקטיק אין דער יידישער קאָמונע אויפן נאָמען פון באַוווּסטן טוער — דימאַנשטיין (כערסאָנער געגנט).

די יידישע קאָמונע האָט שטאַרק געליטן פון הונגער. אין אַ געווי־סער צייט האָבן די קאָמונע־מיטגלידער פאַרלאָזט די הייזער, די ווירט־

שאַפט און זענען אַנטלאָפן אין די באַענטע שטעט, ווו מ׳האָט געקענט גע־פינען שפּייז. דורכלעבן די שווערע צייט. מיין אויפגאַבע איז געווען: — פירן אַן אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן די וואָס האָבן זיך אומגעקערט אין דער קאָמונע. מוטיקן זיי, אונטערהאַלטן מאָראַליש, נאָך דעם וואָס די מלוכה האָט זיי צוגעזאָגט אַ קוקורוזע־פּאַיאָק, כדי זיי זאָלן צוריקקומען צו די כוחות און פאַרזייען די פעלדער.

ערלעך און געטריי האָב איך זיך אַ נעם געטאָן צו מיין אויפגאַבע. צוזאַמען מיט דער טראַקטאָר־בריגאַדע פלעג איך אַרויסגיין אין פעלד, הגם די אָפּגעשוואַכטע בריגאַדע האָט זיך נישט געניייטיקט אין מיינע אַגיטאַציע־רייד. די מענטשן האָבן געוווּסט אַז: ווען זיי פאַרזייען די פעלדער, וועלן זיי האָבן מיט וואָס אונטערצוהאַלטן זייער לעבן. צוליב מאַנגל אין אַרבעטס־הענט האָבן די פרויען געמוזט אַרבעטן מיט די מענער צוגלייך. נאָר וואָס טוט מען מיט די קינדער? האָב איך מיט מיין גאַנצן אימפּעט און מיט מיין אייגנטימלעכער געזעלשאַפטלעכער ליידנשאַפט זיך אַ נעם געטאָן אָרגאַניזירן אַ קינדער־גאָרטן. איך בין אַוועק צו פוס אין צענטער פונעם קאַלינינדאָרפער ראַיאָן, צו זיין פאָרזיצער. ווער איז ער? אַבראַמאָוו, דער גרעסטער טוער אויף דער יידישער גאַס אין קיעוו, וועל־כער האָט ביי מיין אָנקומען פון פּוילן מיך אָפּגעזאָגט איינצואָרדענען. ער האָט מיך נישט דערקענט, אָבער איך האָב אים גוט פאַרגעדענקט.

ער האָט מיך גוט אויפגענומען, געלויבט מיין איניציאַטיוו, צוגעזאָגט צו קומען פערזענלעך זיך באַקענען מיט דער לאַגע אין דער קאָמונע און אויך צו שאַפן געלט־מיטלען. ווען איך האָב נאָך איין חודש אָפּזיין אין קאָמונע זי פאַרלאָזט, איז נאָך קיין שום ידיעה נישט געווען. בכלל האָב איך זיך איבערצייגט, אַז אַלע די הויכגעשטעלטע פאַרטיילייט זענען גע־ווען גרויסע בריאות אויף צוזאָגן... נאָר ליב האָבן?...

צי כ׳האָב באַוויזן אין משך פון דעם חודש עפּעס אויפצוטאָן, ווייס איך נישט. נאָר מיין געזונט־צושטאַנד האָט אין משך פון דער צייט זיך היפּש פאַרבעסערט פון דעם מעסטל קוקורוזע־מעל און דעם פלעשל מילך וואָס מ׳האָט צוגעטיילט יעדן טאָג. ווען איך האָב זיך אומגעקערט קיין אָדעס האָבן מיינע חברים מיך נישט דערקענט.

אויף די זומער־קאַניקולן פלעג איך פאָרן קיין בעלאָצערקאָוו ווו דער בילדונגס־אָפּטייל פלעג מיר געבן אַרבעט אויף די פּאָר חדשים. מיינע פריינד די קוסטאַרן פלעגן מיך אויפנעמען, ווי אַ טאָכטער וואָלט אַהיים געקומען. זיי האָבן נאָך מיין פאַרלאָזן די שטאָט פאַר אַלע יאָרן נישט גע־קענט געפינען קיין פּאַסיקן פאַרוואַלטער פון זייער קלוב.

*

איך האָב זיך דערוואָרט! נאָך זעקס יאָר אין נויט, הונגער, קעלט, לעבנדיק אין צוזאַמענוווינונג, ווען אַנדערע פּרויען אין מײַן עלטער האָבן שוין זייערע משפּחות — איך האָב דערלעבט! איך האָב פֿאַרענדיקט דעם אינסטיטוט, און באַקומען אַן אַרויסלאָז־דאָקומענט — נישט קיין דיפּלאָם — וואָס גיט מיר די רעכט פֿון אַ לערער פֿון יידישע מיטלשולן.

אין מײַן דאָקומענט איז נאָך געווען אַ פּונקט אַז מען קען מיך אויסנוצן אויך אויף אַדמיניסטראַטיוו־פּעדאַגאָגישער אַרבעט. דאָס הייסט, קאָנקרעט, אַז מען קען מיר אָנטרויען דעם פֿאַרוואַלטער־פּאָסטן פֿון אַ שול. ווײַזט אויס, אַז דאָ האָט כאַסיע, מײַן ליבע, האַרציקע כאַסיע גאַרדאָן צוגעלייגט איר האַנט, ווײַסנדיק אַז ווי אַן אומפּאַרטייִשע וועל איך אַזאַ פּאָסטן נישט פֿאַרדינען.

כאַסיע גאַרדאָן האָט ערלעך געגלויבט אַז סוף כּל סוף וועט מען מיך אַרײַננעמען אין דער פּאַרטיי, ווײַל אומפּאַרטייישע האָבן ניט געקענט ווערן קיין שול־פֿאַרוואַלטער. איך בין געווען אין גרויסן ספק צי מיט מײַן קליינעם באַגאַזש וויסן — וואָס איך האָב פֿאַר די לעריאָרן באַקומען קאָן איך אַפֿילו זײַן נאָר אַ לערערין פֿון געשיכטע.

איצט האָט זיך געשטעלט די פֿראַגע: „וווּהין?” די אַביטוריענטן האָבן געהאַט דאָס רעכט אויסצוקלײַבן די געגנט, ראַיאָן ווו ס'האָבן זיך געפֿונען מיטלשולן, און ווו עס האָבן זיך געפֿאָדערט לערער־קאַדרען.

איינע פֿון די ערטער איז געווען די נישט לאַנג אויפֿגעקומענע יידישע אויטאָנאָמע געגנט — ביראָ־בידזשאַן. האָב איך פֿאַרשפּאַרט אַ סך צו טראַכטן. מיר איז שוין געווען 36 יאָר. אין אַזאַ שפּעטן עלטער האָב איך מיר דערוואָרבן אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכע פּראָפֿעסיע און בין געבליבן עלנט אָן אַ משפּחה, אָן אַ קרוב. די שטעטלעך אין אוקראַינע אָדער ווייסרוסלאַנד מיט זייער אומעט, פּינצטערניש, בלאָטעס האָב איך זייער גוט געקענט. די לאַנדווירטשאַפֿטלעכע קאָלאָניעס זענען מיר געווען דערווידער און ביראָ־בידזשאַן — אַ נײַע געגנט! גרויסע פּערספּעקטיוון! די פּרעסע קריכט אין הימל אַרײַן. אַהין לאָזן זיך אַוועק די בעסטע מענטשן. מען אַגיטירט, מען ווערבירט קאַדרען, איבערהויפּט לערער פֿאַר יענעם קינפֿטיקן גן־עדן, דער אמתער היים פֿאַר יידן.

און אין 1934 מאָביליזיר איך זיך אַליין אַלס לערערין פֿון געשיכטע אין דער יידישער אויטאָנאָמער געגנט — ביראָ־בידזשאַן!

קאַפּיטל פיר

# ביראָ־בידזשאַן

פון אינסטיטוט בין איך אַרויס, ווי מען זאָגט, נאַקעט און באָרוועס. לעבנדיק אין הונגער־צייט פון דער סטיפּענדיע, האָב איך נישט געקענט קלערן פון אַ לייטישן מלבוש. מיין „גאַרדעראָב" איז באַשטאַנען פון איין אָפּגעטראָגענעם קאָסטיום. זעלטן אין מיין לעבן האָב איך מיר באַשטעלט, אָדער געקויפט עפּעס אָנצוטאָן, כאָטש איך האָב תמיד שווער געאַרבעט.

אָבער איצט, ווען איך האָב געדאַרפט פאָרן אויפן ווייטע מזרח, ווו ווינטער איז זייער קאַלט, ווי זשע פאָרט מען עס אַזוי מיט מיין הילוך? און ווי גייט מען אַריין אין אַ שילער־קלאַס מיט אַזאַ נעבעכדיקן אויסזען?

אָבער דאָס קען דאָך קיין מניעה נישט זיין איך זאָל מוזן אָפּזאָגן זיך פון דער נסיעה. ביז אַהין פון אָדעס איז אַ קימא לן פון 12 טויזנט קילאָמעטער. אין 34טן יאָר האָט דער וועג געדויערט קיילעכדיקע צוועלף מעת לעת.

מיר זענען געגוי באַקאַנט געווען די רייזע־באַדינגונגען אין די סאָוועטישע באַנען. אין די אַלגעמיינע וואַגאָנען — ענגשאַפט, שמוץ און אַ שלעכטער ריח. אין אַ פּלאַצקאַרטנעם וואַגאָן האָב איך נישט געהאַט דאָס פאַרגעניגן צו פאָרן. פון אַ קופּע־וואַגאָן אַפילו נישט געטרוימט. אַלע מיינע פריִערדיקע רייזעס וואָס זענען געווען קורצע זענען געווען נישט צום פאַרגלייכן מיט דעם, אין וועלכן איך האָב זיך אַוועקגעלאָזט.

אַרויסקוקנדיק דורך די שויבן האָבן זיך מיר אַנטפּלעקט ברייטע האָריזאָנטן, וווּנדערלעכע רוסישע לאַנדשאַפטן, לאַנדווירטשאַפטלעכע פעלדער, געדיכטע וועלדער, אָן אַ שיעור דערפער מיט ליימענע הייזקעס, אָנצאָליקע וואָקזאַלן. קלענערע און גרעסערע. די באַנען שטעלן זיך אָפּ, די פּאַסאַזשירן לויפן איינקויפן שפּייז. מע קאָן דאָך ניט מיטנעמען מיט זיך שפּייז אויף אַזאַ לאַנגן וועג. די באַנען פירן מיט זיך אויך וואַגאָן־רעסטאָראַנען, נאָר מיט זיי באַנוצן זיך נישט די גרויסע מאַסן מענטשן, וואָס פאָרן דורך טאָג־

טעגלעך אויף דעם דאָזיקן לענגסטן וועג פון דעם לאַנד. מיר פאָרן איבער לאַנגע בריקן אויף די גרעסטע טייכן פון דער מדינה. מיר פאָרן דורך די 54 טונעלן לענג אויס דער אָזערע בייקאַל וואָס זעט אויס ווי אַ ים, דורכן פענצטער זעט מען נישט אירע ברעגן.

פון צענדליקער אַביטוריענטן האָבן זיך געפונען איבער גאָר צוויי בעלנים פאַר ביראָ־בידזשאַן. צום אַרויסלאָז האָט מען די פרישע לערער־קאַדרען צונויפגערופן אויף אַ מיטינג. עס זענען אַרויסגעטראָטן אַדעסער יעווסעקן רופנדיק פרייוויליק צו מאָביליזירן זיך אין דער יידישער אויטאָנאָמער געגנט. מער פון אַלע האָט זיך באַמיט דער ביראָ־בידזשאַנער שליח וועלכער האָט מיט באַגייסטערונג געשילדערט די געגנט, די בויונג, די גלענצנדיקע פערספעקטיוון. ער האָט אַפילו פאַרזיכערט די יונגע מיידלעך־לערערינס מיט חתנים... ווייל עס גייט אַהין די גרויסע איבערוואַנדערונג, און מענער קומען מער ווי פרויען. אָבער געפאָרן זענען מיר פון דער גרויסע מחנה נאָר צוויי.

געפאָרן זענען מיר אין אַ וואַגאָן מיט איבערוואַנדערער. פון אוקראַינע, ווייסרוסלאַנד האָבן איבערגעוואַנדערט גאַנצע משפחות. אין וואַגאָן איז געווען נישט אַזוי ענג ווי טומלדיק פון די קינדער, און שמוציק.

דער גרעסטער טייל פון די איבערוואַנדערער איז געווען פון די אַזוי גערופענע דעקלאַסירטע, לופט־מענטשן, וואָס האָבן זוכנדיק פּרנסה, זיך אַרומגעדרייט אויף דער שוואַרצער בירזשע און געציטערט נישט גע־כאַפּט צו ווערן און געמשפּט פאַר ספּעקולאַציע. עס זענען אויך געווען קוסטאַרן, מייַנע גוט־באַקאַנטע האַרעפּאַשניקעס, וואָס האָבן נישט גע־קענט אויסהאַלטן דעם דרוק פון די פינאַיספּעקטאָרן, און אויך הונגעריקע קאָלווירטניקעס פון כערסאָן און פון קרים. עס איז אויך געפאָרן יידישע יוגנט, וואָס האָט געוואָלט שטודירן, און אין אייראָפּעיִשן טייל פון דעם לאַנד האָבן זיי נישט געקענט אָנקומען אין אַ הויכשול.

די גאַנצע מאַסע איז געפאָרן מיט דער האָפענונג צו געפינען גליק אין דער יידישער אויטאָנאָמער געגנט, יעדער וועט זיך איינאָרדענען לויט זיינע פעיִקייטן און באַרופן, לעבן מענטשלעך, לערנען זייערע קינדער און ווי גלייכבאַרעכטיקטע בירגער פון דעם לאַנד.

געוויינלעך זיץ איך אין באַן אין אַ ווינקל און לייען אַ ביכל אין אַקאָמפּאַנימענט פון די רעדער. אָבער פאַרנדיק אין אַזאַ לאַנגן וועג, דורך נייע רחבותדיקע, מיר אומבאַקאַנטע געגנטן, בין איך געזעסן ביים פענצ־טער, נייגעריק געוואָלט אַריינכאַפּן אין זיך אַל דאָס נייע, וואָס שווימט אונדז אַנטקעגן, שווינדלט פאַרביי דער שויב.

ס׳האָט זיך דעמאָלט געבויט די צווייטע באַן־ליניע. די טראַנס־סיביר־רער, און איך בין איבערראַשט געוואָרן ווען איך האָבן דערזען אַז די בויער פֿון דער צווייטער אייזנבאַן־ליניע, די וויכטיקסטע בויונג אין לאַנד, אָן וועלכער עס וועט נישט מעגלעך זיין צו באַהערשן די שיטער־באַפּעל־קערטע סיביר מיט די רייכע, נאַטירלעכע אוצרות — איך בין איבערראַשט געוואָרן ווען איך האָב געזען אַז די בויער זענען אַרעסטאַנטן. ווען מיר זענען פֿאַרבייגעפֿאָרן אָדער זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ צווישן־סטאַנציע, האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן צו דער באַן און געבעטן מיט אויסגעשטרעקטע הענט, מען זאָל זיי עפּעס אַרויסוואַרפֿן — צום עסן, צום רויכערן, און די וואַך האָט זיי אָפּגעטריבן פֿון די וואַגאָנען. ווער זענען די אַרעסטאַנטן, האָב איך געוואָלט וויסן. פֿאַר די פּאַסאַזשירן איז דאָס נישט געווען קיין סוד. דאָס זענען דאָך יענע פּויערים וועלכע האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט דער קאָלעקטיוויזאַציע. דאָס זענען די גליקלעכע, וועלכע מ׳האָט נישט צעשאָסן, נאָר מ׳האָט זיי באַלוינט מיט גרויסע לאַגער־סראָקן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן ווו אַ גרויסער טייל פֿון זיי וועט מיסתּם אומקומען פֿון הונגער און עבֿודת פּרך ביי די גרויסע סאָציאַליסטישע סטרויקעס, ווי ס׳איז אויך אָ־די צווייטע אייזנבאַן־ליניע.

איידער איך בין אַרויסגעפֿאָרן פֿון אָדעס, האָב איך נישט באַוויזן צו עפּעס אַ לערנביכל כּדי זיך באַקענען מיט דער געאָגראַפֿיע פֿון דער געגנט, מיט אירע אייגנשאַפֿטן. אַז זי הייסט בירָאָ־בידזשאַן לויט די צוויי טייכן, וואָס פֿליסן דורך איר שטח, האָב איך זיך דערוווּסט ערשט אין וועג, און אַז מיט דעם נאָמען האָט מען זי געקרוינט ערשט אין 1928טן יאָר.

ווען מיר וועלן אָנקומען האָט קיינער נישט געקענט זאָגן גענוי. די באַן גייט טאַקע אַרויס לויט דער גראַפֿיק, ווי באַשטימט, נאָר ווען מען וועט אָנקומען — בייטאָג אָדער ביינאַכט, פּינקטלעך צו דער צייט אָדער מיט אַ פֿאַרשפּעטיקונג, האָט מען נישט געקענט וויסן. אויף די לאַנגע שטרעקעס, ווען ס׳האָט נאָך עקזיסטירט איין ליניע, האָט מען געמוזט אָפּוואַרטן שעהענווייז אויף די אויסווייך־שינעס, כּדי דורכצולאָזן אַן אַנטקעגנדיקן שנעלצוג, און דעריבער איז פֿאַרשפּעטיקן געווען אַ נאָרמאַלע זאַך. אָבער אַזוי ווי אויף דער באַן־סטאַנציע אין בירָאָ־בידזשאַן האָט ער זיך פֿאַר־האַלטן נישט מער ווי אַ פֿינף צען מינוט, האָט מען געמוזט זיין גרייט כּדי באַוויזן אויסצושטייגן מיט די בעבעכעס און מיט די קינדער.

צום גליק זענען מיר אָנגעקומען אין דער פֿרי. די אָנפֿירונג פֿון דער געגנט האָט באַגעגנט די איבערוואַנדערער. דער וואָקזאַל האָט זיך נאָך

געבויט. די בויונג איז געווען אַרומגעצוימט מיט אַ הויכן פּאַרקן פון אַלע פיר זייטן מיט די כאַראַקטעריסטישע וואַכטע־טורעמלעך. פון דאַנען האָט מען געקענט דרינגען אַז די בויער פונעם וואָקזאַל זענען אַרעסטאַנטן.

מ׳האָט אונדז אַלע אַריינגעפירט אין איבערוואַנדערונג־פּונקט, נאָענט פונעם וואָקזאַל. די איבערוואַנדערער האָבן זיך געפונען דאָרט ביז וואַנען עס זענען באַשטימט געוואָרן די איבערזידלונגס־ערטער. אָבער אַזוי ווי מיר, די צוויי לערערינס האָבן געוווּסט צו וועמען מיר דאַרפן זיך ווענדן, זענען מיר אַוועק גלייך אינו בילדונגס־אָפּטיילונג פונעם אָרטיקן אויספיר־קאָמיטעט.

ביים איינציקן טיש אין בילדונגס־אָפּטייל איז געזעסן דער פאַרוואַל־טער בנימין גאָלדפיין. ער האָט אויפגעהויבן צו מיר דעם קאָפּ, מיט אַ געוואַלדיק סימפּאַטישן פּנים און מיט אַ ליבלעכן שמייכל אַ פרעג געטאָן אויף יידיש:

— וואָס דאַרפט איר חברטע ?

ווען ער האָט זיך דערוווּסט אַז איך בין די נייע לערערין פאַר גע־שיכטע, האָט זיין סימפּאַטיש פּנים ממש זיך צעלויכטן. איך אָבער בין געוואָרן אומרויִק: וואָס וועט זיין אַז ער וועט איבערלייענען מיין „די־פּלאָם" מיט דער רעקאָמענדאַציע מיך אויסצונוצן אויף אַדמיניסטראַטיוו־פּעדאַגאָגישער אַרבעט ? איך האָב דאָך נישט געוווּסט אַפילו, ווי מען שטעלט צונויף אַ לערנפּלאַן.

ווען ב. גאָלדפיין האָט זיך באַקענט מיט מיין דיפּלאָם, איבערגעלייענט איין מאָל און נאָך אַ מאָל (ער האָט אַ פּנים זיך נישט געגלייבט וואָס פאַר אַ וויכטיקן קאַדער מען האָט אים צוגעשיקט), האָט ער מיך געפרעגט:

— איז ווּהין ווילט איר זיך שטעלן אַרבעטן אין דער יידישער אויטאָנאָמער געגנט ?

ס׳איז מיך מיטאַמאָל באַפאַלן אַ פּחד פאַר דער אַחריות וואָס איך דאַרף נעמען אויף זיך ווי אַ לערערין פון געשיכטע, ווען איך האָב ביי מיינע זיבן און דרייסיק יאָר קיין שום פּעדאַגאָגישע פּראַקטיק נישט געהאַט און איך האָב אים אויפריכטיק דערציילט, ציטערנדיק דערביי דעם זאָג פון אַ פּראָ־פעסאָר, אַז „נאָך פיל יאָר לערנען ווייסט ער זייער קנאַפּ" און אויף מיין פּאַפּירל דאַרף ער קיין סך אַכט נישט לייגן. און איצט אַז ער ווייסט דעם אמת וועגן מיר, ווייסט ער ווּהין און אויף וועלכער אַרבעט מיך צו שיקן...

ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט זיין ליבן שמייכל און געזאָגט פעסט און מיט צופרידנקייט:

— איר, ח׳טע ליפשיץ, וועט אַרבעטן אין דער שטאָט בירא־בידזשאַן אין פּעדאַגאָגישן טעכניקום! דאָרט זענען אונדז נייטיק אַזעלכע אויפריכ־טיקע לערער. זייט רויִק. מיר וועלן אייך העלפן. דער דירעקטאָר ישראל ראַבינאָוויטש, וועלכער אונטעררריכט געשיכטע נאָר אויף רוסיש, וועט אייך קומען צו הילף. פאַר די צוויי יאָר זינט דער טעכניקום עקזיסטירט האָבן מיר נאָך קיין גוטן געשיכטע־לערער אין יידיש נישט געהאַט.

ער האָט מיר געגעבן אַ בריוועלע צום דירעקטאָר, וועלכער האָט מיך געדאַרפט באַזאָרגן מיט אַ וווינונג און מיט אַלעם נייטיקן, און נישט ציִען אין דער לאַנגער באַנק, ווייל ביזן אָנהייב לערניאָר זענען געבליבן עטלע־כע טעג. דערביי האָט מיר גאָלדפּיין געזאָגט אַז אין בירא־בידזשאַן זענען נאָך פאַראַן גרויסע שוועריקייטן. איבערהויפּט שווער איז די וווינונגס־פראַגע אין דער שטאָט בירא־בידזשאַן פאַר די לערער, און זיי ליידן פון קעלט און איך וועל דאַרפן אי מוט אי כוח צו קענען גובר זיין אַלע שווע־ריקייטן...

ווען ישראל ראַבינאָוויטש, דער דירעקטאָר פונעם טעכניקום, האָט אין קליינעם לערער־צימער איבערגעלייענט גאָלדפּיינס פּאַפּירל, האָט ער זיך אַ הייב געטאָן מיט אַזאַ אימפּעט, מיך באַגריסט, שטאַרק דריקנדיק מיין האַנט, מיך באַלד פאַרגעשטעלט פאַר דער פאַרוואַלטערין פון לערן־אָפּטייל, און אַלץ האָט זיך באַקומען אַזוי האַסטיק, אַז איך בין צעטומלט געוואָרן פון דער באַוועגלעכקייט פון דעם דאָזיקן דיקלעכן יונגן מאַן. ווען איך האָב אַרויסגעזאָגט מיינע באַוואָרענישן און מיין חשש, האָט ער געזאָגט:

— חברטע ליפשיץ, נאָר נישט געזאָרגט. פאַרטיקע לערער ווערן נישט געבוירן. אַלע וועלן אייך העלפן. דערווייל אָרדנט זיך איין אין דער צו־זאַמענוווינונג פון די לערער. אין ווין אויך אין זעלבן הויז.

און דאָך האָב איך ניט געקענט קומען צו זיך פון צעטומלעניש און דער אומרויִקייט וואָס האָט מיך באַהערשט. ווען איך האָב זיך מאָביליזירט אַלס לערערין קיין בירא־בידזשאַן, האָב איך נישט געטראַכט, נישט גע־וואַגט אַפילו טרוימען, אַז איך וועל באַלד קענען אָנהייבן אַרבעטן אין אַ טעכניקום, געבן אַ קורס געשיכטע פאַר סטודענטן. איך ווייס דאָך נישט אַפילו ווי אַזוי צוצוטרעטן צו אַזאַ אַרבעט.

לעבן אין אַ צוזאַמענוווינונג איז פאַר מיר קיין נייעס נישט געווען. נאָר אַזאַ צוזאַמענוווינונג מיט אַזאַ מין מענטשן־באַשטאַנד ווי דאָ, איז געווען פאַר מיר אין גאַנצן אומדערוואַרט.

אויפהויבנדיק זיך אויף די טרעפּ וואָס האָבן זיך געפונען אין דרויסן, אַרויף צום צווייטן שטאָק, איז מען אַריינגעפאַלן אין אַ קאָרידאָר. דאָרט

זענען געווען צוויי טירן צו צוויי צימערן. רעכטס — דאָס צימער פון דירעקטאָר מיט זיין פרוי — אויך אַ לערערין, און לינקס — אַ קליין צימער, די צוזאַמענוווינונג. דאָ האָבן געוווינט קאַפּיליעוויטש, דער באַ־גאַבטער לערער פון יידישער שפּראַך און ליטעראַטור. ער איז געווען אַ מענטש אין די פופציקער. פון מינסק. ער איז געקומען דערוויייל אַליין, אָן דער משפחה און וווינט דערוויייל אין דעם צימער, וואַרטנדיק שוין אַ ביסל צו לאַנג אַז ער זאָל קענען ברענגען די משפחה.

אויף אַ בעט אָן עטוואָס ברייטערן לעבט אַ יונג פּאָרל. זיי האָבן זיך באַקענט אויפן וועג קיין בירא־בידזשאַן. ער אַרבעט אין דער צען־יאָריקער שולע, אַ לערער פון מאַטעמאַטיק. זי — אַ סטודענטין אין טעכניקום וווּ איך וועל אַרבעטן אין עטלעכע טעג אַרום. דאָס דריטע בעטל, ביי דער דריטער וואַנט, נאָענט צו דער טיר, איז צוגעגרייט פאַר מיר.

הייסט עס, האָב איך אַ טראַכט געטאָן: אָט דאָ וועל איך מוזן לעבן. זיך גרייטן צו לימודים, קיין מאָל נישט קענען בלייבן אַליין מיט מיינע אומעטיקע טראַכטענישן?

נאָכגעבן די דאָזיקע טראַכטענישן האָב איך נישט געטאָרט. אין עט־לעכע טעג אַרום הייבט זיך דאָך אָן דאָס לערניאָר און איך דאַרף מיך צוגרייטן צו מיין ערשטן לימוד.

צו מיין גליק האָב איך דעם בעסטן און וויכטיקסטן ראַטגעבער ביי דער האַנט — דעם חבר קאַפּילעוויטש, אַ לערער מיט אַ לאַנגיאָריקן סטאַזש און פּעדאַגאָגישער דערפאַרונג. וואָס הייסט צו דער האַנט? — צוויי שפּאַן פון מיר אין שכנותדיקן בעטל, און איך קען זיך ווענדן צו אים צו יעדער צייט נאָך הילף אין די פאַרשידענע פראַגן. נאָר דער עיקר איז — גלויבן אין זיך, אין די אייגענע כוחות.

גלויבן אין די כוחות איז גוט, אָבער אָן וויסן וועט דער גלויבן נישט העלפן. לאָ די מ׳האָט אין אינסטיטוט מער אויפמערקזאַמקייט צוגעטיילט דער פּאַרטיי־געשיכטע ווי וועלט־געשיכטע, זענען דערצו נישט געווען קיין לערנביכער. אויפן צווייטן קורס פון טעכניקום, ווען איך האָב גע־דאַרפט אונטעררייכטן די אוראַלטע געשיכטע פון עגיפּט האָב איך קיין שום מאַטעריאַלן נישט געהאַט צו דער האַנט. וואָס האָב איך געוווסט וועגן עגיפּט, אַ חוץ דאָס אַז דאָרט געפינען זיך די פּיראַמידן און דאָ האָט מיר אַרויסגעהאָלפן קאַפּילעוויטש. ער האָט מיך אָפּגעשיקט אין דער שטאָטישער ביבליאָטעק, וואָס איז נאָך געווען קליין און אָרעם, אָבער די קליינע סאָוועטישע ענציקלאָפּעדיע האָט זיך דאָרט יאָ געפונען און פון איר וועל איך שעפּן דעם נייטיקן מאַטעריאַל.

טעלעכע טעג ביז צום אָנהייב לערניאָר בין איך געזעסן אין ביבליאָ־טעק וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי קליינע צימערלעך און מיך געגרייט צו דעם לימוד.

די גאַנצע לעקציע איז איינגעקריצט אין זכרון. קיין שום פּאַפּירל, קיין שום פאַרצייכענונג. די אָנפירונג פונעם טעכניקום האָט באַמערקט אַז איך בין אַ ביסעלע מיד און אומעטיק, זיי האָבן מיך געמוטיקט און גע־טרייסט אַז יעדער אָנפאַנגער לעבט איבער, פיבערט, נאָר דאָס גייט פאַר־ביי. און הערנדיק זיי האָב איך געטראַכט אַז זיי זענען זיכער געוואָרן לערער אין בעסערע באַדינגונגען, זענען געווען בעסער צוגעגרייט און צום אָנהייב פון זייער פּעדאַגאָגישער קאַריערע זענען זיי זיכער געווען יונגער, ווי איך בין עס אָנהייבנדיק מיין וועג ווי אַ לערער.

אָט קלינגט דאָס גלעקל. מיט אומזיכערע טריט גיי איך אַריין אין קלאַס. דען צווייטער קורס פון טעכניקום. ווער זענען די שילער? אַזעלכע וואָס האָבן שוין פאַרענדיקט אַ מיטלשול, און אַפילו טעלעכע וואָס האָבן שוין געהאַט משפחות, זיי האָט מען געגרייט צו אַ לערער־קאַריערע פאַר די ערשטע פיר קלאַסן פון דער אָרטיקער פאָלקסשול.

איך בין אַריינגעגאַנגען אין קלאַס, באַגריסט די שטייענדיקע תלמידים און בעטנדיק זיי זיך אַוועקזעצן בין איך גלייך צוגעטרעטן צום לימוד. איך בין אַליין פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם וואָס איך האָב פאַר זיי פאָרגע־טראָגן, אַז איך האָב נישט געהערט ווען דאָס גלעקל האָט גערופן צו דער הפסקה. אַ צעטומלטע האָב איך געקוקט ווי די סטודענטן לויפן אַרויס אין קאָרידאָר. גייענדיק צום לערער־צימער האָב איך געזען ווי זיי רינגלען אַרום דעם דירעקטאָר און שרייען צופרידן: גוט, זייער גוט!

ראַבינאָוויטש איז אַריינגעקומען אין לערער־צימער מיט אַ ברייטן שמייכל אויפן גאַנצן קיילעכיקן פּנים זיינעם.

— נו, וואָס האָב איך געזאָגט? אַ לערער דאַרף נאָר זיין גוט צוגע־גרייט און גלויבן אין זיך.

און איך אַליין בין געזעסן אַ צעחושטע און געטראַכט ביי זיך אַז נישט אומזיסט האָב איך אַ צענדליק יאָר געהאָרעוועט, געמאַטערט זיך, געהונ־גערט. היינט האָב איך ערשט אויסגעהאַלטן דעם אמתן עקזאַמען.

נאָר קיין באַדינגונגען האָב איך דערווייל נישט געהאַט, און נישט געוווסט ווען איך וועל זיי האָבן. צו די לימודים האָב איך זיך געגרייט אין ביבליאָטעק. זיך אַרומגעטראָגן שטענדיק מיט אַ טינטערל אין קעשענע. ס'איז געווען שווער מיט דעם געשיכטע־קעגנשטאַנד מיינעם.

איך האָב ביז שפּעט אין אָוונט געאַרבעט אין ביבליאָטעק און דערנאָך, דורך די פינצטערע גאַסן (זיי זיינען נאָך עלעקטריש נישט געווען באַלויכטן) האָב איך אין האַרבסטיקן רעגן, מיט מיינע שלעכטע שיך געשליאָנדערט אין די בלאָטעס אַהיים אין צוזאַמענוווינונג ווען מיינע צימער־שותפים זענען געגאַנגען שלאָפן. איך האָב מיר אָנגעוואַרעמט אויף דער פּליטע אַ ביסל וואַסער, פאַרהאָנגען מיין ווינקל מיט אַ ליילעך און זיך אָרומגעוואַשן.

איין מאָל אויף אַ לערער־פאַרזאַמלונג בין איך אַרויסגעטרעטן און געשילדערט ווי אַזוי איך וואַש מיך, האָט אין אַ טאָג אַרום אונדז באַזוכט אַ קאָמיסיע פון שטאָטראָט. פעסטגעשטעלט אַז איך בין נישט מגזם געווען, האָט די קאָמיסיע אונדז פאַרזיכערט, אַז אין גיכן וועט מען אונדזער וווי־נונגס־פּראָגע לייזן. זאָלן מיר נאָר האָבן געדולד.

האָבן מיר געדולדעט. אַ ברירה האָבן מיר געהאַט? אין דער צייט האָט אין שטאָט זיך געעפנט אַ קורס פאַר העכערן די קוואַליפיקאַציע פון בוכהאַלטערס, עקאָנאָמיסטן פינאַנסיסטן. דער בילדונגס־אָפּטייל, זאָרגנדיק אַז איך זאָל גענוג פאַרדינען פאַר מיין קיום, באַפולמעכטיקט מיך צו פאַר־וואַלטן מיט דעם קורס, און אויך לייענען איינצייטיק געשיכטע פון די פעלקער פון ראַטנפאַרבאַנד. איך האָב מיט צופרידנקייט אָנגענומען די צו־גאָב־אַרבעט, ווייל זי האָט מיר אויך דערמאָגלעכט מיין טעטיקייט אין בעלאָ־צערקאָווער קוסטאַרן־קלוב ווו כ׳האָב אַרויסגעוויזן אי געזעלשאַפטלעכן חוש, אי אָרגאַניזאַטאָרישע פעיקייט, שוין נישט רעדנדיק וועגן דעם מאַ־טעריאַל וועלכן כ׳האָב גוט באַהערשט.

דערווייל ווערט קעלטער מיט יעדן טאָג. מען מוז זיך אָנטאָן וואַרע־מער. איך בין נאָך אַלץ אין מיין איינציקן גראָען קאָסטיומל. איך וואָלט מסתּם פאַרפראָרן געוואָרן ווען די געבילדעטע, איבערגעבענע דער אַר־בעט און שטענדיקע פאַרוואַלטערין פון לערן־אָפּטייל וואָלט מיר נישט אָנגעטאָן איר שובקע. מ׳האָט מיר אויך אַרויסגעגעבן אַ ביסל געלט, אַן אַוואַנס, איך זאָל מיר עפּעס קריגן פון וואַרעמער הלבשה. דאָס קריגן הלבשה איז געווען דעמאָלט איינע פון די שווערסטע פּראָבלעמען.

אין יענע ערשטע וואָכן פון מיין אַרבעט, קום איך איין מאָל אַריין אין לערער־צימער נאָך אַ לימוד, זאָגט מען מיר אַז די יונגע פרוי, וועלכע כ׳האָב געזען זיצן אויף אַ בענקל, אין אַ זייט, פרעגט אויף מיר.

איך בין צוגעגאַנגען צו איר און דערזען אַ מידע, פאַרשלאָפענע, מיט בעטלערישן אויסזען, יונגע פרוי. אויף מיין פראַגע ווער זי איז, האָט זי קוים געענטפערט אַז איך האָב איר איבערגעשיקט אַ בריוו פון איר שוועס־

טער קאַפּלאַן וואָס איך האָב קומענדיק אַהער געבראַכט פון אָדעס. שטייענ־דיק לעם איר האָב איך געשפּירט אַז עס טראָגט זיך פון איר אַ זייער שלעכטער גערוך. וואָס איז מיט איר, האָב איך געטראַכט. איך האָב זי געבעטן אויסוואַרטן ביז איך וועל פאַרענדיקן די לעקציעס, נאָך דעם האָב איך זי גענומען צו זיך אין מיין צוזאַמענוווינונג. איך האָב איר פאָרגע־לייגט אויסטאָן דעם מאַנטל און זיך אָוועקזעצן, אָבער זי איז געבליבן אין דעם ווינטער־היטל. איך קוק זיך צו; וואָס זע איך? גאָט מיינער, פון איר שיטן זיך ממש לייז... אַ דראָזש האָט דורכגענומען מיין לייב. איך בין געוואָרן צעטומלט. וואָס טו איך מיט איר? זי טאָר קיין רגע נישט בלייבן אין דעם צימער. נאָר וווהין גייט מען מיט איר? אַרויסטרייבן זי? ווי מעג איך עס טאָן? איך גיי אַרויס מיט איר אויף דער גאַס און אויפן וועג צום וואָקזאַל וועל איך זיך דערוויסן פאַר וואָס זי איז אין אַזאַ אומגליקלעכן צושטאַנד? און וואָס וויל זי פון מיר?.

ווען איך בין געפאָרן קיין בּיראָ־בּידזשאַן האָט די פרוי קאַפּלאַן פון מאַטעמאַטישן פאַקולטעט מיך געבעטן איר טאָן אַ געפעליקייט און מיט־נעמען אַ בריוו פאַר איר שוועסטער. איצטער גייט זי, די שוועסטער אירע, ביי מיין זייט — אַ פאַרשטונקענע, פאַרלייזיקטע, הונגעריקע און צו דעם אַלעמען, דאַכט זיך, אויך שיכורלעך.

וואָס פאַר אַ טראַגעדיע איז געשען, וואָס זי האָט זיך אַזוי אַראָפּ־געלאָזט?

האָט זי דערציילט:

צוריק מיט אַ פּאָר יאָר האָט זי איבערגעוואַנדערט אַהער. אין בּיראָ האָט זי געאַרבעט אויף פאַרשיידענע ערטער. מ׳האָט זי פון דער אַרבעט אָפּגעזאָגט. אין בּיראָ האָט זי קיין וווינונג נישט געהאַט און קיין געלט אויך נישט. האָט זי זיך געבעטן ביי אַ שאָפער פון אַ לאַסט־מאַשין ער זאָל זי מיטנעמען אין שטאָט. זיצנדיק אויף דער אָפענער מאַשין האָט זיך איר פאַרדרייט דער קאָפּ, זי האָט געבראָכן און זיך אויסגעשמירט די קליידער, און צו מיר איז זי געקומען איך זאָל איר העלפן קריגן אַרבעט.

אירע רייד האָבן זיך עפּעס נישט געקלעפּט. כ׳האָב געפילט אַז די פרוי ליַיגט און — איך האָב איר געזאָגט אַז איך וועל גיין אויף איינער פון די ערטער ווו זי האָט געאַרבעט, בעטן פאַר איר... ווו איז עס? זי האָט מיך געפירט אין אַ קלייט ווו זי האָט געאַרבעט אַלס אויפראַמערין. אָבער ווי נאָר די פאַרוואַלטערין האָט זי דערזען, האָט זי אַ געשריי געטאָן: וואָס? דו ביסט שוין ווידער דאָ? און ביי דער פאַרוואַלטערין האָב איך

מיך דערוווּסט אַז אַרבעטנדיק אין קלייט פּלעג זי גנבֿענען, אַז זי איז אַ טרינקערין א.אַז״וו...

ווי אַזוי ווערט מען פּטור פון דעם אַנטשעפעניש? לייג איך איר פאָר זי זאָל זיך גאָר אפשר אומקערן צו איר משפּחה, אין אוקראַינע... ווייל דאָ וועט זי אין גאַנצן פאַרפאַלן ווערן.

— יאָ, זי וויל, אָבער זי האָט דאָך נישט קיין געלט, האָט זי זיך צע־וויינט מיט ביטערע טרערן...

איך בין אַריין מיט איר אין וואָקזאַל, אַוועקגעשטעלט זי אין דער ריי ביי דער בילעטן־קאַסע (מ׳האָט דאָך געוואַרט שעהענלאַנג כדי צו קריגן אַ בילעט) און אַליין בין איך אַוועק איר ברענגען עסן און געלט, מיין אָפּ־געשפּאָרט ביסל געלט אויף באַקליידונג. כ׳האָב איר געבראַכט דריי הונ־דערט רובל, עסן און מיין איינציקן גראָוון קאָסטיום. איך האָב זי אַריינ־געזעצט אין וואַגאָן און אַ מידע פון אַרומלויפן, אַ הונגעריקע, נאָר באַ־רויִקטע זיך דערשלעפּט אין צוזאַמענוווינונג.

מאָרגן, ווען מיין פאַרוואַלטערין האָט מיך געפרעגט וועגן דער פרוי און איך האָב איר אַלץ דערציילט, איז זי געוואָרן אויסער זיך. זי האָט אַפילו געשריגן:

— ווי אַזוי האָט איר זיך געקענט דערלויבן טאָן אַזאַ מין זאַך? אָפּ־געבן אייער פאַרהאָרעוועט געלט עפּעס אַ פּאַראַזיטקע? אַזעלכע וועט איר געפינען אַ סך און פאַר אייער גוט האַרץ וועלן נישט קלעקן די פאַר־דינסטן...

אין אַ צייט אַרום האָב איך באַקומען אַ בריוו פון איר שוועסטער, די מאַטעמאַטיקערין. זי האָט מיר געדאַנקט וואָס כ׳האָב געראַטעוועט זי פון אַ זיכערן אומקום. און ראַטעווענדיק זי האָב איך געראַטעוועט צוויי נפשות, ווייל די שוועסטער שוואַנגערט...

אין דער צייט ווען כ׳האָב געלעבט אין דער צוזאַמענוווינונג האָב איך געהאַט אויך אַ ליבן און געאַרטן גאַסט. דאָס איז געווען הערש סמאָ־ליאַר. הערש איז דעמאָלט געקומען ווי אַ דעלעגאַט פון פוילן אויפן ערשטן בירא־בידזשאַנער ראַטן־צוזאַמענפאָר. געסט זענען זיך צונויפגעפאָרן פון אַלע עקן. אויך פון אויסלאַנד. מיט מיין סמאָליאַרן, וועמען כ׳האָב זיך נישט געזען די גאַנצע צייט פון זינט איך בין געקומען אין ראַטנפאַרבאַנד האָב איך מיך שטאַרק דערפרייט. מיך האָט נאָר פאַרדראָסן, וואָס איך קען אים נישט אויפנעמען ווי געהעריק. הערש סמאָליאַרס קומען צו מיר האָט מיר פאַרשאַפט נחת־רוח אויך מיט דעם וואָס ער האָט מיך באַקאַנט מיט יידישע שרייבער, געסט אויף דעם צוזאַמענפאָר. ביז דעמאָלט האָב איך

געהאַט דאָס גליק צו זען און הערן דעם דיכטער פּרץ מאַרקיש און בערגעלסאָנען. איצט האָט סמאָליאַר מיך באַקענט מיט איזי כאַריק פון וועמעס לידער און פּאָעמעס איך בין אַזוי שטאַרק פאַרכאַפּט געוואָרן. אַלס סטודענטין האָב איך דאָך אָנגעשריבן אַן אַרבעט וועגן זיין פּאָעמע „מיט לייב און לעבן" און אונדזער ליבער לעקטאָר גרינבערג האָט זי אָפּגע־שאַצט ווי די בעסטע פון אַלע סטודענטישע אַרבעטן. כ'האָב מיין אָפּ־האַנדלונג פאַרענדיקט מיט פאַרוווּנדערונג און מיט אַ טענה פאַר וואָס ער האָט דערפירט די יונגע לערערין צו זעלבסטמאָרד, און אָט איז דער פּאָעט געזעסן אַנטקעגן מיר, אַ שיינער, מיט אַ קאָפּ געקרויזטע האָר, און איך האָב אין דמיון אים געזאָגט: „קוק, פּאָעט, אָט שטייט פאַר דיר אַ נייע לערערין, וואָס איז געקומען אין וויטן בירא־בידזשאַן אַרבעטן, וואָס איז אויך איבערגעגעבן דער אַרבעט „מיט לייב און לעבן", און נישט קוקנדיק אויף די אומגעהייערע שוועריקייטן, איז זי פול מיט האָפענונג און גלויבן אין איר זאַך און אין דער צוקונפט"...

מיין האָפענונג איז מקוים געוואָרן. כ'האָב באַקומען אַ דירהלע און אויף דער סאַמע הויפּטגאַס פון דער שטאָט. אַליין, איינינקע אַליין, אַ צי־מערל אין איינער פון די נייע צווייִשטאָקיקע הילצערנע הייזער, מיט אַ בשותּפותדיקער קיך. אויף דעם צווייטן שטאָק בשכנות מיט מיר האָבן געוווינט נאָך צוויי משפּחות. איין צימער האָט געדאַרפט דינען ווי אַ טואַ־לעט פון דער אַלגעמיינער דירה, נאָר צוליב דעם גרויסן מאַנגל אין וווי־נונגען האָט מען די טואַלעט־ערטער פאַרוואַנדלט אין דירהלעך פאַר איינצלנע.

איך בין געווען גליקלעך. אַליין. אַ קליין צימערל, אָבער אַליין. איך וועל קיינעם נישט שטערן, און קיינער וועט נישט שטערן מיר. איך וועל זיצן און לערנען וויפל איך וועל וועלן. אויס גאַרקיכן. אין קיכל וועל איך זיך צוגרייטן עסן לויט מיין געשמאַק. אַליין, אָן קיינעמס הילף, האָב איך אויסגעקלעפּט די ווענט מיט טאַפּעטן־פּאַפּיר. כ'האָב מיך אָנגעהאָרעוועט, אָבער ס'איז מיר געווען ליב. כ'האָב איינגעהאַנדלט ביכער. צו מיר האָבן אָנגעהויבן קומען באַקאַנטע. דער בוכהאַלטער קויפּמאַן, דער מוזיקער ראַדיאַנסקי, דירעגענט אין בירא־בידזשאַנער טעאַטער און אויך אַנדערע, וואָס זענען געקומען קיין בירא־בידזשאַן אָן די משפּחות — צו ערשט אויסקוקן, ווי אַזוי וועט זיין מיט אַרבעט און מיט אַ וווינונג. אַ סך זענען געקומען אַהער נישט צוליב אידעאַליזם. געצויגן האָבן זיי די פּריווילעגיעס, וואָס זענען געגעבן געוואָרן צוליב דער ווייטקייט פון צענטער, די אויס־

זיכטן פון „לאַנגן רובל״. נאָך אַ קורצער צייט, זעענדיק אַז מען קען דאָ נישט מאַכן קיין קאַריערע, האָט מען גענומען דאָס פּעקל און מ׳איז אַוועק קיין כאַבאַראָווסק, אָדער אין אַנדערע שטעט פון ווייטן מזרח.

איינזאַמע מענער, איז זיי געווען אומעטיק אָן די משפּחות און איך האָב זיי אימפּאָנירט. אַ יונגע פרוי, איינע אַליין, אַן אינטערעסאַנטע, מיט וועמען מען קען פאַרברענגען שמועסנדיק וועגן אַלץ, און ביי וועמען ס׳איז אַנגענעם, היימלעך און עפּעס משפּחהדיק...

איך בין געווען צופרידן פון די באַקאַנטשאַפטן. אויך ביי מיר זענען דאָך געווען אומעטיקע צייטן. איך האָב געבענקט נאָך אַ מענער־געזעל־שאַפט. מיין קליינינק צימערל האָט דאָך נישט געקענט זיין אַ קלויסטער־צעל פון אַ מאַנאַכין. דערביי האָב איך מיר נישט געמאַכט קיין שום אי־לוזיעס. איך האָב ניכטער געוווּסט אַז מיין צייט פאַר פרויען־גליק איז שוין אַוועק. קיין פאַמיליע־לעבן וועל איך שוין נישט האָבן.

ס׳האָט זיך פאַרענדיקט דאָס ערשטע לערניאָר. די סטודענטן האָבן זיך געגרייט צום עקזאַמען. באַווייזנדיק אַז זיי זענען גוטע שילער, האָבן זיי פאַר דער אויטאָריטעטער קאָמיסיע, וואָס איז געזעסן בעת די עקזאַמענס, געדאַרפט דערווייזן אויך מיין קוואַליטעט פון אַ לערער.

צום עקזאַמען וואָס איז פאָרגעקומען אין אַ זוניקן, וואַרעמען בייטאָג, בין איך געקומען אין טעכניקום אין אַ נייעם, ווייסן קאָסטיום מיט עלע־גאַנטע טופל (איך האָב שוין געהאַט מיטלען צו מאַכן זיך מלבושים). מיינע סטודענטן האָבן מיך באַגעגנט פריילעך. זיי האָבן געגלויבט אין זייער הצלחה, געווען זיכער אין זיך, אַז זיי באַהערשן גוט דעם מאַטעריאַל. נאָר מיר האָט געטיאָכקעט אין האַרץ ווען איך האָב דערזען דעם באַשטאַנד פון דער קאָמיסיע.

אין שפּיץ פון דער קאָמיסיע איז געווען דער רעדאַקטאָר הענעך קאַ־זאַקעוויטש. אָט דעם קלוגן באַגאַבטן און געלערנטן מאַן האָב איך ביז דע־מאָלט פערזענלעך נישט געקענט. יאָ, געקענט האָב איך דעם זון, דעם פּאָעט, וואָס האָט פון דער ערשטער באַקאַנטשאַפט מיט אים, געמאַכט אויף מיר אַ מיאוסן איינדרוק. דאָס איז געווען אויף אַן אויפנעם פון לערערס. ער האָט אין יענעם אָוונט צופיל בראָנפן געטרונקען און אַ שיכורער זיך געוואַלגערט אויפן דיל.

די סטודענטן האָבן זייער גוט געענטפערט אויף אַלע פראַגן. איך האָב פון אַ זייט מיך צוגעקוקט ווי אַזוי רעאַגירט די קאָמיסיע און מורא געהאַט פאַר צוגאָב־פראַגן, וואָס קענען זיי צעטומלען. נאָר קאַזאַקעוויטש האָט גע־שטעלט פראַגן וואָס קערן זיך גאָרנישט ניט אָן מיט די לימודים. ער האָט

געוואַלט וויסן ביי יעדן סטודענט פון וואַנען ער שטאַמט, פון וועלכער געגנט, פון וועלכן שטעטל. צי זיי זענען געקומען אַליין, צי מיט זייער גאַנצער משפּחה? דערביי האָט ער זייער ברייט געשמייכלט, אייניקע גע־קלאַפּט אין פּלייצע דערמוטיקנדיק.

ווען נאָך די עקזאַמענס איז די קאָמיסיע אַריין אין לערנצימער זיך טיילן מיט זייערע איינדרוקן, האָט מיין פריינד קויפמאַן געפרעגט ביי קאַזאַקעוויטשן ווי אַזוי ער געפינט דעם קורס פאַר געשיכטע?

— אָ, האָט ער געענטפערט — די סטודענטן קענען אויסגעצייכנט דעם מאַטעריאַל. און וואָס איז דער וווּנדער? ביי זיי אונטעררריכט דאָך אַ לערער מיט אַ לאַנגן פּעדאַגאָגישן סטאַזש...

קויפמאַן האָט אים איינגערוימט, אַז דאָס איז מיין ערשט לערניאָר.

— וואָס רעדט איר? — האָט ער מיט פאַרווּנדערונג אויסגעשריגן — ראַבינאָוויטש, גיב איר אַ פּרעמיע. זי האָט פאַרדינט!

מיין דערפאָלג אויף די עקזאַמענס איז באַוווּסט געוואָרן אין שטאָט און צו מיר איז געקומען דער חבר גאַלאַך, אַ מיטאַרבעטער פון דער אָרטיקער צייטונג אויף אַן אינטערוויו. די צייטונג האָט געוואָלט וויסן אַלצ־דינג וועגן מיר, און באַזונדערס האָט דעם זשורנאַליסט אינטערעסירט צי בין איך צופרידן מיט מיין קומען קיין ביראָ־בידזשאַן.

איך האָב אים געענטפערט אויפריכטיק ווי אַ מענטש וואָס זאָגט שטענ־דיק דאָס וואָס ער טראַכט:

— מיר איז אויסגעקומען לעבן אין אַ סך ערטער אין די פאַרשידנסטע באַדינגונגען, נאָר אין ערגעץ האָב איך זיך נישט געפילט ווי ביי זיך אין דער היים, ווי דאָ אין דער יידישער געגנט.

אין דער אָרטיקער צייטונג איז געקומען אַן אַרטיקל פון ח. גאַלאַך מיטן טיטל: „לעבעדיקע געשיכטע", אין וועלכן מיין לערער־אַרבעט ווערט הויך אָפּגעשאַצט. און אין קומענדיקן לערניאָר האָט מען מיך אָנגעלאָדן מיט אַזוי פיל אַרבעט, אַז מיר איז שוין נישט באַקומען דער דערפאָלג. אין די ניי־געשאַפענע צוויי טעכניקומס — דעם מעדיצינישן און מעטאַלור־גישן, ווי אויך אין דער יידישער שול, האָב איך באַקומען שעהען פון גע־שיכטע אין די עלטערע קלאַסן. מיר איז אויסגעקומען פּשוט צו האָרעווען און אין דער פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע האָט מען מיך געמוסרט הלמאַי איך וויל מיך אָפּטרייסלען. איך דאַרף דאָך זיין צופרידן; אַן אומפּאַרטייִישע, וואָס מען פאַרטרויט איר לייענען געשיכטע, — דאָס איז אַ זכות. און דרך אַגב: ווי קומט עס וואָס איך בין נישט אין דער פּאַרטיי? ווייל אַ לערער פון געשיכטע דאַרף אומבאַדינגט זיין אַ פאַרטיי־מאַן. ער האָט מיך געעצהט

ווידער אָנהייבן מיינע באַמיונגען אין דער ריכטונג. כאָטש מיר איז דאָס געווען דערווידער — צי דען כדי צו אַרבעטן שווער, געטריי, „מיט לייב און לעבן", מוז מען אומבאַדינגט האָבן דעם פּאַרטיי־בילעט?

אויב אין פּעדאַגאָגישן טעכניקום און אין שולע איז מיר געווען אָנ־גענעם די אַרבעט און מיט די שילער האָב איך מיך אַפילו געחברט, בין איך אין מעטאַלורגישן טעכניקום געשטעלט געוואָרן פאַר פּראָבלעמען פון קוליגאַניזם און אומדיסציפּלין וואָס האָט מיך זייער געערגערט. עס זענען געווען שילער וואָס האָבן געשטערט די לימודים. זיי האָבן געטומלט, אַפילו זיך צעשלאָגן צווישן זיך און ס'איז מיר געווען שווער צו באַהערשן דעם קלאַס. אָבער איך האָב זיך נישט איבערגעשראָקן פאַר דער דערשיינונג. כ'האָב זיך געגרייט זי גובר צו זיין. און פאַרגעקומען איז דאָס נישט נאָר ביי מיר. אויך ביי די אַנדערע לערער האָבן די הפקר־חברה זיך געפירט אויף דעם זעלבן אופן.

ווען איך בין צום ערשטן מאָל אַריינגעקומען אין קלאַס און זיי האָבן מיך נישט ווירדיק אויפגענומען, האָב איך זיי פּשוט אַ פּאָר רגעס אָנגעקוקט מיט פאַרוואורף און ביטול און אָן אַ זייט־געזונט האָב איך פאַרלאָזט דעם קלאַס. דער דירעקטאָר האָט מיר דערקלערט אַז זייער בונטאַרישע אויפפי־רונג איז אַ מין פּראָטעסט נישט קעגן די לערער, נאָר קעגן זייערע שווערע לעבנס־באַדינגונגען. דער גרעסטער טייל יוגנטלעכע אין דעם דאָזיקן טעכ־ניקום האָבן זיך ווערבירט פון די פאַרוואָרלאָזטע. זיי האָבן זיך פאַרמירט אין די הונגער־יאָרן. און אין בירא־בידזשאַן איז נאָך די לאַגע אַזאַ, אַז מען קען נישט באַפרידיקן זייערע עלעמענטאַרסטע באַדערפעניש. אין צוזאַמענ־וווינונג און אין שול־בנין איז קאַלט. די דערנערונג איז בצימצום און אויך אַ שלעכטע — הונגעריקערהייט לערנט זיך נישט. מען דאַרף טאָן אַלצדינג זיי זאָלן זיך נישט פונאַנדערלויפן פונעם טעכניקום און נישט פאַרוואָרלאָזט ווערן ווידער.

אין משך פון מיין צווייטן יאָר געפינען זיך אין בירא־בידזשאַן איז פאַרגעקומען אַ געשעעניש פון גרויסער וויכטיקייט. צווישן די געזעל־שאַפטלעכע טוער פון פאַרשידענע געגנטן אין לאַנד איז אָנגעקומען קיין בירא־בידזשאַן די קיעווער גרופּע אין שפּיץ מיטן פּראָפעסאָר ליבערבערג. ער איז געווען דער גרינדער און פירער פונעם קיעווער יידישן אינסטיטוט פאַר יידישער קולטור. דאָס איז געווען אַ ביז גאָר וואַגיקער כוח און ער איז אויך געוואָרן דער פאַרזיצער פון אויספיר־קאָמיטעט פון דער געגנט.

איך האָב געהאַט דאָס גליק אים הערן. זיין ערשטע אַרויסטרעטונג איז פאָרגעקומען אויף אַ גרויסער פאַרזאַמלונג פון לערער און סטודענטן אין דער געביידע פון פעדאַגאָגישן טעכניקום. די טעמע פון זיין רעדע? — די פלענער און פערספעקטיוון פון דער געגנט־בויונג. זיין רעדע האָט ער אילוסטרירט מיט אַ מאַפּע פון אַלע בויונגען, וואָס וועלן זיך ערשט אָנהייבן און ווי אַזוי ביראָ־בידזשאַן וועט אויסזען אין דער נאָענטער צוקונפט. ער האָט קריטיקירט די ערשטע פלענער זייט דער אָנטשטייונג פון דער געגנט און דער עיקר דאָס וואָס דאָס אָרט פון דער הויפּטשטאָט פון דער געגנט איז אויסגעקליבן געוואָרן שלעכט, ווייל אויף דעם אָרט פעלט פלאַץ פאַר דער אויסברייטערונג און צעשפּרייטונג פאַר אַ גרויסער שטאָט מיט אַ גרויסער באַפעלקערונג.

ליבערבערג האָט געמאַכט אַן איינדרוק מיט זיין אויסזען. ער איז געווען אימפּאָזאַנט. אַ הויכער, שיינער, פעסט־געבויטער מאַן. מיט זיין רעדע האָט ער אַלעמען באַגייסטערט, אָנגעצונדן, אַז יעדער פון אונדז איז געווען גרייט אויסצושטיין אַלע שוועריקייטן וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער בויונג. מיר זענען נישט נאָר גרייט געווען העלפן, נאָר גליקלעך וואָס מיר געפינען זיך אין דער געגנט און זענען אַקטיווע אָנטיילנעמער אין דער זאַך פון גרויסער באַדייטונג. איין מאָל קומט צו מיר דער לערער ראָזען מיט דער בשורה אַז מיט דער קיעווער גרופּע איז געקומען אויך זאַבלודאָווסקי און אַז ער וועט אַרבעטן אין געגנטלעכן אויספיר־קאָמיטעט. דאָס האַרץ האָט מיר אַ טיאָכקע געטאָן. עס זענען שוין אַוועק פינף יאָר ווי מיר זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען. פאַר די יאָרן האָבן מיר קיין מאָל זיך נישט צו־זאַמענגעטראָפן. איך האָב אָבער גוט געדענקט דעם אומוועדיקן אופן פון אונדזער צעשיידונג... „ער וויל זיין אַליין", האָט ער מיר דעמאָלט געשריבן, ווען אַן אַנאָנימע קאָרעספּאָנדענטין האָט מיר געשריבן אַז ער האָט שוין חתונה געהאַט אין אומאַן ווו ער האָט זיך דעמאָלט געפונען און אַז ער זיצט אויף אַ דאַטשע. אונטערן איינדרוק פון דער אַנאָנימער ידיעה האָב איך אים דעמאָלט אָנגעשריבן אַז אויב איך וועל אים ווען עס איז באַגע־גענען, וועל איך אים אַ שפּיי טאָן אין זיין פאַלשן פּנים.

און אָט, נאָך פינף יאָר האָט ער זיך באַוויזן, און מיין צוזאָג וועל איך זיכער נישט אויספילן. דער כעס און פאַרדראָס זענען שוין אָפּגעגאַנגען. ווי אַזוי זשע וועל איך מיך פילן ווען איך וועל אים טרעפן ?...

איין מאָל האָב איך פון דערווייטנס אים געזען אין פאָיע פון טעאַטער, אַ צווייט מאָל, אין דער פרי ווען איך בין געגאַנגען צו דער אַרבעט, איז

ער מיר אַנטקעגן געקומען אויפן שמאָלן טראָטואַר. פּנים אל פּנים. אַן אויס־געפּוצטע, אַ זיכערע אין זיך, אַ פרייע און אומאָפּהענגיקע פרוי, האָב איך אין זיין זייט אַפילו נישט אַ קוק געטאָן.

דאָס פאַרענדיקן די צווייטע און לענגסטע אייזנבאַן־ליניע, וואָס פאַר־בינדט דעם אייראָפּעיִשן טייל פון לאַנד מיטן ווייטן מזרח, האָט אויפגערו־דערט די גאַנצע ביראָ־בידזשאַנער געזעלשאַפט.

ווי גרויס סאיז געווען די געשעעניש און די באַדייטונג וואָס מ׳האָט געגעבן דעם פאַקט, איז דאָס וואָס צו דעם סיום פון דער בויונג און דער פייערלעכער דערעפענונג פון דער ליניע איז געקומען בכבודו ובעצמו דער פאַרקער־מיניסטער קאַגאַנאָוויטש.

ווען דער אָנפירונג פון ביראָ־בידזשאַן איז באַוווּסט געוואָרן אַז קאַגאַ־נאָוויטש וועט דורכפאָרן דורך דער יידישער געגנט, האָט מען זיך געגרייט צו אַ פייערלעכן קבלת פּנים. ווען די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים נאָרוואָס פאַרענדיקטן שיינעם און גרויסן וואָקזאַל און ער איז אַרויס פונעם וואַגאָן האָבן הונדערטער מענטשן אים באַגעגנט מיט מוזיק און באַגייס־טערטע געשרייען. די אָנפירונג האָט אים איינגעלאַדן אויף אַ געגנטלעכער פאַרטיי־פאַרזאַמלונג. און וואָס ער האָט געזאָגט איז נאָך דעם באַוווּסט געוואָרן דער גאַנצער שטאָט. מיין דירעקטאָר האָט מיר דערציילט אַז ער האָט זייער געלויבט דאָס פאַרווירקלעכטע ווערק און דאָס וואָס ס׳איז שוין אויפגעטאָן אין דער בויונג פון דער געגנט. אָבער... ער האָט אויך קרי־טיקירט דאָס וואָס ביים אַריינפאָר פילט מען נישט, אַז מען איז אַריינגע־פאָרן אין אַ יידישער געגנט.

„ווען איך בין צוגעפאָרן צו דער סטאַנציע אָבלוטשע האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז אַט־אָט וועל איך דערפילן דעם געשמאַקן ריח פון געפילטע יידישע פיש. צום באַדויערן האָב איך אין בופעט פונעם וואָקזאַל קיין גע־פילטע פיש נישט געפונען״.

דערביי האָט ער אונטערגעשטראָכן, אַז ווען מען פאָרט פאַרביי גרוזיע, למשל, „דערלאַנגט אייך באַלד אין דער נאָז דער שאַרפער און געשמאַקער ריח פון שאַשליק״.

די ביראָ־בידזשאַנער קאָמוניסטן האָבן, פאַרקערט, זיך באַמיט אויסצו־ראָטן אַלץ וואָס איז ליב געווען דער יידישער באַפעלקערונג, אויסצוואָרצ־לען די אַלטע געוווינהייטן, דעם שטייגער, די מינהגים. אָבער נאָך קאַגאַנאָ־וויטשעס באַמערקונגען האָט מען זיך אַ נעם געטאָן פלייסיק... צו יידישע מאכלים.

פאַרענדיקנדיק דאָס צווייטע לערניאָר האָט דער בילדונגס־אָפּטייל מיך געשיקט קיין כאַבאַראָווסק אויף קורסן פון העכערן די קוואַליפיקאַציע. צוויי וואָכן האָב איך פאַרבראַכט אין כאַבאַראָווסק, דער גרויסער שטאָט אויפן ווייטן מזרח,ביים טייך אַמור.

די איינציקע פרייד וואָס איך האָב דאָרט איבערגעלעבט איז געווען צו טרעפן זיך מיט מיין גוטן באַקאַנטן, מיין חבר ברוך הובערמאַן. צוועלף יאָר זענען פאַרביי פון יענעם טאָג ווען ער האָט מיך באַגלייט צו דער גרענעץ און מיך פאַרבונדן מיט די שמוגלער, וועלכע האָבן מיר געהאָלפן פאַרלאָזן פוילן. פון דעמאָלט אָן האָב איך אים נישט געזען. ברוך איז אויך געווען פון די פאַרטיי־מאָביליזירטע אין דער יידישער אויטאָנאָמער געגנט. דאָ האָט ער געאַרבעט נאָר אַ קורצע צייט, איידער איך בין אַהער געקו־מען, און ער איז אַריבערגעוואָרפן געוואָרן קיין כאַבאַראָווסק אַלס פאַרוואַל־טער פון בילדונגס־אָפּטייל פון גאַנצן ווייט־מזרחדיקן קאַנט. דאָס האָט באַטייט אַז אים איז אָנגעטרויט געוואָרן אַ גרויסער פֿאַראַנטוואָרטלעכער אַמט. אין כאַבאַראָווסק האָט ער געלעבט מיט זיין קליינעם הויזגעזינד — אַ פרוי און אַ קליין קינד. זיין פרוי האָב איך אויך געקענט פון וואַרשע. איך בין געווען שטאַרק צופרידן פון דער באַגעגעניש. צום ערשטן מאָל האָב איך אין ראַטנפאַרבאַנד מיך געטראָפן מיט וואַרשעווער חברים.

דעפאָר האָב איך קיין נחת נישט געהאַט פון די קורסן אויף וועלכע מ׳האָט מיך געשיקט. די קורסן האָבן זיך געפירט אין דער רוסישער שפּראַך. כאָטש איך האָב דאָס לשון שוין געקענט, אָבער נישט אין אַזאַ מאָס איך זאָל קענען אַרויסטרעטן, רעדן. אומעטום פלעג איך אַרויסטרעטן אויף יידיש און פאַר די נישט פאַרשטייענדיקע פלעגט מען מיין וואָרט איבערזעצן. אָבער דאָ, אויף די קורסן, האָב איך אויף יידיש אַרויסטרעטן נישט געקענט. בין איך געווען נאָר אַ צוהערערין. די לאַגע האָט זיך פאַר מיר פאַרוואַנדלט אין אַ פּראָבלעם ביי מיין צוריקקער.

כ׳האָב געדאַרפט באַריכטן וועגן די קורסן אויף אַ לערער־סעמינאַר אויף וועלכן עס זענען זיך צונויפגעפאָרן לערערס פון דער גאַנצער געגנט, און איך האָב עס זעלבסטפאַרשטענדלעך געטאָן אויף יידיש. נאָך דעם סעמינאַר האָט מען מיך אַרויסגערופן אין בילדונגס־אָפּטייל. אין אַ באַזונדערן קאַבי־נעט האָט אַ מיטאַרבעטער געהאַט מיט מיר אַ שטרענגן שמועס, אונטער פיר אויגן, אַז ווי אַ לערער מוז איך קענען רוסיש — די מדינה־שפּראַך. ער האָט דעם שמועס מיט מיר פאַרענדיקט מיט אַ וואַרענונג: ווי אַמשנעלסטן ליקווידירן דעם בלויז, ווייל אין קעגנפאַל ריזיקיר איך צו פאַרלירן די לערער־רעכט...

אַט די וואָרענונג איז מיר געווען ווי אַ מעסער אין האַרצן. איך האָב פריער קיין מאָל נישט געקלערט, און ס'האָט עס מיר קיינער נישט געזאָגט, אַז מיין נישט קענען רוסיש קען זיין אַ שטערונג אין מיין אַרבעט. אַז איך קען צוליב דעם פאַרלירן מיין אַרבעט — און ווו?... אין דער יידישער אויטאָנאָמער געגנט, ווו מיין אונטערריכט־שפּראַך איז יידיש. אויב אַזוי האָב איך זיך געפרעגט, צוליב וואָס זענען פאַראַן ספּעציעלע אינסטיטוטן ווו מען גרייט קאַדרען פאַר נאַציאָנאַלע מינדערהייטן?

נישט קוקנדיק דערויף האָב איך פאַר מיין גוטער אַרבעט באַקומען אַ פּוטיאָווקע אין אַן אָפּרוהויז נאָענט פונעם אָכאָטישן ים. פון דאָרטן פלעגן מיר אָפּט זיך אַריינכאַפּן קיין וולאַדיוואָסטאָק. און איך בין צופרידן געווען מיטן אָפּרוהויז וואָס האָט מיר דערמאָנט אַדעס, ווו איך בין געווען שטענדיק הונגעריק און דאָ גיט מען מיר אַ מעגלעכקייט קומען צו די כוחות פאַר מיין ווייטערדיקער אַרבעט.

איך געדענק דעם ערשטן אַרויסלאָז פון פּעדאַגאָגישן טעכניקום ווען צו דער געשעעניש איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ גרויסער יום־טוב מיט געדעקטע טישן, מיט געקאָכטע מאכלים, מיט געפילטע פיש, וואָס צו־גרייטן זיי איז געווען מיין אויפגאַבע, אַזוי ווי צו זאָרגן פאַר דער גוטער צוגרייטונג פונעם גאַנצן יום־טוב. ווען די סטודענטן זענען אַריין אין זאַל און דערזען די שיין־סערווירטע טישן מיט די אָנגעשטעלטע מאכלים האָבן זיי, שטענדיק הונגעריקע, קיין כוח נישט געהאַט צו וואַרטן ביז וואַנען די איינגעלאַדענע, הויך־געשטעלטע געסט וועלן קומען. זיי האָבן זיך אַרויפ־געוואָרפן אויף די געריכטן און בליצשנעל אַלצדינג פאַרניכטעט. ווען דער ערשטער סעקרעטאַר קאַוווקין מיט זיין סוויטע האָבן זיך באַוויזן, איז אויף ראַבינאָוויטשעס פּנים נישט געבליבן קיין שפּור פון זיין שטענדיקן שמייכעלע. ער האָט געוווּסט אַז קאַוווקין איז אַ רודף כבוד, און ווען מ'איז אים פּוגע בכבוד — אַ נוקם ונוטר.

פאַר די אַביטוריענטן פון פּעדאַגאָגישן טעכניקום אין דער צעניאָריקער שול האָט דער „געזערד" איינגעאָרדנט אויף זיין חשבון אַן עקסקורסיע אין אייראָפּעישן טייל פון ראַטנפאַרבאַנד — קיין מאָסקווע, לענינגראַד, קיעוו, אַדעס. דאָס איז געווען די שענסטע מתּנה וואָס מ'האָט צוגעטראָגן די מאָרגנ־דיקע לערער־קאַדרען פאַר די שולן אין דער געגנט, צוגעגרייטע אין דער געגנט גופא. איך בין געווען ביז גאָר גליקלעך צו זיין איינע פון די צוויי באַגלייטערס פון די סטודענטן אין דער דאָזיקער עקסקורסיע. דער צווייטער — אַ יונגער בחור פון בירא־בידזשאַנער קאָמיוג.

פאַרן אָפּפאָרן האָט מען מיר געמאָלדן פונעם בילדונגס־אַפּטייל אַז מיין רייזע דאַרף איך אויסנוצן אויף ווערבירן יידישע יוגנטלעכע אין אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד פאַר דעם אַרטיקן פּעדאַגאָגישן טעכניקום. איך בין אַוודאי געווען צופרידן פון דער פאַרטרויטער מיר פאַראַנטוואָרט־לעכער מיסיע.

אין דעם באַשטימטן טאָג האָבן מיר אַלע (40 מענטשן) פרייל עכע, צו־פרידענע, צוזאַמען אין איין וואַגאָן, ווו כ׳האָב געקענט האָבן יעדן אויפן אויג, אָנגעהויבן אונדזער ווייטע רייזע.

איך בין אַרויסגעפאָרן מיט זייער גוטע געפילן. כ׳האָב מיך דערמאָנט מיין שטימונג אויף דער רייזע אַהער, ווען איך האָב נישט געוווסט וואָס פאַר אַ סיורפּריזן עס גרייט מיר דער גורל... און איצט אויף דעם זעלבן וועג צוריק פאַר איך ווי אַן אָנערקענטע לערערין.

און נאָך צוליב איין זאַך האָב איך געהאַט דאָס גוטע געפיל: מיט אַ חודש פריער האָב איך באַקומען אַ יידיש פּאָסטקאַרטל פון מאָסקווע. גע־שריבן האָט עס מיר אַ יונגערמאַן זייער פריינדלעך, אַז ער איז אַ זעמ־בראַוער און איך מוז אים געדענקען. געקומען איז ער פון פּאַריז אַהערצו אַרבעטן אַלס אינזשענער און ער וואָלט זייער געוואָלט זיך טרעפן מיט מיר. אונטערגעשריבן — מאַטקע.

ס׳האָט געדויערט זייער לאַנג ביז איך האָב מיך דערמאָנט ווער איז דער מאַטקע, און איך האָב אים געענטפערט אַז ביי אַ געלעגנהייט, ווען איך וועל קומען קיין מאָסקווע וועל איך אים צו וויסן געבן. און אָט פאָר איך, און מאַטקע וועט זיכער קומען מיך באַגעגענען. איך בין געווען גליק־לעך וואָס אָנקומענדיק קיין מאָסקווע איז די גרופּע געווען אין פולן באַ־שטאַנד, קיינער איז נישט געבליבן אין וועג, און אַלע געזונט. אונדז זענען געקומען באַגעגענען פאַרשטייער פון „געזערד" און אַ גרויסע דעלעגאַציע פונעם „עמעס". דערקענען מאַטקען צווישן דער גרויסער צאָל מענטשן האָב איך נישט געקענט... עפּעס זענען דאָך פאַרביי זעכצן יאָר. אַלס אַ יינגל פון זעכצן־זיבעצן האָט ער זיך געחברט מיט מיין שרהן. ערשט דעמאָלט ווען איך האָב באַמערקט ווי איינער אַ יונגערמאַן קוקט אויף מיר צודרינגל־לעך און שמייכלט, האָב איך אים דערקענט. מיר האָבן זיך אַרומגעכאַפּט, צעקושט, צו דער גרויסער פאַרוווּנדערונג פון דעם גאַנצן עולם. און קיינער האָט נישט געוווסט וואָס עס באַטייט פאַר מיר די דאָזיקע באַגעגעניש.

מיר האָבן באַקומען אַ צוזאַמענוווינונג. מ׳האָט די גאַנצע גרופּע צו־געפּעסטיקט צו אַ גאַרקיך. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די עקסקורסיע איבער

מאָסקווע. מ׳האָט אונדז געפירט איבער מערקווירדיקע ערטער. די עקסקורסיע האָט געדאַרפט געדויערן פינף טעג און איך האָב מיך געקענט פאַרנעמען מיט דער צווייטער אויפגאַבע: פאָרן קיין אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד וועגן דער סטודענטן־ווערבירונג. כ׳האָב געקענט פאָרן רויִק, וויסנדיק אַז דער „געזערד" האָט באַזאָרגט די גרופּע מיט אַלעם בעסטן, וואָס מ׳האָט נאָר געקענט באַקומען אין יענער הונגעריקער צייט.. דער בעסערער טייל סטודענטן האָט באַדויערט וואָס איך וועל נישט פאָרן מיט זיי קיין לענינגראַד וועגן וועמעס היסטאָרישע פּלעצער און קונסט־מוזייען איך האָב זיי אַ סך דערציילט. באַוויזן אָבער האָב איך צו זיין מיט זיי אויף דער אויפנאַמע אין „עמעס" ווו מהאָט אַ סך גערעדט וועגן דער בויונג אין בירא־בידזשאַן, וועגן דעם באַטייט פון די לערן־אַנשטאַלטן וואָס גרייטן אַליין קאַדרען פאַר דער געגנט. ביז גאַר אינטערעסאַנט זענען געווען די אַרויסטרעטונגען פון די אַבסאָלווענטן פון דער צעניאָריקער שול, וואָס האָבן געטענהט אַז קיין העכערע בילדונגס־אַנשטאַלטן זענען אין ב.ב. נישט פאַראַן. אין אַנדערע געגנטן אַז זיי פאָרן כדי ממשיך צו זיין זייער בילדונג, פאַלן זיי דורך אויף די פּרוּוונגען אין דער רוסישער שפּראַך. און נישט האָבנדיק קיין פּערספּעקטיוון פון ווייטערער בילדונג, מוז מען קומען צו דער מסקנה אַז לערנען אין די בירא־בידזשאַנער יידישע שולן הייסט באַשרענקען זיך אַליין, פאַרמשפּטן זיך ווייטער פון דער מיטלשול נישט צו קענען פאָרזעצן...

איך בין אַוועק אין געזערד נאָך רעקאָמענדאַציע־בריוו פאַר מיין צווייטער אויפגאַבע. דאָרט האָט מען מיר געגעבן צו וויסן אַז ליבערבערג געפינט זיך גראָד אין מאָסקווע און עס וואָלט געווען געווונטשן איך זאָל מיט אים זיך דורכריידן וועגן מיין אויפגאַבע.

ליבערבערג איז געווען אַליין אין זיין צימער. צום ערשטן מאָל האָב איך געהאָט דאָס גליק מיט אים צו שמועסן. דערהערנדיק ער איך בין און וווּהין איך קלייב מיך פאָרן און צוליב וואָס, האָט ער אַ צופרידענער מיר געדריקט די האַנט, געווונטשן דערפאָלג, באַטאָנענדיק ווי וויכטיק עס איז איך זאָל מצליח זיין אין מיין שליחות.

אין משך פון די עטלעכע טעג ווײַלן אין מאָסקווע האָב איך עטלעכע מאָל זיך געטראָפן מיט מאַטקען (בוימקאַליער). מיר האָבן שפּאַצירט איבער מאָסקווער גאַסן, געפאָרן מיטן שיינעם מעטראָ, זיך דערציילט וואָס יעדער פון אונדז האָט דורכגעמאַכט פאַר די 17 יאָר. ער האָט פאַרענדיקט זיין שטודיום אין וואַרשע און אין פּאַריז איז ער געשיקט געוואָרן פון דער פּוילישער קאָמפּאַרטיי אַלס פּאַכמאַן קיין ראַטנפאַרבאַנד. ער האָט געאַרבעט

אין אַ מאָסקווער גרויסן זאַוואָד און געוווינט אַליין אין אַ צימער אָן באַק־וועמלעכקייטן. איך האָב געדאַרפט זען, האָט ער דערציילט, ווי אַזוי די שכנים האָבן אויף אים געקוקט ווען ער איז געקומען צו פאָרן מיט עטלעכע וואַליזעס. ער האָט געלייענט אין זייערע אויגן אי פאַרוווּנדערונג, אי קנאה: ווי האָט עס איין מענטש אַזוי פיל זאַכן, שפּעטער האָט ער זיך דערוווּסט אַז אין פּאַרטיי־קרייזן קוקט מען אויף שיינע און ריינע קליידונג ווי אויף „בורזשואַזע פאַראורטיילן".

מיר האָבן זיך האַרציק געזעגנט און ביידע האָבן אפילו אין חלום נישט געזען, אַז אין עטלעכע חדשים אַרום וועט ער, ווי ס'איז געשען מיט צענדליקער טויזנטער אַזעלכע, און איך בתוכם... ווערן אומשולדיק אַרעסטירט און ער, אַ געבילדעטער שיינער יונגערמאַן, אַן אידעאַליסט און איבער־געבענער קאָמוניסט וועט מערדערלעך צעשאָסן ווערן.

*

אין שייכות מיט מיין ווערביר־שליחות בין איך געווען אין מינסק, האָמעל, קיעוו, אָדעס, וויניצע. די אַנטשפּרעכנדיקע אינסטאַנצן האָבן אין די שטעט איינגעאָרדנט פאַרזאַמלונגען פון יוגנטלעכע. איך האָב פאַר זיי דערציילט די באַדייטונג פון ביראָ־בידזשאַן פאַר ייִדן און ווי וויכטיק דאָס איז פאַר דעם יונגוואַרג, זיי זאָלן קומען אַהין, ווייל די געגנט בייטיקט זיך אין אייגענע קאַדרען אויף אַלע געביטן פון לעבן. דערביי האָב איך נישט צוגעזאָגט קיין גן־עדן. נאָר פאַרקערט — שוועריקייטן. איך האָב נישט גע־וואָלט פאַרפירן קיינעם מיט שקרים. ס'איז אַ נייע געגנט. עס גייט אַ גרויסע בויונג און מען דאַרף זיין אידעאַליסטן, כדי גובר צו זיין די שוועריקייטן. איך האָב מיך נישט פאַרנומען מיט באַלדיקער רעגיסטראַציע פון בעלנים. דאָס האָט מען שוין געטאָן אָן מיר. אָבער אויסגעהערט האָט מען מיך אויפמערקזאַם, מיט אינטערעס.

קומענדיק אין וויניצע האָט מען אין בילדונגס־אָפּטייל מיר געזאָגט, אַז איך בין געקומען נישט אין דער פּאַסיקער צייט. ערשטנס איז אין וויניצע פאַראַן אַן אייגענער ייִדישער פּעדאַגאָגישער טעכניקום, צווייטנס קומען דאָרט פאָר, פּונקט איצט ווען איך בין אָנגעקומען, אויפנעם־עקזאַמענס פון נייע תלמידים. אַזוי ווי אויף די הונדערט פלעצער זענען פאַראַן פיר הונ־דערט קאַנדידאַטן וועל איך מוזן איבערוואַרטן די עקזאַמענס, כדי צו אַגי־טירן צווישן די דורכגעפאַלענע. נישט האָבנדיק קיין ברירה, האָב איך גע־וואַרט. צוועלף טעג האָב איך געוווינט אין אַ האָטעל. צום סוף איז פאָר־געקומען פאָלגנדעס:

אין אַ גרויסן זאַל פון ווניצער טעכניקום זענען זיך צונויפגעקומען אַלע פיר הונדערט קאַנדידאַטן און אויך אייניקע עלטערן פון די תּלמידים. ווען איין מיטגליד פון דער עקזאַמענאַטאָר־קאָמיסיע האָט פאַרגעלייגט די רשימה פון די גליקלעכע, איז אין זאַל געוואָרן אַ טויט־שטילקייט. און באַלד נאָך דעם האָט אויסגעבראָכן אַ שרעקלעך געוויין פון די דורכגעפאַלענע; איך בין געווען דערשטוינט. די רעאַקציע פון דער יוגנט איז געקומען פאַר מיר ווי פאַר דער אָנפירונג פונעם טעכניקום, אומגעריכט. אָך האָב גע־מיינט אַז איך וועל קענען רעדן מיט זיי, אַז איך האָב פאַר די דורכגעפאַ־לענע אַן אויסוועג און אַ לייזונג: ביראָ־בידזשאַן. אַלע וועלן אויפגענומען ווערן אָן שהיות.

אָבער... ס׳האָט נישט געהאָלפן. אויפגערעגטע און פאַרביטערטע האָבן זיי פאַרלאָזן דעם זאַל נישט וועלנדיק הערן פון קיין אַנדערע אויסוועגן. האָט די אָנפירונג מיך געעצהט גיין אין דער צוזאַמענוווינונג, זיי אַרויס־נעמען פון די צימערן אויף איין אָרט און זיך דורכשמועסן מיט זיי:

— ביראָ־בידזשאַן — האָבן זיי געזאָגט — אין אַזאַ ווייטעניש זיך אַוועקלאָזן, אַליין? אָן די עלטערן? דאָס איז דער אויסוועג?

מיט גאָרנישט, אָן אומעטיקע, האָב איך מיך אומגעקערט קיין מאָסקווע און בין אַוועק אין „געזערד״ באַריכטן וועגן מיין אָפּגעטאָענער ווערביר־אַרבעט. איך האָב מיך געוואָלט זען מיט ליבערבערגן, דעם פאָרזיצער פון געגנטלעכן אויספיר־קאָמיטעט און אויך נעמען דעם בילעט וואָס מ׳האָט דאָרט געדאַרפט צוגרייטן פאַר מיינעט וועגן.

אין „געזערד״ זענען אַלע געווען עפּעס צעטומלט. כ׳האָב נישט געהאַט פאַר וועמען זיך אָפּצורעכענען. מ׳האָט נישט גערן גערעדט מיט מיר. קיין פאָר־בילעט האָט מען מיר נישט צוגעגרייט. אויף מיין פראַגע צי ליבער־בערג איז אין זיין קאַבינעט און צי איך קען אַריינגיין צו אים, האָט מען מיך אָנגעקוקט מיט טרויער: „פרעגט נישט אויף אים״.

מ׳האָט עס מיר געזאָגט שעפּטשענדיק ווי אַ סוד, קיינער האָט צו מיר קיין צייט נישט געהאַט, אָדער נישט געוואָלט ריידן מיט מיר. אויף מאָרגן בין איך ווידער געקומען נאָכן בילעט. נישט קריגנדיק קיין ביליקן האָט מען מיר געגעבן אַ בילעט אין אַ ווייכן וואַגאָן.

פאָר איך צוריק קיין ביראָ־בידזשאַן אין אַ לוקס־וואַגאָן. נאָר מיר באַקומט נישט דאָס פאַרגעניגן. איך בין באַהערשט פון אַן אומרו, אַ טרע־וואָגע וואָס לאָזט נישט נאָך קיין רגע אין דעם גאַנצן לאַנגן וועג. „פרעגט נישט אויף ליבערבערגן״, האָט מען מיר געזאָגט אין „געזערד״. וואָס זשע

איז געשען מיט ליבערערגן? די פראַגע פּיקט אָן אויפהער אין מיין קאָפּ. — וואָס איז געשען? — ווען ער זאָל, חלילה, געווען קראַנק ווערן, וואָלט דאָך דער „געזערד" דאָס נישט געזאָגט אַזוי געהיימנישפול און אויך... מיט וואָרענונג.

צו דער טרעוואָגע וואָס האָט מיך באַהערשט איז צוגעקומען אַ גע־שעעניש וואָס האָט מיך אויך נישט ווייניק צעבראָכן.

נישט ווייט פון דער סטאַנציע קראַסנאָיאַרסק, פיר אַ זייגער פאַר טאָג איז עפּעס געשען מיט אונדזער באַן. מיר, די פיר מענטשן אין קופּע, זענען געשלאָפן ווען ס'האָט עפּעס אַ שטויס געטאָן אונדזער וואַגאָן וואָס האָט זיך אַ שאָקל געטאָן. דאָס האָט געדויערט בלויז עטלעכע סעקונדן. און אַלץ איז געבליבן שטיל. נאָר אויפשטיין פון די דיוואַנען האָבן מיר נישט גע־קענט. ס'האָט געשווינדלט אין די אויגן, דער קערפּער האָט זיך געפונען אין אַן אומבאַקוועמער לאַגע. אַרויסגעוויזן האָט זיך אַז די באַן איז אַראָפּ פון די רעלסן. זיבן וואַגאָנען האָבן מיט איין זייט זיך איינגעגראָבן אין דער ערד. קיין קרבנות זענען נישט געווען. מיר האָבן געמוזט פאַרלאָזן דעם וואַגאָן וועלכער איז געווען איבערגעקערט.

ס'האָט לאַנג געדויערט ביז מ'האָט אַוועקגענומען די צעשעדיקטע וואַגאָנעס. זיי פאַרבייטן מיט אַנדערע, אַוועקלייגן נייע רעלסן, דאָס האָט געדויערט צוויי מעת לעת. אַ גליק ס'איז נאָך געווען וואָרעם. קיין ביראָ־בידזשאַן בין איך אָנגעקומען מיט אַ פאַרשפּעטיקונג פון צוויי טעג.

## אַרעסטן

אין ביראָ־בידזשאַן איז יעדער געווען צעטראָגן. אומעטום האָט מען געערדט שטילערהייט אַז אין לאַנד קומען פאָר שרעקלעכע זאַכן. עס ווערן אַרעסטירט מענטשן, וואָס האָבן פאַרנומען הויכע פּאָסטנס אין דער מלוכה, אין פּאַרטיי־אַפּאַראַט. אָט דערפאַר האָב איך נישט געטאָרט פרעגן וועגן ליבערבערגן ווען ס'האָט פאַרכאַפּט די פּאַטאַלע, אַכזריותדיקע כוואַליע...

אַריינגעכאַפּט — און ווי אין אַ תהום. גאָרנישט ווייסט מען נישט וועגן די אומגליקלעכע. מען דערוויסט זיך נאָר ווען אין דער פּרעסע, אָדער אויף פאַרזאַמלונגען ווערן אויפגעדעקט די כוונות פון די „שונאים", פאַר־רעטער, שפּיאָנען. וועגן די מענטשן, וואָס זענען נעכטן געווען די ערלעכ־סטע, געטרייסטע — מאָדעלן לויט וועלכע מ'האָט זיך געדאַרפט מעסטן, אַז מען זאָל זיין ענלעך צו זיי, ווערן דערביי דערציילט שענדלעכע מעשים, וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן אויף די אונטערנעמונגען. די מיטאַרבעטער האָבן

זיך געדאַרפט אַפּטרייסלען פון זיי, און שטיצן די ראַטנמאַכט וואָס איז וואַכזאַם, און אומשעדלעך געמאַכט די שעדיקער און אויסוואורפן.

טרויעריקע זאַכן האָב איך מיך דערוווּסט, וואָס האָבן זיך אָפּגעטאָן אין בירא־בידזשאַן בעת מיין אָפּוועזנהייט. איך האָב געקענט נישט נאָר דערשיטערט ווערן פון דעם געהערטן, נאָר אויך אַראָפּ פון זינען.

אין אָנהייב אויגוסט 1936טן יאָר איז געפאַלן אַ באַפעל פון מאָסקווער נ.ק.וו.ד. (פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר אינערלעכע ענינים) אַז אַלע בירגער פון דער יידישער אויטאָנאָמער געגנט געקומענע פון אויסלאַנד, זאָלן אין משך פון 24 שעה פאַרלאָזן דאָס לאַנד!!!

אין יענער צייט זענען אין דער געגנט געווען 400 אַזעלכע אויסלענדער (פון אַרגענטינע, קאַנאַדע, צפון אַמעריקע א.אַז״וו.). דאָס זענען געווען ענטוזיאַסטן, וואָס האָבן איבערגעלאָזט קנין ומנין אין יענע ווייטע לענדער און זענען געקומען העלפן אויסבויען דאָס לאַנד. זיי האָבן געבראַכט מיט זיך לאַנדווירטשאַפטלעכן אינווענטאַר, געשאַפן מוסטערהאַפטע ווירטשאַפטן, זיך איינגעוואָרצלט, חתונה געהאַט, געשאַפן משפחות. איצט איז געקומען די גזירה: פאַרלאָזן דאָס לאַנד אין משך פון 24 שעה, ווען די געגנט בייטיקט זיך אין זיי. שוין נישט ריידנדיק וועגן צעבראָכענע משפחות, און דער סכנה אַז די לענדער פון וואַנען זיי זענען געקומען וועלן זיי צוריק נישט אַריינלאָזן...

צענדליקער האָבן באַלאַגערט אַלע העכסטע אינסטאַנצן פון דער געגנט — געבעטן, געוויינט, מען זאָל זיי העלפן אָפּשרייען די גזירה.

געהאָלפן האָט קאַליניז, דער פאָרזיצער פון העכסטן ראַט. און — ליידער... ווען די אַרעסטן־מגיפה האָט נישט לאַנג נאָך דעם זיך דורכגע־טראָגן אויך איבער בירא־בידזשאַן זענען זיי אַלע אַרעסטירט געוואָרן — די מענער ווי די פרויען, און די קינדער זענען צוגענומען געוואָרן פון זיי.

דאָס געשעענע איז שווער געווען צו באַנעמען, צו דערקלערן. ס'האָט זיך נישט געלייגט אויפן שכל. דער חבר קאַפּילעוויטש וואָס האָט זיך אומגעקערט פון מינסק ווו ער האָט פאַרבראַכט דעם זומער־אורלויב, האָט אונדז דערציילט אַז דאָס זעלבע טוט זיך אָפּ אויך אין ווייסרוסלאַנד, און איבער דער גאַנצער מדינה. דאָס אויסכאַפּעניש קומט פאָר אין די נעכט. מען אַרעסטירט מאַסנוויַיז. ווו די מענטשן קומען אַהין איז קיינעם נישט באַוווּסט. די באַפעלקערונג איז געשפאַנט, דערשראָקן, מען שושקעט זיך. דער פחד איז נאָך גרעסער ווייל מען פאַרשטייט נישט די סיבה פון די אַרעסטן, און וועמענס ריי ס'איז צו ווערן מאַרגן אַ שפּיאָן, אַ שעדיקער, אַ שונא פון פאָלק און וועמעס גזר ס'איז שוין געחתמעט...

ס'איז געווען נישט צו באַגרייפן אַז אַזאַ גרויסע פערזענלעכקייט ווי, למשל, ליבערבערג, אַ געלערנטער פון גרויסן פאַרנעם, מיט אַ וועלט־באַמען, זאָל פּלוצעם ווערן אַ שונא, וואָס פאַרדינט די העכסטע שטראָף — אַ קויל... און ווי מ'האָט זיך געסודעט, האָט דער תליון אים שוין צוגע־שטעלט צו דער וואַנט. דערשאָסן.

ס'איז געווען שווידערלעך צו הערן וועגן אויסכאַפּעניש פון די גערימ־טע מיליטער־לייט, וואָס האָבן געבראַכט כבוד און נצחונות דעם סאָוועטישן געווער, און מיט זיי אין איינעם האָט מען אַריינגעכאַפּט אין דעם פייני־קונגס־זאַק אויך די משפחה־מיטגלידער.

מ'האָט געקינדיקט פון אַרבעט, צוגענומען די וווינונגען, געצווונגען קינדער זיך אָפּזאָגן פון עלטערן, פרויען פון זייערע מענער. אייגענע פון אַרעסטירטע האָבן זיך נישט געקענט באַווייזן אויף די גאַסן — באַקאַנטע פלעגן זיי אויסמיידן. מען האָט געלעבט אין אימה און אין פאַרדאַכט — איינער פאַר דעם צווייטן...

אָט אין אַזעלכע שטימונגען האָט זיך אָנגעהויבן דאָס דריטע לערניאָר. האָט זיך טאַקע נישט געלערנט. נישט ביי די לערערס, נישט ביי די תלמי־דים איז דער קאָפּ נישט געווען ביי די לימודים. קיינער איז דאָך נישט געווען זיכער צי וועט די דאָזיקע פּאָגראָם־כוואַליע, וואָס האָט פאַרשלעפּט אין כף הקלע די בעסטע, די אויסגעצייכנטסטע מענטשן פון דער געגנט, זיך נישט דערקייקלען אויף צו זיי. יעדער איז געווען פאַרקלעמט אין פחד פון דערוואַרטונג. די טראַגעדיע איז באַשטאַנען אין דעם וואָס קיינער האָט זיך נישט געפילט שולדיק אין קיין שום חטא, און דאָך האָט מען יעדן טאָג געלעבט אין שרעק אַז מען קען קומען אויך נאָך אים, אַזוי ווי מען איז געקומען נאָך דיינע פריינד און באַקאַנטע. מענטשן זענען קראַנק גע־וואָרן אויף דעם חשד־קאָמפּלעקס, און אָנגעהויבן זען אַרום זיך אַגענטן, נאָכשפּירערס און געציטערט זיך נישט אַרויסצוכאַפּן, חלילה, מיט אַ וואָרט וואָס קען צווײדײטיק אויסגעטייטשט ווערן. מען האָט אָנגעהויבן חושד זיין איינער דעם אַנדערן, זיך היטן פאַרן בעסטן חבר, ווען ס'האָט זיך גע־דאַכט אַז יעדער געהערט וואָרט איז אַ פּאַסטקע, אַן אונטערגעשטעלטער פּוס... אויסמיידן זיך טרעפן מיט מענטשן. ווייניק נידערטרעכטיקע נפשות זענען געווען אין יענער צייט, וואָס האָבן געוואָלט בויען זייער גליק אויף יענעמס אומגליק? און געמסרט? און אַפילו פאַבריצירט בילבולים און געשריבן אַנאָנימקעס, אַנאַנימקעס — דאָס איז אויך גענוג געווען אַרעס־טירט צו ווערן...

די אויסראָטונג־שריפה אין דער יידישער געגנט האָט זיך צעפלאַקערט אין די לעצטע חדשים פון 1937טן יאָר. ס'האָט זיך פאַרווירקלעכט דער פאַרניכטונגס־פּראָצעס פון דער געגנט, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן מיט אַזוי פיל גלויבן און אָפּפערוויליקייט פון הונדערטער ווונדערלעכע מענטשן....

פּראַקטיש פלעג די דאָזיקע אַרבעט פון דער מאַכט פאָרקומען אין צוויי פאַזעס: קודם האָט זיך אָנגעהויבן אויף פאַרזאַמלונגען און אין דער פּרעסע דער חיבוט־הקריטיק ווען דער קריטיקירטער האָט פאַרשטאַנען אַז ער איז שוין אַ פאַרמשפטער. נאָך דעם פלעג ער ווערן אויסגעשלאָסן פון דער פּאַרטיי, און אַן אויסגעשלאָסענעם פון דער פּאַרטיי קען מען אים שוין אַ נעם טאָן אָן צערעמאָניעס. פון דער פּרעסע, אָדער אויף מיטינגען וועלן מיר זיך דערוויסן די זיבד פון דעם אַרעסטירטן פּאַרטיי־גדול. אַזוי האָבן מיר זיך דערוווּסט אַז כאַווקין, דער ערשטער סעקרעטאַר פון געגנטלעכן פּאַרטיי־קאָמיטעט איז געווען... אַ ביוראָקראַט. ער האָט זיך פאַרנומען... מיט „זעלבסטבאַזאָרגונג". די האַנדלס־אָרגאַניזאַציעס פלעגן אים אַריינ־טראָגן אין שטוב פון פויגל־מילך. מען האָט אַפילו דערציילט, אַז ליידנ־דיק פון צאָן־ווייטיק האָט ער באַפוילן דעם צאָן־דאָקטער ער זאָל קומען צו אים אַהיים און מיטברענגען דעם מעדיצינישן שטול...

איז דאָס געווען גענוג אַז מען זאָל אַרעסטירן אַזאַ קאַרפּן־קאָפּ? ביור־קראַטיזם... פאַר דעם האָבן מיר געוווּסט באַזייטיקט מען פון דער אַרבעט, אָדער... פון דעם אָנפירנדיקן פּאָסטן, מען פירט אים איבער אויף אַ ני־דעריקערן פּאַרטיי־שטאַפּל, אָבער — אַרעסטירן?

די וואָס האָבן דעם דאָזיקן סעקרעטאַר געקענט האָבן געוווּסט, אַז ער איז ווייט פון לייטישקייט. ס'איז אַפילו געווען אַ סברה אַז ער האָט אויף זיין געוויסן דעם אַרעסט פון אַ סך פון זיינע נאָענטע חברים.

פון די חדשים אָקטאָבער־נאָוועמבער דעם 1937טן יאָר זענען אין ביראָ־בידזשאַן יעדע נאַכט שטילערהייט אַרעסטירט געוואָרן צענדליקער מענטשן: דירעקטאָרן, אָנגעשטעלטע, לערערס און אויך אַ גרופּע סטו־דענטן פון די אָרטיקע טעכניקומס.

איין מאָל, אין אַ טאָג פון אָנהייב נאָוועמבער 1937, ווען איך בין געקומען אין טעכניקום, האָט מיך אַריינגערופן צו זיך די נייע דירעקטאָרין (ראַבינאָוויטשן האָט מען שוין צוגענומען). זי האָט מיר געשטעלט אַ ריי פראַגן אין שייכות מיט מיין ביאָגראַפיע: ווען בין איך געקומען פון פוילן? ווי אַזוי בין איך געקומען?... צום ערשטן מאָל פאַר די פערצן יאָר, האָט מען מיר געשטעלט אַזעלכע אַנקעטע־פראַגן. איך האָב געענטפערט אויף אַלץ מיט אַ קלאַפּנדיקן האַרץ און זעענדיק מיין צעטומלטקייט האָט זי

מיך באַרויִקט אַז איר זענען נייטיק די ידיעות פון אַלע לערער, ווייל זי איז אַ בייע דירעקטאָרין און זי וויל קענען איר לערער־באַשטאַנד...

רויִק בין איך פון איר תירוץ נישט געוואָרן. איך האָב דאָך שוין גע־ווּוּסט אַז די אַנקעטע מאַכט זי נאָר צווישן לערערס און סטודענטן געקו־מענע פון אויסלאַנד. די רשימה וועט זי אָפּשיקן אין נ.ק.וו.ד. און דער גורל פון אַלע אויסגערעכנטע אין דער רשימה איז שוין אַ געחתמעטער.

איך געדענק נישט וויפל טעג נאָך דעם איז מען טאַקע געקומען אויך נאָך מיר. איך געדענק אָבער גענוי מיינע איבערלעבונגען, דעם קאָשמאַר פון וואַרטן מען זאָל קומען נאָך מיר, אַ קאָשמאַר וואָס האָט זיך געצויגן מעת לעתן. די בייטאָגיקע שעהען זענען געווען גרינגער, איך בין געווען צווישן מענטשן, נאָר די ביינאַכטיקע — אומדערטרעגלעך. נישט איך, נישט די סטודענטן האָבן צו די לימודים זיך נישט געגרייט. באַקאַנטע האָבן אויפגעהערט אַריינקומען צו מיר, איך פלעג זיצן אַליין, לייענען אַ בוך. און די אויערן אָנגעשפּיצט — גייט מען נישט דאָרטן אויף די טרעפּ נאָך מיר?

איין מאָל, אין די שוידערלעכע טעג פון וואַרטן איז צו מיר אַריינ־געקומען די פּרוי פונעם פּאָעט בוזי אַליעווסקי. איך בין איר געווען גע־וואַלדיק דאַנקבאַר וואָס זי האָט זיך איינגעשטעלט און אַריינגעקומען. נאָר פאַרהאַלטן זיך לאַנג אין אָוונט אין אַ פרעמדער דירה האָט זי מורא געהאַט. מען האָט מורא געהאַט אין שטוב. מען האָט מורא געהאַט אין גאַס.

כדי נישט צו בלייבן אַליין פלעג איך כמעט יעדן אָוונט זיצן אין דעם נישט לאַנג געעפנטן יידישן טעאַטער מיט וועלכן ס׳האָט אָנגעפירט דער גרויסער אַרטיסט און רעזשיסער משה גאָלדבלאַט. מ׳האָט אין יענער צייט געשטעלט „בויטרע” פון משה קולבאַק. צו דער פאָרשטעלונג האָט מען זיך געגרייט חדשים־לאַנג. דער עולם האָט דעם טעאַטער ליב באַקומען. דאָס יונגוואַרג פלעג זינגען אויף די גאַסן די לידלעך פון דעם שטיק. מיר איז דאָס טעאַטער אין יענע טעג געווען ווי אַ מין רעטונגס־אינדזל, אַז איך זאָל פון וואַרטעניש משוגע נישט ווערן.

דעם 12טן נאָוועמבער 1937, קומענדיק אויף דער אַרבעט, האָב איך מיך דערוווּסט אַז אין דער פאַרגאַנגענער נאַכט זענען אַרעסטירט געוואָרן דריי וויכטיקע טוער: זאַבלודאָווסקי — דער מיטאַרבעטער פון געגנטלעכן אויספיר־קאָמיטעט און צוויי מיטאַרבעטער פון „ביראָבידזשאַנער שטערן” — פינקלשטיין און גאַלאַך.

זאַבלודאָווסקין אויך? מיין געוועזענעם מאַן וועמען איך האָב גע־קענט אויסגעצייכנט? אין באַציונג צו מיר איז ער טאַקע געווען וואָס ער

איז געווען (די פּאַרטיי רודפט נישט אירע מיטגלידער פאַר אָפּווייכן פון דער משפּחה־מאָראַל), אָבער אַלס פּאַרטיי־מיטגליד און טוער אין די מלוכי־שע אינסטאַנצן איז ער געווען כ ש ר. און דאָס האָב איך צו גוט גע־ווּוסט. קיין שום פאַרוואורף האָט ער נישט פאַרדינט. ער איז געווען פּויפּסט־לעכער פון פּויפּסט! זיין ערלעכקייט, געטריישאַפט, זיין איבערגעגעבנ־קייט האָבן נישט געהאַט צו זיך קיין גלייכן.

און אַט איז זאַבלודאָווסקי אויך אַרעסטירט. און דאָ בין איך שוין געווען אין גאַנצן זיכער אין די פינצטערע טעג פון מיין וואַרטן, אַז אויך איך וועל דעם אַרעסט נישט אויסמיידן. מיטן אַרעסט פון אַזאַ איבערגעגע־געבענעם קאָמוניסט ווי אַלעקסאַנדער, איז מיר שוין ענדגילטיק קלאָר געווען אַז די אָפיציעלע דערקלערונגען וועגן „שונאים פון פאָלק״, אין וואָס מען באַשולדיקט די בעסטע מענטשן, איז אַ שווינדערלעכער ליגן; אַז דער ליגן איז בייטיק דער איצטיקער אָנפירונג, ד.ה. סטאַלינען און זיינע משרתים, ווייל זיי קלייבן זיך אַ פּנים אָנצוווענדן אין זייער מלוכישער פּאָליטיק אַזוינס וואָס קען אַרויסרופן אַ קעגנערשאַפט. דעריבער ראַמען זיי אָפּ פּאָטענציעלע קעגנער...

נאָר פאַר וואָס אַרעסטירט מען פאָלקס־מענטשן, נישט קיין פּאַרטיי־מיטגלידער, אַרבעטער, אָנגעשטעלטע, אַפילו פּשוטע מענטשן, אַנאַלפאַ־בעטן, וואָס זענען בלינד אין פּאָליטיק־ענינים, וואָס הייבן די הענט שטענדיק פאַר אַלע פון פריער צוגעגרייטע רעזאָלוציעס, און האָבן נעכטן געשטימט פאַר אַ־דעם מענטשן, וועלכן מען רייניקט איצט אויס, אַזוי ווי זיי שטימען הייַנט קעגן די זעלבע ווי קעגן שונאים,, ווייל אַזוי הייסט מען? מען רייניקט, מען רייניקט אין די אונטערנעמונגען, זאַוואָדן; פאַבריקן ווערן אויסגעליידיקט פון פאַכלייט און עס ווערט דורך דעם געשעדיקט די גאַנצע ווירטשאַפט אין לאַנד.

וועגן וואָס האָב איך נישט געטראַכט, זיצנדיק אין מיין קליינעם צימערל אין דערוואַרטונג אויף די פינצטערע לייט פון נ.ק.וו.ד. וואָס קריכן אַרויס אויף זייער ווויסטער אַרבעט ווי די פלעדערמייז אין חשכות פון דער נאַכט.

און איך האָב זיך דערוואַרט. און דאָס איז געשען דעם 21סטן נאָ־וועמבער 1937.

*

אין דעם טאָג בין איך געווען פריי און צופרידן וואָס איך דאַרף נישט גיין אין דעם אומעטיקן פאַריתומטן טעכניקום.

געדאַרפט זיין האָב איך ביים ציין־דאָקטער. בשכנות מיטן ציין־דאָק־טער האָט געוווינט אסתר שניידערמאַן וואָס איז געקומען קיין בירא־ביד־זשאַן מיט דער קיעווער גרופּע אין שפּיץ מיט ליבערבערגן. זי האָט פאַר־נומען דעם אַמט פון אַ וויסנשאַפטלעכער טוערין ביים געגנט־קאָמיטעט, און ביי מיר אין טעכניקום איז זי געווען נאָר איין מאָל.

איך האָב באַשלאָסן אַריינגיין צו איר. איך האָב זי געטראָפן אין דער היים. אַליין. זי איז געווען שטאַרק טרויעריק, דערדריקט. זי איז געזעסן ווי אָפּוועזנדיק, און אויף מיין באַגריסונג האָט זי אַ דערשלאָגענע קוים אַ שאָקל געטאָן מיט איר שיינעם קאָפּ.

— וואָס מאַכט איר, אסתר? האָב איך געפרעגט.

—אָט, זעט איר דאָך וואָס איך מאַך, — האָט זי געזאָגט — פון דער פּאַרטיי בין איך אויסגעשלאָסן, פון דער אַרבעט — אַראָפּגענומען, איצט דאַרף קומען דער דריטער אַקט — דער אַרעסט. אַלע נאַכט וואַרט איך. איך בין שוין ביזן לעצטן טראָפּן אויסגעמאַטערט פון וואַרטן און מען קומט נישט.

איך בין פון איר אַוועקגעגאַנגען נאָך מער צעבראָכן ווי קודם. וועגן איר ווייטערדיקן גורל האָב איך מיך דערוווּסט ביי אונדזערע בשותּפותדיקע פריינד אין ניינצן יאָר אַרום.

אין זעלבן טאָג בין איך געגאַנגען אין טעאַטער צום ווי־פּלטן מאָל זען „בויטרע". מיר איז פּלוצעם געקומען אויפן געדאַנק, אַז איך וואָלט מיך געדאַרפט אויסבאַהאַלטן. נאָר ווּ? אין ראַטנפאַרבאַנד איז דאָס אַ לחלוטין אוממעגלעכע זאַך. ווּ? ביי וועמען? ווער וועט דיר געבן אַ מקום מקלט ביי זיך אין שטוב? איז דען יענער באַוואָרנט קעגן אַ סכנה אויף אים גופא? דאָס איז ערשטנס. און צווייטנס — דיין אַנטלויפן וועט דאָך זיין אַ בולטער באַווייז, אַז אויפן גנב ברענט דאָס היטל — אַז דו ביסט בפירוש אין עפּעס שולדיק. זיצט מען און מען וואַרט אויפן אַרעסט ווי אויף אַן אויסלייז, ווי כ'האָב דאָס היינט געהערט פון אסתר שניידערמאַן, ווייל דאָס וואַרטן איז אַ שרעקלעך, פּיינלעך אָפּקומעניש. מען וויל וואָס גיכער איבערקומען דעם אומדערטרעגלעכן קאָשמאַר.

גייענדיק אַהיים פונעם טעאַטער, האָב איך צוקומענדיק צו מיין הויז דערזען אַז אין מיין פענצטערל לייכט זיך. מיין האַרץ האָט זיך אָפּגע־שטעלט. איך האָב אַרויפגעקוקט צום פענצטער און זיך געזאָגט: דאָס זענען זיי, ענדלעך.

אויף די טרעפּ האָבן מיינע פיס געציטערט. איך האָב לאַנגזאַם גע־עפנט די טיר פון מיין צימער. ביים טיש איז געזעסן דער ענקאַווערדיסט

און אַ פּרעמדע פרוי. ער האָט מיר געוויזן דעם אַרעסט־אָרדער, און די פרוי — זי איז אַן עדות בעת דער אונטערזוכונג, אַז אַלץ איז צוגעגאַנגען לויט די כללים (צו וואָס די קאָמעדיע ? האָב איך געטראַכט). די פּראָצעדור איז געווען אַ קורצע. איבערגעשריבן מיין „פאַרמעגן" האָט נישט געדאַרפט געדויערן לאַנג, נאָר פאַרשריבן האָט ער יעדער קלייניקייט, אַפילו דאָס טינטערל אויפן טיש. איך בין דערביי געווען אַן אויסגעליידיקטע. אַן געדאַנקען, אָן געפילן, ווי מיר וואָלט גאָרנישט אָנגעגאַנגען וואָס דער מענטש טוט. די פרוי האָט אונטערגעשריבן דעם אונטערזוכונג־פּראָטאָקאָל און ער האָט זי באַפרייט. מיר האָט ער געזאָגט אַז איך וועל גיין מיט אים. און גאַנץ פריינדלעך האָט ער מיר געזאָגט, אַז איך קען נעמען מיט זיך וואָס איך וויל... מיר איז אַלץ געוואָרן גלייכגילטיק. איך האָב נישט געקלערט אַז איך וועל נאָך דערלעבן צו טראָגן די שיינע קליידער, וואָס כ'האָב מיר שוין אַליין דערוואָרבן, ווייל דער אַרעסט באַטייט — אומקום. נאָר אַ חוץ די וואַרעמע זאַכן (נאָוועמבער שטייען שוין פרעסט אין בירא־בידזשאַן) האָט זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן אַ פאַרטפעלכל, וואָס כ'האָב זומער געקויפט אין מאָסקווע — איך האָב אין דעם אַריינגעלייגט מיט זיין דערלויבעניש, עפּעס עסנוואַרג. ער האָט גענומען מיין פּעקל, אויסגעלאָשן דאָס ליכט, פאַרשלאָסן די טיר און מיר זענען לאַנגזאַם אוועקגעגאַנגען.

דער וועג צו דער נ.ק.וו.ד. — אַ קורצער. דאָרט האָט דער העפלעכער בחור אין אַ גרויסן, ליכטיקן, וואַרעמען זאַל, מיין פּעקל איבערגעגעבן אַ פרוי, וואָס האָט מיך אין גרויס איילעניש גראָב באַטאַפּט. איבערגעקוקט מיינע זאַכן, צוגענומען דאָס פאַרטפעלכל, נישט אויסריידנדיק קיין איינציק וואָרט, און מיך איבערגעגעבן דעם אויפזעער. דער האָט מיך געפירט דורך אַ פינצטערן הויף, דורך קאָרידאָרן, אויפגעשלאָסן אַ טיר, מיך אַריינגעשטופּט אין דער טונקלקייט און די טיר פאַרהאַקט.

דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט. אַ צעטומלטע האָב איך זיך אַרומגעקוקט: ווו געפין איך זיך ? ביי דער שיין וואָס איז אַריינגעדרונגען פון דרויסן דורך אַ פאַרקראַטעטן פענצטער, האָב איך דערזען אַ ביסל העכער פונעם דיל — אַ נאַרע. די מענטשן פון דער נאַרע האָבן זיך אויפגעזעצט. מיך נייגעריק אָנגעקוקט. ווער מען האָט מען געבראַכט ?

דאָס זענען געווען יידישע פרויען. איך האָב זיי נישט געקענט. זיי מיך — יאָ. די לערערין. זיי האָבן מיך גענומען אויספרעגן ווייענדיק, ווען מען נאָך מען האָט גענומען פאַר די לעצטע טעג... זיי האָבן זיך צונויפגערוקט אויף דער נאַרע, מאַכנדיק אַן אָרט פאַר מייַנעט וועגן און מיר

דערציילט וואָס עס טוט זיך דאָ אין נ.ק.וו.ד. וואָס איז נאָך נישט די אמתע תפיסה. דאָ אין קאָרידאָר געפינען זיך נאָך צוויי אַזעלכע לערער. ס'איז ענג, מען מוז ליגן, אָדער זיצן מיט די פיס אונטער זיך און מען גלייכט זיך אַ ביסל אויס, נאָר ווען מען גייט צו דער „פּאַראַשע", אָדער... ווען מען רופט צום אויספאָרשער. רופן רופט מען נאָר ביי נאַכט. און מען פאָרשט זיי לאַנג. עס זענען דאָ פאַלן, ווען מען קערט זיך נישט אום פון דער אויספאָרשונג...

יעדע פון די פרויען אין דער דאָזיקער פינצטערער ענגער קאַמער האָט געהאַט איר טרויעריקע געשיכטע.

די פרוי חוה פייער האָט מיר דערציילט: אין איינער אַ נאַכט, 12 אַ זייגער, האָבן זיך אַריינגעשטעלט צו אונדז אין וווינונג דריי נ.ק.וו.ד.־לייט, צווישן זיי אויך אַ פרוי. נאָך דעם וואָס זיי האָבן געמאַכט אַ זאָרג־פעלטיקע אונטערזוכונג, איבערגעקערט די שטוב מיט די פיס אַרויף, האָבן זיי געמאָלדן איר און איר מאַן, אַז זיי זענען ביידע אַרעסטירט, און פאַר זייער אייניאָריקן עופעלע דאַרפן זיי נישט זאָרגן. זיי נעמען עס צו און עס וועט זיין אין „גוטע הענט"...

דאָס דערהערנדיק האָבן ביידע אויסגעבראָכן אין אַ גרויס געוויין און דאָס קינד האָט דערביי פון שרעק אונדז אונטערגעהאַלטן מיט אַ שרעק־לעכן יעכץ. די נ.ק.וועדיסטין פון די דריי האָט אַרויסגעריסן דאָס קינד פון אירע הענט און דערביי האָט זי זיי געזידלט און געשריגן אַז ווי שונאים פון פאָלק זענען זיי נישט ראוי צו דערציען דאָס קינד!!!

— וואָס וועט זיין מיטן קינד? — האָט זי וויינענדיק שטילערהייט געפרעגט — ווו וועט עס אַהינקומען, מיין שיין געראָטן זונעלע?

איר מאַן איז געקומען פון אַרגענטינע מיט אַ גרופּע יידישע אידעאַ־ליסטן. זיי זענען געקומען העלפן בויען די יידישע אויטאָנאָמע געגנט. אַ שלאָסער פון פאַך, האָט ער פאַר די עטלעכע יאָר אין לאַנד געאַרבעט גע־טריי און אויף דער אונטערנעמונג האָט מען אים געהאַלטן פאַר דעם ערשטן סטאַכאַנאָווועץ. ביידע האָבן זיי געשטרעבט צו שאַפן אַ משפחה. אָבער נאָכן ערשטן געבורט איז זי קראַנק געוואָרן. דאָס קינד האָט מען געמוזט האָדעווען קינסטלעך. און דאָס קינד איז געשטאָרבן. און איצט אַז זי האָט דאָס צווייטע קינד אויסגעהאָדעוועט ביז אַ יאָר, זענען געקומען די מלאכי חבלה און אים צוגענומען..

איך האָב די געשיכטע פון דער אומגליקלעכער מוטער געהערט אַ פאַרשטיינערטע.

אויפן צווייטן מעת לעת פון מיין אַרעסט (דעם 22סטן נאָוועמבער)

האָט מען מיך גערופן אויפן פאַרהער. איך בין געגאַנגען אַן אָנגעשראָקענע, וויסנדיק פון די פרויען אַז מען ווערט געשלאָגן און געפּייניקט פון די אויספאָרשערס און מען פאָדערט אונטערשרייבן אויף זיך אַליין אַזעלכע חטאים וואָס מען איז קיין מאָל נישט באַגאַנגען..

דער אויספאָרשער האָט מיר געהייסן זיך אַוועקזעצן און באַלד גענו־מען שטעלן פראַגן. ער האָט געקענט הערן, דאַכט זיך, דאָס קלאַפּן פון מיין האַרץ. נאָר אַזוי ווי די פראַגן האָבן געהאַט אַ שייכות צו מיין ביאָ־גראַפיע, האָב איך זיך באַרויִקט. ווען און ווי אַזוי איך בין געקומען אין לאַנד? איך האָב געענטפערט אַזוי ווי דאָס איז געווען, און אַזוי פיל מאָל דאָס פאַרשריבן אין אַנקעטעס. באַלד נאָך דעם האָט ער אַריינגערופן דעם שומר און אים געהייסן אָפּפירן מיך צוריק אין דער קאַמער.

די קומענדיקע נאַכט, אין דער זעלבער צייט, האָט מען מיך ווידער גענומען צום פאַרהער. איך בין געווען נאָך אָנגעשראָקענער ווי דאָס פאַרי־קע מאָל. איך האָב שוין געוווּסט אַז מיין אויספאָרשער הייסט נעכין, אַז ער איז אַ ייד און אַ סאַדיסט. כ׳האָב שטילערהייט מיך געזעגנט. און די פרויען האָבן מיר געוווּנטשן איין זאַך — איך זאָל צוריקקומען בשלום אין דער קאַמער...

אין זעלבן צימער ווו איך בין נעכטן געווען האָט דער אויספאָרשער מיר דערלאַנגט אַ פּאַפּירל איך זאָל דאָס איבערלייענען. פאַר די אויגן האָט מיר געשווינדלט און די אותיות האָבן געטאַנצט. איך האָב גאָרנישט געזען, האָט ער מיט כעס אַ נעם געטאָן דאָס פּאַפּירל און אַליין עס מיר פאָרגע־לייענט. אין דעם פּאַפּירל האָט זיך געזאָגט אַז איך ווער באַשולדיקט נישט מער און נישט ווייניקער ווי אין שפּיאָנאַזש...

דאָס בלוט האָט מיר אַ זעץ געטאָן אין פּנים און אַ צעקאָכטע האָב איך אויסגעשריגן: דאָס איז נישט אמת, נישט אמת — דאָס איז אַ בילבול.

דער אויספאָרשער האָט סאַרקאַסטיש געזאָגט און מיר דערקלערט אַז אַז זיי איז באַוווּסט גענוי מיין קאָנטררעוואָלוציאָנערע טעטיקייט און אין מיינע אייגענע אינטערעסן איז בעסער איך זאָל זיך מודה זיין, די שטראָף וועט זיין דערפאַר אַ לייכטערע א.אַז״וו. איך בין געזעסן אַ פאַרגליווערטע בשעת ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן שפּיץ פונעם טישל און מיר געקוקט גלייך אין די אויגן און מיך גענומען זידלען מיט די ערגסטע רוסישע זידל־ווערטער. איך האָב אין פאַרצווייפלונג פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט די הענט:

„איר האָט נישט קיין רעכט צו זידלען און באַליידיקן״.

ער האָט גענומען לאַכן נאָך שטאַרקער, און אויף מיין געוויין און זיין געלעכטער זענען אַריינגעקומען נאָך דריי בייזע רוחות. זיי האָבן מיר אַלע

אַרומגערינגלט און גענומען צורידן אונטערצושרייבן דעם בילבול אויף זיך...

אין דעם מאָמענט האָבן פון אַנדערע צימערן זיך געהערט שרעקלעכע, האַרצרייסנדיקע געשרייען פון געפייניקטע מענטשן און זיי האָבן מיר געקוקט גלייך אין די אויגן, וועלנדיק דערגיין ווי אַזוי די געשרייען ווירקן אויף מיר...

אָט באַלד, האָב איך געטראַכט, וועלן זיי אויך מיך נעמען פייניקן ווי די פרוי פוקס וועלכע מ׳האָט ניין מעת לעת נאָך אַנאַנד געפייניקט, ווי מ׳האָט מיר דערציילט אין קאַמער וועגן איר. ווי אַזוי וועל איך רעאַגירן? איך וועל אונטערשרייבן ווי אַלע יענע געפייניקטע, וועמען מ׳האָט צוגע־זאָגט אַ פאַרלייכטערונג אויב זיי וועלן זיך מודה זיין פון גוטן ווילן — און נאָך דעם האָט מען זיי דערשאָסן?...

מיך האָט מען נישט געשלאָגן. וויפל די סצענע האָט געדויערט קען איך אייך נישט זאָגן. נאָר איך געדענק אַז אַלע דריי זענען אַוועק און ס׳איז אַריינגעקומען אַ נייער פאַרשער. די געשרייען האָבן אויפגעהערט. נאָכן אַרויסגיין פון די פיר טייוולאָנים האָט מיך אַרומגערינגלט אַ דריקנדיקע שטילקייט. דער איז געזעסן ביים טיש. געשריבן נישט ריידנדיק מיט מיר, ביז ס׳איז טאָג געוואָרן. ס׳איז ווידער געקומען אַ נייער מענטש, וואָס האָט מיר באַפוילן גיין מיט אים. ער האָט מיך געפירט אין טואַלעט און צוריקגעבראַכט אין דעם זעלבן צימער. „נישט שלאָפן״ — האָט ער באַ־פוילן, נאָר מיר האָט שטאַרק זיך געוואָלט שלאָפן. נאָר שלאָפן. דער גאַנ־צער קערפּער, אַלע גלידער האָבן געוואָלט איך זאָל אַפילו דאָרט אין דעם צימער זיך אויסציען און אַנטשלאָפן ווערן. אָבער דער פייניקער, ווי נאָר ער האָט דערזען אַז מיין קאָפּ בייגט זיך אַראָפּ, האָט ער געקלאַפּט מיטן בלייער אין טיש און איך האָב אויפגעציטערט. דערנאָך האָט ער גענומען שפּאַנען איבערן צימער. פון טיר צום פענצטער און צוריק. דאָס צימער — אַ לאַנגס, און די סעקונדעס ביז ער האָט זיך צוריקגעקערט האָב איך גע־כאַפּט אַ דרעמל. נישט לאָזן שלאָפן, דאָס איז איינע פון די פייניקונגס־מיטלען זייערע, אויסמאַטערן דעם געפאַרשטן, ביז דער מוח, דער גאַנצער קערפּער ווערט אָפּגעשוואַכט און דער געפאַרשטער שטעלט שוין נישט אַרויס קיין ווידערשטאַנד.

אַזוי האָט מען מיך געהאַלטן 24 שעה. פאַר נאַכט איז ווידער געקומען אַ שלאָק און מיך אויסגעפרעגט אין וועלכע שטעט פון ראַטנפאַרבאַנד איך בין געווען. ווען איך האָב אים געענטפערט אויף זיין פראַגע, האָט ער מיר געזאָגט: „געגוג האָסטו זיך שוין אָנגעזען, קענסט שוין שטאַרבן!״

נאָך דעם פּיינלעכן מעת לעת האָט זיך ווידער אַריינגעשטעלט נעכין.
ער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט כעס.

— נו, דו וועסט זיך מודה זיין ?

איך האָב געשוויגן. האָט ער זיך אָוועקגעזעצט, לאַנג איבערגעשריבן דאָס נעכטיקע פּאַפּירל און מיר געלייענט לאַנגזאַם פּונקט נאָך פּונקט. צו מיין מידן מוח איז דערגאַנגען, אַז די באַשולדיקונג אין שפּיאָנאַזש איז שוין נישט פאַראַן און — מיין פאַרברעכן באַשטייט אין אומלעגאַלן אַריבער־גיין די גרענעץ.

דעם פּראָטאָקאָל האָב איך אונטערגעשריבן. אין משך פון פערצן יאָר האָב איך דאָך פון מיין אומלעגאַלן קומען אין לאַנד קיין סוד נישט גע־מאַכט. נאָך דעם האָט מען מיך צוריקגעפירט אין קאַמער.

אַלע פרויען האָבן געוואַרט שווייגנדיק. איך בין אַרויפגעקראָכן אויף דער נאַרע און מיט אַ שטילער זיך לעשנדיקער שטימע אַלצדינג זיי דער־ציילט.

— נו — האָבן זיי אָפּגעאָטעמט פרייער — דו ביסט אַ גליקלעכע.

אין דער דאָזיקער קאַמער בין איך געזעסן 12 טעג. מער האָט מען מיך נישט גערופן. אין דער צייט האָט מען געבראַכט נייע „פאַרברעכער" און זיי געפירט אין די נעכט אויף פאַרהער.

איין מאָל, בייטאָג, האָט מען אַריינגעוואָרפן אין קאַמער אַ פרוי פון אַ יאָר זעכציק. מ'האָט זי געבראַכט פון שטעטל בירא. זי האָט דערציילט, אַז מיט עטלעכע טעג פאַרן אַרעסט איז מען געקומען צו איר פון נ.ק.וו.ד. און מ'האָט איר באַפוילן זי זאָל פאַרקויפן איר ווירטשאַפט — די בהמה און די אַנדערע בעלי־חיים און די שטוביקע זאַכן. אַלץ, אַלץ פאַרקויפן. ווייל איר גאַנצע משפחה שיקט מען אַרויס אין אַן אַנדער געגנט.

ווייענענדיק האָט זי דערציילט, אַז זי האָט געפאָלגט. אַלצידנג פאַר־קויפט פאַר 3 טויזנט רובל, אַ חוץ די ווייכע זאַכן וואָס זי האָט איינגע־פּאַקט. זי האָט אַפילו געשאָכטן עטלעכע עופות און געמאַכטערהייט איינ־געפּאַקט אין דעם בעטגעוואַנט, אַז די משפחה זאָל האָבן אַ ביסל פּראָוויזיע אין לאַנגן וועג, אין דער אומבאַוווסטקייט אַריין. און ווי איר זעט — די אַנדערע געגנט האָט זיך אויסגעלאָזט, אַהערצו. אין דעם קעלער אַריין. דאָס געלט האָט מען ביי איר צוגענומען. די זאַכן, די קינדער און זי מיטן מאַן האָט מען געבראַכט אַהער. וואָס אמת איז אמת, אַ קבלה אויף די דריי טויזנט רובל האָט מען איר יאָ געגעבן.

ברכה, אַזוי האָט מען זי גערופן, האָט גערעדט אָן אַן אָפּשטעל, שאָק־לענדיק זיך מיט אַ געוויין.

— וווהין האָט מען אַהינגעטאָן מײַנע קינדער ? וווהין האָט מען היג־געטאָן מײַן מאַן ? געוואַלד געשריגן — האָט זי פּלוצעם אַרויסגעיעכצט — די הינער וועלן דאָך פאַרשטונקען ווערן, ווען מען גיט מיר זײַ אַוועק וואָלטן מיר נישט געדאַרפט עסן דעם פּאַסקודנעם זופּ !...

פאַר ברכהן האָט מען געמאַכט אַן אויסנאַם. זי פלעג מען נעמען אויפן פאַרהער בײַטאָג.מיט איר פלעגן זיך טרעפן קאָמישע אויספאַרשונגען, ווײַל זי האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס מען וויל פון איר און פון איר מאַן וועמען זי איז געווען אַ גוטע פרוי, און אַ גוטע מאַמע פאַר אירע קינדער, נאָר אַ פולשטענדיקער אַנאַלפאַבעט, וואָס פלעג אַנשטאָט אַ חתימה שטעלן דרײַ צלמלעך.

אין איינער אַ נאַכט האָט אונדזער קאָמער־טיר זיך אויפגעעפנט מיט אַ שטאַרקן הילך. מען האָט באַפוילן שנעל, שנעל זיך צונויפנעמען מיט די זאַכן. דאָס איז געקומען אַזוי אומדערוואַרט אַז דאָס האַרץ האָט בײַ מיר, ווי בײַ אַלע אַנדערע פרויען, גענומען שטאַרק קלאַפּן, באַהערשט פון אַן אומרו. די הענט און די פיס האָבן זיך געטרייסלט. אין דרויסן האָט אונדז דוכרגענומען אַ שטאַרקער פראָסט. פון לאַנגן זיצן מיט די פיס אונ־טער זיך, איז דאָס גיין אונדז אָנגעקומען שווער. מיר האָט פאַרפעלט אָטעם. די וואַך האָט געטריבן. וווהין ? וווהין טרײַבט מען אונדז אין אַזאַ בהלה ? צי דען צום שיסן, האָב איך געטראַכט. מען האָט אונדז געבראַכט אויפן ביראַ־בידזשאַנער בײַעם וואָקזאַל, ווו ס'האָט שוין געפּראַרן אַ גרופּע מענער־אַרעסטאַנטן. אין דער פינצטער האָבן אַ סך זיך דערקענט. אַ שרעק־לעך באַגעגעניש. חוה פײַער האָט זיך געטראָפן מיט איר מאַן. אַ גרויל האָט אַרומגענומען פון דער צונויפטרעפעניש.

מען האָט אונדז אַלע אַרײַנגעטריבן אין איין וואַגאָן. מענער באַזונדער פון די פרויען. מ'האָט באַמערקט ווי אויסגעמאַטערט און בלאַס עס זענען די מענער. שטומערהייט, מיט זשעסטן האָבן זײ אונדז געוויזן, אַז זײ זענען געפּײַניקט געוואָרן. חוה האָט אים מיט די הענט געוויזן אויף איר בויך, פון וואָס ס'איז געווען צו פאַרשטיין אַז זי איז שוואַנגער, און דער־בײַ האָט זי געוויינט.

מיך האָט דערקענט מײַן געוועזענער שילער וואַסערמאַן, דער בעסטער סטודענט פון פּעדאַגאָגישן טעכניקום. אַ פעיִקער, אינטערעסאַנטער יונגער־מאַן וועלכער איז אויך געקומען פון פוילן. בײַ נאַכט, ווען די אַרעסטאַנטן האָבן ווי עס איז זיך אויסגעצויגן און אויסגעמאַטערטע אײַנגעשלאָפן, האָט

ער שטילערהייט זיך צוגעגנבעט צו מיר און דערציילט ווי אַזוי מען האָט אים ביין מעת לעת נאָך אַנאַנד געפּייניקט באַשולדיקנדיק אין שפּיאָנאַזש. אין אַ שטאַרק אָנגעהייצטן צימער האָט מען אים געצוווּנגען שטיין, אָנגעטאָן אין אַ וואַרעמען ווינטער־מאַנטל, אין משך פון לאַנגע מעת לעתן. ער פלעג אַנידערפאַלן אויסגעמאַטערט פון דער היץ, האָט מען אים אָפּגעגאָסן מיט אייז־וואַסער. דערמונטערט, און געצוווּנגען ווייטער צו שטיין. דאָס האָט זיך איבערגעחזרט אַזוי לאַנג ביז ער האָט אויפגעהערט פאַרשטיין וואָס עס טוט זיך מיט אים. ער איז דערגאַנגען צו אַזאַ צושטאַנד, ווען ער האָט שוין פאַרלאָרן דעם קאָנטראָל איבער זיינע געדאַנקען. און די מערדער האָבן זיך דערשלאָגן ער זאָל אונטערשרייבן די פאַלשע באַשולדיקונג אויף זיך אַליין!! ער האָט מיך געבעטן, אַז אויב איך וועל מיך באַפרייען, זאָל איך אָפּזוכן זיין יונגע פרוי, אויך אַ סטודענטין און איר דערציילן אַלץ וואָס מ'האָט מיט אים געטאָן. ער איז געווען אין טיפסטן ייאוש, אַ זיכערער אַז מען וועט אים דערשיסן, ווייל פאַר אַזאַ פאַרברעכן, לויטן סאָוועטישן געזעץ, קומט די העכסטע שטראָף...

ביים געזעגענען זיך האָב איך שטיל געוויינט. וואַסערמאַן האָט געקוקט אויף מיר מיט דערשראָקענע אויגן, נאָר פון דעסטוועגן האָט ער ביי מיר געבעטן אויב איך האָב אַן איבעריקן האַנטעך. בעתן אַרעסט האָט מען אים נישט געלאָזט נעמען קיין שום זאַך. אַזוי ווי איך האָב אין שטוב קיין געלט נישט געהאַט האָבן מיר זיך געטוישט, ער מיר צען רובל, איך אים אַ האַנטעך.

אויפן צווייטן טאָג, אין דער פינצטער, האָט מען אונדז אַרויסגעפירט פון דעם וואַגאָן און אַריינגעשטופּט אין אַ פאַרמאַכטער מאַשין („טשאָרני וואָראָן") וואָס פלעג אַרומיאָגן ווי אַ געשפּענסט איבער די גאַסן פון די סאָוועטישע שטעט און אָנוואַרפן אַן אימה אויף די מענטשן. אין מאַשין זענען מיר פון ענגשאַפט געלעגן ממש אייגער אויפן אַנדערן. ווען מ'האָט אונדז אויסגעלאָדן אין הויף און כ'האָב דערזען די פילשטאָקיקע פענצטער מיט די „דאַשיקעס" איבער זיי, וואָס האָט מיר דערמאָנט דעם וואַרשעווער „פּאַוויאַק", האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז מיר געפינען זיך אין הויף פון דער כאַבאַראָווסקער תפיסה.

מ'האָט שנעל אָפּגעטיילט די מענער פון די פרויען. ווידער און צום וויפלטן מאָל — די אונטערזוכונג־פּראָצעדור. צוגענומען יעדע זאַך, מיט וועלכער מען קען זיך מאַכן אַ סוף צום לעבן... זעכצן פרויען פון ביראָבידזשאַן האָט מען אונדז אַריינגעזעצט אין איין פּוסטער קאַמער, וווּהין מ'האָט אין אָוונט אַריינגעוואָרפן עטלעכע שטרוי־מאַטראַצן. צווישן די

זעכצן פרויען האָבן זיך געפונען אייניקע וואָס האָבן געוווּסט מער פּרטים ווי אַזוי מ׳האָט געפּאָרשט און פּאַרפּייניקט די פרוי פוקס. ביין מעת לעת האָט מען זיי נישט אויפגעהערט שלאָגן. אַ צעבלוטיקטע זי געהאַלטן אויפן דיל, נישט געבנדיק איר די מעגלעכקייט זיך אָפּצוּוואַשן. איינגעריכט אין בלוט און אין שמוץ האָט זי שוין אַליין נישט פאַרטראָגן דעם שטינק פון איר צעממיתטן קערפּער. צוזאָגנדיק איר אַז אויב זי וועט אונטערשרייבן וועט מען זי פירן אין באָד, האָט זי זיך איינגעבראָכן. די טייוולאָנים האָבן ווירקלעך געהאַלטן וואָרט. מ׳האָט זי אָפּגעפירט אין באָד און אַ ריינע, אַרומגעוואַשענע האָט מען זי דערשאָסן.

וועגן סעקרעטאַר פון בירא־בידזשאַנער שטאָטישן פּאַרטיי־קאָמיטעט האָבן זיי געוווּסט צו דערציילן פאָלגנדעס: בעת מ׳האָט אים געפירט פון דער אויספאָרשונג אין קאַמער, האָט ער זיך אַראָפּגעוואָרפן פון די טרעפּ, צעבראָכןביידע פיס און מ׳האָט אים געמוזט אַריינלייגן אין שפּיטאָל אונטער אַ באַוואָפנטער וואַך. ווען מ׳האָט אים אָפּגעפירט אין כאַבאַראָווסקער תּפיסה איז זיין פרוי (אַ רוסישע) געלאָפן איבער די גאַסן פון דער שטאָט בירא־בידזשאַן, ווי פון זינען, און געשריגן: „וואָס וויל מען פון מיין מאַן? פאַר וואָס פּייניקט מען אים?״

אין דער קאַמער פון די 16 פרויען האָב איך זיך געטראָפן מיט דער פרוי ציגעלניקער — די ריכטערין פון דער בירא־בידזשאַנער געגנט. איך האָב זי פריער נישט געקענט. אָבער זי האָט וועגן מיר געוווּסט אַפילו דאָס אַז איך בין מיט יאָרן צוריק געווען זאַבלודאָווסקיס ווייב. זי האָט מיר דערציילט אַז איין מאָל, ווען מ׳האָט די אַרעסטירטע פרויען אַרויסגעפירט אויפן שפּאַציר אין הויף פון בירא־בידזשאַנער נ.ק.וו.ד. האָט זי, צוקומענדיק צו די פענצטער פון דער מענער־קאַמער געפרעגט וואָס איז מיט זאַבלודאָווסקין, האָט מען פון דאָרט געענטפערט: — פרעג נישט! די דאָזיקע צוויי ווערטער האָבן שוין אַלצדינג פאַרענטפערט.

די פרויען האָבן אויך געוווּסט צו דערציילן אַז הינטער דער שטאָט בירא־בידזשאַן, אויף דער אייזנבאַן־ליניע, איז געשטאַנען אַ פוסטער לאַסט־וואַגאָן. אַהין פלעג מען אָפּפירן די צום טויט־פאַראורטיילטע. דאָרט האָט מען זיי געהאַלטן עטלעכע טעג און — דאָרט טאַקע פלעג מען זיי אומברענגען!!!

אין גיכן האָט מען אונדז די זעכצן צעשיידט. איך בין אַריינגעפאַלן אין אַ קאַמער מיט צוויי פון די זעכצן. איינע — געניע הערנאָווסקי, די פרוי פון אַ מיטאַרבעטער פון בירא־בידזשאַנער צייטונג פינקלשטיין. ער איז אַרעסטירט געוואָרן דעם 11טן נאָוועמבער אין איין נאַכט מיט זאַב־

לודאָווסקין. די צווייטע פרוי דאָרא (איר פאַמיליע ווייס איך נישט) האָט גאַנצע טעג געוויינט, נישט ווייסנדיק וואָס מיט אירע קינדער איז געשען, געבליבענע אויפן בּאַראָט פון די וויסטע מאַכט־האָבער ערגעץ אין אַ יישוב אין בּיראָ־בּידזשאַן.

אין דער דאָזיקער גרויסער קאַמער זענען מיר געווען 107 פרויען. אין נאָרמאַלע צייטן איז זי באַשטימט געווען פאַר 25 פּערזאָן. פון ענגשאַפט און פון דער פאַראַשע איז דאָרט געהאַנגען אַ גרויס געשטאַנק נישט צום אָטעמען. כמעט אַלע אין קאַמער זענען געווען רוסישע פרויען פון דער־שאָסענע מענער — מיליטערלייט. אַ טייל פון זיי איז געשלאָפן. אַ טייל זיך געשאָקלט, קוקנדיק סתם אין איין פּינטל, אַ טייל געלייענט (אין כאַבאַראָווסקער תפיסה האָט מען געגעבן ביכער צום לייענען). אַלע זענען שוין געזעסן אַ לענגערע צייט און געוואַרט אויפן משפט. קיינער פון זיי האָט נישט געהאָפט באַפרייט צו ווערן.

אונדז האָבן זיי אויפגענומען זייער פריינדלעך. זיי האָבן זיך צונויפגערוקט, אונדז געגעבן אָרט אויף די נאַרעס, און דערביי געוואָרנט, אַז מען שלאָפט לויט אַ ריי. פאַר אַלע איינצייטיק צו שלאָפן איז קיין אָרט נישטאָ. זיי האָבן דאָרט געוווינט חדשים־לאַנג. אָן לופט. און וואָס ערגער — נישט ווייסנדיק וועגן זייערע אויף הפקר געבליבענע קינדער, און געמאַטערט פון דער פראַגע: וואָס וועט זיין זייער אייגענער גורל?

הערנדיק אַז מיר זענען בּיראָ־בּידזשאַנער האָט איינע אַ שיינע, דיקלעכע פרוי אין מיטעלן עלטער געפרעגט מיט אַ געוויין:

— אפשר האָט איר געהערט וואָס ס'איז געוואָרן מיט מיין יינגל. מיין איין און איינציק קינד?

זי איז געווען די פרוי פונעם נאַטשאַלניק פון בּיראָ־בּידזשאַנער נ.ק.וו.ד. ווען ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די אַרעסטן האָט מען אים געגומען דעם ערשטן. ער איז געווען אַ רוסישער מענטש און האָט תמיד באַזוכט אַלע יידישע פאַרזאַמלונגען, באַמיענדיק זיך צו באַנעמען וואָס מען רעדט. אַ גוטער פון נאַטור, האָט ער זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט דער בויונג פון דער געגנט. די גוטע מידות און אייגנשאַפטן פון דעם מענטשן זענען, ווייזט אויס, געווען געגנוג מען זאָל אים אָפּרוימען פון וועג, כדי ער זאָל קיין שטער נישט זיין אין דער בלוטיקער פאַרניכטונג פון דער געגנט. זיין פרוי האָט מען אויך באַלד אַרעסטירט און זייער יינגעלע מסתם פאַרנומען אין אַ קינדערהיים. אים, דעם פאָטער, ווי מ'האָט דערציילט, האָט מען לאַנג געפייניקט, געצווונגען עטלעכע מעת לעת שטיין אויף די פיס ביז זיי זענען געשוואָלן געוואָרן און ווען מ'האָט אים דערלויבט אויסצוטאָן די שטיוול,

האָט מען זיי געמוזט צעשניידן, ווייל אַנדערש האָט מען זיי נישט גע־קענט אָראָפּציען.

אין כאַבאַראָווסקער תפיסה, האָט מען געשמועסט, זענען געווען דע־מאָלט עלף טויזנט אַרעסטאַנטן. דאָס האָט מען געוווּסט פון די אַרעסטאַנטן, וואָס האָבן געאַרבעט אין קיך און לויט די עלף טויזנט פּאָרציעס ברויט וואָס מ׳האָט דאָרט אַנגעשניטן טעגלעך.

זייער אָפט פלעג מען פון די קאַמערן אַרויסיאָגן אין די קאָרידאָרן און דורכפירן די ציילונג, כדי זיך איבערצייגן, אַז די צאָל אַרעסטאַנטן שטימט (כאָטש אַנטלויפן פון דער טורמע איז געווען אוממעגלעך). אין די זעלבע קאָרידאָרן פלעג מען צוזאַמענשטעלן די גרויסע עטאַפּן.

מיר, די בירא־בידזשאַנער, האָבן זיך אין דער כאַבאַראָווסקער תפיסה געפונען דריי חדשים. אין דער צייט האָב איך אויפגעהערט מורא האָבן, אויפגעהערט ווייגען. איך האָב זיך באַקאַנט מיט פיל אינטערעסאַנטע פרויען — געלערנטע, וויכטיקע פּאַרטייִישע, געזעלשאַפטלעכע טוערינס. איינע, וועלכע איז געשלאָפן אויף איין נאַרע מיט מיר, האָט מיר דערציילט, אַז זי האָט פאַר אַקטיווער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט באַקומען אַ פּרעמיע פון דער האַנט פון סטאַלינען בכבודו.

מיר פלעגן שמועסן לאַנג וועגן ליטעראַטור, טעאַטער. די פרויען מיט וועלכע איך בין נאָענט געווען זענען געווען צו גוט דערצויגן און נישט געלאַכט פון מיין פאַרגרייזטן רוסיש ריידן און פון מיין אַקצענט, פאַרקערט: זיי האָבן מיך אויסגעבעסערט און געלערנט. מיר האָבן פאַרזיכטיק גע־שמועסט אויך וועגן דעם וואָס קומט פאָר אין לאַנד, וועגן די מאָטיוון וואָס האָבן באַוויגן סטאַלינען דורכצופירן אָט דעם אומדערהערטן פּאָגראָם, און וועגן די שוואַכע וואָס האָבן, ווען ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די רדיפות, אַנשטאָט צו קעמפן, זיך גענומען דאָס לעבן...

אינטערעסאַנט האָט אונדזער קאַמער באַגעגנט דאָס נייע 1938 יאָר. די פרוי פון ב.ק.וו.ד.־נאַטשאַלניק האָט געהאַט אַ קלינגענדיק־אָנגענעמע שטים. זי האָט גוט געזונגען אַריעס פון אָפּערעס, האָבן מיר איינגעאָרדנט אין דער נאַכט פון נייעם יאָר אַ קאָנצערט. צוועלף ביינאַכט ווען אין גאַנצן לאַנד טרינקט מען שאַמפּאַניער־וויין, ווען שיכורים וואַלגערן זיך איבער די גאַסן, קינדער טאַנצן אַרום יאָלקעס, האָט אין כאַבאַראָווסקער תפיסה־קאַמער זיך דערהערט די קלינגענדיקע שטים פון אונדזער זינגערין. זי האָט געזונגען פריי, אָפן, מיט דער פולער שטים, אָן מורא, בעסער געזאָגט — אויף צע־פּיקעניש. זי האָט אין דעם געזאַנג אַרייַנגעגאָסן איר גאַנצע פאַרביטערונג און פּראָטעסט.

דער וועכטער האָט געקלאַפּט אין טיר זי זאָל אויפהערן זינגען. עס זענען זיך צונויפגעלאָפן נאַטשאַלניקעס. ווען מ׳האָט אויפגעפראַלט די טיר, האָבן מיר זיי באַגעגנט מיט געשרייען:

— וווהין האָט איר אַהינגעטאָן אונדזערע קינדער? פאַר וואָס האָט איר אונדז אַרעסטירט?

פאַרשטייט זיך, דער פּראָטעסט־קאָנצערט האָט אונדזער לאַגע אויף אַ האָר נישט פאַרבעסערט. נאָר אַ מאָראַלישע באַפרידיקונג האָבן מיר געהאַט.

אין איינער אַ נאַכט האָט אַ פרוי געגומען יאָמערן, אויפוועקנדיק נישט נאָר די קאַמער, נאָר די גאַנצע תפיסה.

— גיט מיר אָפּ מיינע קינדער, האָט זי געיעכצט. איצט, נאָר וואָס האָב איך געהערט זייערע קולות!... גיט מיר אָפּ מיינע קינדער!

באַרויִקן זי האָט מען נישט געקענט. די פרוי איז געווירט געוואָרן פון זינען און מ׳האָט זי באַלד אַוועקגענומען אין אַ שפּיטאָל.

נאָך דעם פאַל האָב איך געטראַכט, אַז מיר איז גוט. איך האָב נישט קיין קינדער. איך וואָלט זיכער אויך משוגע געוואָרן.

— איין מאָל (דווקא בייטאָג), אָנהייב פרילינג, האָט מען אונדז דריי בירא־בידזשאַנער אַרעסטאַנטינס גערופן צום נאַטשאַלניק. אין אַ צימער פון טורמע־אַדמיניסטראַציע איז געזעסן אַ יונגער שיינער מאַן אין עלע־גאַנטן מיליטערישן קאָסטיום. אויפן טיש ביי אים — אַ גאַנץ פּעקל פּאַפּירן. מ׳האָט אונדז אַריינגערופן איינציקווייז און ער האָט גאַנץ פשוט אונדז באַ־וויזן געמאַכט דעם אורטייל: לויטן באַשלוס פון אַ ספּעציעלער באַראַטונג בין איך (און זיי) פאַרמשפּט אויף צען יאָר לאַגער, פאַר קאָנטררעוואָלו־ציאָנערער טעטיקייט!

כאָטש יעדער איז געווען גרייט צו הערן די דאָזיקע בשורה, זענען צווישן די פרויען געווען אַזעלכע וואָס, אויסהערנדיק די בשורה, פלעגן זיי פאַלן אין חלשות. אַנדערע האָבן זיך צעשריגן, צעוויינט, געריסן די האָר פון קאָפּ, זיך אָפּגעזאָגט אונטערשרייבן די פּאַפּירלעך. פאָרמעל האָט דאָס געהייסן נאָר אַ „באַקאַנטמאַכונג". מ׳האָט זיך צעשריבן אַז „מ׳האָט גע־הערט" און דאָס איז אַלץ.

— דער אורטייל איז נישט קיין ריכטיקער, האָב איך אָן טרערן, נאָר מיט כעס זיך צעשריגן.

— איר קענט שרייבן אַן אַפּעלאַציע, האָט ער מיר געזאָגט מיט אַ שמייכעלע.

— ווי אַזוי, האָב איך אים געפרעגט, ווען אין תפיסה איז נישטאָ קיין טישל, קיין בענקל, קיין פּאַפּיר און קיין פעדער? און צו וועמען שרייבן?

— מיר וועלן אַלץ טאָן, איר וועט אַלץ באַקומען, האָט ער געענטפערט געלאַסן און גאַנץ רויִק.

פאַרשטייט זיך אַז דאָס איז געווען אַ ליגן.

צען יאָר, האָבן מיר געמאָלדן אומקערנדיק זיך אין קאַמער.

— צען יאָר — האָט זיך צערעוועט דאָראַ... וואָס וועט זיין מיט אונד־זערע קינדער ?...

אין אַ טאָג אַרום האָבן אַלע בירא־בידזשאַנער אויף די ווענט אין טואַלעט אויסגעקריצט: — צען יאָר!

— עס קען נישט זיין! עס קען נישט זיין! — האָט איינע אין דער קאַמער געשריגן — עס קען נישט זיין. די ראַטנמאַכט זאָל משפטן אומשול־דיקע מענטשן צו צען יאָר לאַגער.

דאָס איז געווען די לייטערין פון כאַבאַראָווסקער בילדונגס־אָפּטייל, אַ יידישע פרוי, אַן אַלטע באָלשעוויטשקע. מיר, די דריי פאַראורטיילטע פרויען, זענען זי באַפאַלן מיט אונדזערע געשרייען און וואָלטן זי דורס געווען ווען מען לאָזט אונדז...

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען אַלע בירא־בידזשאַנער אָפּגעשיקט מיטן עטאַפּ אין די לאַגערן.

דערמאָרדנדיק און אָפּרייניקנדיק בירא־בידזשאַן פון די בעסטע מענטשן האָט מען צוגעפירט צום סוף די ליקווידאַציע־טראַגעדיע פון דער יידישער אויטאָנאָמער געגנט.

קאַפּיטל פינף

# עטאַפּן און לאַגערן

פּאַראורטיילטע און וויסנדיק אַז מען דאַרף זיך גרייטן צום עטאַפּ, זענען מיר געוואָרן שטאַרק אַקטיוו און געגומען קלאַפּן אין די טירן אַזוי לאַנג ביז וואַנען דער תפיסה־נאַטשאַלניק איז נישט געקומען געוואָר ווערן וואָס מיר פאַרלאַנגען. מיר האָבן געשריגן, געוואַלדעוועט, מען זאָל אונדז אָפּגעבן אונדזערע זאַכן... מיר זענען דאָך נישט פאַרמשפּט „מיט קאָנפיס־קירן אונדזער פאַרמעגן"...

דער נאַטשאַלניק האָט אונדז באַרויִקט מיט אַ ליבן שמייכעלע, אַז ווען דער אַרעסטאַנטן־עשאַלאָן וועט פאַרבייפאָרן בירא־בידזשאַן וועט מען אונדזערע זאַכן אַלעמען אַריינטראָגן אין וואַגאָן.

איך האָב געפאָדערט מיין לעדערן פאָרטפעלכל. מיין גאַנצער כעס און פאַרביטערונג קעגן דעם הימלשרייענדיקן אומרעכט האָט זיך אויסגעדריקט אין דער פאָדערונג פון דער־אַ באַגאַטעל... מיר האָבן אויסגעצייכנט גע־ווּוסט אַז קיין שום זאַכן וועלן אונדז נישט ווערן אָפּגעגעבן, אָבער דער ווייטיק, דער פאַרדרוס האָבן געדאַרפט געפינען אַן אַרויסגאַנג. איך האָב אויסגעצייכנט געוווּסט אַז מיין פאָרטפעלכל געפינט זיך נישט אין דער כאַבאַראָווסקער תפיסה, און דאָך האָב איך געטומלט. איך האָב נישט גע־וואָלט קיין צוזאָגן... שוין האָב איך עס געפאָדערט, אויפן אָרט.

כדי פּטור צו ווערן פון מיין דעמאָנסטראַציע האָט מען מיך אַראָפּגע־פירט אין קעלער פון דער כאַבאַראָווסקער תפיסה. אין אַ גרויסן צימער האָט זיך געפונען אַ באַרג מיט לעדערנע זאַכן. צוגענומענע פון די אַרעס־טירטע בעתן אַרעסט. זיי האָבן מיך אַריינגעלאָזן איך זאָל אַליין געפינען דעם פאָרטפעל מיינעם. נאָר זעענדיק דעם באַרג מיט פאָרמאָנעטן, אַלער־ליי לעדערנע טעשלעך, פאָרטפעלן, האָב איך נישט געקענט מאַכן קיין שפּאַן. מיין האַרץ האָט זיך פאַרקלעמט ביים געדאַנק אַז די אייגנטימער פון אָט־די אַלע קעגנשטאַנדן זענען שוין נישטאָ. אַז דאָס זענען זאַכן פון מיליטערלייט וואָס זענען שוין דערשאָסן. דער באַרג מיט די זאַכן

האָט מיר דערמאָנט דעם באַרג מיט קינדער־שיכלעך אין אָשווענצים. אין גרויסער פאַרצווייפלונג האָב איך אָנגעהויבן שרייען און בעטן מען זאָל מיך צונעמען פון דעם שרעקלעכן אָרט...

סוף מאַרט 1938 האָט מען אונדז אַרויסגעפירט צום עטאַפּ.

פון דער תפיסה צו דער באַן־סטאַנציע האָט מען אונדז געפירט אין דעם „טשאָרני וואָראָן". דאָרט האָט מען אונדז אויפגעלאָדן אין די בהמה וואַגאָנען, אין זיי זענען געווען טאָפּל־נאַרעס, אַ פאַרקראַטעוועט פענצטער און ברייטע טירן וואָס פלעגן זיך עפענען נאָר דעמאָלט ווען מ'האָט אונדז געבראַכט דעם פּאַיאָק, וואָס איז באַשטאַנען פון דער ברויט־פּייקע, וואַסער און פון צייט צו צייט עטלעכע שטיקלעך צוקער פאַר אַ מענטשן. זעלטן האָט מען געהאַט אויך אַ לעפל „באַלאַנדע" (אַ שיטערע לעמעשקע). די באַטירלעכע באַדערפענישן האָט מען געמאַכט אין וואַגאָן (אַן אויסגעשניטן לאָך אין דיל). ביז קראַסנאָיאַרסקער קאַנט האָט דער עשאַלאָן זיך געשלעפּט אַ גאַנצן חודש.

אין וואַגאָן האָבן זיך געפונען אויך קרימינעלע (גנבטעס, זונות). זיי האָבן געקענט פאַר אַ שטיקל ברויט אָדער פּיצל צוקער שלאָגן, אונדז פּאָ־ליטישע, וועמען זיי האָבן אָנגערופן „שונאים פון פאָלק". ווי דער מלוכה אַז זיי זענען געווען די „פריינד".

די דאָזיקע שרעקלעכע פאַרדאָרבענע אונטערוועלט האָט גוט געוווּסט דעם אונטערשייד אין דער באַציונג פון די מאַכט־אָרגאַנען צו ביידע קאַ־טעגאָריעס אַרעסטאַנטן, דעריבער האָבן זיי זיך געפירט מיט אונדז אָן שום צערעמאָניעס, וויסנדיק אַז זיי וועלן נישט באַשטראָפט ווערן. אויב אין אונדזער וואַגאָן איז נישט געקומען צו קיין אינצידענטן מיט די געמיין־פאַרברעכערינס, איז עס אַ דאַנק דער יידישער פרוי צילע מאַרגאָליס, וועל־כע האָט געקענט מיט זיי אויסקומען און געהאַט אויף זיי אַ השפּעה. אין די תפיסות האָט מען זיך באַמיט אָפּצוזונדערן די צוויי קאַטעגאָריעס. אין עטאַפּן איז דאָס געווען אוממעגלעך. מיר האָבן אַליין געדאַרפט אויסגע־פינען מיטלען דורכצוקומען מיט זיי. דעם סוד האָט געוווּסט די פרוי צילע מאַרגאָליס, אַזוי ווייט אַז זי איז געוואָרן באַליבט ביי דעם מענטשלעכן פּסולת. זיי האָבן זי געפאָלגט און זי גערופן „מאַטושקאַ" — מוטערל.

וווהין מען פירט אונדז האָבן מיר נישט געוווּסט און אויך נישט ווי לאַנג דאָס שלעפּן זיך פון דעם עשאַלאָן וועט געדויערן. אין וואַגאָן האָב איך מיך צונויפגעטראָפן מיט נייע, אומבאַקאַנטע מענטשן. אונדז, די בירא־בידזשאַנער האָט מען צעשיידט, צעוואָרפן אין פאַרשיידענע וואַגאָנען. אין וואַגאָן איז געווען פינצטער. געשטאַנען אויף באַן־סטאַנציעס איז מען

אויף זייטיקע ליניעס אין טעמפּע ווינקלען) אַזוי אַז מיר האָבן אַפילו נישט געוווּסט ווען מיר זענען פאַרבייגעפאָרן ביראָ־בידזשאַן ווו מ׳האָט אונדז צוגעזאָגט אַריינברענגען אונדזערע צוגענומענע זאַכן...

צוריק מיט פיר יאָר בין איך אויף דעם וועג געפאָרן פול מיט האָפע־נונג, אַ פרייער מענטש מיט אַן אינטערעסאַנטן באַרוף. און באַזונדערס — מיטן ווילן צו העלפן בויען אַ יידישע אויטאָנאָמע געגנט. אַצינד פירט מען מיך צוריק מיט דעם זעלבן וועג — אַ פאַרשלאָסענע, פאַרמשפּטע פאַר פאַרברעכנס וואָס איך האָב נישט נאָר נישט באַגאַנגען, נאָר אַפילו אין זינען נישט געהאַט זיי צו באַגיין...

מיט 18 יאָר צוריק האָט מען מיך, צוזאַמען מיט חברים פּועלי־ציון, געפירט אין עטאַפּ פון וואַרשע אויך אין אַן אומבאַוווּסטער ריכטונג. דער וואַגאָן איז אויך געווען אַ שמוציקער, פאַרלייזיקטער. אָבער די טיר פונעם וואַגאָן איז געווען אָפן. מיר זענען געזעסן מיט אַראָפּהענגענדיקע פיס. אויף די סטאַנציעס ווען די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט פלעג אונדזער גוטער וועכטער לויפן אונדז ברענגען געקאָכט וואַסער, אָדער קויפן עפּעס עסן, פאַר אונדזער געלט.

דאָ פירט מען אונדז ווי בהמות צו דער שחיטה. דעמאָלט האָט מען אונדז דאָך אַרעסטירט **פאַר עפּעס**! מיר זענען דאַן געווען אָרגאַניזירט קעגן דעם רעזשים פון פּוילן. און דאָ פאַר וואָס? פאַר וואָס האָט מען אונדז גע־משפּט אויף צען יאָר? צען יאָר באַרויבט זיין פון דער פרייהייט?

סוף כל סוף האָט דער עשאַלאָן (24 וואַגאָנען) זיך אָפּגעשטעלט. מיט אַ ליאַרעם האָט מען אויפגעפּראַלט די טירן און אונדז באַפוילן אויסצו־שטייגן!

לאַנגזאַם האָבן מיר אַראָפּגעשפּרונגען פון די פאַרשטונקענע וואַגאָנען. ס׳האָט געוויייעט אַ פרילינג־ווינטל. די זון האָט געשיינט; כ׳האָב מיר פאַר־שטעלט די אויגן פון אַזוי פיל שיין. די פיס האָבן זיך געטרייסלט.

ווו מיר געפינען זיך? קיינער האָט נישט געוווּסט. שנעל האָט מען אונדז אַריבערגעזעצט אין קליינע וואַגאָנדלעך אויף אַ שמאָל־רעלסיקער ליניע. און די באַן האָט ווי אַ שלאַנג זיך אַריינגעדרייט אין אַ געדיכטן וואַלד. פּלוצעם האָט זי זיך אָפּגעשטעלט. מ׳האָט אויסגעלאָדן אַ טייל אַרעסטאַנטן און די באַן האָט ווייטער פאַרגעזעצט איר וועג. ביים צווייטן אָפּשטעל האָט מען ווידער אויסגעלאָדן אַ גרופּע מענער און פרויען. איך בין געווען צווישן זיי.

טיף אין וואַלד אַריין האָט מען אונדז געפירט צו פוס. מיר זענען צו־געקומען צו אַ הויכן פּלויט פון ברעטער, וואָס אויף זיינע שפּיצן איז ער

געוועז אַרומגעפלאָכטן מיט שטעכלדראָט. ס'האָט זיך אויפגעמאַכט אַ ברייט־טער טויער און מ'האָט אַריינגעפירט די גאַנצע גרופע אין דער אינעווייניק־סטער זאָנע. דאָרט זענען געווען באַראַקעס. דאָרט האָבן שוין געלעבט אַרעסטאַנטן געבראַכטע מיט פריערדיקע עטאַפּן פון תפיסות און פון אַנ־דערע לאַגערן.

פאַר מיר ווי פאַר דער מערהייט פון די ניי־געקומענע איז אַלץ וואָס מיר האָבן זיך דאָ דערוווּסט געווען אַן אַנטדעקונג. אין משך פון מיינע 15 יאָר לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד האָב איך הייס געגלייבט אַז עס ווערט געבויט אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט. און פּלוצעם — אַזאַ אַנטדעקונג. מיר זענען געווען בלינד. פאַרפירט, גאַרנישט געוווּסט. קיין אַנונג נישט געהאַט אויף וועמעס פּלייצעס און אויף וועלכן אופן עס ווערן רעאַליזירט די גראַנדיעזע סאָציאַליסישע בויונגען. מיר האָבן זיך דערוווּסט פון נאָענטע און ווייטע לאַגערן מיט באַזונדערס שווערע באַדינגונגען, פון וואַנען מ'האָט אַפילו נישט קיין מעגלעכקייט זיך דורכצושרייבן מיט קרובים; אַז אין די לאַגערן געפינען זיך מיליאָנען מענטשן פון דער גרויסער, פאַרביקער פעלקער־משפחה אין אָט דער אומגעהייערער מדינה; אַז די מיליאָנען אַרעסטאַנטן זענען עס די בויער פון די וויכטיקסטע סאָציאַליסטישע אָביעקטן. און פאַר דער קאַטאָרגע־מי, אָפּהענגיק פון דער נאָרמע, וואָס דער מענטש פּילט אויס איז אויך די גרייס פון דער פּייקע ברויט וואָס ער באַקומט.

די לאַגערן שטעלט מען אַוועק נאָענט צום אַרבעטס־אָביעקט. אין לאַנד געפינען זיך לאַגערן אויף הונדערטער קילאָמעטער. דאָס איז אין פאַל ווען מען בויט אַן אייזנבאַן־ליניע. אָדער אויף אויסהאַקן וועלדער, ווי אין קראַסנאָיאַרסקער קאַנט. 99 פּראָצענט פון דער לאַגער־באַפעלקערונג מוז אַרבעטן אויף אַלגעמיינער אַרבעט, אויסער דער זאָנע. אין זאָנע בלייבט איבער נאָר די באַדינונג, אָדער קראַנקע, ווען די דאָקטוירים שטעלן פעסט אַז די מענטשן זענען ווירקלעך קראַנק. מען שטייט אויף און מען גייט שלאָפן; מען גייט אַרויס אויף אַרבעט און מען קערט זיך אום לויט אַ גראַ־פיק. און מ'איז אָפּהענגיק פונעם חסד פון בריגאַדיר — אין גרעסטן טייל פון די קרימינעלע — צי דו וועסט באַקומען אַ פולע פּייקע ברויט, אָדער אַ געקירצטע אויף העלפט. אָפט וואַרפט מען איבער פון איין לאַגער אין אַ צווייטן. מען רייסט דיך אָפּ פונעם פּלאַץ ווו דו האָסט זיך שוין צו־געוווינט, פון חברים מיט וועלכע זיך באַפריינדעט, מען זעצט דיך אַריין אין פראַכט־וואַגאָנען אין ענגשאַפט, און שטונק און מען פירט דיך — דו ווייסט נישט וווהין, און וויפל דאָס וועט געדויערן. די לאַגערניקעס שרעקן זיך פאַר די עטאַפּן. דאָס איז זייער אַ גרויסע פּלאָג.

מיר, די ניי־געקומענע, זענען דערשיטערט געוואָרן אַנטדעקנדיק אַז מיר זענען נישט מער ווי ביליקע אַרבעטס־קראַפט. אַז צוואַנגס־אַרבעט איז די באַזע פון דער סאָוועטישער ווירטשאַפט, דער גרונט־סיסטעם פון דער סאָציאַליסטישער בויונג.

לעבנדיק אויף דער פריי האָבן מיר פון דעם גאָרנישט ניט געוווּסט, ווי עס ווייסן נישט איצט יענע, וואָס זענען נאָך אויף דער פריי און ווי עס ווייסט נישט די גרויסע וועלט וועגן שקלאַפן־לאַגערן אין דעם לאַנד ווו ס׳האָט געזיגט דער אַרבעטער־קלאַס וואָס איז פון דעם נייעם, פון אים געשאַפענעם סיסטעם, אַליין פאַרשקלאַפט געוואָרן, ווי עס איז קיין מאָל פריער נישט געווען.

געלעבט האָבן מיר אין לאַגער אונטער אַ צווייענדיקן דרוק: — פון איין זייט די אונטערוועלט, וואָס האָט טעראָריזירט די פּאָליטישע, און פון דער צווייטער זייט — די אויפזעער, וועלכע מ׳האָט דרעסירט צו אַכזרישער באַהאַנדלונג פון די אַרעסטאַנטן.

צו יעדן לאַגפּונקט איז געווען צוגעפּעסטיקט אַ פאַרשטייער פון נ.ק.וו.ד. ער פלעג זיך באַווייזן פון צייט צו צייט (דער „קום״ האָט מען אים גערופן — דאָס פעטערל). ער האָט געהאַט צו זיין הילף אַ „קלאַפּער״־גרופּע, צוטראָגערס, מוסרים, הייסט עס, וואָס האָבן זיך ווערבירט הויפּטזאַכלעך פון די קרימינעלע. זיי זענען געווען פּריווילעגירטע (באַפרייט פון אַל־געמיינער אַרבעט), מ׳האָט זיי געשטעלט אויף ווירטשאַפטלעכע פונקטן אין דער זאָנע, ווי אין קיך, ביי ברויט־שניידן, אין באָד, בריגאַדירן און דע־סיאַטניקעס. מיר האָבן נישט תמיד געוווּסט ווער פון זיי עס האָט זיך פאַרקויפט צום „קום״. דעם „קום״ האָט נישט געפעלט קיין חוצפּה, אַרייג־צוציען אין זיין נידערטרעכטיקער אַרבעט פּאָליטישע; מ׳האָט געדאַרפט זיין מאָראַליש שטאַרק אָפּצושטויסן זייגע פאַרשלאַגן, ווייל נאָך דעם האָט מען דעם „אָפּזאָגער״ פאַרשיקט אין אַזעלכע לאַגערן ווו זיי האָבן נאָר געקענט געפינען דעם טויט.

פאַרשקלאַפט סיי פיזיש, סיי גייסטיק ברענגט די פאַרצווייפלונג נישט ווייניק מענטשן צום געדאַנק פון אַנטלויפן (וואָס איז כמעט אוממעגלעך), אָדער צו זעלבסטמאָרד, וואָס איז אויך שווער אויסצופירן זייענדיק שטענדיק אַרומגערינגלט מיט מענטשן. אָבער דער גרעסטער טייל האָפט דאָך זיך אומצוקערן צו זייערע משפחות און ראַטעווען זייערע קינדער, וואָס זענען געוואָרן היימלאָז, פאַרוואָרלאָזט.

בכלל האָבן אַלע לאַגערניקעס נישט אויפגעהערט האָפן אַז עס מוז קומען אַן ענדערונג. אין די שווערסטע, אין די ערגסטע צייטן האָט זיי

אונטערגעהאַלטן דער גלויבן, אַז עס מוז קומען אַן איבערבייט. אַפילו איך, וואָס האָב קיין קינדער נישט געהאַט, האָב דעם לעבנס־ווילן נישט אויפֿ־געגעבן. איך האָב געוואָלט דערלעבן צו זען דעם סוף פֿון דעם דאָזיקן גיהנום.

די סטאַנציע רעשאָטאַ וווהין מ׳האָט אונדז געבראַכט און וואָס גע־פֿינט זיך אויפֿ דער הויפּט־מאַגיסטראַל מאָסקווע־ווייטער מזרח, געהערט צום שטעטל מיט דעם זעלבן נאָמען. דאָ האָט זיך געפֿונען אויך די צענ־טראַלע פֿאַרוואַלטונג פֿון אַ גאַנצער ריי לאַגערן אין קראַסנאָיאַרסקער קאַנט.

איך בין אָנגעקומען אויפֿן צווייטן לאַגפּונקט. דאָ זענען געווען פֿינף אַזעלכע פּונקטן, אָפּגעזונדערט איינער פֿון צווייטן אויף אַ סך קילאָמעטער, ווו טויזנטער אַרעסטאַנטן האָבן געאַרבעט אויף וואַלגערן דעם וואַלד.

די אויסגעהאַקטעביימער זענען געגאַנגען אויף בוי־מאַטעריאַל. די טראַקטאָרס פֿלעגן זיי אַרויסשלעפּן פֿון וואַלד צום פֿאַבריקל ווו עלעקטרע־זעגן פֿלעגן זיי צעשניידן אויף שפּאַלעס. ס׳איז דאָרט געווען אויך אַ גרויסע אונטערנעמונג וואָס האָט געשניטן פּאַקונג־ברעטלעך פֿאַר קאַסטנס. גע־הילץ־מאַטעריאַלן זענען אויך געגרייט געווען פֿאַר עקספּאָרט.

דער שווערסטער פּראָצעס אין וואַלד איז געווען דאָס וואַלגערן ביי־מער. די אַרבעט איז דעמאָלט נישט געווען מעכאַניזירט, דערפֿאַר האָט מען פֿאַר דער אַרבעט אָפּגעקליבן די שטאַרקסטע מענער. צוויי מענער אויף אַ בוים אַ קדמון, האָבן אים אַרומגעהאַקט מיט שווערע סיבירישע העק ביז מ׳האָט אים צעלייגט. די קאַטאָרגע־אַרבעט איז אָנגעגאַנגען זומער און ווינטער. און זייער אָפֿט זענען געווען אויך קרבנות.

צעזעגן ביימער אויף קלעצער האָט זיך גערעכנט פֿאַר לייכטער אַר־בעט. ביי דער אַרבעט האָט מען אויסגענוצט פֿרויען. איך האָב געאַרבעט אויף דער פֿאַר מיט נאָך איינער אויף אַזאַ „לייכטער" אַרבעט. קלאָר, אַז מיר האָבן קיין נאָרמעס נישט געמאַכט און פֿאַר דער „גרינגער אַרבעט" באַקומען אַ קליינע פּייקע.

ווען מיר זענען געקומען אויף דעם דאָזיקן 2טן פּונקט אַ היפּשע צאָל פֿרויען זענען מיר געבליבן זיצן אַ פּאָר וואָכן אין זאָנע צוליב דעם פֿעלן פֿון אַרבעטס־אינסטרומענטן. ווייל אַזוי ווי אויף די אונטערנעמונגען אין לאַנד, אַזוי מאַכן זיך אויך אין די לאַגערן, פֿעלערן, וואָס צוליב זיי ליידט ד גאַנצע ווירטשאַפֿט. מיר זענען פֿון דעם נישט געווען אומגליקלעך. אַדרבא. די פּייקע ברויט און די שיסל באַלאַנדע האָבן מיר באַקומען אַזוי ווי אין

תפיסה. די זון האָט פרילינגדיק געוואַרעמט. ס'איז געווען גאַרנישט שלעכט צו זיצן אין זאָנע און זיך דערציילן מעשיות. האָט עס אָבער געקרענקט די באַלעבאַטים און זיי האָבן פאַרטראַכט אַרויסצופירן אונדז אין וואַלד אויף אַן אַרבעט צו וועלכער מען דאַרף נישט קיין אינסטרומענטן: צונויפּ־שלעפּן די צווייגן פונעם גאַנצן שטח, צונויפלייגן אין הויפנס און זיי אָנ־צינדן.

מיר האָבן מיט גרויס פלייס זיך גענומען צו דער אַרבעט. ס'האָט נישט געדויערט קיין צען מינוט און ס'האָט אויפגעפלאַמט דאָס גאַנצע פלאַץ. מיר זענען צעטומלט געוואָרן. סאיז געוואָרן שרעקלעך הייס. דער רויך האָט אויסגעגעסן די אויגן. אויך אונדזערע שומרים האָבן זיך דערשראָקן, ווייל זיי זענען פאַר אונדז פאַראַנטוואָרטלעך — עס זאָל, חלילה, קיינער נישט אַנטלויפן.

צונויפנעמענדיק אונדז און איבערצייגטע אַז קיינער פעלט נישט, האָבן די באַוואָפנטע היטער אָפּגעאָטעמט פרייער. לאַנגזאַם האָבן זיי אונדז אַרויסגעפירט פון דער ברענענדיקער געגנט. אין פאַרלויף פון פינף טעג איז ביינאַכט דער הימל רויט געווען פון דער שרפה. אַלע לאַגפּונקטן האָבן געדאַרפט אויסטיילן לעשער־בריגאַדעס. וויפל קעפּ וואָלטן געפלויגן ווען אַזאַ מין זאַך געשעט אויף דער פריי. דאָך זענען מיר געווען צופרידן פון זייער מפּלה, כאָטש אונדז האָט זייער געאַרט וואָס אַזוי פיל מענטשן אונדזערע דאַרפן האַרעווען ביים פאַרהאַלטן דאָס פייער.

נאָך דער מעשה זענען מיר ווידער געזעסן אין זאָנע אַ שטיקל צייט אָן אַרבעט.

אויפן צווייטן לאַגפּונקט בין איך געווען צוזאַמען מיט בירא־ביד־זשאַנער. צווישן זיי אַפילו איינער מיינער אַ געוועזענער שילער — שוואַרץ איז געווען זיין פאַמיליע־נאָמען. ער איז געקומען אין לאַנד מיט נאָך אַ פּאָר יוגנטלעכע, פון פּוילן. אים האָט פאַרלאָקט די יידישע געגנט און ער איז געקומען צוליגן אַ פלייצע צו איר בויונג. אין פּעדאַגאָגישן טעכני־קום איז ער געווען איינער פון די בעסטע שילער. איבערהויפּט אויף מיין לימוד, געשיכטע.

— ווי זשע קומט עס, האָט ער מיך געטרייבערט, אַז איר אַ לערערין פון געשיכטע האָט נישט פאַרשטאַנען דעם געשיכטלעכן פּראָצעס וואָס שפּילט זיך אָפּ אין לאַנד? ער מיט אַנדערע אויסלענדער האָבן לאַנג פאַר די אַרעסטן דאָס יאָ פאַרשטאַנען און צווישן זיך בסודי סודות געשמועסט, אַז ס'איז אַ חידוש וואָס איך, די לערערין פון געשיכטע, ווייס דאָס נישט.

(שוואַרץ מיט זיין פרוי אסתר, וואָס איז אויך געווען אין לאַגער, לעבן היינט אין אויסטראַליע).

מיט מיר האָט זיך אויך געפונען חוה פייער. ווען מ׳האָט זי געבראַכט אַהער איז זי שוין געווען אין די הויכע חדשים. אויף אַרבעט אויסער דער זאָנע, האָט מען זי נישט געטריבן; אינעווייניק אין זאָנע פלעג מען זי אויסנוצן אויף אַרבעט. מיר, די יידישע אַרעסטאַנטן האָבן זי אַרומגערינגלט מיט זאָרג און מיטלייד און איך בין געשטאַנען הינטערן פענצטער ביים מעדיצינישן פּונקט ווען דאָס דריטע קינד איז ביי איר געבאָרן געוואָרן. אויך אַ יינגעלע. מיר האָבן אים אַ נאָמען געגעבן גאַרקי. פונעם רוסישן וואָרט גאָרע (טרויער, אומגליק). דאָס קינד איז געווען נישט נאָר חוהס — אונדזער אַלעמענס. די גאַנצע יידישע גרופּע, ווי אויך גוטע, נישט־יידישע מענטשן האָבן געזאָרגט פאַר דער מוטער מיטן קינד. און מיר האָבן זיך טאַקע דערשלאָגן זי זאָל לעבן מיטן קינד נישט אין אַלגעמיינעם באַראַק, נאָר אין אַ באַזונדער צימערל. ווי לאַנג מיר זענען געווען צוזאַמען האָט חוה זיך באַמיט צו געפינען איר מאַן. נאָר — אָן רעזולטאַטן. סוף כל סוף איז זי געקומען צום אויספיר אַז מען האָט אים דערשאָסן. ווייל ווען ער וואָלט געלעבט, וואָלט ער זיך זיכער אָפּגערופן.

געווען מיט אונדז אין לאַגער איז אַ זייער סימפּאַטישער יונגערמאַן — פאַרער. ער איז געקומען קיין בירא־בידזשאַן פון אַרגענטינע מיט אַ גרופּע פון אַ פערציק מאַן. די גרופּע אידעאַליסטן האָבן אַפילו געבראַכט מיט זיך לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען, כדי צו שאַפן אין דער יידישער געגנט אַ מאָדערנע לאַנדווירטשאַפט. נישט קענענדיק זיך צופּאַסן צו די קלימאַטישע באַדינגונגען, איז דער גרעסטער טייל אַנטלאָפן, צוריק קיין אַרגענטינע. געבליבן זענען פיר. איינער פון זיי, ער — א. פאַרער. ער האָט נישט קוקנדיק אויף אַלע שוועריקייטן, אָרגאַניזירט אַ לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלעקטיווע ווירטשאַפט. אַן ענטוזיאַסט און אַ מענטש מיט גרויסע אָרגאַניזאַטאָר־פעיִקייטן, האָט ער אויף אַ פוסטן פּלאַץ געשאַפן אַזאַ פעסטע קאָלעקטיווע ווירטשאַפט וואָס איז מיט דער צייט באַרימט געוואָרן אין גאַנצן כאַבאַראָווסקער קאַנט. אומעטום האָט מען אים געבראַכט פאַר אַ מוסטער. ביי אים איז געווען דער בעסטער טאַבון פערד, די בעסטע גע־רעטענישן, און פאַר יעדער משפחה איז אויסגעבויט געוואָרן אַ הויז...

אַ געבאָרענער אין פּוילן, האָט ער פרי עמיגרירט קיין אַרגענטינע. פון פאַך אַ מעבל־סטאָליער איז ער געקומען קיין בירא־בידזשאַן נאָר דער־פאַר ווייל ער האָט געגלייבט אין די אידעאַלן פון סאָציאַלן יושר און אַז ראַטנפאַרבאַנד וועט אין דער אמתן שאַפן אַ פּראָדוקטיווע, קולטורעלע

היים פאַר יידן. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ מיידל פון אוקראַינע, אַ געקומענע קיין ביראָ־בידזשאַן. אין 1937 איז שוין געווען ביי אים אַ גרויסע משפחה. דריי ייִנגלעך האָט אים זיין פרוי געבאָרן.

אַרעסטירט האָט מען אים אין כאַבאַראָווסק בעת אַ קאָנפערענץ פון די בעסטע קאָלווירטן פון קאַנט. ער איז אַרויסגעטראָטן אויף דער זיצונג פון דער קאָנפערענץ, און נישט באַווייזנדיק זיך אָפּצוקלערן נאָך זיין רעדע, האָט מען אים אַרויסגערופן אין וועסטיביול. צוויי אין ציווילע קליידער האָבן אים געוויזן דעם אָרדער אויף אַרעסט. אָן איין וואָרט צו ריידן האָט מען אים אַריינגעזעצט אין אַ מאַשין און אָפּגעפירט.

ער איז געווען ביז גאָר באַזאָרגט וועגן דעם וואָס ס׳איז געשען מיט זיין משפחה נאָך זיין אַרעסט. ער איז געווען ווי משוגע קלערנדיק, אַז זיין טייערע פרוי איז אויך אַרעסטירט ווי די פרוי חוה פּייער און זיינע קינדער אין אַ קינדערהיים. ער האָט געשריבן אָנצאָליקע מעלדונגען, בקשות מען זאָל אים מיטטיילן וואָס ס׳איז מיט זיין משפחה געוואָרן. סוף כל סוף האָט ער זיך דערוווּסט (ווי אַזוי ווייס איך נישט גענוי), אַז נאָך זיין אַרעסט האָט מען זיין פרוי באַפוילן אין משך פון 24 שעה פאַרלאָזן דעם קאָלעקטיוו, די פרוי האָט גענומען די קינדער, אַ ביסל פון זייער פאַרמעגן וואָס זיי האָבן אָנגעזאַמלט מיט אַזוי פיל מי און פאַרלאָזן דעם ביראָ־בידזשאַנער גן־עדן, אומקערנדיק זיך צו אירע עלטערן קיין קיעוו.

פאָרער האָט זיך באַרויִקט אַ ביסל. ער האָט אָבער נישט געוווּסט אַז די אַכזריותדיקע האַנט וועט דערלאַנגען אויך צו זיין פרוי און זי זאָל אויך אַרעסטירט ווערן ווי אַ מיטגליד פון אַ משפחה פון אַ „שונא״.

ווען פאָרער איז געקומען צו זיך, האָט מען שוין געקענט ריידן מיט אים וועגן עפּעס אַנדערש. איין מאָל, אין וואַלד, אין אַ רעגנדיקן האַרבסט טאָג, ווען מ׳האָט אונדז געבראַכט דעם מיטיק, זענען מיר געזעסן אַרום שייטער, זיך געטרוקנט און געגעסן דעם זופּ פון פּערל־גרויפּן, האָב איך געפרעגן פאָרערן:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווען איר האָט געלעבט אין בוענאָס איירעס און אייך איז אויסגעקומען צו שטרייקן, כדי צו פאַרבעסערן אייערע עקאָנאָמישע לעבנס־באַדינגונגען — וואָס האָט איר דעמאָלט געגעסן?

— יאָ, האָט פאָרער געענטפערט, שטרייקן איז אויסגעקומען און אַ מאָל אַפילו וואָכנלאַנג, און מיר האָבן זיך געמוזט באַנוגענען נאָר מיט ווייסע בולקעלעך מיט מילך...

ווען מיר האָבן געאַרבעט מיט פאָרערן ביים שניידן די פּאַקונג־ברעט־

לעך, פלעגן מיר אַ שטרעקע פון צוויי קילאָמעטער גיין צוזאַמען. מיר פלעגן זיך שטעלן אין איין ריי, כדי אין דעם לאַנגן וועג זאָלן מער קענען זיך דורכריידן. אין ריי נאָך אונדז איז געגאַנגען אַ רוסישער יונגערמאַן. ער האָט שיין געבעטן מען זאָל אים מוחל זיין וואָס ער רייסט איבער אונדזער שמועס. ער וויל זיך מיט אונדז באַקענען. — ביטע, האָבן מיר געענטפערט. און פון דעמאָלט אָן פלעגן מיר שוין גיין אינדרייען און פלעגן זיך טרעפן אויך אין זאָנע. ער האָט געהייסן מיכאַילאָוו. געשטאַמט, דאַכט זיך, פון אָריאָל. פון פאַך אַ זייגערמאַכער. אויף דער פריי איז ביי אים דאָ אַ משפחה, ער איז אַ גרויסער ליבהאָבער פון ליטעראַטור און קונסט, באַזונדערס פון טעאַטער. אין זאָנע האָט ער געזוכט זיך חברן מיט יידן. ער האָט אַפילו אַרויסגעוויזן אינטערעס צו יידיש. זיך אָנגעהויבן לערנען שרייבן יידיש. ער איז געווען אַ מענטש מיט הומאָר און ווען ער פלעג שטילערהייט אויסלאַכן די צביעות פון דער קליקע מאַכטהאָבער, איז דאָס געווען פאַר אונדז ביידן אַ נחת־רוח...

אויף דעם צווייטן לאַגפּונקט האָב איך צום ערשטן מאָל זיך באַקענט מיט גאָלדען. איר פאַמיליע־נאָמען וועבער־ליס. זי האָט אין דער בירא־בידזשאַנער מיטלשול אונטערריכט געשיכטע. וועגן יענער צייט איז וועגן איר מיר באַוווּסט פאָלגנדיקס: אין איר אַרבעט האָט זי מיט גרינגשעצונג זיך באַצויגן צו כראָנאָלאָגיע, נישט פאָדערנדיק דאָס פון אירע שילער. אַ פּנים אַז זי גופא איז געווען שוואַך אין דעם געביט.

איין מאָל האָבן אירע שילער, די לצים, זי געפרעגט איראָניש: — חברטע לערערין, ווער איז געווען פריער, אַלעקסאַנדער דער צווייטער, צי ניקאָלאַי דער דריטער? וואָס איז די נפקא מינה? האָט זי געענטפערט.

זי איז געווען פון מיטעלן וווּקס, אַ דיקלעכע, מיט אַ בלאָנדן קאָפּ האָר און געוואַלדיק קורצזיכטיק. זי האָט געאַרבעט מיט מיר ביים שניידן די פּאַקונג־ברעטלעך. די אַרבעט איז געווען אַ זומערדיקע, ווען ס'איז הייס, און גאַנצע כמאַרעס מיט זלידנע פליגעלעך (מאָשקאַראַ) דערגייען אַלעמען די יאָרן. פון אָט די פליגעלעך, האָט מען זיך פאַרהיט מיט געדיכטע נעצן אויפן פּנים. אָבער פון די פליגעלעך איז קיין רעטונג נישטאָ. זיי דרינ־גען דורך, אויך דורך די געדיכטע שטאָפן. מיר האָבן אַלע געליטן פון זיי, אָבער אויף גאָלדען איז געווען אַ שרעק צו קוקן. די דאָזיקע אינזעקטן האָבן אַ פּנים אַ שוואַכקייט צו בלאָנדע. זי איז געווען צעביסן און צע־קראַצט ביז בלוט. און דערביי האָט זי געשאָלטן דעם טאַטן פון די פעלקער מיט אַלע קללות וואָס יידיש נאָר פאַרמאָגט. נאָך דער אַרבעט איז געווען אַ רחמנות צו קוקן אויף איר געשוואָלענעם רויטן ווי מיט מכות פאַרלאָ־

פענעם פּנים. זי האָט אויסגעזען ווי אַ שיכורע, און קוקנדיק אויף איר, איז נאָך שווערער געוואָרן אונדזער אומעט.

אויף דעם צווייטן לאַגפּונקט האָב איך געהאַט דאָס גליק זיך טרעפן ווידער מיט געניע הערבאָווסקי, מיין באַקאַנטער פון דער כאַבאַראָווסקער תפיסה. מיר זענען געוועז צופרידן פון דער ווידער־באַגעגעניש. מיר האָבן זיך אַרומגעכאַפּט ווי שוועסטער און אַ שטיק צייט זענען מיר געשלאָפן ביינאַנד אויף איין נאַרע, געגאַנגען צוזאַמען אויף דער אַרבעט און אין קיך נאָך דער באַלאַנדע. זי איז געווען געעלטערט, נישט האָבנדיק קיין סימן פון לעבן פון איר מאַן פינקלשטיין, דעם זשורנאַליסט פון „ביראָ־בידזשאַנער שטערן".

איך בין געווען געוווינט פון קינדווייז צו שווערער פיזישער אַרבעט. איך פלעג אַפילו גערן גיין אין וואַלד איידער בלייבן אין זאָנע מיט די געמיין־פאַרברעכער. מען פלעג מיר אַפילו אָנפאַרטרויען אַ בריגאַדע. ווער איך פלוצעם קראַנק. איך האָב דערפילט שטאַרקע ווייטיקן אין רוקן, אַז איך האָב מיך קוים דערשלעפּט צו דער זאָנע און אַפילו אַרומגעוואַשן זיך נאָך דעם שווערן אַרבעטסטאָג בין איך נישט געווען בכוח. כ'האָב מיך אויסגעצויגן מיט אַ קרעכץ אויף דער נאַרע. און מיין געניאַ האָט גע־נומען אַרומטאַנצן אַרום מיר. אַ גאַנצע נאַכט האָב איך געאויקעט און פאַר־טאָג האָט זי מיר געהאָלפן אַראָפּקריכן פון דער נאַרע און מיך געבראַכט אין מעדפּונקט.

די דאָקטערין, אויך אַן אַרעסטאַנטין, אַ געזונטע, שיינע יונגע, פול מיט לעבן, האָט מיך געפרעגט: „וואָס איז מיט אייך?" — האָב איך איר דערציילט. „גוט, האָט זי געזאָגט, און מיר געשטופּט דעם טערמאָמעטער, באַלד וועלן מיר זען. אין אַ פּאָר מינוט אַרום אָנקוקנדיק דעם טערמאָמע־טער, האָט זי געזאָגט: „ווייסעך וואָס, איר זענט נישט קראַנק. די טעמ־פּעראַטור איז נאָרמאַל. גייט אַרבעטן!"...

פון איר אויסגעשריי און פון איר נישט גלייבן מיר, בין איך צעטומלט געוואָרן, און קיין וואָרט נישט אויסרעדנדיק בין איך אַרויס פונעם מעד־פּונקט. מייגע באַראַק־שכנים האָבן מיך אַרומגערינגלט און געווײנט מיט מיר צוזאַמען און דאָ האָט זיך אין טיר באַוויזן דער „קום". פּאַר וואָס ווײן איך, האָט ער געוואָלט וויסן, האָט מיין געניאַ זייער דרייסט אים דער־ציילט אַז איך בין אַ גוטע אַרבעטערין, נאָר איך האָב געהאַט אַ שווערע נאַכט... ער איז אַוועק צו דער דאָקטערין און אין עטלעכע מינוט אַרום זיך אומגעקערט און געזאָגט אַז איך בין אַ סימוליאַנטין און אויב איך וועל נישט גיין צו דער אַרבעט וועט מען מיך אַריינזעצן אין קאַרצער.

געניאַ האָט זייער פאַרזיכטיק מיך צוגעפירט צום טויער. דער סאָל־דאַט האָט נישט געטאָרט זען מיין צושטאַנד, ווייל ער וואָלט זיך אָפּגע־זאָגט מיך נעמען מיט דער בריגאַדע. מיר זענען אַרויס אַ גרויסע גרופּע פרויען פון דער זאָנע, אָבער גיין קען איך נישט. איך שטיי אָפּ און דאָס ווערט אויפפאַלנדיק אונדזער באַגלייטנדיקן וועכטער. ער האָט געפרעגט וואָס ס׳איז מיט מיר געשען, האָט מען אים דערציילט. און צו אונדזער פאַרוווּנדערונג האָט ער אויסגעשריגן: — שטיין בלייבן! — ער האָט באַפוילן אַז צוויי פרויען זאָלן מיך נעמען אונטער די אָרעמס און שפּאַנען זאָלן מיר פאַרויס פאַר דער בריגאַדע. אין וואַלד האָט ער מיר געהייסן נישט אַרבעטן נאָר זיצן אונטער אַ בוים. איך האָב דעם גוטן מענטשן געדאַנקט מיט טרערן. אין משך פון צען לאַגער־יאָרן האָב איך געטראָפן פשוטע מענטשן אויך צווישן אונדזערע היטער, וואָס זענען געווען מענטש־לעכער פון דער דאָקטאָרין, למשל, כאָטש זי איז אויך געווען אַן אַרעס־טאַנטין און נישט אומזיסט האָבן אַלע זי פיינט געהאַט.

די געשיכטע האָט אויך געהאַט אַ המשך. ווען מיר האָבן זיך דער־וווּסט דער לאַגער־נאַטשאַלניק און אויך דער פאַרוואַלטער פון דעם אַזוי־גערופענעם אַנשטאַלט „קולטור־דערציערישע אָפּטיילונג״. פאַר וואָס דאָס האָט זיך גערופן אַזוי ווייס איך נישט, ווייל דאָ האָט זיך נישט געפירט קיין קולטורעלע, נישט קיין דערציערישע אַרבעט. ער האָט קיין מאָל אַפילו קיין צייטונג נישט געבראַכט. פון ביכער איז אָפּגערעדט. זיין אויפגאַבע איז געווען אונדז אויפקלערן, דערווייזן ווי „וויכטיק ס׳איז פאַר אונדז גוט און געטריי אַרבעטן, העלפן דעם אַרבעטער־קלאַס בויען דעם סאָציאַ־ליזם, און דערפאַר וועט די ראַטנמאַכט מוחל זיין אונדזערע „פאַרברעכנס״, און אַפילו באַפרייען״.

אַז דאָס איז אַ ליגן האָט יעדער געווּוּסט, נאָר ווער וועט וואַגן זאָגן עפּעס וועגן דעם שקלאַפן־רעזשים אין דעם לאַנד פון סאָציאַליזם? אָבער שרייען, קלאָגן זיך, מאָנען ביי זיי גערעכטיקייט ווען עמעצער פון אונדז אינעווייניק, איז באַוווּסט געוואָרן, ווי ס׳איז דער פאַל מיט מיר — דאָס האָט מען געמעגט.

ווערט דער קולטור־טוער געוואָר די מעשה און איידער ער האָט זיך פונאַנדערגעקליבן אין געשעענעם, האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ בולעטין, מיטן קעפּל: „די סימוליאַנטקע און אירע פאַרטיידיקערינס״. דער בולעטין האָט געהאַנגען אין זאָנע און יעדער איז געלאָפן לייענען דעם „פּאַסקוויל״ קעגן מיר, ווען יעדער האָט געווּוּסט אַז דאָס איז אַ ליגן ווייל איך בין אַ גוטע אַרבעטערין דווקא.

אַט דאָ האָט מיין גנעניע הערנאָווסקי געהאַט די געלעגנהייט צו באַ־ווייזן וואָס פאַר אַ שטאָלצער מענטש זי איז און ווי טייער ס׳איז איר דער אמת. און זי האָט אים, דעם „קולטור־טוער״ אַראָפּגעזאָגט מיט דער גאַנ־צער האַרבקייט אַז זיין סאָלידאַריזירן זיך מיט דער גבזהדיקער דאָקטערין האָט גאָרנישט צו טאָן מיט קולטור, נאָר גיכער מיט אַכזריות. נאָך מער: זי האָט זיך דערשלאָגן צום הויפּט־נאַטשאַלניק, אים דערציילט די גאַנצע מעשה מיט אַלע פּרטים און ער האָט באַפוילן אַראָפּנעמען דעם בולעטין.

ווי לאַנג איך בין געווען אין לאַגער פון קראַסנאָיאַרסק אַפילו ווען מ׳האָט אונדז פונאַנדערגעשיידט אויף באַזונדערע פּונקטן, האָבן מיר אָנ־געהאַלטן, ווי ווייט ס׳איז מעגלעך געווען, אַ פאַרבינדונג.

איין מאָל האָט זי מיר געשריבן אַז סוף כל סוף האָט זי זיך דערוווּסט וועגן דעם גורל פון איר מאַן פינקלשטיינען: ער איז אין כאַבאַראָווסקער תפיסה אָפּגעזעסן צוויי יאָר צייט. נאָך דעם האָט מען אים געמפּשט אַרויסגעשיקט צו ווערן קיין קאַזאַכסטאַן, אין שטאָט אַקמאָלינסק. פון דאָרטן טאָקע איז זיין בריוו. ער האָט זיך איינגעשאַפט אינסטרומענטן פון זיין אַלטן פאַך, סטאָלעריי, און ער איז געוואָרן אַ קוסטאַר. ער וואַרט אויף איר באַפרייונג ווען זי וועט קומען צו אים.

אַט צו וואָס די ראַטנמאַכט האָט דעפּירט אַ וויכטיקן טוער פון דער אויטאָנאָמער געגנט, נאָך אויסמאַטערנדיקע צוויי תפיסה־יאָר. און דאָס דאַרף איך באַמערקן, האָט זיין געשיכטע זיך פאַרענדיקט גליקלעך. ווייל אָן יעדער מינדסטער שולד האָט ער דאָך געקענט צעשאָסן ווערן ווי מיין געוועזענער מאַן זאַבלודאָווסקי און טויזנטער אַנדערע.

(איך ווייס נישט צי גנעניאַ האָט דערלעבט זיך אומקערן צו אים. מיר זענען צעשיידט געוואָרן און איך האָב פאַרלאָרן די פאַרבינדונג).

אין דעם לאַגער פון קראַסנאָיאַרסק האָבן מיר געאַרבעט נישט נאָר אין וואַלד, ביים וואַלגערן ביימער, ביים אויסלאָדן וואַגאָנען מיט גע־הילץ, ביי די זעגן און ביי די פּאַקונגס־ברעטער, און אויסגעשטאַנען די אוממענטשלעכסטע באַציונג צו אונדז. מיר האָבן געאַרבעט אויך אין גערטנער.

אין יענער געגנט מיט אַ קורצן זומער און פריע פרעסט וואַקסן נישט קיין פרוכטן. נאָר גרינסן באַווייזן יאָ זיך אויסצוצייטיקן: קאַרטאָפל, בו־ראַקעס, מערלעך, און אַפילו אוגערקעס. דער לאַגער האָט פאַרזייט אַ גרויסן שטח מיט די גרינצייגן, נישט חלילה פאַרן געברויך פון די אַרעסטאַנטן, וואָס האָבן שטאַרק געליטן פון אַוויטאַמינאָז, נאָר דאָס גערעטעניש איז געגאַנגען פאַר דער אָנפירונג, פאַר דער לאַגער־אַדמיניסטראַציע. אונדז,

אַ גרויסע גרופּע פרויען האָט מען געבראַכט דעם שטח צו באַאַרבעטן, ציכטן די דאָזיקע גרינצייגן. דאָ האָט זיך געפּאָדערט אַ סך מי און אויס־דויער.

אויסכאָוועון אַזאַ גערעטעניש, און מיר, וואָס האָבן זיך געמיט פּאַר דעם, זאָלן נישט געניסן פון דעם פּראָדוקט, וואָס איז פאַר אונדז ממש לעבנס־וויכטיק?

די אָנפירונג האָט פאַשטאַנען אַז פאַרבאָטן אונדז עסן פון דעם גע־רעטעניש איז זינלאָז. וואָס זשע טוט זי? אַדרבא עסט... נאָר מ׳האָט אויפ־געהערט ברענגען אונדז פון קיך די באַלאַנדע. מ׳האָט אונדז געגעבן אַן עמער, קאָכט אייך קאַרטאָפל, עסט — נאָר נישט נעמען מיט זיך אין זאַנע. די מערלעך וועו זיי זענען צייטיק געוואָרן האָבן מיר געקענט אויפ־עסן אויפן אָרט, אַפילו נישט געוואַשענע, און באַזונדערס האָט מען זיך צוגעכאַפּט צו די אוגערקעס, וואָס אַראָפּנעמען האָט מען זיי געמוזט שנעל איידער עס טוט אַ שלאָג דאָס ערשטע פרעסטל, זיי זאָלן נישט אָוועקגע־פּטרט ווערן. איז טאַקע געווען אַ שטרענגער אויפזיכט איבער זיי. דאָס האָט נישט שטאַרק געהאָלפן, ווייל גנבענען זענען אַלע געווען גרויסע בריות. ווי קען מען זיך אומקערן אין זאָנע און נישט ברענגען פאַר חברים אַ פּאָר אוגערקעס?

נאָך דער זומער־אַרבעט אין די גערטנער האָט מען אונדז געבראַכט אויף דער סטאַנציע רעשאָטאַ — די „צענטראַלע" האָט מען גערופן דעם דאָזיקן לאַג־פּונקט. דאָ בין איך ווידער געווען מיט געניען און מיט גאָלדע ועבער־ליס. דאָ האָט געניע זיך איינגעאָרדנט אין שניידעריי־וואַרשטאַט. אַ גוטע בייטאַרין האָט זי באַנייט די ווייבער פון די נאַטשאַלניקעס. איך מיט גאָלדען פלעגן גיין אויף אַלגעמיינער אַרבעט.

איין מאָל דערוויסן מיר זיך, אַז מען האָט אָנגעהויבן געבן זעונגען מיט קרובים פון דער פריי. (סווידאַניע). דער קלאַנג האָט אַריינגעזעצט האָפענונג אין די הערצער, אַפילו פון די איינזאַמע ווי איך, וואָס האָב אויף דער פריי קיין קרובים נישט געהאַט.

איין קלייניקייט! — האָבן מיר זיך געקאַכט. עס וועלן קומען פרויען צו מענער, קינדער צו עלטערן. מען וועט זיך דערוויסן וואָס עס טוט זיך אויף דער גרויסער ערד, און וואָס ס׳איז געשען מיט אייגענע. מ׳האָט אַפילו געוווּסט פּרטים ווי אַזוי דאָס וועט פאָרקומען. אַז דער אַרעסטאַנט וועט באַפרייט ווערן פון אַרבעט אויף דריי טעג און וועט קענען פאַרברענ־גען מיט זיין גאַסט אין אַ באַזונדער צימער. און אָט, ווירקלעך, צו אַ יונגן־מאַן פון ביראָ־בידזשאַן איז געקומען זיין פרוי און דריי טעג האָבן

זיי טאָקע פאַרבראַכט צוזאַמען. און ווען זי איז אַוועקגעפאָרן האָבן מיר זיך דערוווּסט ווי אַזוי זי האָט איינגעלייגט וועלטן, שרייבנדיק אין אַלע אינסטאַנצן וועגן דער אומשולד פון איר מאַן. נישט באַקומענדיק קיין ענט־פער איז זי געפאָרן קיין מאָסקווע און זיך דערשלאָגן... צו דער קרופּסקאַיאַ, לעניִנס אַלמנה (זי איז שוין דעמאָלט, האָט מען געשמועסט, אַליין געווען אַן אָפּגעזעגטע און אויף דער לאַגע פון היים־אַרעסט). אויסהערנדיק די גע־שיכטע פון דער פרוי, האָבן זיך קרופּסקאַיאַס אויגן אָנגעגאָסן מיט טרערן. זי האָט גאָרנישט געריידט. זי האָט איר נאָר געגעבן אַ ביסל געלט און אַ קליין צעטעלע צו דער אָנפירונג פון ביראָ־בידזשאַנער שטאָטראָט — מען זאָל זי נישט אַרויסוואַרפן פון דער דירה.

און נאָך אַ געשיכטע מיט אַ זעונג, וואָס איז אַ סך טרויעריקער, ווייל זי איז נישט מקוים געוואָרן. דאָס איז די געשיכטע פון ברכהן, די ביראָ־בידזשאַנערין, ווען מ׳האָט געהייסן פאַרקויפן דאָס פאַרמעגן... און דער־נאָך זי מיטן מאַן אַרעסטירט. כ׳האָב זיך געטראָפן מיט איר דאָ אין קראַס־נאָיאַרסקער לאַגער. צו איר איז געקומען אויף אַ זעונג אַ זון, וואָס האָט פאַרענדיקט מיליטער־דינסט אין דער רויטער אַרמיי. דערוויסנדיק זיך וואָס ס׳איז געשען מיט טאַטע־מאַמע, האָט ער באַשלאָסן אָפּזוכן זיין מאַ־מען אין לאַגער. ווי אַזוי ער האָט זיך דערוווּסט ווו זי געפינט זיך ווייס איך נישט. דער בחור האָט אָבער געטראָפן פונקט צו איר נאַר... קיין זעונג מיט איר האָט מען אים נישט געגעבן. בריגאַדעס וואָס פלעגן אַרויסגיין אויף אַרבעט אויסער דער זאָנע האָבן געזען דעם בחור זיך אַרומדרייען אַרום דעם טויער פון לאַגער, ביז ער האָט געמוזט אַוועקפאָרן נישט האָבנ־דיק געזען זיין אַלטע מוטער.

געווען אַ זעונג־פאַל מיט אַ טראַגישן פינאַל. אַ מאַן איז געקומען זיך זען מיט זיין אַרעסטירטער פרוי, אַן אָפיציר פון דער רויטער אַרמיי. האָט מען אים געגעבן די פולע מעגלעכקייט צו פרברענגען מיט איר אומגע־שטערט דריי גאַנצע טעג. זי האָט אים אַלץ דערציילט ווי מען האָט זיך איזדיעקעוועט איבער איר, זי געפייניקט... ווען ער האָט נאָך דריי טעג זיך געזעגנט מיט איר, האָט ער ביים טויער זיך דערשאָסן.

*

אין לאַגער ווערן אָפט פאַרשפרייט קלאַנגען און זיי צעטראָגן זיך בליצשנעל פון פונקט צו פונקט וועגן אַמנעסטיעס, וואָס זענען צום דער־וואַרטן, וועגן באַפרייונגען וואָס קומען שוין, כלומרשט, ערגעץ פאַר. און אין זיך ריכט זיך יעדער אַז אָט־אָט און מען וועט אים אויך אַרויסרופן

און אָנזאָגן די גוטע בשורה. ס׳האָט יעדער גערן געגלייבט אין די קלאַנגען אַז זיי זענען אמתדיק, ווייל אָן דעם גלויבן איז שווער צו לעבן.

מאַכט זיך, מען רופט אַרויס אין אַ טאָג די בירא־בידזשאַנערין צילע קאַרפּאָוויטש און מיר אַלע זענען שוין מקנא געווען די פרוי, זייענדיק זיכער אַז מען רופט זי אויף באַפרייונג. אָבער אין גיכן קומט זי צוריק אַ פאַרצווייפלטע, פאַרווייניטע. וואָס איז געשען? זי נעמט אַרויס אַ בריוו, צוליב וואָס מ׳האָט זי אַרויסגערופן. דאָס איז אַ בריוו פון איר טאָכטער, געשריבן אין רוסיש — אַ דערקלערונג דער קאָמסאָמאָלישער אָרגאַניזאַציע און אַ קאָפּיע דער מאַמען.

„איך, די טאָכטער פון פרוי קאַרפּאָוויטש, אַ מיטגליד פון קאָמוניס־טישן יוגנט־פאַרבאַנד (קאָמסאָמאָל), בין דערשיטערט פון דעם פאַקט, אַז מיין מוטער האָט זיך פאַרנומען מיט קאָנטררעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. ווי אַ געטרייע מיטגלידערין פון קאָמסאָמאָל, געטריי די אידעאַלן פון סאָ־ציאַליזם, זאָג איך מיך אָפּ פון מיין מוטער און וועל ווייטער קיין שום באַציונגען מיט איר נישט אונטערהאַלטן״...

אַ מחיהדיקער בריוו פאַר דער מאַמען, וואָס געפינט זיך אין אַ גרויסן אומגליק. נישט אמת?

אָבער מיר זענען נישט דערשיטערט געוואָרן ווי די מאַמע, וויסנדיק אַז אַזעלכע אָפּזאָגבריוו פון טאַטע־מאַמע ווערן געחתמעט אונטער אַכזר־יותדיקער צוואַנג. מ׳האָט זי מסתם אַרויסגערופן אין קאָמיוגישן קעמערל און איר דערלאַנגט אַ פאַרטיקן בריוו — שרייב זיך אונטער. און טאָמער נישט?... — טאָמער נישט זענען דאָך קלאָר אַלע פאָלגנדיקע קאָנסע־קווענצן. זיי, די פאַרטייִשע און קאָמיוגישע קאַנצעלאַריעס האָבן גע־האַנדלט כלומרשט זעלבשטענדיק, פון אייגענער איניציאַטיוו. זיי אינטע־רעסירט נישט דער מענטש וואָס איז שוין פאַרשוווּנדן, איזאָלירט געוואָרן. זיי דאַרפן אַז דער מענטש זאָל פאַרמשפּט ווערן אויך פון די קרובים, פון די אייגענע קינדער, אויסדריקנדיק מיט דעם זייער בלינדן גלויבן אַז די ראַטנמאַכט איז אין איר משפּט גערעכט...

נאָר די גרעסטע איראָניע (און טראַגעדיע) איז געשען, ווען עטלעכע טעג נאָך דעם באַקומען דעם בריוו פון דער טאָכטער, האָט מען די פרוי ווידער אַרויסגערופן און איר געמאָלדן, אַז זי ווערט באַפרייט צוליבן פעלן באַווייזן פון פאַרברעכן־אינהאַלט.

מיר האָבן זיך געפרייט מיט צילעס באַפרייונג, אָבער דאָס געפיל אַז מיר זענען אונטערגעוואָרפן אַ ווילדן, ווילקירלעכן כוח, וואָס טוט מיט אונדז וואָס ער וויל, האָט אונדז אַריינגעבראַכט אין יאוש.

וואָס עס טוט זיך אויף דער דרויסנדיקער וועלט פלעגן מיר זיך דער־וויסן פון צייט צו צייט אויף פאַרשיידענע אופנים. אין דער פרי ווען דער גלאָק האָט אונדז גערופן צום „ראַזוואָד", פלעג מען ביים טויער זיך שוין איבערגעבן בסודי סודות, אַ נייעסל וואָס פלעג, ווער ווייסט ווי אַזוי, אַרייַנ־דרינגען אין לאַגער.

נאָר אָט ווערן מיר געוואָר אַז היטלער איז אַרויס מיט אַ מלחמה. זיינע חיילות פאַרכאַפּן בין־לילה אָן ווידערשטאַנד אַ לאַנד נאָך אַ לאַנד אין אייראָפּע.

ביזן אַרעסט אין 1937 האָבן מיר וועגן דעם דייטשישן קאַנצלער שוין אַ סך געוווּסט פון ראַדיאָ, פון קינאָ־כראָניק און באַזונדערס האָבן מיר גוט געוווּסט וועגן דער באַציונג צו יידן אין דייטשלאַנד. דעריבער האָט זיך נישט געלייגט אויפן שכל אַז דאָס לאַנד פון די ראַטן, „דאָס מעכטיק־סטע, דאָס פּרעכטיקסטע און גערעכטיקסטע" וועט אַ מאָל שליסן אַן אָפּ־מאַך מיט דעם פאַרברעכערישן רעזשים, שליסן אַן אָפּמאַך מיט דעם מענטשהייט־שונא דעם צעטרעטער פון פעלקער־פרייהייט ווען זי האָט געבלוטיקט פאַרטיידיקנדיק זיך. דאָס האָט דאָך באַטייט אַ פאַרראַט פון דער מענטשהייט.

אין יענער צייט האָבן מיר געפילט, אַז די רעזשים־שלייפן פאַרציען זיך ענגער אַרום אונדז. און פּלוצעם דערוויסן מיר זיך, אַז אונדזער לאַגער גרייט מען צו אַ גרויסן עטאַפּ. וווּהין? אין וועלכער נייער געגנט? ווי לאַנג וועט געדויערן דאָס וואָגלעניש? — דאָס איז נישט אונדזער זאַך.

אין פרילינג 1940 האָט מען צונויפגענומען אַ לאַנגן עשאַלאָן מיט אַרעסטאַנטן און — וויסעו! מיר זענען נאָך געלעגן אין טעם די פריער־דיקע עטאַפּן און אַרויפגייענדיק אין דעם בהמה־וואַגאָן־טורמע בין איך געוועון נישט ווייניק באַזאָרגט.

מיט מיר אין וואַגאָן האָט זיך געפונען די בירא־בידזשאַנערין, פרוי רייע שניידער מיט וועמען איך האָב מיך פריער נישט געקענט. מיט איר האָב איך דורכגעמאַכט די איבעריקע לאַגער־יאָרן ביז דער באַפרייונג און אונדזער קרובישע שוועסטערלעכע פאַרבינדונג האָט געדויערט אויך אויף דער פריי.

ווען דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט און מען האָט אונדז גענומען אויסאָלדן, האָבן מיר זיך דערוווּסט אַז מיר געפינען זיך אויף דער סטאַנ־ציע קאָטלאַס. אין לאַסט־אויטאָס האָט מען אונדז געבראַכט אויף אַן אומ־געהייער־אָפּענעם פּלאַץ, מיט אומצאָליקע ברעזענטענע פּאַלאַטקעס. קיין בעטל, קיין באַנק. די אַרעסטאַנטן זענען געזעסן, געלעגן אויף דער הוילער

ערד. מיר האָבן שוין געטראָפן דאָרט טויזנטער מענטשן. דאָס דאָזיקע פּלאַץ איז געווען אַ טראַנזיט־פּונקט אויפן וועג צו ווייטערדיקע לאַגערן. מען זיצט דאָ לאַנג אויף דער ערד, דער נאַסער פון די רעגנס, וואָס גייען אין דעם ראַיאָן זייער אָפט. פּאָליטישע זענען אויסגעמישט מיט די געמיין־פאַרברעכער וועלכע לאָזן זיך דאָ ווילגיין און דערגייען די יאָרן. אָט ווערט פלוצעם אַ בהלה. דורך דער גאַנצער לענג פון דער פּאַלאַטקע לויפן זיי — גנבטעס זיכער, זונות, און שלעפּן אַראָפּ פון די פרויען־קעפּ, ביי וועמען אַ טיכל, אַ היטעלע— וואָס נאָר עס לאָזט זיך כאַפּן זיי. קיין באַ־שיצונג פון זיי איז נישטאָ. מ׳איז הפקר.

ווי איבערראַשט בין איך געוואָרן ווען כ׳האָב דערזען פאַרבייגיין פאַרערן, דעם באַקאַנטן פון 2טן קראַסנאָיאַרסקער לאַגפּונקט. איך האָב אים קוים דערקענט. ער האָט זיך שרעקלעך פאַרענדערט. ער איז געווען זייער קראַנק. דאָס פּנים — געשוואָלן און די געשוואָלענע פיס אין שווערע וואַלענקעס, האָט ער קוים געשלעפּט. די טרערן האָבן אונדז געשטיקט. ס׳איז געווען קלאָר אַז מיט אַזאַ געזונט־צושטאַנד, אין יענע באַדינגונגען, וועט ער לאַנג נישט ציען. ווער האָט געוווּסט וואָס פאַר אַ נייע יסורים עס דערוואַרטן אונדז נאָך? מ׳האָט אונדז דאָך געבראַכט אויף דער בויונג פון דער אייזנבאַן־ליניע קאָטלאַס־וואָרקוטאַ. אויף אַ שטרעקע פון 720 ק״מ וועט די ליניע דורכשניידן די אויטאָנאָמע רעפּובליק ווו עס לעבט דאָס זיריאַנער פאָלק — קאָמי־ס.ס.ר. מען וועט דאַרפן טריקענען זומפּן, אויסהאַקן וועלדער, בויען בריקן, וואָקזאַלן אין אַ קיין מאָל פריער נישט באַוווינטער געגנט. און טאָן וועלן די אַרבעט מיר — אַרעסטאַנטן.

וואָרקוטאַ ליגט אויף צפון פונעם ראַטנפאַרבאַנד. ביים סאָמע אייז־ים און דאָרט געפינען זיך גרויסע שיכטן פון שטיינקוילן. מיר האָבן זיך דערוווּסט אַז אין אַ גרויסן טייל פונעם קאָמי־קאַנט שטייען פון מײַ ביז אויגוסט „ווייסע נעכט״, בשעת אין וואָרקוטאַ, פאַרקערט, איז אין משך פון עטלעכע חדשים אין גאַנצן פינצטער. דער ווינטער איז דאָרט אַ לאַנ־גער, וויצלען זיך די אַרעסטאַנטן, ער דויערט נאָר 12 חדשים אין יאָר און אין די איבעריקע איז זומער.

וועט מען אויסהאַלטן סיי די קלימאַטישע, סיי די שווערע אַרבעטס־באַדינגונגען?

די וואָס האָבן אונדז געשיקט אַהער איז נישט אָנגעגאַנגען וואָס מיר טראַכטן, און צי אונדז געפעלט? זיי האָבן געהאַט אַ ציל: — די אייזנבאַן־ליניע זאָל געלייגט ווערן גיך, אין געפּרעסטע טערמינען. אין אַ יאָר אַרום ווען היטלער האָט אָנגעהויבן זיין מאַרש אויך אויפן ראַטנפאַרבאַנד און

האָט בליציק פאַרכאַפּט אוקראַינע, אָפּשניידנדיק דאָנבאַס, האָבן מיר פאַרשטאַנען פאַר וואָס מ'האָט אונדז געבראַכט אַהער אין אַזאַ גרויסער בהלה. נישט אַנדערש אַז די פירער פונעם קרעמל האָבן אַליין נישט געגלייבט אין כוח פון אָפּמאַך מיט היטלערן און באַצייטנס באַטראַכט אַלע מעגלעכקייטן...

סוף כל סוף האָט מען אונדז ווידער אויפגעלאָדן אויף לאַסטאויטאָס און פון טראַנזיט־גיהנום געבראַכט צו אַ טייך־וואָקזאַל, אויף צפון דווינאַ. דאָ האָט מען אונדז אַריינגעשטופּט אין בויך פון אַ מאָטאָר־באַרזשע, אונדז אויסגעזעצט אויפן דיל אין שרעקלעכער ענגשאַפט ווו דו האָסט אַפילו נישט געקענט אַ פוס אויסציען. און ווידער מענער מיט פרויען צוזאַמען. און ווידער — באַנדיטן וואָס איזדיעקעווען זיך איבער די פּאָליטישע, גענומען צו דאָס ברויט, פאַרפירן געשלעגן, וואַרפן אָן אַ פּחד — נישט דורכצוגיין צום טואַלעט און נישט צו דער עפענונג ביי די טרעפּ, כדי צו כאַפּן אַ ביסל לופט. זיי גנבענען צו די זאַכן (מלבושים זענען דאָך געווען אַן אוצר) און נאָך דעם, קומענדיק אין לאַגער, האָבן זיי מיט דעם געהאַנדלט. די לאַגער־היטער האָבן גוט געוווּסט, אַז דאָס זענען אָנגערויבטע זאַכן, אָבער אויך די היטער האָבן מורא געהאַט פאַר זיי. יאָ, יאָ, מורא געהאַט, און זיך געמאַכט נישט ווויסנדיק...

איך מיט רייען, האַלטנדיק זיך אין איינעם, פלעגן היטנדיק אונדזער ביסל אָרעמקייט, נישט צומאַכן אַן אויג. אָבער ס'האָט נישט געהאָלפן. די באַנדיטן האָבן צוגעשלעפּט רייעס פּעקל. מיר האָבן געשריגן, געוויינט, געבעטן — אומזיסט.

ווי לאַנג מען האָט אונדז געשלעפּט אין דער שווימענדיקער, שמוציקער, רוישיקער און פונעם מאָטאָר צעוואַקלטער תפיסה, געדענק איך נישט. נאָר צו דעם גיהנום, אין פאַרגלייך מיט וועלכן די רייזע אין די בהמהוואַגאָנען איז געווען אַ לוסטרייזע — איז אויך געקומען אַ סוף. שמוציקע, פאַרמאַטערטע, שלעפעריקע, הונגעריקע, האָט מען אונדז אויפגעהויבן פון דעם באַרזשע־בויך. ווידער — אויף לאַסטאויטאָס, און ווידער האָט מען אונדז געבראַכט אויף אַ פלאַכן, אומענדלעכן פלאַץ. דאָ זענען קיין פּאַלאַטקעס ווי אין קאָטלאַס נישט געווען. אויפן גאַנצן שטח ביזן האָריזאָנט, זענען געלעגן, געזעסן מענטשן, מענטשן, מענטשן. פרויען, מענער, יונגע, אַלטע — אַ ים מיט קעפּ! ס'איז געווען נאַכט, נאָר ליכטיק ווי בייטאָג. איבער דעם מענטשן־ים — אַ בלויער הימל. מיר האָבן געזען די פּנימער פון די מענטשן וואָס זענען געשמאַק געשלאָפן אויף דער ערד. מיר זענען, הייסט עס, אין קאָמי!?

מאָדנע האָט אונדז אויסגעזען דאָס וואָס דאָס פלאַץ איז אָן אַ פאַר־

צאַמונג — גאָרנישט ווי אין די לאַגערן, וואָס מיר זענען דורכגעגאַנגען ביז אַצינד; מיר האָבן אויך קיין היטער נישט געזען. ווייזט אויס, אַז די אַדמיניסטראַציע איז געווען זיכער אַז קיינער וועט נישט אַנטלויפן.

רבונו של עולם, וווהין טוט מען אַהין אַזוי פיל טויזנטער מענטשן?

אין אַ שטיקל צייט אַרום האָבן זיך באַוויזן עטלעכע מענער אין ציווילע קליידער. זיי האָבן אונדז אַלע באַטראַכט. זיך געשושקעט צווישן זיך, אַפילו אָנגעוויזן מיטן פינגער אויף דער און אַ צווייטער. מיר זענען געשטאַנען שווייגנדיק און געוואַרט. מיר זענען דאָך געוווינט געווען עס זאָלן קומען די „קויפער" און אונדז באַטראַכטן ווי די פערד אויפן יאַריד.

זייער אויסוואַל איז געפאַלן אויף מיר מיט רייען. איינער פון די קויפער האָט אונדז געהייסן נעמען אונדזערע זאַכן און אַוועקגעפירט פון דעם אָרט. ווי צוויי שטומע באַשעפענישן האָבן מיר געשפאַנט נאָך דעם מאַן אויף אַ ברייטן שליאַך. אין וועג האָבן מיר קיין מענטש נישט באַגעגנט און אויך נישט קיין שטיבל. די ערד איז געווען געלבלעך און פאַרטרוקנט. מיר ביידע — מיד און געוואַלדיק שלעפעריק. אויסגעשעפּטע פון דער נסיעה.

ענדלעך זענען מיר צוגעקומען צו אַ הילצערנער געביידע. אָט דאָ, האָט אונדז דערקלערט דער פירער אונדזערער, וועט געבויט ווערן אַ מילך־פערמע. דערווייל וועלן מיר זיין צוויי פּרויען. שפּעטער — מערער. ער האָט אונדז אַריינגעפירט אינעווייניק. דאָס איז געווען אַ הויכער געדעקטער שייער. דער דיל אַן ערדענער. צוויי פענצטער אין איין ווינקל; אַ לייטער וואָס פירט אַרויף — אויף אַ בוידעם צי עפּעס אַ באַלקאָן? דאָס איז די צייטווייליקע געביידע פון דער מילך־פערמע, וואָס וועט ערשט אויסגעבויט ווערן. און אונדזער אויפגאַבע איז — היטן די ווירטשאַפט וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי פערד און אַ בהמה.

דער יונגערמאַן האָט אונדז געזאָגט אַז אויפן באַלקאָן קענען מיר זיך מאַכן אונדזער געלעגער און אַז מאָרגן פרי וועלן מענטשן קומען אַרבעטן אויף דעם אָרט און מיר וועלן אויך קריגן אונדזער פּייַקע ברויט און וואַסער...

„מאָרגן פרי"... הייסט עס, אַז איצטער איז נאַכט. אויסגעמאַטערטע פונעם לאַנגן און שרעקלעכן וועג זענען מיר באַלד אַרויפגעקראָכן אויפן באַלקאָן. דאָרט איז געווען אַ נאַרע פון ברעטער און שטרוי. מיר האָבן זיך אַוועקגעלייגט רוען.

זיך אויפגעכאַפּט האָבן מיר נישט פונעם גלאָק־קלאַנג, נאָר ווייל די זון האָט שוין געבאַקן, און פון דרויסן האָבן מיר געהערט די קולות פון

די אַרבעטער. מ׳האָט געבויט די באַראַקן, און צו אונדזער פאַרוווּנדערונג — זיי זענען פון קיינעם נישט באַוואַכט...

צו וואָס באַוואַכן — האָבן די אַרעסטאַנטן אונדז אויפגעקלערט; די געגנט איז אויף הונדערטער ק״מ אַרום — פוסט. אַ מדבר, נישט באַווינט. די געגנט איז רייך אין וועלדער דורך וועלכע ס׳איז שווער זיך אַרויס־צוקלייבן. דער באָדן — אַ בלאָטיקער, זומפּיק. די־אָ געגנט וועט מוזן באַ־הערשט ווערן. די וועלדער וועלן מוזן אויסגעהאַקט ווערן. די זומפּן אויס־געטריקנט. אָט צוליב דעם האָט מען געבראַכט אַהער צו אונדז אַרעסטאַנטן — אומזיסטע אַרבעטסקראַפט.

כדי אויפצובעמען די גרויסע צאָל בויער פון דער אייזנבאַן, דאַרף מען זיי געבן וווּ דעם קאָפּ אַוועקצולייגן. שאַפט מען לאַגפּונקטן. מיר אַליין בויען פאַר זיך דעם לאַגער.

נישט ווייט פון דעם אָרט האָט זיך געפונען אַ שטעטל מיטן נאָמען קניאַזש־פּאָגאָסט. דאָרט געפינט זיך אַ טאָפּלטע פאַרוואַלטונג. איינע וואָס אָרגאַניזירט די לאַגער־בויונג און אַ צווייטע, די וואָס פּלאַנירט די בויונג פון דער אייזנבאַן. די אָרגאַניזאַטאָרן זענען זייער אַ סך, דער עיקר — מיליטערלייט. דאָס הייסט אַז אויך לאַגפּונקטן וועלן זיין אַ סך. און דער תירוץ וואָס זיי, די אַרעסטאַנטן, זענען נישט באַוואַכט, איז אַ פּשוטער — עס איז נאָך דער לאַגער נישטאָ און מיר בויען אים פאַר זיך אַליין — מיט פאַרצוימונגס־זאַנעס, מיט הויכע וואַך־טורעמלעך, „ווישקעס״, וווּ עס וועלן שטיין סאָלדאַטן מיט אויטאָמאַטן און אונדז היטן אַז מיר זאָלן נישט אַנטלויפן.

אין משך פון די זומער־חדשים זענען פאַרטיק געוואָרן די מילך־פערמע, די באַראַקן און די ווירטשאַפטלעכע געביידעס. פּאַראַלעל מיט דעם האָט מען אָפּגערייניקט אַ גרויסן וואַלד־מאַסיוו פאַר דער מילך־פערמע. די ביימער האָט מען געמוזט אַרויסרייסן מיט די וואָרצלען, קאָרטשעוועון, אַז דער באָדן זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין פּאַשע־לאָנקעס. די אַרבעט איז גע־ווען אַן אוימגעהייער־שווערע צו וועלכער מ׳האָט געשטעלט אויך פרויען. דער מעטאָד אַ פּרימיטיווער און אויסמאַטערנדיקער. די אַרבעט — אַ קאַ־טאָרזשנע. מיר האָבן געמוזט ארבעטן מיט לאָפּעטעס, מיט העק און אַנדערע שאַרפע מכשירים. די אַרבעט איז אויך געווען פאַרבונדן מיט סכנות און מ׳האָט זיך געדאַרפט היטן, אַז דער אַרומגעגראָבענער און צעוואַקלטער בוים זאָל נישט פאַלן אויף אונדז און צעקוועטשן אויף טויט. מיר, די פרויען, האָבן מיטן שווייס די ערד געאַקערט, ווען איין טראַקטאָר האָט געקענט פאַרבייטן צענדליקער. נאָר ווען איז דאָס אָנגעגאַנגען? טראַק־

טאָרס זענען אַ פּנים געווען ווייניק, נישט ריידנדיק שוין וועגן דעם אַז די אומזיסטע אַרבעטס־קראַפט האָט אויסגעטראָגן... ביליקער...

ווי נאָר דער ערשטער באַראַק איז פאַרטיק געוואָרן אַזוי האָט מען אים באַזעצט מיט כינעזער און קאָרייער פּרויען, אַרעסטאַנטקעס פאַר־שטייט זיך. דער באַראַק איז געווען אַ גאַנצער אינטערנאַציאָנאַל און תמיד איז געשטאַנען אין אים אַ געוואַלד אויף די פאַרשיידנסטע לשונות. פון די כינעזישע און קאָרייער פרויען זענען געשאַפן געוואָרן די ערשטע בריגאַ־דעס פון וואַלד־וואַלגערער.

די קאָרייער האָבן גערעדט רוסיש. אמת, דאָס איז געווען עפּעס גערעדט אין דער רוסישער שפּראַך. איידער איך האָב מיך אויסגעלערנט זיי צו פאַר־שטיין האָב איך מיט אייניקע פון זיי זיך אַפילו באַפריינדעט. בכלל זענען צווישן די כינעזער און קאָרייער פרויען געווען גרויסע אונטערשיידן. אין די שלעכטע אַנטי־היגיענע־באַדינגונגען פון באַראַק ווו עס לעבן צוזאַמען 80 פרויען, דאַרף מען זיין קולטורעל דערצויגן כדי אָפּצוהיטן אין די ראַמען פון די געגעבענע מעגלעכקייטן, די עלעמענטאַרסטע סאַניטאַרע און קולטורעלע באַדינגונגען. די כינעזערינס האָבן אויף זייער ריינקייט לגמרי קיין אַכט נישט געלייגט. זיי האָבן זעלטן זיך געוואַשן, און זייער עסן האָט אויך אַרויסגערופן אַ ווידערגעפיל. זיי האָבן אויסגעפונען אין וואַלד אַזאַ מין גראָז, וואָס האָט דעם טעם און דעם ריח פון קנאָבל. זיי האָבן זיך צוגעכאַפּט צו דעם גראָז, עס געגעסן נישט געוואַשענערהייט און מיט זייער פרעסן דעם קנאָבל האָבן זיי ממש פאַראומרייניקט די לופט אין באַראַק. די קאָרייערינס, פאַרקערט, האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער ריינקייט, מיט זייער קענזייטיקער איבערגעבנקייט און מיט זייער שטרע־בונג צו פריינדשאַפט מיט די פרויען פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, איבער־הויפּט מיט אונדז, יידישע. די קאָרייערין כאַן יעקאַטערינאַ האָט זיך צוגע־בונדן צו מיר און מיר באַענט געווען אַלע איבעריקע זיבן יאָר וואָס מיר זענען געווען צוזאַמען. איך האָב זיי באַוווּנדערט ווי ריין זיי האָבן גע־האַלטן זייערע געלעגערס און איבערהויפּט די שוואַרצע לאַנגע צעפּ זייערע. זיי, די קאָרייערינס, האָבן פון דור דורות געלעבט אויפן ווייטן מזרח און האָבן אפשר וועגן זייער לאַנד קאָרייע קיין פאָרשטעלונג נישט געהאַט. אין 1937 האָט מען זיי אויפגעהויבן גאַנצע משפחות און אַרויסגע־שיקט אין אַנדערע געגנטן פונעם לאַנד. אַ גרויסע צאָל האָט מען געגעבן צעניאָריקע סראָקן און אַרויסגעשיקט אין דער געגנט פון טאַשקענט, קיין מיטלאַזיע, הייסט עס. און זו האָט מען פאַראורטיילט אויף צען יאָר איזאָ־לאַציע.

אַ שטיק צייט בין איך געווען די דאַלמעטשערין פון דער בריגאַדע וואָס האָט געקאָרטשעוועט דעם וואַלד. איך בין געוואָרן זייער אָנפירערין מיט אַלע פּראָצעסן פון דער אַרבעט. זייער לערערין, אינסטרוקטאָרין. איך בין געווען צופרידן וואָס איך האָב געקענט מיט עפּעס זיי אַרויסהעלפן, גרינגער מאַכן דעם עול כדי זיי זאָלן אויך קענען אויסאַרבעטן די פּייַקע ברויט. בכלל, האָבן די פּאָליטישע, אומאָפּהענגיק פון זייער אָפּשטאַם זיך באַצויגן מיט זאָרג און איבערגעבנקייט איינער צום אַנדערן. איך געדענק נישט קיין איינציקן פאַל פון יידן־שינאה.

נאַטירלעך, אַז די דערשיינונג פון נאַציאָנאַלן אָפּזונדערן זיך האָט זיך געמערקט זייער בולט. יעדער האָט געזוכט די נאָענטקייט מיט מענטשן פון דער אייגענער נאַציע. יידן האָבן זיך געטוליעט צווישן זיך, רוסן האָבן געזוכט זייער סביבה, קאָרייער — זייערע א.אז.וו. איך האָב געפונען אַ סך גוטע פריינד צווישן נישט־יידן. נאָר די נאָענטסטע, געטרייסטע, גרייט ממש זיך מקריב זיין זענען געווען דאָך די יידישע. און די פריינדשאַפט האָט אָנגעהאַלטן מיט זיי אויך לאַנג נאָך דער באַפרייונג.

*

אין איינעם אַ פאַרנאַכט, ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט פון דער אַרבעט אין וואַלד, האָבן מיר געטראָפן אין באַראַק אַ סך נייע פּנימער. פון איוודעל־לאַגער וואָס אויפן אוראַל האָט מען אָנגעבראַכט אַ גרויסע גרופּע אַרעסטאַנטן.

צווישן די פרויען ניי־געקומענע איז געווען איין יידישע — אסתר דריבוס. רייע האָט באַלד דערקענט אין איר אַ שטאָם־שוועסטער און האָט זי גענומען צו זיך אויף דער נאַרע. רייע האָט מיך תיכף צוגערופן מיט די ווערטער:

— שפרה, זי איז דאָך אויך אַ פּוילישע... מ׳האָט זי אַרעסטירט אין טאַשקענט. אין רוסלאַנד האָט זי אַ סך קרובים.

זענען מיר אין באַראַק שוין געווען דריי יידישע פרויען. אסתר איז געבליבן „ווינען" צווישן אונדז ביידע.

אסתר דריבוס האָט געשטאַמט פון אַ קליין שטעטל ליוטאָמירסק, נישט ווייט פון לאָדזש. איר טאַטע איז געווען אַ שניידער. אסתר איז געווען די מיזינקע אין אַ משפחה מיט זיבן קינדער. זי איז אַלט געווען צוויי יאָר ווען איר מוטער איז אַוועקגעשטאָרבן. און איר פאָטער האָט אין גיכן אַרייַנגענומען אין שטוב אַ צווייטע פרוי. דאָס איז געווען אַן אמתע שטיפמאַמע.

נישט קענענדיק איבערטראָגן פון איר רישעות האָבן אַלע קינדער פאַרלאָזן די שטוב.

אין 1916 איז אַוועק קיין רוסלאַנד די עלטסטע שוועסטער. אין פאַרשיידענע צייטן האָבן נאָכגעפאָלגט דריי ברידער. די איבעריקע האָבן חתונה געהאַט. און נאָר אסתר, די יינגסטע, איז געבליבן מיטן טאַטן און דער שטיפמאַמע, וועלכע האָט געוואָלט וואָס אַמשנעלסטן פטור ווערן אויך פון איר.

אסתר איז געווען אַ נידעריקע מיט אַ שיין־געבויטן קערפּער, אַ סימפּאַטישן פּנים. זי האָט געהאַט גרינע אויגן און געדיכטע, געלאָקטע שוין גראָע האָר, וואָס זענען געווען אַמאָל קאַשטאַן־ברוין. זי האָט קיין מאָל אין ערגעץ נישט געלערנט. אויף יידיש האָט זי זיך געקענט אונטערשרייבן און אפשר אויך אָנשרייבן עפּעס. אָבער איר יידיש ריידן איז געווען וווּנדערלעך. זי האָט געהאַט אַן אָנגענעמע שטימע, און געזונגען מיט געפיל יידישע פאָלקסלידער. פון דער קינדהייט אָן האָט זי שטענדיק געהאָרעוועט אין שטוב, נישט ווייכער מאַכנדיק דער שטיפמאַמעס האַרץ. ראַטעווענדיק זיך פון דער מכשפה פלעג זי אָפט אַנטלויפן צו דער חתונה־געהאַטער שוועסטער. איין מאָל איז צוגעפאַלן אַ שידוך, האָט דער חתן אויסגענומען אַז באַלד נאָך דער חופּה זאָל מען זיי ביידע אַריבערשמוגלען די סאָוועטישע גרענעץ. צוליב דעם האָט איר פאָטער אַליין זיך פאַרבונדן מיט שמוגלערס. דאָס איז געווען אין 1933. אסתר איז שוין אַלט געווען 27 יאָר. ביים איבערגיין האָט מען זיי ביידע אַרעסטירט. ביידע האָט מען פאַרמשפּט צו אָנדערטהאַלבן יאָר לאַגער. ביים באַפרייען זיך פון לאַגער האָט דער מאַן איר איינגערעדט זי זאָל פאָרן אַליין צום ברודער קיין טאַשקענט ווײַזשין ער וועט איר נאָכקומען אין אַ צייט אַרום. זי האָט אים געפאָלגט. אָבער ער איז נישט נאָר נישט געקומען צו איר, נאָר איר אַפילו נישט געשריבן קיין שורה־גריסל. זי האָט געאַרבעט כדי נישט פאַלן דעם ברודער צו לאַסט. אָבער ס'האָט אין גיכן צוגעטראָטן דאָס זיבן און דרייסיקסטע יאָר. מ'האָט אסתרן ווידער אַרעסטירט און פּונקט ווי אונדז אַלע האָט מען אויך איר אַריינגעבראָקט צען יאָר לאַגער פאַר... קאָנטררעוואָלוציאָנערער טעטיקייט.

דאָס זעלבע, ווי זי האָט זיך דערוווּסט, איז געשען מיט איר מאַן, וואָס האָט אויסגענוצט איר נאַיִוויטעט און סיי דעם פאָטער און סיי זי אָפּגענאַרט, כדי צו קריגן אַ מעגלעכקייט זיך אַריבערפּעקלען קיין רוסלאַנד ווזשין ס'האָט זיך אַזוי געצויגן די יידישע יוגנט. מיט אַ סך פון דער דאָזיקער יוגנט האָט זי זיך באַגעגנט אויף די וואָגלועגן דורך „טראַנזיטקעס” און

לאַגערן — דער לוין וואָס זיי האָבן באַקומען אין דעם לאַנד פון זייערע חלומות, וואָס האָט זיך באַרימט אַז ס'איז אַ היים פאַר די פעלקער.

צוליב איר שוואַכן געזונט־צושטאַנד האָט דער דאָקטער באַפרייט אסתרן פון שווערער אַלגעמיינער אַרבעט און זי צוגעגומען אין מעדפונקט פון דער זאָנע ווי אַ סאַניטאַרקע. אין דער זעלבער צייט האָט אין קניאַזש־פּאָגאָסט זיך געעפנט אַ שניידער־וואַרשטאַט, וואָס האָט גענייט לאַגער־מלבושים און דער אָרגאַניזאַטאָר פון דעם וואַרשטאַט איז געווען אַ ייד. מען איז געקומען אויך אין אונדזער פונקט אָפּקלייבן פּרויען אויף אַר־בעט, אָבער נאָר שוואַכע אין געזונט. מ'האָט נישט געמוזט קענען שניי־דעריי. דער אָפּקלייב איז פאָרגעקומען אונטערן אויפזיכט פונעם דאָקטער. אַז די קאָמיסיע האָט אַ קוק געטאָן אויף דער קליינינקער, דאַרינקער, גרויער פרוי מיטן יונגן פּנים, האָט מען זי באַלד צוגענומען אין דעם ניי־געשאַפענעם וואַרשטאַט. אין לאַגער ווו די גרונט־אַרבעט איז נאָר אַ פיזיש־שווערע, איז דאָס באַקומען אַן אָרט פון לייכטער אַרבעט אין אַ פאַרמאַכ־טער געביידע געווען אַ גרויס גליק, כאָטש די אַרבעט אין מעדפונקט איז אויך געווען אַ לייכטע, און באַקומען האָט זי אסתר אַ דאַנק דער דאָק־טערין, אויך אַ פּאָליטישע, אַ טאָטערין פון אָפּשטאַם, וועלכע האָט זיך באַ־מיט יעדערן צו העלפן, און האָט געטאָן אַ סך גוטס (ליידער האָב איך פאַרגעסן איר נאָמען).

דער וואַרשטאַט איז צום אָנהייב געווען אַ קליינער. מיט דער צייט האָט ער זיך צעוואַקסן אין אַ גרויסן צעך. ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ גאַנ־צער קאָמבינאַט ווו ס'האָבן געאַרבעט הונדערטער מענטשן. אַ־די אונטער־נעמונגען זענען געעפנט געוואָרן נישט כדי צו שאַפן פאַר מענטשן לייכטע אַרבעט ווו זיי זאָלן קענען פאַרדינען די פּײַקע. ניין און ניין. באַוויזגן צו דעם די מאַכט האָבן ווייט נישט קיין הומאַנישע מאָטיוון. די מאַכט האָט זיך געניייטיקט אין די צעכן כדי צו באַזאָרגן די אַרעסטאַנטן מיט בגדים, זומערדיקע און ווינטערדיקע. און די לייכטע אַרבעט וואָס איז געווען גענוג אַ שווערע צוליב די נאָרמעס וואָס מ'האָט אָן אויפהער פאַרגרעסערט, איז געוואָרן נאָך שווערער אין די מלחמה־יאָרן ווען מ'האָט גענייט אויך פאַר דער רויטער אַרמיי. יאָ, די אַרבעט אין די צעכן אין מלחמה־פּעריאָד האָט פאַרהיט הונדערטער מענטשן פון אויסשטאַרבן, ווען געהונגערט האָט דאָס גאַנצע פאָלק און אַ פּשיטא אין לאַגער. מ'האָט באַשניטן דאָס ברויט ביז אַ הונגער־פּײַקע.

וועגן יעקב אַבראַמאָוויטש (זיין פאַמיליע האָט קיינער נישט געוווּסט), דעם אָרגאַניזאַטאָר פון די צעכן, אַן אַרעסטאַנט ווי מיר אַלע, האָט אסתר

דערציילט, אַז ער איז אַ מאַן פון מיטעלן וווּקס, אַ געוואַלדיק באַוועגלעכער. ער גייט נישט נאָר ער לויפט. ער רעדט נישט נאָר ער שרייט שטענדיק, ווי ס'וואָלט אים געפעלט אַ קלעפּקע אין קאָפּ. אָבער נישט קוקנדיק אויף דעם איז ער, אַ פּנים, אַ גוטער און איז גרייט צו טאָן עפּעס גוטס פאַר די מענטשן וואָס האָבן געאַרבעט אונטער זיין אָנפירונג. באַזונדערס איז מיר מיט רייען געווען אָנגענעם צו הערן וועגן זיין אויסערגעוויינלעך־אויפמערקזאַמער באַציונג צו יידן. זיינע באַלעבאַטים האָבן נישט געטאָרט וויסן — ער וואָלט פאַרלאָרן די אַרבעט — אַז בעת ער ווערבירט מענטשן אין די וואַרשטאַטן זוכט ער קודם כל אנשי שלומנו — יידן. כאָטש איך האָב געגאַרט אָנצוקומען אין די וואַרשטאַטן און אסתר אויך — האָב איך קיין האָפענונג נישט געהאַט צוליב מיין נישט שלעכטן געזונט־צושטאַנד. אויף אַלע אַלגעמיינע אַרבעטן אין וואַלד און אַנדערע ערטער איז מען געווען פון מיר צופרידן. מ'האָט מיך אַפילו איין מאָל באַלוינט מיט אַ פּרעמיע... (פינף רובל). פינף רובל — אַ שפּעטנע סומע. אָבער אין לאַגער האָט דאָס געמאַכט אַ רושם, נאָך מער דערפאַר ווייל די פּרעמיע האָט באַקומען אַ פּרוי, און באַזונדערס — אַ פּאָליטישע...

און נאָך איין חסד האָט מיר אַרויסגעוויזן די נאַטשאַלסטווע: פאַר גוטער אַרבעט האָט מען מיר דערלויבט, אָן אַ שמירה, אַליין צו גיין אין שטעטל קניאַזש־פּאָגאָסט אין דער דענטיסטישער קליניק מיט אַ ווענדונג פון דער אַדמיניסטראַציע מען זאָל מיר היילן די ציין. דאָס איז דאָך פּשוט אַ גליק. אין דער דאָזיקער קליניק זענען די דאָקטוירים ווי די טעכניקער אַלע געווען אַרעסטאַנטן. זיי האָבן געאַרבעט אויסשליסלעך פאַר די פרייע, פאַר נאַטשאַלסטווע. און ווען איך בין געקומען מיט דער ווענדונג פון דער לאַגער־אַדמיניסטראַציע זענען די דאָקטוירים געווען איבערראַשט, אָבער אויך צופרידן צו קענען העלפן אַ זייערס גלייכן.

צוויי חדשים האָט געדויערט די היילונג. דער פּראָטעז איז פאַרטיק געוואָרן אויף צו להכעיס ערב דעם נייעם יאָר 1940. ס'איז געווען אויסגעשלאָסן אַז אין דעם טאָג זאָל מען מיר געבן אַ „פּראָפּוסק" אין שטעטל אַריין. תמיד ערב אַ יום־טוב פאַרדרייט מען די רעזשים־שרויפן, עס גייט אַ שטרענגער קאָנטראָל, אונטערזוכונגען. דערוויס איך זיך אַז אין דעם טאָג פאַר נייעאָר שיקט מען אַ גרופּע פרויען אַרבעטן אין רעסטאָראַן פונעם שטעטל, וווּ עס וועלן פאַרברענגען אין דער נייעאָר־נאַכט די פּני פון נ.ק.וו.ד. ווי עס פירט זיך אין גאַנצן לאַנד. כ'האָב געבעטן דעם בריגאַדיר מיר איינשליסן אין איר בריגאַדע (איר געזאָגט אויך צוליב וואָס) און איך בין מיט דער גרופּע פרויען געבראַכט געוואָרן אין דעם רעסטאָראַן פון קניאַזש־

פאַגאָסט. איך האָב באַוויזן צולויפן צו דער קליניק, אָנטאָן די שפּאָגל־נייע ציין און זיך אומקערן צו דער אַרבעט אין רעסטאָראַן. מיר האָבן דאָ געטאָן די שמוציקסטע אַרבעטן, אָבער אין דעם טאָג האָבן מיר זיך גוט אָנגעגעסן מיט אַזעלכע מאכלים וואָס מיר האָבן יאָרנלאַנג שוין נישט גע־האַט אין מויל. אין אָוונט דורכן באַדינונגס־פענצטער געקענט כאַפּן אַ קוק אויף דעם פאַרברענגענדיקן עולם. דער גרעסטער טייל מיליטעריש־גע־קליידטע יונגעלייט, די גאַרניזאָן־אָפיצירן און וואָך־הינט איבער די פּיל־צאָליקע לאַגערן. די פרויען אין זייד און אין צירונג. אַרום זיי האָבן אַרומ־געטאַנצט די קעלנער אין קורצע שניייווייסע קיטלען, דער זאַל — אַ העל־באַלויכטענער. מוזיק — אַ רוישיקע.

צו האַלבער נאַכט האָט דער עולם גענומען די אָנגעגאָסענע באָקאַלן שאַמפּאַניער אין די הענט, און ווען דורכן ראַדיאָ האָבן די מאָסקווער קו־ראַנטן אויסגעשפּילט צוועלף, האָט זיך אָנגעהויבן די אמתע שמחה. ס'האָט נישט געדויערט קיין סך און ס'איז געוואָרן אַ סומאַטאָכע, אַן איבערקע־רעניש, אַ תוהו ובוהו. דער אָרקעסטער האָט געגרילצט. שיכורע זידלע־רייען. מיט די צעשפּיליעטע מונדירן האָט מען געהאַפּקעט. איך האָב זיי דערזען באַרוישטע פון דעם בראָנפן, די סאָציאַליסטישע מאַכטהאָבער פאַר־וואַנדלט אין מיאוסע, עקלהאַפטע בריות. כ'האָב געטראַכט וועגן דעם „צעגיס אין צייט פון אַ מגיפה", וואָס עס פראַוועט אָט דער אויפגעקומע־נער, נייער פאַרדאָרבענער קלאַס, אונטער דער נאָז פון טויזנטער אַרעס־טאַנטן, צווישן וועלכע עס זענען פאַראַן אַזוי פיל ווונדערלעכע מענטשן וועלכע האָבן מקריב געווען זייער יוגנט כדי... אָט דער קלאַס זאָל זייער אַמאָליקע מי און קרבנות פאַרוויסטן און פאַרעיפּושן. כ'האָב מיך אָווקגע־זעצט אין אַ ווינקל אַ מידע און שלעפעריקע און געוואָלט נאָר איינס — עס זאָל שוין טאָג ווערן און מען זאָל אונדז שוין אָפּפירן צוריק.

רייע און אסתר האָבן געוואַרט אויף מיין אומקער מיט אומגעדולד. אַלע פרויען אין באַראַק האָבן געוואָלט הערן ווי אַזוי ס'איז פאָרגעקומען די באַ־געגעניש פון נייעם יאָר. דערציילן אַלצדינג האָט מען נישט געטאָרט. ווענט האָבן דאָך אויערן... נאָר מיינע צוויי פריינדינס האָב איך געשילדערט די נייאָר־שמחה מיט אַלע פּיטשעווקעס, און מיר האָבן צום נייעם יאָר זיי געווונטשן נאָר גרויסע מפּלות...

אין דער וועלט האָט געפלאַקערט די מלחמה. דער פאַשיזם האָט פאַר־פלייצט מערב־אייראָפּע מיט פאַרוויסטונג און טויט. אָבער אין לאַגער האָבן מיר כמעט גאָרנישט ניט געוווּסט וואָס עס טוט זיך אין דער וועלט. צו אונדז

זענען דערגאַנגען נאָר קלאַנגען, בעסער גזוּאָגט, אָפּקלאַנגען פון די גרויל־געשעענישן.

עמעצער האָט געהערט עמעצן דערציילן... עמעצער האָט באַקומען אַ בריוו... רמזים נאָר, אַנדערש וואָלט די צענזור דעם בריוו נישט דורכגע־לאָזן. קיין ראַדיאָ האָבן מיר נישט געהאַט. קיין צייטונג האָט מען נישט אַריינגעבראַכט. אַפילו היטלערס איבערפאַל און אַריינמאַרש אין דער טערי־טאָריע פונעם ראַטנפאַרבאַנד איז צו אונדז דערגאַנגען נישט באַלד...

מיר האָבן גאָרנישט געוווּסט וואָס עס טוט זיך אין דער וועלט, און נישט אין לאַנד גופא. מיר האָבן אויך נישט געדאַרפט וויסן. טאָמער — ווי שונאים פונעם פאָלק — וועלן מיר זיך גאָר פרייען...

שפּעטער, מיטן אָנקום פון נייע עטאַפּן האָבן מיר זיך געקענט דערוויסן אויספירלעכער וועגן דער שריפה וואָס שפרייט זיך אויס אויף דער וועלט, אַרומכאַפּנדיק אַלץ נייע לענדער. און מיט די עטאַפּן האָבן זיך באַוויזן אַ נייער טיפּ אַרעסטאַנטן — יידן, אַנטלאָפענע פון פוילן, וואָס האָבן זיך גע־ראַטעוועט פונעם פּרוסאָקישן טייוול און אַריינגעפאַלן אין דער נעץ פון אַ צווייטן. פון זיי זענען מיר געוואָר געוואָרן אַז פון פוילן לויפן אין גרעסטן טייל יידן. זיי לויפן גאַנצע משפחות, אויב זיי באַווייזן נאָר זיך אַרויסצו־רייסן פון דעם פייער, ווייל דער פאַשיזם ווייסט נישט פון רחמנות; ער צעטרעט, פאַרלענדט און פאַרטיליקט אַלץ אויף זיין וועג, און באַזונדערס — די יידישע באַפעלקערונג.

פון זייערע דערציילונגען זענען מיר דערשיטערט געוואָרן. און אויף דער פראַגע: „פאַר וואָס האָט מען אייך אַריינגעזעצט אין לאַגער?", איז געקומען דער ענטפער פול מיט ווייטיק און פאַרביטערונג: — „פאַר שפּיאָ־נאַזש". זיי האָבן נישט באַוויזן אַריבערצוגיין די גרענעץ, ראַטעווענדיק זיך פון אומקום, האָט מען זיי, יידישע מענטשן, באַשולדיקט אַז זיי זענען געקומען שפּיאָנירן לטובת זייער פאַרטיליקער... וווהין די משפחות זענען אַהינגעקומען האָבן זיי נישט געוווּסט און צו וועמען זיך ווענדן כדי צו דערגיין די אומבאַגרינדעטקייט פון די באַשולדיקונגען? צו וועמען?

צווישן זיי זענען געווען עטלעכע מענער וואָס האָבן ממש געהונגערט ווייל זיי האָבן זיך נישט געוואָלט מטמא זיין מיט דעם טריפהנעם עסן פון אַלגעמיינעם קעסל. עטלעכע פון די ניי־געקומענע האָט מען געשיקט אַר־בעטן אין די שניידער־וואַרשטאַטן. יעקב אַבראַמאָוויטש האָט זיי גוט אויפגענומען און זיי געגעבן אַ מעגלעכקייט אויסצואַרבעטן אַ גרעסערע פּייַקע ברויט. ווען די יידן פלעגן זיך שטעלן דאַווענען מנחה האָט ער זיך

געמאַכט נישט זעענדיק.ער האָט דאָך צוליב דעם געקענט האָבן גרויסע אומאָנגענעמלעכקייטן. דערפאַר האָבן מיר אים נאָך מער געשעצט.

איך האָב דאָרט געאַרבעט ביים איבערסאָרטירן פאַרשידענע סחורות לויט די קאָלירן. פון זיי האָט מען גענייט הויזן פאַר די אַרעסטאַנטן.

און ווידער ווערן פאַרשפּרייט קלאַנגען וועגן דעם אַז דער וואַרשטאַט ווערט אַריבערגעפירט אויף אַן אַנדער אָרט, וווּהין? ווען? די קלאַנגען האָבן אונדז געמאַכט אומרויִק, נערוועז. וועט מען איבערפירן אין איינעם מיט די מענטשן, אָדער נאָר די צעכן? איבערבלייבנדיק דאָ וועלן מיר ווידער מוזן גיין אויף אַלגעמיינער אַרבעט?...

ענדלעך, — מיר ווייסן שוין דאָס פּלאַץ וווּהין מען פירט אַריבער דעם צעך. דאָס פּלאַץ הייסט ראַקפּאַס. מען וועט גיין אַהין צו פוס, ווייל ביז אַהין איז אין גאַנצן אַ מהלך פון 16 ק״מ. אין דער רשימה איבערצופאָרן זענען מיר געוועזן די יידישע פרויען: אסתר, דאָרע, צוויי שוועסטער — פּאָלינאַ אַבקינאַ און עדיאַ און איך.

רייע איז פאַרבליבן אויף דער מילך־פערמע. אין דער נאַכט פון אונד־זער צעשיידונג האָבן מיר אַן אויג נישט צוגעמאַכט. מיר זענען דאָך דורכ־געגאַנגען אַ לאַנגן וועג פון אָפּקומענישן צוזאַמען, העלפנדיק איינע דער אַנדערער. אַפילו ווען דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט סכנות. אַרבעטנדיק אויף דער מילך־פערמע וואָס אין לאַגער איז עס פאַררעכנט געווען ווי אַ גאָלדן אַרבעטס־פּלאַץ, האָט זי געוואַשן די כלים אין וועלכע מ׳האָט גע־האַלטן די מילך. דאָס איז אויך געווען אַ זכיה פאַר אַ פּאָליטישער. וואַשנ־דיק די מילך־כלים האָט זי געהאַט אַ מעגלעכקייט צו טרינקען דעם איבער־בלייב, און אויך איבערקליגן די וועכטער ביים טויער און אַריינברענגען פאַר אונדז אַ פלעשעלע מילך. ווען מען כאַפּט זי וואָלט עס זי געקאָסט רבי־געלט. און זי האָט איינגעשטעלט און פאַר מיר מיט אסתרן געבראַכט פון צייט צו צייט אַ פלעשעלע מילך, אין וואָס מירביידע האָבן זיך שטאַרק גענייטיקט.

נאָך מער איינגעשטעלט האָט זי דעמאָלט ווען מיר זענען שוין געווען אין ראַקפּאַס און מיט דעם מענטשן וואָס האָט געפירט מילך פאַר די פרייע אָנפירער פונעם קאָמבינאַט, פלעג זי אונדז איבערשיקן אַ חוץ מילך אויך ברויט, עטלעכע קאַרטאָפל. דאָס איז געווען אין אַ צייט פון גרויסן הונגער אין לאַגער. געפינענדיק דעם מענטשן, איינריידן ער זאָל נעמען אויף זיך די עובדא, איז סיי פאַר אים, סיי פאַר איר זייער ריזיקאַליש. און רייע האָט געהאַט מוט דאָס צו טאָן, די טייערע שוועסטער אונדזערע.

האָבן מיר דעם וועג צו אונדזער נייעם וווינאָרט דורכגעמאַכט צו פוס.

אין וועג האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן די גרויסע ענדערונגען וואָס זענען פאָרגעקומען אין דעם דאָזיקן פּוסטן לאַנד. קודם כל אַ נייער אַס־פאַלטירטער וועג, וואָס בויט זיך אייבצייטיק מיט דער אייזנבאַן־ליניע. מיט דער הילף פון שקלאַפן־מי האָט מען דאָס קדמוניש־ווילדע לאַנד אויפ־געוועקט צום לעבן, נערנדיק די דאָזיקע שקלאַפן בצימצום מיט אַ נע־בעכדיקער פּייקע און אַ פאַסקודנע שיסל באַלאַנדע, זיי זאָלן קענען ווי עס איז טאָן זייער אַרבעט.

דער קאָמבינאַט פאַר לייכטער אינדוסטריע אין ראַקפּאַס האָט פאַר־נומען אַ גרויסן שטח. מיר האָבן באַלד אים נישט געזען, ווייל ער איז גע־ווען אַרומגערינגלט מיט אַ הויכן פּאַרקן פון ברעטער, העכער ווי די פּאַרקנס מיט וועלכע מיר זענען געוווינט און מיט אַ סך וואַך־טורעמלעך פאַר די באַוואָפנטע שומרים, און נעצן פון שטעכל־דראָטן אויבן, אונטן, אַרום און אַרום. דאָס אַלץ האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז דער קאָמ־בינאַט איז אַ שטאַרק־פאַרשלאָסענע פעסטונג, און איידער דו גייסט אַריין אַהין, נעמט דיך אַרום אַן אימה. אַרום דעם קאָמבינאַט־פּאַרקן — הייזער פאַר די פרייע קאָמבינאַט־בעלי־בתים.

מ׳האָט אונדז אַריינגעלאָזט אין דער וווינונגס־זאָנע פון דעם לאַגער־קאָמבינאַט. דאָרט זענען געשטאַנען צענדליקער באַראַקן; איינשטאָקיקע מיט ברייטע פענצטער, אויסגעשטעלטע אין גלייכע רייען אין בײדע זייטן פונעם גרויסן פּלאַץ. דאָ זענען שוין געווען תושבים געבראַכטע פריער פון אַנדערע לאַגערן. די נאַרעס צווייִשטאָקיקע לויטן וואַגאָנען־סיסטעם. פון גרויס באַדייטונג פאַר אונדז, פּאָליטישע, איז געווען דאָס, וואָס מ׳האָט אונדז אָפּגעזונדערט פון די געמיין־פאַרברעכער. מיר די עטלעכע יידישע פרויען, האָבן זיך איינגעאָרדנט נאָענט איינע פון דער צווייטער, און בשכנות מיט אונדז — די קאַרייערין פאַן יעקאַטערינאַ.

דערוווּסט האָבן מיר זיך באַלד אַז דער קאָמבינאַט האָט עטלעכע צעכן: דער שניידער־צעך, אַ צווייטער וואָס פּראָדוצירט שפּילצייג פאַר קינדער און אַ צעך פאַר מאַסן־געברויך וואָס האָט אויסגעאַרבעט פאַרשידענע זייפן, וואַשפּודער, ציינפּאַסטע און ענלעכע אַרטיקלען. בײדע צעכן אָריענ־טירן זיך אויפן פרייען אָפּנעמער, אין דרויסן. דער גרעסטער צעך איז דער שניידערישער. דאָרט זענען געשטאַנען 150 ניי־מאַשינען און דריי הונ־דערט מענטשן האָבן געאַרבעט אין צוויי שיכטן. אַ חוץ זיי האָט דער צעך נאָך צענדליקער מענטשן ווי צושניידער, קאָנטראָליאָרן, בריגאַדירן. דער צעך — מעכאַניזירט. ער וועט פּראָדוצירן זומער און ווינטער־באַקליידונג פאַר די לאַגערן. שפּעטער אויך פאַר דער רויטער אַרמיי. דאָס הייסט אַז

פלענער זענען פאַרגעזען גרויסע. די אַרבעט וועט קלעקן אויף יאָרן. דער צווייטער גרויסער צעך איז געווען דער שוסטערישער. מ׳האָט נאָך גע־רעדט וועגן אַ צעך פון טעפּיכער. נישקשה. מען וועט געפינען אין די לאַגערן ספּעציאַליסטן אויך אין דעם פאַך, ווייל וואָס האָט מען נישט גע־קענט געפינען צווישן די אַרעסטאַנטן — געלערנטע און קינסטלער פון אַלע געביטן פון מענטשלעכן שאַפן. אָבער דער דאָזיקער טעפּיכער־צעך איז אויסגערעכנט געוואָרן צו באַדינען אויסשליסלעך די נאַטשאַלניקעס; די באַגאַבטע מענטשן וועלן צופרידן זיין צו אַרבעטן אין זייער פאַך. און די בעלי־בתים — אוודאי! פאַר וואָס נישט, עס קאָסט זיי טייער?

אָפּגעטיילט פון די באַראַקן האָט זיך געפונען דאָס גרויסע שפּיטאָל ביים קאָמבינאַט. נישט קיין מעדפּונקט, נאָר טאַקע אַ גוט־איינגעאָרדנטער שפּיטאָל. קראַנקע האָבן, ברוך השם, נישט געפעלט. ביי דער עבודת פּרך אין אַ וויסטן לאַנד האָבן די בויער־שקלאַפן אין זייער מערהייט יונגע, שטאַרקע מענטשן, גיך פאַרלאָרן דאָס געזונט. מיט דער פּײַקע ברויט, וואָס איז אין די מלחמה־יאָרן געקירצט געוואָרן ביז צוויי הונדערט גראַם אַ טאָג, האָט מען נישט געקענט לאַנג שלעפּן. דערפאַר האָט מען געדאַרפט אַ געזונטהייט־אַנשטאַלט, וואָס זאָל כאָטש אויף אַ מינימאַלסטן אופן זיי אומ־קערן די כוחות. געליטן האָבן מערסטנס די מענטשן פון צינגאַ, אַ שלאַפ־קייט וואָס ווערט פאַראורזאַכט פון הונגער; פון וויטאַמינען־מאַנגל האָבן מענטשן באַקומען געשוואָלענע פיס, מאָגן־קראַנקייטן און פלעגן פאַרלירן די ציין. געליטן האָט מען פון פעלאַגרע — פולשטענדיקע אויסצערונג. אין די ברוינע פלעקן וואָס האָבן זיך אויסגעשלאָגן אויפן רוקן האָבן די דאָק־טוירים דערקענט די שלאַפקייט. די צאָל פון די דאָזיקע שלאַפע איז געווען די גרעסטע. עס האָבן נישט געפעלט אויך אַנדערע פיל שלאַפקייטן.

דאָ אין קאָמי־לאַנד זענען די שפּיטעלער געווען אָנגעשטאָפּט (אַזוי ווי אומעטום אויף די בויונג־טראַסעס) אַז מ׳האָט געמוזט האַלטן צו צוויי אין אַ בעטל. רעסטאַוורירן דאָס געזונט פון די שקלאַפן, אין דעם איז געווען פאַראינטערעסירט די מאַכט וואָס האָט זיך געניייטיקט אין אַרבעטס־הענט. אין די שפּיטעלער האָבן געפעלט סיי הייל־מיטלען, סיי אַ בעסערע דער־נערונג, באַזונדערס אין צייט פון דער מלחמה. און דער רעזולטאַט... וועגן דעם האָבן די לאַגערניקעס געזאָגט:

— יעדער קילאָמעטער אייזנבאַן אין קאָמי איז געבויט נישט אויף שלאַק און שפּאַלעס, נאָר אויף די ביינער פון אַרעסטאַנטן, וואָס זייער צאָל איז נישט באַוווּסט...

יענע, וועמען ס'האָט געגליקט צו בלייבן לעבן, זענען געוואָרן אינוואַ־לידן. און ווי אַזעלכע האָט מען זיי אויסגענוצט אין קאָמבינאַט אויף „לייכטע אַרבעט"... און אַזוי האָט די באַזאָרגונג מיט אַרבעטס־קראַפט דעם קאָמבינאַט קיין איבעשרלאָגן נישט געהאַט. איצטער זאָגט מיר, וואָס קומט אַרויס פון דער גוט־איינגעאָרדנטער קיך, ווען פון דער אין קאַלאָ־ריעס־אָרעמער דערנערונג פלעגן מענטשן אויסציען די פיס, „דערגייען"?
— ד.ה. זיי פלעגן ווערן דיסטראָפיקער אין העכסטן גראַד, פאַרלירן די ציין פון צינגאַ, כאָטש געוועוערטלט האָט מען זיך אַז די ציין זענען דאָ סיי ווי נישט נייטיק. ווי אַ פּראָפילאַקטיש מיטל קעגן צינגאַ האָט מען גע־צווונגען די אַרעסטאַנטן יעדן טאָג אויסטרינקען אַ קוואָרט מיט אַ געטראַנק וואָס איז געשטעלט געוואָרן אויף אַזאַ גראָז, וואָס אין יענעם געגנט געפינט מען עס אַ סך און הייסן הייסט עס איוואַן־טשײַ. דאָקטוירים האָבן גע־זאָגט אַז דאָס גראָז פאַרמאָגט וויטאַמינען. בריגאַדעס אינוואַלידן פלעגן אין די וועלדער קלייבן דאָס גראָז. די קיך האָט געגרייט דאָס געטראַנק, און יעדן טאָג, ביים באַקומען דעם זופּ, האָט מען געצווונגען אויסטרינקען אַ טעפּעלע — אַנדערש באַקומט מען נישט די באַלאַנדע. פון דעם געטראַנק האָט אַזוי געעקלט, אַז אַ סך, נישט צו נעמען עס אין מויל, פלעגן זיך אָפּזאָגן אויך פונעם זופּ.

אין דעם דאָזיקן לאַנד, אָרעמען אין וויטאַמינען, האָבן אין די סאָסנע־וועלדער זיך געפינען וויטאַמין־רייכע יאַגעדעס וואָס זעען אויס ווי מאַלינעס — רויטע, שוואַרצע, בלויע — „גאָלוביצע" אויף רוסיש, געשמאַקערע ווי דער איוואַן־טשײַ. ווען ס'איז געקומען זייער סעזאָן, האָט מען ווידער אויס־גענוצט אינוואַלידן־בריגאַדעס, זיי געפירט אין די וועלדער און זיי האָבן אָנגעקליבן גאַנצע פעסער מיט יאַגעדעס. אָבער דער פּראָדוקט איז געווען נאָר פאַר זיי, פאַר די פון גאָט אַליין אויסדערוויילטע, די באַלעבאַטים. שטערן די אינוואַלידן צו געניסן בעתן קלייבן האָט מען נישט געקענט. נאָר אַרייננבערענגען אין זאָנע איז געווען שטרענג פאַרווערט.

אויסגעצייכנט האָט זיך נאָך דער לאַגער מיט אַ גוט־איינגעאָרדנטער באָד. אין באָד זענען מיר גערן געגאַנגען ווען עס איז געקומען אונדזער ריי, ווייל מיר אַליין זענען געווען פאַראינטערעסירט אין ריינקייט. אין אַנדערע לאַגערן איז דאָס באָדן געווען אַן אָפּקומעניש. קיין סטאַבילע באָד איז נישט געווען. פון צייט צו צייט פלעג קומען אַ באַוועגלעכע באָד. מען פלעג ברענגען אַ וואַגאָן־באָד, איינגעריכטעט מיט דושן. איז זומער מילא, נאָך געווען צום פאַרטראָגן. נאָר ווינטער — נאָך דער הייסער באָד, פאַר־שוויצט, נאָך גוט נישט אָרומגעוואַשן, מוזנדיק לויפן דורכן פראָסטיקן

דרויסן צוריק אין זאַנע איז נישט קיין ווונדער וואָס מען פלעג זיך פאַר־קילן. זענען לונגען־אָנצינדונגען טאַקע געווען אָן אָפּטע דערשיינונג.

אָבער גיין אין דער דאַזיקער באָד האָט מען געמוזט. מ'האָט גע־פירט אַהין מיט כוח. איין מאָל האָט אַ מאַנאַכין זיך אָפּגעזאָגט צו גיין אין באָד ווייל ס'איז געווען זונטיק, האָבן צוויי זעלנער זי פשוט געשלעפּט אויף דער ערד. מיר, אַ גרופּע פרויען, האָבן דערזעענדיק דאָס, אָנגעמאַכט אַ טומל, אויפגעהויבן אַזאַ ויצעקו אַז די סאָלדאַטן האָבן זיך „דערשראָקן" און זי אָפּגעשליידערט אין אַ זייט.

ריינקייט האָט מען געמוזט אָפּהיטן. דאָס איז געווען אין אונדזער אינ־טערעס. לעבנדיק שטענדיק אין ענגשאַפט האָבן פונעם שמוץ זיך געפּלאָ־דיעט לייז. די לייז האָבן געבראַכט עפּידעמיעס. אין די גרויסע טראַנזיט־לאַגערן ווו ס'איז אַ גרויסע אָנזאַמלונג פון מענטשן האָבן טאַקע אָפט אויס־געבראָכן טיפוס־עפּידעמיעס וואָס האָבן אָוועקגעריסן צענדליקער טויזנ־טער אַרעסטאַנטן.

דאָ אין קאָמבינאַט־לאַגער האָט מען זיך זייער געהיט פון אַזעלכע אומגליקן. מען האָט אָפט דורכגעפירט אַ דעפּאַראַזיטירונג. דעזינפעקציעס. אָבער אָפּהענגיק איז געווען די ריינקייט פון אונדז אַליין.

זעקס יאָר האָב איך געאַרבעט אין דעם צעך מיט וועלכן ס'האָט אָנ־געפירט דער זעלבער יעקב אַבראַמאָוויטש און דער בריגאַדיר פון אַלע אַרבעטן אין צעך — יאַשע זוסמאַן. זעקס יאָר האָב איך געלעבט לויט אַ פּראָגראַם. אין דער פרי האָט דער גלאָק געוועקט צום אויפשטיין. לויט זיין קלונג בין איך געגאַנגען נעמען די פּײַקע ברויט און די באַלאַנדע. לויטן גלאָק זיך אויסגעסטרויעט צו דער אַרבעט, מיטאָג עסן און שלאָפן, לויטן גלאָק. ביז היינט קלינגט ער מיר אין די אויערן.

נאָר ווען צו פאַרענדיקן די אַרבעט איז נישט געווען קיין גלאָק. יעדער צעך האָט פאַרענדיקט די אַרבעט דעמאָלט ווען דער קאָמבינאַט האָט גע־האַלטן פאַר נייטיק.

יאַשע, דער בריגאַדיר, האָט געקענט אויסגעצייכנט מיינע פעיִקייטן צו דער אַרבעט פונעם פריִערדיקן צעך. יאַשע האָט באַקומען אַ צעניאָריקן סראָק, ווי ער פלעג זאָגן, פאַר עפּעס. נישט ווי מיר, פּאָליטישע. ער איז געזעסן נישט פאַר אומזיסט. אַ קיעווער, פון פאַך אַ שניידער, האָט ער פאַר־וואַלטעט אויף דער פריי מיט אַ שניידער־צעך, צי אַן אַרטעל. איז אַנט־דעקט געוואָרן אַ גנבה און די פאַראַנטוואָרטלעכקייט איז געפאַלן אויף אים, דעם פאַרוואַלטער.

אין קיעוו האָט ער געהאַט אַ פרוי מיט צוויי קינדער. ער אַליין האָט פאַר אונדז, די נאָענטע, זיך מודה געווען מיט אַ שמייכעלע, אַז ביי דער פרוי זענען געבליבן געגוג מיטלען צום לעבן. דאָס הייסט, אַז אין דער גנבה איז ער געווען שולדיק. וועלנדיק אַ לצעווע טאָן איבער אונדז פלעג ער זאָגן:

„איך ווייס כאָטש פאַר וואָס איך זיץ. פאַר ,עפּעס׳ זיץ איך. אָבער איר, איר פאַר וואָס? האַ?"...

אַזוי ווי אין פריערדיקן צעך, אַזוי האָט יאַשענקע אויך דאָ, אין קאָמבינאַט מיך אָוועקגעזעצט ביים קאָנווייער פון די קאָמפּליצירטע פּראָצעסן. ער האָט געוווּסט אַז מיין אַרבעט איז פון גוטער קוואַליטעט, געוויסנהאַפט, און אויף מיין קאָנווייער זענען קיין מאָל נישט געווען קיין איבערשלאָגן. מיך האָט אינטערעסירט נישט נאָר דער קאָנווייער, נישט דער איינצלנער דעטאַל. כ׳האָב געוואָלט צונויפשטעלן אַ גאַנץ שטיקל אַרבעט — אַ פּאָר הויזן, אַ העמדל, אונטערהויזן, — דאָס הייסט, אויסלערנען דאָס גאַנצע שניידערישע פאַך.

אַנדערע האָבן יאָרן געאַרבעט ביי איין פּראָצעס. אסתר, למשל, האָט אַ חוץ אַ פּאָר פּראָצעסן, זיך גאָרנישט אויסגעלערנט. און איך האָב נישט נאָר געמאַכט די נאָרמע, נאָר געגעבן גרויסע נאָרמעס פון פּראָדוקציע פאַר וואָס איך האָב באַקומען נישט נאָר אַ גרעסערע ברויט־פּײַקע, נאָר אויך פּרעמיעס: פּעקלעך מאַכאָרקע. האָט טאַקע די מאַכאָרקע געהאָלפן מיר מיט אסתרן דערהאַלטן דאָס לעבן אין דער צייט פון הונגער.

אויסלערנענדיק זיך אויפנייען אַ גאַנץ מלבוש, האָט דאָס מיר געגעבן אַ מעגלעכקייט צו מאַכן זייטיקע אַרבעט פאַר אַרעסטאַנטן (די בעסער־איינגעאָרדנטע) וואָס האָבן באַצאָלט מיט פּראָדוקטן און איך מיט אסתרן האָבן זיך געקענט בעסער דערנערן. איך האָב דעמאָלט אַפילו נישט געטראַכט אַז ס׳וועט קומען אַ צייט ווען איך וועל פריי זיין און די אויסגעלערנטע אין לאַגער מלאכה וועט מיך מיט אסתרן ראַטעווען פון אומקום.

אין משך פון אַלע יאָרן אין לאַגער האָב איך אסתרן געהאָט לעבן זיך, ביינאַנד אויף איין וואַגאָנעטקע, איין נאַרע ביי דער צווייטער. ס׳איז נישט געווען קיין מיינס־דיינס. אַלץ איז געווען ביי אונדז בשותפות. כאָטש זי, צוליב איר שוואַכן געזונט, האָט באַקומען קלענערע פּאַיאָקן, און נישט די פּריווילעגיעס וואָס איך. איך דערמאָן זי אַלע מאָל, אסתרן, ווייל אונדזער בונד האָט אָנגעהאַלטן אויך נאָכן לאַגער, דאָס הייסט נאָכן 1947טן יאָר, ווען מיר האָבן פּאַרענדיקט דאָס אָפּקומען די שטראָף און זענען באַפרייט געוואָרן. אונדזער פריינדשאַפט האָט געדויערט דרייסיק יאָר.

וואָס האָט מיך געבונדן מיט דער דאָזיקער פרוי? איך האָב שוין געזאָגט אַז יעדער וועך ס'האָט זיך מיט איר צונויפגעשטויסן האָט זיי צו־געבונדן צו איר אַ געפיל פון רחמנות. געווען זענען מיר מענטשן פאַרשי־דענע לויטן כאַראַקטער, לויט דער בילדונג. זי האָט דאָך נאָר אויף יידיש זיך געקענט קוים אונטערשרייבן. אָבער אין די לאַגער־באַדינגונגען איז אונדזער חוב געווען זיך צו העלפן קעגנזייטיק. און האָב איך מיך אַ מאָל אָנגעברוגזט אויף איר, האָט עס לאַנג נישט געהאַלטן. דאָס האַרץ האָט נישט דערלאָזט איך זאָל זיך צעשיידן מיט איר, זי וואַרפן. אַזוי אין לאַגער — אַזוי אויך שפּעטער אויף דער פריי. איך האָב דאָך תמיד שווער גע־אַרבעט פאַרדינט אַ סך מער פון איר און מיינע גרעסערע פאַרדינסטן האָב איך אָפּגעגעבן איר. אַלץ מיינס האָט זיך געפונען אין איר רשות. אַזוי ווי דאָ אַזוי אויך אויף דער פריי בין איך געווען דער פרנסה־געבער און זי — די באַלעבאָסטע...

די נאָענטסטע שכנות אונדזערע אין באַראַק זענען נאָך געווען די צוויי שוועסטער פאָלינאַ און עדיאַ. דאָס זענען געווען באמת צוויי ליבע, גוטע האַרציקע, אויך פיזיש שיינע יידישע פרויען. עדיאַ, די עלטערע איז גע־ווען אַ גוטע שניידערין און האָט גענייט און באַקליידט די פרויען פון די נאַטשאַלניקעס. פאָליאַ, פאָלינאַ, פאָלינאָטשקע, אין וועמען עס זענען געווען פאַרליבט נישט נאָר די מענער, נאָר אויך די פרויען פונעם לאַגער — האָט געאַרבעט אין די ביוראָען ביים לאַגער־פונקט.

כדאַי צו וויסן עפּעס וועגן דער טראַגעדיע פון זייער שיינער משפּחה. פינף פון אירע מיטגלידער האָבן איבערגעוואַנדערט קיין ווייסרוסלאַנד פון פּוילן. דריי שוועסטער און צוויי ברידער. אַלע האָט זיך איינגעגעבן לערנען, פאַרענדיקן הויכשולן.ביידע ברידער זענען געוואָרן אינזשעניערן און האָבן געאַרבעט אויף פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס.

פאָליאַ האָט חתונה געהאַט מיט אַ גוטן יידישן בחור פון סמאָלענסק. נעבאָרן צוויי גראַטעטנע קינדער, שיינע, מיט אַלע מעלות. איר מאַן אויך־אַן אינזשעניער. זיי האָבן זיך שטאַרק ליב געהאַט, און זייער לעבן איז בכלל געווען אַ גוט איינגעאָרדנטס לויט די סאָוועטישע באַגריפן.

איז געקומען דאָס 37סטע יאָר. ביידע ברידער און צוויי פון די שוועס־טער זענען אַרעסטירט געוואָרן. דעם עלטערן ברודער האָט מען דערשאָסן. אויף דער פריי איז געבליבן איין שוועסטער און פאָליעס מאַן אַבקין מיט אירע צוויי קינדער. ער האָט איינגעלייגט וועלטן זי אַרויסצורייסן פון די מחבלים־הענט און אַלע זיינע באַמיונגען זענען געווען אָן דערפאָלג. איר, עדיען און דעם ברודער האָט מען מכבד געווען מיט צען יאָר לאַגער...

ביז דער מלחמה האָט אַבקין איר געשריבן בריוו און זי אויך אונטער־געהאַלטן מיט פּעקלעך פּראָדוקטן. און מיט אַ מאָל — אויס ידיעות. וואָס איז מיט אירע טייערע? — קיין סימן פון לעבן.

אינטימע באַציונגען צווישן מענער און פרויען זענען אין לאַגער גע־ווען שטרענג פאַרבאָטן. פאַרליבטע פּאָרלעך האָט מען פאַרפאָלגט און כדי צו צעשטערן דעם דאָזיקן בונד פון צוויי הערצער פלעג מען זיי פּשוט פונאַנדערשיידן, אַוועקשיקנדיק איינעם פון זיי אין אַן אַנדער לאַגער.

דאָ אין דעם קאָמבינאַט־לאַגער זענען געווען באַקוועמלעכקייטן פאַר ליבע־שפּילן, אָבער דערלויבן זיך האָבן עס געקענט יענע לאַגער־לייט וועלכע האָבן זיך געפונען אויף אַ „ברויטיקער" אַרבעט, פאַרנומענע אין דערווירטשאַפט, „מאַטעריעל", הייסט עס, פאַרזאָרגטע. און דאָס זענען דאָך געווען מערסטנס עלעמענטן פון דער אונטערוועלט... זיי האָבן גע־קענט זיך אָפּזונדערן אין די באַזונדערע קאַבינעס אין די ביוראָען, אין קיך, און אין אַנדערע ערטער מיט זייערע געליבטע. די לאַגער־אויפזעער פלעגן אין די נעכט אַרומשמייען אין די באַראַקן און נישטערן אין די קאַבינעס און געפינענדיק אַ פּאָרל האָט מען די פאַרברעכערס געשלעפּט אין קאַרצער.

אַ סך פון די ליבעס האָבן זיך פאַרענדיקט מיט אַ טראַגעדיע און אויס־געדריקט האָט זיך עס אין דעם וואָס מ'האָט דאָס פּאָרל צעשיידט, און נאָך דעם האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די פרוי איז שוואַנגער.

יאָ, יאָ, אין די סאָוועטישע לאַגערן, אַריינגעזעצטע אויף לאַנגע סראָקן אין יונגן, בליענדיקן עלטער, האָבן אַ סך פרויען נישט געקענט אין זיך דערשטיקן דעם נאַטירלעכן רוף פון בלוט. די נאַטור האָט געמאַכט אירס און נישט וויסנדיק — איבערהויפּט די פּאָליטישע — צי וועט מען אַ מאָל אַרויסגיין אויף דער פריי, האָט מען נאָכגעגעבן דעם יצר הרע...

וואָס זשע זאָל טאָן אַ שוואַנגערע פרוי, אַ צעשיידטע מיטן מאַן? פּטור ווערן פון דעם עופעלע וואָס האָט זיך געצייטיקט אין איר לייב? וועלכער דאָקטער וועט איינגיין צו מאַכן אַן אַבאָרט? ער האָט דאָך געקענט כאַפּן פאַר דעם אַ נייעם סראָק...

די שוואַנגערע פרוי האָט מען געהאַלטן אויפן פּונקט ביזן טאָג פון געבוירן. זי האָט געמוזט אַרבעטן די גאַנצע צייט און ביז דער לעצטער מינוט פאַר דער ברויט־פּייַקע. מחמת דער שוואַנגערשאַפט האָט זי נישט געקענט אויספילן קיין נאָרמעס, און דאַרפנדיק זיך גוט דערנערן, האָט זי פאַרקערט, געהונגערט. אין רעזולטאַט פון שווערער אַרבעט און הונגער

פלעג אַזאַ פרוי געבוירן פאַר דער צייט. פלעג זי שוין יאָ געבוירן אַ נאָרמאַל קינד, האָט מען איר געטאָן אַ חסד, געלאָזט זיין אַ קורצע צייט מיטן קינד, און פונקט ווי מ׳האָט זי צעשיידט מיטן מאַן, אַזוי האָט מען זי איצטער צעשיידט מיטן קינד, וועלכעס מ׳האָט צוגענומען ביי איר קאַלטבלוטיק־אַכזריותדיק און עס איבערגעגעבן אין אַ ספּעציעלן אַנשטאַלט. דאָרט האָבן זיך דערצויגן קינדער, אָפּגעריסן פון דער זאָרג און צאַרטקייט פון די מוטערס וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין רעכט צו זען די קינדער ביז זייער באַפרייונג.

מיר זענען באַוווּסט אַ סך טראַגעדיעס אַזעלכע וואָס זענען געשען דאַן אויפן קאָמבינאַט־לאַגער. איך דאַרף גאָר לאַנג נישט זוכן: מיין אסתר, נאָך זייענדיק אין איוודעל־לאַגער אויפן אוראַל, האָט דורכגעמאַכט אַזאַ נסיון. זי האָט זיך פאַרליבט אין אַ יונגערמאַן און מיט דעם גאַנצן ברען פון איר יונגשאַפט. אייגנטלעך איז דאָס געווען איר ערשטע ליבע, ווייל דער מיט וועלכן זי איז געקומען פון פוילן האָט זי דאָך אָפּגענאַרט. זי האָט גענאָסן פון קעגנזייטיקייט. דער יונגערמאַן האָט זי שטאַרק ליב געהאַט. זי איז פאַרגאַנגען אין טראָגן. וויסנדיק וואָס סע דערוואַרט סיי דער מוטער, סיי דעם נפשל וואָס זי וועט ברענגען אויף דער וועלט, האָבן זיי באַשלאָסן צו מאַכן אַן אויסקראַצונג. און באַלד נאָך דעם האָט מען אסתרן אַוועקגעפירט מיטן גרויסן עטאַפּ אין קאָמי־לאַגער, כאָטש זי איז פיזיש נישט געווען צוגעפּאַסט צו דער עבודת פּרך אין וואַלד. אין איר האַרץ איז געבליבן אַ בענקשאַפט, אַ ווייטיק און אַ פאַרדראָס. זי האָט שטאַרק הרטה געהאַט אויפן אַבאָרט. איך פלעג איר שרייבן די בריוו צו אים. איין מאָל איבערגאָר האָט זי באַקומען אַן ענטפער און זי האָט זיך באַגאָסן מיט טרערן.

איך געדענק אַ פאַל מיט אַ שוואַנגערער פרוי אין לאַגער ביים קאָמבינאַט אין דער ביטערער הונגער־צייט. האַרעווענדיק שווער צוליב די צוויי הונדערט גראַם ברויט אין שניידער־צעך איז זי געפאַלן פון די כוחות, מ׳האָט זי אָפּגעשיקט אין שפּיטאָל ווו זי האָט געבוירן אַ צווילינג מיידעלעך,ביידע זיבעלעך. איינס איז באַלד געשטאָרבן. דאָס צווייטע איז געבליבן לעבן, נאָר געוואַקסן אַ הינטערשטעליקס, נישט פולווערטיקס. דאָס קינד האָט מען צוגענומען און זי צוריקגעשיקט אין לאַגער...

אַ דריטער פאַל. מיטן מעדיצינישן פונקט ביי אונדז אין לאַגער האָט פאַרוואַלטעט אַ מאַן אין די מיטעלע יאָרן — אַ פעלדשער. ער האָט געהאַט מעגלעכקייטן אויסצוהאַלטן אַ יונג מיידל, און ווען זי איז פאַרגאַנגען אין טראָגן, האָט ער זי געקענט בעסער דערנערן און זי אויך אויסבאַהאַלטן

מען זאָל זי נישט אָװעקנעמען פון אים. זי האָט געבוירן אַ געזונט ייִנגעלע טאַקע ביי אים אין צימער פונעם מעדפּונקט.

מיר אַלע זענען געװען צופרידן װאָס דעם פּאָרל האָט זיך איינגעגעבן אָפּצונאַרן די מאַכט, און מיר האָבן צוגערעדט די יונגע מיידלעך זיי זאָלן נישט אויסמיידן די מענער װעלכע זענען זיי צום האַרצן און טאַקע האָבן קינדער דער מאַכט אויף צו להכעיס. װייל שפּעטער מיט יאָרן נאָך דער באַפרייונג װער װייסט צי זיי װעלן נאָך פעיִק זיין אויסצופילן די פליכט װאָס די נאַטור האָט זיי געגעבן — פאַרצוזעצן דעם מענטשלעכן מין.

איך װיל נאָך דערציילן װעגן אַ ייִדישן יונגערמאַן װעלכן מ׳האָט צערט־לעך גערופן דודקע. אַן אָפּשטאַמיקער פון פּוילן האָט ער קורץ פאַר דעם אַרעסט חתונה געהאַט. ער איז געװען פון פאַך אַ צאָן־טעכניקער מיט אַ רייכער פּראַקטיק, האָט ער אין לאַגער װוּ ער איז קודם געזעסן געמאַכט אַרבעט נאָר לויטן פאַך און זיך אָפּגעזאָגט פון אַלגעמיינער אַרבעט. פאַר אָפּזאָג פון אַרבעט האָט מען אים געזעצט אין קאַרצער. אָבער ער האָט נישט אויפגעגעבן זיין קאַמף װאָס האָט געדויערט חדשים. אויסגעמאַטערט פון קאַרצערס און פון הונגער, האָט ער מיט אַ האַק אַליין זיך אָפּגעהאַקט דריי פינגער. („אַליינהעקער״ רופט מען אַזעלכע אין לאַגער, און פאַר דעם פאַרוואַנדלען זיך פאַר קאַליקעס װערן זיי שטרענג באַשטראָפט), איז ער געלעגן אין שפּיטאָל. מ׳האָט אים געדראָט מיט אַ צוגאָב פון נאָך עטלעכע יאָר לאַגער. נאָר מ׳האָט אים נישט געמשפּט. דודקע האָט געװוּנען דעם קאַמף. װען אין אונדזער לאַגער האָט מען געעפנט אַ סטאָמאַטאָלאָגישן קאַבינעט האָט מען אים געבראַכט אַהער. די אָפּגעהאַקטע פינגער האָבן אים נישט געשטערט צו דער אַרבעט. ער איז געװען אַן אויסגעצייכנטער בעל־מלאכה און דער קאַבינעט האָט באַדינט, פאַרשטייט זיך, אין ערשטער ריי, די נאַטשאַלניקעס.

פון דער אַרבעט האָט זיך אים געלעבט נישט שלעכט. די צופרידענע קליענטן פלעגן אים תמיד עפּעס צוװאַרפן. און אַז עס לעבט זיך גוט האָט ער געקענט זוכן ליבע ביי ייִדישע װי אויך נישט־ייִדישע פרויען. אָבער קיין גרויסע דערפאָלגן האָט ער נישט געהאַט. פרויען האָבן זיך געשושקעט אַז ער האָט פאַרלאָרן דעם כוח גברא — דאָס פאַר װאָס ער האָט אַזוי מורא געהאַט אַריינפאַלנדיק אין לאַגער.

*

אין װינטער פון 1941—42, דער ערשטער װינטער פון דער מלחמה, איז דער שניידער־צעך פולשטענדיק מעכאַניזירט געװאָרן. דאָס איבער־

גיין פון דרייען מיט די פיס אויף עלעקטרישע מאַשינעס איז געווען נישט אַזוי לייכט. אונדזער הויפּט־בריגאַדיר יאַשענקע פלעג זיך צוזעצן צו יעדן איינעם אים לערנען, נישט שרעקן זיך פאַר דער שנעלקייט, רעגולירן די דעטאַל און מיך גענומען צו הילף, וויסנדיק אַז אין וואַרשע האָב איך אויף אַזאַ מאַשין שוין געאַרבעט.

דאָס איז געווען דאָס יאָר פון גרויסן הונגער, וואָס האָט זיך אָנגע־הויבן אין אייגעם מיט דער צווייטער וועלט־מלחמה. פאַר צוויי הונדערט גראַם האָט מען קיין נאָרמעס און גרויסע פּראָדוקטיוויטעט נישט געקענט פאָדערן פון די אַרעסטאַנטן, און אַן אַ שיעור מענטשן זענען אויסגעשטאָרבן אָדער דערגאַנגען צו אַזאַ מין גראַד פון אינוואַלידיטעט, אַז זיי האָבן גע־מוזט אַקטירט ווערן.

אין דער זעלבער צייט האָט דער צעך באַקומען גרויסע באַשטעלונגען פון טויזנטער טעלאַגרייקעס און בושלאַטן. צוליב אַזוינע גרויסע באַשטע־לונגען האָט דער צעך געמוזט האָבן אַ גוט־אויסגעלערנטן באַשטענדיקן אַרבעטער־קאָלעקטיוו, בשעת פון די צעך־אַרבעטער וואָס זענען געקומען אַהער ווי שוואַכע, פלעג מען יעדן חודש מאַכן אַן אָפּקלייב פון די גע־זונטערע אָדער פון די צו זיך געקומענע, פאַרריכטע און זיי אַוועקשיקן אויף דער טראַסע — דאָס הייסט אויף דער בויונג פון דער אייזנבאַן.

דער אָפּקלייב פלעג געמאַכט ווערן פון אַ קאָמיסיע וואָס איז באַשטאַ־נען פון נאַטשאַלניקעס און צוויי שפּיטאַל־דאָקטוירים און אויך די פאַר־וואַלטער פון די צעכן. די קאָמיסיע האָט אַרויסגעפאָדערט די פאָרמוליאַרן (דער לאַגער־דאָקומענט פונעם אַרעסטאַנט מיט אַלע געגעבענע וועגן אים, אויך וועגן זיין געזונט־צושטאַנד) און לויט זיי אַרויסגערופן פאַר דער קאָמיסיע.

די לאַגער־לייט האָבן זייער מורא געהאַט פאַר די „קאָמיסאָוועקעס", טאָמער, חלילה, וועט מען געפינען אַז זיי זענען געזונט און מען וועט זיי אַרויסטרייבן אויף אַלגעמיינער אַרבעט, וואָס האָט אין יענער הונגער־צייט געהייסן — גיין אויף אומקום.

אונדזער צעך־נאַטשאַלניק יעקב אַבראַמאָוויטש האָט זייער מורא גע־האַט מען זאָל אים נישט צעפלעכטן זיין אַרבעטס־קאָלעקטיוו, צוליב וואָס עס וועט קומען צו אַ שטילשטאַנד אין צעך. ער וועט בלייבן הינטער־שטעליק מיט דער פּראָדוקטיוויטעט, פאַר וואָס מען האָט אַזוי ווי אויף דער פריי, אַזוי אויך אין לאַגער, נישט געגלעט איבערן קעפּל. ער האָט נישט געטאָרט דערלאָזן מען זאָל צונעמען ביי אים די קוואַליפיצירטע אַרבעטער, ווען זיי זענען אַפילו פון אַ געזונטער קאַטעגאָריע. און נאָך איין סיבה האָט

ער געהאַט פאַר וואָס ער האָט געקערט וועלטן צו ראַטעווען די קוואַליפֿי־צירטע קאַדרען: זיי זענען אין גרעסטן טייל געווען יידן. זיי וועלן נישט אויסהאַלטן, האָט ער געטראַכט, די קאַטאָרזשנע אַרבעט, אַפילו ווען זיי זענען געזונט. זיי וועלן פשוט אומקומען. און אויב מיר זענען געבליבן די גאַנצע צייט אויפן קאָמבינאַט באַשיצטע, איז עס נאָר צו פאַרדאַנקען דעם טייערן יעקב אַבראַמאָוויטש. ווי אַזוי ער האָט דאָס געמאַכט? גאַנץ איינ־פאַך, אָבער ס׳איז געווען אין דעם נישט ווייניק ריזיקע: פון ביורא פלעג ער צונעמען די פאָרמולאַרן פון דער גרופע וואָס ער האָט נישט געוואָלט פאַרלירן. די דאָזיקע מענטשן האָבן זיך נישט געדאַרפט שטעלן פאַר דער קאָמיסיע קאָנטראָלירט צו ווערן. זענען נישטאָ קיין פאָרמוליאַרן, זענען נישטאָ די מענטשן אויפן קאָמבינאַט. וואָס קאָן זיין נאָך איינפאַכער?

פאַר דער קאָמיסיע פלעג ער שטענדיק טענהן אַז אין שניידער־צעך האָט ער נאָר אינוואַלידן נעבעך, און דערביי דעמאָנסטרירן אסתר דריבוס, וואָס איז געווען אויסגעמאָגערט, הויט און ביינער און דער קאָמיסיע זאָגן:

— אָט אַזעלכע אַרבעטער האָב איך אין צעך, כ׳קען זי אייך געבן!

די קראַנקע אויף וועלכע ס׳איז שוין קיין שום האָפענונג נישט געווען זיי זאָלן נאָך געזונט ווערן, פלעג מען אַקטירן, דאָס הייסט, נישט אַז מ׳האָט זיי באַפרייט פונעם לאַגער. זיי זענען געבליבן ווייטער זיצן, באַקומען די פייקע און די באַלאַנדע. ווער ס׳האָט געוואָלט אַרבעטן אין די צעכן האָט מען זיי צוגענומען. זומער האָט מען זיי געשיקט אין וואַלד קלייבן יאַגעדעס.

עס פלעג אָבער טרעפן, ווען דער הונגער און די קראַנקייטן האָבן אַוועקגעריסן פון שווערער אַרבעט אַ סך מענטשן און ס׳האָט געפעלט אַר־בעטס־קראַפט, האָט מען אויך אַן שום קאָמיסיעס אויך ביינאַכט געכאַפּט די אַקטירטע, אויפגעלאָדן אויף אַ מאַשין מיט אַזעלכע אומגליקלעכע ווי זיי און אַוועקגעפירט אויף שווערער אַרבעט.

אַזוינס איז געשען מיט מיין בעסטן פריינד, אַ ייד. טויבנשלאַק זיין נאָמען.

אין איינעם אַן אָוונט איז אין שטאַרק־באַלויכטענעם צעך, פול מיטן גערויש פון די מאַשינען מיט שנעלע טריט אַריינגעקומען יעקב אַבראַ־מאָוויטש און נאָך אים איז געגאַנגען אַ מאַן פון מיטעלן וווקס, פון אַ יאָר 30—35. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט לעבן מיר און יעקב אַבראַמאָוויטש האָט מיר געזאָגט אַזוי ווי געווײנלעך, באַפעלעריש, אַז די פרוי וואָס אַר־בעט אונטער מיין האַנט, נעמט ער פון מיר צו, און אויף איר אָרט שטעלט ער אַוועק דעם יונגערמאַן! איך דאַרף אים אויסלערנען ווי אַמשנעלסטן אי

נייען אויפן מאַשין און זען אַז דער קאָנווייער זאָל אַרבעטן נאָרמאַל... ד.ה. אַז לעבן דעם נייעם מענטשן זאָל זיך נישט אָנקלייבן הויפנס אַרבעט.

איך האָב געענטפערט: מיט פאַרגעניגן. אין דער צייט ווען ער האָט זיך געלערנט שטעפּן, באַהערשן דעם מאַשין האָב איך געניִיט צוויי דעטאַלן — מיינע און אויך זיינע. מיט זיין לענגלעך, שטאַרק אויסגעבליכט פּנים און די איינגעפאַלענע אויגן האָט ער געקוקט אויף מיר מיט אַן אַ שיער דאַנקבאַרקייט, ווי איך וואָלט אים געראַטעוועט דאָס לעבן...

ער האָט זיך שנעל אויסגעלערנט די מלאכה, געוועז צופרידן פון זיינע דערפאָלגן און ווערנדיק נאָענטער בין איך געוואָר געוואָרן זיין גאַנצע געשיכטע:

געבוירן אין מינסק, פאַרענדיקט אַ מיטלשול האָט ער נאָך דעם גע־דינט אין דער רויטער אַרמיי ווו ער איז פאַרבליבן אויף אַקטיווער דינסט. מ׳האָט אים געשיקט אין אַ מיליטערישער שול, און ער האָט זי פאַרענדיקט מיט דערפאָלג. ווען ער איז נאָכן פאַרענדיקן די שול געקומען צו זיינע עלטערן אויף אורלויב האָט מען אים אַרעסטירט. דאָס איז געווען אין 1937טן יאָר, ווען מ׳האָט אַרעסטירט מיליאָנען. ער איז לאַנג געזעסן אין מינסקער תפיסה און מ׳האָט אים באַלוינט מיט 10 יאָר לאַגער — צו זיין פּרווונדערונג, ווייל מיט די בעסטע מיליטער־לייט האָט מען זיך נישט צערעמאָניעט. צעשאָסן און — פּטור.

קודם איז ער געווען אין אַן אוראַלער לאַגער. אין 40סטן יאָר האָט מען אים געבראַכט אין קאָמי־לאַנד. ער האָט געאַרבעט אויף דער טראַסע, זיך צוגעקילט. דאָס איז געווען אַ לונגען־אָנצינדונג, האָט מען אים געבראַכט אַהער אין שפּיטאָל ביים קאָמבינאַט.

דאָ האָט מען אים געשטעלט אויף די פיס. ער איז אָבער געבליבן שוואַך. און ווייל ס׳איז אים צוגעפאַלן אויך צינגאַ האָט די קאָמיסיע אים אַקטירט. אָבער ער איז פאַראינטערעסירט געזונט צו ווערן. און כדי ער זאָל קענען בעסער זיך דערנערן מוז ער אַרבעטן.

— איצט פאַרשטייט איר ווי דאַנקבאַר איך בין אייך וואָס איר האָט מיך אויסגעלערנט די חכמה פון שטעפּן אויף דער דאָזיקער מאַשין? — האָט ער פאַרענדיקט זיין דערציילונג.

טויבנשלאַק האָט זיך געפונען אויפן קאָמבינאַט ביזן ווינטער 43—1942 און מיר האָבן זיך שיין באַפריינדעט. אויך אסתרן איז ער געפעלן געוואָרן און מיר האָבן צוזאַמען אַלצדינג געטאָן כדי צו פאַרגרעסערן זיין פּייקע. ווען אסתרן איז געלונגען אויסקאָכן עפּעס אַ מאכל, אָדער מיר האָבן באַ־קומען עפּעס פון רייען, פלעגן מיר אַ טעפּעלע אָוועקטראָגן פאַר אים אין

באַראַק. ער צו אונדז אין באַראַק איז קיין מאָל נישט אַריינגעקומען. האַלטנדיק אַז די באַזוכן פון מענער אין פרויען־באַראַק ברענגט פאַר זיי צוגאָבלעכע צרות האָט ער אודז געשאָנעוועט. אָבער ווען צוויי פרויען באַזוכן אַ מאַן אין זיין באַראַק, אין אַ פרייען זונטיק־טאָג, נישט געהיים, און אַלע זעען דעם צוועק פון אונדזער קומען, האָבן די פּאָליטישע געזען אין דעם נאָר דעם שענסטן אויסדרוק פון מענטשלעכע באַציונגען.

טויבנשלאַקס געזונט האָט זיך פאַרבעסערט. די בלאַסקייט איז פאַר־שוווּנדן פון זיין פּנים. ער האָט שוין אָנגעהויבן האָפן אַז מיר וועלן דאָס אַלץ איבערלעבן און זיך נאָך טרעפן אין פריידן אויף דער פריי.

איין מאָל אין אָוונט, זיצנדיק ביים ניי־מאַשין, קומט צו טויבנשלאַק אין גרויס איילעניש. ער לאָזט זיך אַראָפּ אויף די קני און שעפּטשעט אין פאַרצווייפלונג: מען נעמט מיך צו. מען נעמט מיך צו. מען דאַרף עפּעס טאָן. לויף צו יעקב אַבראַמאָוויטשן!

איך בין געלאָפן צו יעקב אַבראַמאָוויטשן מיט אַ געוויין. ער האָט גאָר נישט געוווּסט וואָס עס טוט זיך אין קאָמבינאַט. ער איז באַלד אַוועקגעלאָפן צום נאַטשאַלניק און שפּעטער זיך אומגעקערט אין צעך אַן אויפגערעגטער. אין צאָרן ממש האָט ער געשריגן אויף יידיש:

— פאַרשפּעטיקט! פאַרשפּעטיקט! אַ גרויסע גרופּע פון אַזעלכע ווע־מעס געזונט האָט זיך פאַרבעסערט האָט מען אַוועקגעפירט...

אַ לאַנגע צייט האָבן מיר פון טויבנשלאַקן גאָרנישט געוווּסט, וואָס איז מיט דעם בחור געוואָרן? וווּהין איז ער אַהינגעקומען?

ביז איין מאָל איז אונדז אָנגעקומען די שרעקלעכע ידיעה: טויבנשלאַק איז געשטאָרבן.

איך ווייס נישט דורך וועלכן וועג איז דערגאַנגען צו מיר אַ קורץ בריוועלע. געשריבן האָט עס אַ קראַנקן־שוועסטער אין אַ לאַגער־שפּיטאָל פון דעם קאָמי־לאַנד: טויבנשלאַק איז געלעגן קראַנק אויף אַ לונגען־אָנצינדונג. זי האָט אים באַדינט ביז דער לעצטער מינוט. און ביי די לעצטע רגעס האָט ער זי געבעטן אַז זי זאָל מיר צו וויסן טאָן וועגן דעם. דערפילט זי איר מענטשלעכן חוב... און זאָל איך נישט האָבן קיין פאַראיבל פאַר דער טרויעריקער בשורה.

און נאָך וועגן אַ מאַן וויל איך דערציילן. ער האָט געהייסן קאַסטרינ־סקי. אין עלטער פון 55—50. ער איז אויך געלעגן קראַנק אין דעם קאָמבי־נאַט־שפּיטאָל און ער איז אויך אַקטירט געוואָרן. אויך אים האָט מען גע־נומען אַרבעטן אין שניידער־צעך אָבער ווי אַן אָנגעשטעלטן אין דעם סחורות־סקלאַד.

ער האָט אויך געשטאָמט פון פוילן. געלעבט מיט זיין משפחה — אַ פרוי מיט צוויי קינדער — אין וואַרשע, וווּ ער האָט פאַרמאָגט אַן אייגענעם מויער. צענדליקער יאָרן האָט ער געאַרבעט ווי אַן אַגענט פון פוטער־פירמעס פון גאַנץ אייראָפּע און אויך פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

ווי אַ סך אַגענטן פון דער דאָזיקער בראַנזשע, האָט ער געהאַט גרויסע געשעפטן מיטן ראַטנפאַרבאַנד ווּהין ער פלעג קומען אָפּט שליסן אָפּמאַכן וועגן באַשטעלטער סחורה. נאָר איין מאָל, אין 1937טן יאָר, ווען ער איז געקומען צוליב דעם זעלבן האַנדלס־צוועק און געוווינט אין אַ גוטן מאָסקווער האָטעל, איז מען געקומען און אים אַוועקגענומען.

בעת דער אויספאָרשונג האָט מען אים אָן אויפהער געשלאָגן, באַשולדיקט אין שפּיאָנאַזש און צום סוף — צען יאָר לאַגער.

ברוטאַל אָפּגעריסן פון היים, פון משפחה, די ווילדע, נישט־געשטויגענע באַשולדיקונגען און פייניקונגען בעת דער אויספאָרשונג, ווען ער האָט געוואָלט אַליין זיך אָנטאָן אַ מעשה, די צען־יאָריקע שטראָף, דער דאָזיקער גאַנצער קאָשמאַר פון שרעקלעכע איבערלעבענישן צו וועלכע ער איז ווי אַן אויסלענדער נישט געווען צוגעגרייט, האָט אים אין גאַנצן צעבראָכן, קראַנק געמאַכט.

שפּעטער האָט ער זיך דערוווּסט אַז זיין פרוי האָט איינגעלייגט וועלטן פאַר זיין באַפרייונג, אַז אַ סך פאָרשטייער פון אויסלענדישע פירמעס האָבן געהאַט דעם זעלבן גורל און די באַמיונגען פון די פירמעס וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר זייערע מענטשן זענען געווען אַ ברכה לבטלה. און דאָס נישט נאָר דערפאַר, ווייל רוסלאַנד האָט זיך נישט געקימערט פון די שתדלנותן און פּראָטעסטן, נאָר אויך דערפאַר ווייל אייראָפּע איז דערווייל פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם מלחמה־פייער און די באַציונגען מיט די לענדער זענען אָפּגעריסן געוואָרן.

אַוודאי איז ער געווען צופרידן וואָס ער איז אַרייַנגעפאַלן אין דעם קאָמבינאַט און האָט געטראָפן אַזאַ מענטשן ווי יעקב אַבראַמאָוויטש, וועלכער איז געווען דער גוטער מלאך וואָס האָט געראַטעוועט ממש פון טויט אַן אַ שיער מענטשן.

אין צייט פונעם הונגער אויפן קאָמבינאַט האָט ער שטאַרק געליטן. ווען מיר האָבן אָנגעהויבן באַקומען די מוצאַלעך און נאָך מער שייטערע באַלאַנדע, באַגאָסן מיט אַ פינגערהויט פון עפּעס אַ מין שטינקנדיקן בוימל, פלעג מען אים טרעפן אין עסצימער פון קיך וואַרטן אַז אפשר וועט אים די יידישע פּאַרוואַלטערין מיט דער קיך, טאַניאַ שוואַרץ, אַרויסטיילן נאָך אַ שיסעלע פון דער מים אַחרונים־באַלאַנדע.

קאַסטרינסקי איז מיר געווען נאָענט סיי צוליב דעם וואָס ער האָט גע־שטאַמט פון ווארשע ווו איך האָב געלעבט אין מיינע יונגע יאָרן, ווו כ׳האָב געחלומט און געקעמפט, און אויך צוליב דעם וואָס זיין שוועסטער איז גע־ווען מיין שילערין אין ביראָ־בידזשאַן וווּהין זי איז געקומען מיט איר משפּחה פון אַרגענטינע, בויען די יידישע אויטאָנאָמע געגנט.

וואָס מיט איר איז געשען אין צייט פון די אַרעסטן האָב איך נישט געוווּסט, און דערפאַר אים נישט געקענט אינפאָרמירן און צופרידנשטעלן זיין נייגער. קאַסטרינסקי האָט גערעדט אַ שיינעם קולטורעלן יידיש, און האָט ליב געהאַט פאַר אונדז יידישע פרויען דערציילן עפּיזאָדן פון זיין אַרבעטס־דערפאַרונג. איין מאָל האָט ער דערציילט, האָבן זיך געטראָפן אין מאָסקווע פירמע־פאָרשטייער פון פאַרשידענע לענדער און האָבן זיך צונויפגענומען אויף אַ באַראַטונג אין שייכות מיט זייער באַשעפטיקונג. דער שמועס האָט זיך געפירט אויף פאַרשיידענע שפּראַכן — לויט די לענדער פון וועלכע די פאָרשטייער זענען געקומען. נאָר דער שמועס האָט זיך נישט געקלעפּט. האָט זיך אויפגעהויבן אייגער און געפרעגט:

— וואָס מוטשען מיר זיך דאָ? נישט בעסער מיר זאָלן רעדן אויף מאַמע־לשון?...

אין יאָרן אַרום, שוין אַ פרייע, האָב איך מיך דערוווּסט אַז קאַסטרינ־סקי האָט דעם לאַגער איבערגעלעבט. ווי אַ פּוילישער בירגער האָט ער זיך רעפּאַטריאירט, זיך אומגעקערט קיין פּוילן, ווו ער האָט אויך זיין משפּחה נישט געטראָפן. די פרוי מיט די קינדער זענען אומגעקומען אין די גאַז־אויוונס פון אושיוויץ צי טרעבלינקע.

וואָס ס׳איז געשען מיט אים ווייטער — ווייס איך נישט.

ווי שוין געזאָגט, האָט דער שניידער־צעך נאָך זיין פולער מעכאַניזי־רונג באַקומען גרויסע באַשטעלונגען. יעקב אַבראַמאָוויטש האָט געזאָרגט אַז די באַשטעלונגען זאָלן אויסגעפּאַרטיקט ווערן צו דער צייט ווי ס׳האָט געפאָדערט די אָנפירונג. מיר האָבן געאַרבעט מיט דער גרעסטער אָנשטרענ־גונג כדי צו געבן וואָס מער פּראָדוקציע. הונגעריקערהייט האָבן מיר גע־יאָגט די דעטאַלן, אָבער וואָס קען מען פאָדערן פון הונגעריקע אַרבעטער?

אין דער פרי, לויטן קלונג, זענען מיר שוין נישט געלאָפן נאָך דער פּייקע ברויט, נאָר אַוועק אין דער אַרבעטס־זאָנטע, אין די צעכן — אין גאַנצן אָן ברויט, האָבנדיק אויסגעכליאָבעט נאָר דאָס ביסל באַלאַנדע. צוויי מאָל אין טאָג האָט מען אין צעך צום מאַשין צוגעבראַכט דינינקע פּענעצ־לעך ברויט. מ׳האָט זיי געקענט אַריינעמען אין מויל מיט איין מאָל. איי־

ניקע פלעגן דאָס פענעצל ברויט מיטנעמען אין באַראַק. עס צעדרויבלען אין אַ שיסעלע וואַסער און אויפקאָכן, שאַפנדיק זיך די אילוזיע אַז מען עסט עפּעס זעטיקנדיקס.

זומער האָט מען אונדז פאַרגעלייגט מיר זאָלן פאַרזייען שטיקלעך ערד צווישן די באַראַקן, מיט קאַרטאָפל. אין אַ זונטיקדיקן טאָג האָבן מיר גע־גראָבן די ערד, געזעצט די קאַרטאָפל און ווען מיר האָבן זיך געפרייט מיט די ערשטע שפּראָצונגען אויף די שייַנינקע קוסטעס אויפגעגאַנגענע אין חודש מיַי, מעלדעט מען פּלוצעם דורך ראַדיאָ אַז אין דער געגנט פון ראַק־פּאַס גייט אַ פראָסט. מיר האָבן די קוסטעס צוגעדעקט מיט קאָלדרעס, מיט בושלאַטן. ס׳האָט נישט געהאָלפן. אונדזער מי איז געטראָפן געוואָרן פונעם פרעסטל.

מענטשן האָבן געריסן פאַרשיידענע ווילדגראָזן און געגעסן. אין די באַראַקן האָבן זיך זאַנאַדעט שטשורעס. זיי פלעגן אָן מורא אַרומלויפן לעבן דעם אויוון אין באַראַק. אין מיטן נאַכט האָבן זיי געשפרונגען אויף די שלאָפנדיקע וואָס פלעגן זיך אויפכאַפּן מיט אַ היסטעריש געשריי. ס׳האָט זיך אַפילו פאַרשפרייט אַ קלאַנג אַז אַ פרוי אין אַ צווייטן באַראַק האָט געכאַפּט אַ שטשור, אָפּגעקאָכט אים און געגעסן...

אין די דאָזיקע באַדינגונגען האָט די לאַגער־אַדמיניסטראַציע אָפּגע־שאַפט די נאָרמעס. מ׳האָט נאָר אַרויסגעפּרעסט פון אונדז וויפל ס׳האָט זיך געלאָזט אַרויספּרעסן ביי אויסגעהונגערט־שוואַכע מענטשן.

אָבער... כדי די פּראָדוקטיוויטעט זאָל דאָך נישט פאַלן און כדי צו פאַראינטערעסירן די אַרבעטער, האָט מען צוגעטראַכט אַ מיטל: **פּרעמיעס.** מ׳האָט פּרעמירט נישט מיט קיין געלט (וואָס וועסטו קויפן פאַר געלט אין לאַגער?) נאָר מיט אַן אַרטיקל וואָס איז געווען טייערער פון געלט, און גלייכוואַרטיק מיט גאָלד — מיט טאַבאַק, ד.ה. מיט שטינקנדיקער מאַכאָרקע. וואָס מער שטיקלעך אַרבעט, אַלץ מער פעקלעך מאַכאָרקע. מענטשן וואָס קענען זיך אָן דעם סם נישט באַגיין פלעגן אויסבייטן זייער פּאַרציע ברויט פאַר אַ פּאַרציע מאַכאָרקע. די מאָס — אַ שוועבעלעך־שאַכטל. ס׳איז אַוועק אַ ספּעקולאַציע מיט אָט דעם טייערן פּראָדוקט. טאַבאַק־שיכורים האָבן זיך דערפירט צו דער לעצטער שטופע פון דיסטראָפיע און זענען אויסגעגאַנגען פון הונגער. די אַנדערע — זיך געראַטעוועט.

כדי צו סטימולירן אַ בעסערע שטימונג ביי די מענטשן האָט מען „אַקטיוויזירט" דעם קולטור־דערציערישן פונקט. דאָ האָט מען געקענט שפּילן שאַכמאַט, שאַשקעס. אָבער אַ צייטונג האָט מען אַלץ נישט אַריינ־געבראַכט. פאַרוואַלטעט מיט דעם אַנשטאַלט האָט אַ מענטש מיט אַ רייכער

קינסטלערישער פאַרגאַנגענהייט פון אַ קינאָ־רעזשיסער — אַ ייד. (ליידער פאַרגעסן זיין נאָמען). מיר האָבן אַלע זיך באַצויגן צו אים מיט טיפער אַכטונג. ער האָט אימפּאָנירט מיט זיין אויסערלעכן אויסזען. ער איז געווען אַ דאַרינקער, נידעריקער, מיט אַ גרויסן קאָפּ און ער האָט פאַרמאָגט גוטע שמייכלענדיקע אויגן. אַריינגיין אין דעם צימער און אים הערן רעדן איז געווען אַ נחת רוח. ער איז אויך געווען ווי מיר אַלע אַ „קאָנטררעוואָלוציאָנער" און מ׳האָט אים מכבד געווען מיט אַ פּופּצניאַריקן סראָק. דעם זעלבן צימער האָט מען איבערגעטיילט מיט אַ הילצערן ווענטל, אַוועקגעשטעלט אַ בעטל, אַ קליין טישל, אַ פּליטקע. דאָרט האָט ער געלעבט.

באַדינט — פּרייוויליק, פאַרשטייט זיך, פון אַכטונג צו אים, — האָט אים אַ פרוי, וואָס פלעג אים ברענגען די פּײַקע, די באַלאַנדע, אויפרוימען דאָס צימער. זי איז אים געווען אַ גרויסער פריינד. כעלאַ, אַ יידישע, איז אַליין געווען אַ געבילדעטע, אינטערעסאַנטע יונגע פרוי. געשטאַמט האָט זי פון טשעכיע, פון פּראָג.

כעלאַ האָט מיר ווייניק דערציילט וועגן זיך, ווי אַזוי זי איז געקומען קיין רוסלאַנד און פאַר וואָס מ׳האָט זי אַרעסטירט. דאָס אַליין וואָס זי איז געווען אַן אַנגעקומענע פון אויסלאַנד איז דאָך אַ גענוגנדיקע סיבה. אָבער געוווּסט האָב איך פון דעם ווייניקן וואָס זי האָט מיר דערציילט, אַז איידער זי איז געקומען קיין רוסלאַנד איז זי געווען אַ קורצע צייט אין פּאַלעסטינע. מיט גרויס באַגייסטערונג פלעג זי דערציילן וועגן די שיינקייטן פון דעם יידישן אָבות־לאַנד. אַ פּיקאַנטע מעשה האָב איך פון איר געהערט, ווי אַזוי מ׳האָט דאָרט אָפּגענאַרט איין מאָל אַ פרוי. ס׳איז אויך געווען אין אַ צייט פון אַ טרוקעניש און פּראָדוקטן־מאַנגל, איז זי געגאַנגען, צי געפאָרן ערגעץ אין אַ דאָרף קויפן קאַרטאָפל. איינגעהאַנדלט אַ זאַק קאַרטאָפל און אומקערנדיק זיך אַהיים, האָט זי געפונען פון אויבן אין זאַק אַ ביסל קאַרטאָפל, און דאָס איבעריקע פון אונטן — פּאָמעראַנצן...

אָנפירן מיט קולטור־דערציערישער אַרבעט האָט מען פּאָליטישע נישט געטרויט. אָנגעפירט מיט דער וויכטיקער אַרבעט האָט אַ פרייע פרוי, אויך אַ יידישע. זי פלעג קומען אין די באַראַקן און אינפאָרמירן וואָס עס טוט זיך אויף די פראָנטן. ווען די היטלערישע אַרמייען האָבן פאַרנומען שטעט, רעפּובליקן זענען אירע אינפאָרמאַציעס געווען קאַרגע. זי האָט נישט געוואָלט, אָדער נישט געטאָרט דערציילן דעם אמת. פון צייט צו צייט פלעג זי ברענגען אויך ביכער. וואָס זי האָט יאָ געטאָן און נישט ווייניק — אָרגאַניזירט אַרטיסטישע אַרויסטרעטונגען און קאָנצערטן. אַ סצענע איז געווען, אַרטיסטן האָבן אויך נישט געפעלט צווישן די אַרעסאַנטן. אין

קניאַזש־פּאַגאָסט איז געשאַפן געוואָרן אַ טעאַטראַלע קאָנצערט־טרופּע פון פּראָפעסיאָנעלע אַרטיסטן ממש. די קינסטלער זענען גערן געגאַנגען אַרבעטן אין דער טרופּע ווו זיי האָבן באַקומען אַ פּײַקע און זיך אַרויסגעדרייט פון שווערע אַלגעמיינע אַרבעטן. די טרופּע האָט מען אַרומגעפירט פון לאַגער צו לאַגער אויף דער בויונג־טראַסע פּאַרווײַלן די אַרעסטאַנטן, אַפילו ביז וואָרקוטאַ.

די טרופּע פלעג מיט צופרידנקייט קומען אין אונדזער קאָמבינאַט־לאַגער ווו זיי האָבן זיך געקענט טרעפן מיט דעם אַלטן קינאָ־רעזשיסער, וועמען אַ סך האָבן געקענט פון דער פרײַ. דאָ האָבן זיי געהאַט אַ גוטע סצענע און אויך אַ גוט פּובליקום פון טעאַטער־ליבהאָבער און פּאַרשטייער.

אין יענער הונגעריקער צייט האָט געאַרבעט אין שנײַדער־צעך און געוווינט מיט אונדז אין באַראַק די פרוי ריווע ווײַנער, אויך אַ געקומענע פון פּוילן. זי האָט אויך געלעבט אין בירא־בידזשאַן מיט איר מאַן און דריי קינדער. אין 1937 איז זי אַרעסטירט געוואָרן און דער מאַן צעשאָסן.

אירע דריי ייִנגלעך האָט מען צוגענומען בײַ איר און די דאָזיקע פרוי וואָס האָט אַליין געהונגערט האָט זיך אַרײַנגענומען אין קאָפּ אַ פיקס־געדאַנק — זי מוז געפינען אירע גראַטענע, טײַערע ייִנגלעך.

שוואַך אין געזונט, דאַר און אויסגעבלאַסט, מיט שטאַרק טרויעריקע אויגן, האָט זי שטענדיק און מיט אַלעמען גערעדט נאָר פון אירע ייִנגלעך, און בײַ יעדן געפרעגט אַן עצה וואָס זי קען אונטערנעמען, כדי זיי אָפּצו־זוכן.

מיר האָבן זי פון דער אונטערנעמונג פרײַנדלעך אָפּגערעדט און זי האָט נישט געפאָלגט. לויט קלאַנגען האָט עס געהייסן, אַז די בירא־ביד־זשאַנער קינדער האָט מען אַוועקגעפירט אין אַ קינדערהיים אין אַלטײַער קאַנט. האָט זי גענומען שרײַבן בריוו. דאָס הייסט, די בריוו האָט איר גע־שריבן פּאָלינאָטשקע — צו ערשט אין בילדונגס־אָפּטייל פון באַרנאַול, פון וואַנען נאָך אַ לאַנגן שטילשווײַגן האָט מען איר געענטפערט אויף וועלכן אַדרעס פון אַ קינדערהיים זי זאָל שרײַבן. ווידער זענען אַוועק חדשים און מ'האָט איר געשיקט אַ נײַעם אַדרעס פון אַ קינדערהיים און סוף כל סוף — אַ גדולה. די קינדער האָבן זיך געפונען.

האָט זיך איצטער אָנגעהויבן די נײַע פּרשה: זאָרגן פאַר די קינדער. העלפן זיי, כאָטש מיט עפּעס וואָס. נאָר מיט וואָס האָט זי, אַליין אַ הונגע־ריקע, געקענט העלפן די קינדער?

פון צײַט צו צײַט פלעגן מיר באַקומען צו ביסלעך צוקער. האָט זי גענומען קלײַבן צוקער כדי אים איבערשיקן פאַר זיי. ס'איז געווען באַשיימ־

פערלעך אַז זי איז שוין נישט ביי די קלאָרע געדאַנקען. דער סוף איז גע־
ווען אַ טראַגישער. ס׳איז איר אָנגעקומען אַ ידיעה אַז צוויי פון אירע ייִנג־
לעך זענען פון קינדערהיים אַנטלאָפן. די ידיעה איז געווען גענוג אַז זי זאָל
אין גאַנצן זיך איינברעכן. זי איז ערנסט קראַנק געוואָרן. מ׳האָט זי אַריינ־
געלייגט אין שפּיטאָל. די דאָקטוירים האָבן נישט געהאַט קיין תרופה צו
איר צעווייטיקטן מאַמע־הארץ. זי איז לאַנגזאַם אויסגעגאַנגען. איך קען
נישט זאָגן אַז רייע ווײַנער איז געשטאָרבן. זי איז ווירקלעך אויסגעגאַנגען,
זיך אויסגעלאָשן פון פּיין און בענקשאַפט נאָך אירע קינדער...

ווען מיר, אירע פריינד, האָבן זי אָפּגערעדט פון דעם זוכן־שגעון,
האָבן מיר פאַרגעזען דעם סוף. מיר האָבן גענוי געוווּסט אַז קינדער אַנט־
לויפן מאַסנווייז פון די דאָזיקע אַנשטאַלטן. זיי ווערן היימלאָזע, פאַרוואָר־
לאָזטע („בעזפּריזאָרניע”) און זיי קומען אום...

איין מאָל האָב איך באַקומען אַ צעטעלע פון אַ קראַנקן, וואָס האָט
זיך געפונען אין היגן שפּיטאָל. דאָס זענען געווען עטלעכע ווערטער פון
אַ מאַן, ווי ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, דער מאַן פון גאָלדע וועבער־ליס, די
לערערין פון געשיכטע אין ביראָ־בידזשאַנער מיטלשול. ער האָט מיך
געבעטן אַריינקומען צו אים, און אויב איך האָב אַ מעגלעכקייט אים ברענ־
גען אויך אַ שטיקל ברויט. דאָס צעטעלע איז געווען געשריבן אויף יידיש.
אונטערגעשריבן — מאַרקאָוויטש.

איך בין צו אים באַלד אַוועקגעגאַנגען און מיט זיך געבראַכט אויך אַ
שטיקל ברויט.

דאָס וואָס כ׳האָב דערזען האָט מיך דערשיטערט. אויפן בעטל, אין אָנ־
טאָן זייַנעם איז געלעגן אַן אויסגעדאַרט מענטשל מיט אַ וואַקס־געלבן
פּנים. מיט אַ שוואַכער שטימע האָט ער מיר געדאַנקט פאַרן ביסן ברויט,
און געבעטן, — אויב איך וועל זיך טרעפן מיט זיין פרוי, זאָל איך איר
דערציילן וואָס דער סטאַלינישער לאַגער האָט פון אים געמאַכט, ווייל ער
איז שוין אָט־אָט פון יענער זייט לעבן.

איך האָב אים נישט געקענט. ווי אַזוי ער האָט זיך דערוווּסט אַז איך
געפין זיך אין לאַגער, ווייס איך נישט. געלעגן איז אַ געשפּענסט. אַ לע־
בעדיקער מת. אויך איצט, ווען איך שרייב די שורות, שטייט מיר פאַר די
אויגן דאָס שרעקלעכע אויסזען זייַנס.

אין יאָרן אַרום, שוין אויף דער פריי, ענטפערנדיק אויף אַ בריוו פון
זיין פרוי גאָלדע, האָב איך נישט געקענט אָנשרייבן איר אַז איך האָב מיך
געטראָפן מיט איר מאַן און אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד איך האָב אים דער־
קענט.

אין אַ פּראַסטיקן ווינטער נאָך דעם זונטיקדיקן אָפּרו־טאָג זענען מיר אויפגעטרייסלט געוואָרן פון האַסטיקן גלאָקן־געקלאַנג וואָס האָט געשלאָגן טרעוואָגע. דערשראָקענע האָבן מיר זיך שנעל אָנגעטאָן און דערזען דורך די אָנגעפּרוירענע פענצטער פון באַראַק אַ רויטן הימל.

— סע ברענט! האָבן מיר אַלע געגומען שרייען.

מיר זענען אַרויסגעלאָפן פון באַראַק און אַוועק צו דער אַרבעטס־זאָנע. ס׳האָט געברענט דער שניידער־צעך. די גאַנצע איינריכטונג, די מאַשינען, די סחורות, די פּעק מיט וואַטן — אַלץ איז געווען אַרומגעכאַפּט פון די שמייסנדיקע פלאַמען. יעקב אַבראַמאָוויטש איז געשטאַנען אָן אַ זייט און געוויינט. ביז די פייערלעשער זענען געקומען פונעם שטעטל איז שוין געלעגן אַ באַרג מיט האַלעוועשקעס. שמאַטעס האָבן געטליעט דורכגע־זאַפּטע מיט מאַשין־בוימל. די מאַשינען זענען געשטאַנען צעשמאָלצענע אויף דער ברענענדיקער ערד.

יאַשענקע דער בריגאַדיר איז ווי אַ משוגענער געלאָפן אויף דער ברע־נענדיקער ערד און געוואָלט אַרויסשלעפּן די ביי־מאַשינען. מיר האָבן פאַר־צווייפלטע געשריגן: — לאָז אָפּ! טו דאָס נישט! דו וועסט אַליין אומקומען אין דער שריפה!

וואָס ס׳איז שולדיק געווען אין דעם אומגליק, די באַהייצונג, צי אַן אַנדער טעכנישער פעלער אין דער בויונג, איז אונדז שוין נישט אָנגעגאַנ־גען. מיר זענען געווען באַהערשט פון אַן אומרו און אַ מורא פאַר אונדזער גורל. וואָס וועט מען איצט טאָן מיט אונדז? מען וועט אונדז אַוועקשיקן פון דאַנען? וווהין?

די קולטור־טוערין איז געקומען צו אונדז אין אַ טאָג אַרום און אונדז באַרויִקט, אַז מען וועט אונדז אין ערגעץ נישט אַוועקשיקן. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן ווי אַמשנעלסטן צוריק אויסבויען דעם צעך. ער איז זייער בייטיק געווען דעם קאָמבינאַט. זיין פּראָדוקציע — לעבנס־וויכטיק. און מ׳האָט זיך טאַקע אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט, מיטן גאַנצן אימפּעט. אונדז טאַקע האָט מען אויסגענוצט אי אויף דער בויונג אי אויפן ציגל־זאַוואָד, וואָס האָט זיך געפונען אויסער דעם קאָמבינאַט.

## דער „קום״

דער „קום״, דער פאַרשטייער פון דער נ.ק.וו.ד. האָט זיך געיאַוועט פון צייט צו צייט אין לאַגער און גענישטערט, געשמאַרעט מיט זיין הינטישער אויסשפּיר־נאָז. ער האָט געדאַרפט בודק זיין די שטימונגען ביי די אַרעס־

טאַנטן, אויסזוכן די זיך ליבנדיקע פּאָרלעך, די נישט צופרידענע וואָס „אַגי־טירן", העצן די אַרומיקע...

צוליב דעם האָט ער געדאַרפט אַרומרינגלען זיך אין געהיים, פאַר־שטייט זיך, מיט צוטראָגערס, מוסרים, „קלאַפּערס", וואָס כאַפּן אויף די שמועסן פון אַרעסטאַנטן, און רוימען דאָס איין אין קומישן אויער. אַזעלכע האָבן זיך ווערבירט הויפּטזאַכלעך צווישן די קרימינעלע, פּרינציפּלאָזע, וואָס האָבן נישט קיין שום מאָראַלישע העמונגען. זיי האָבן קיין דריסת רגל נישט געהאַט אין די באַראַקן פון די פּאָליטישע און צווישן די פּאָליטישע האָט זיך אים נישט איינגעגעבן צו פאַרטשעפּען אַזעלכע עלעמענטן.

האָט ער געפּרוּווט מיט אַלע מיטלען אַזעלכע צו געפינען. וואָרפנדיק אַן אויג אויף אַזאַ מין קרבן וואָס וועט אים נאָכגיביק זיין און געבן זיין הסכם „מיטצואַרבעטן", פלעג ער דעם אַרעסטאַנט אַרויסרופן צו זיך. פּרוּוון קודם מיט גוטן צו ווירקן אויפן קרבן, פאַרלייגן אַ לייכטע „ברויטיקע" אַרבעט, רופן צו זיינע פּאַטריאָטישע געפילן אין אַט דער ביטערער צייט פון מלחמה...

יעדער, וואָס האָט געוואַגט אָפּצוזאָגן די שמוציקע אַרבעט, וואָס דער „קום" האָט אים פאָרגעלייגט, האָט זיך אַליין אַרויסגעטראָגן אַ טויט־אור־טייל... דערמיט וואָס אַזעלכן האָט מען גלייך צוגענומען פונעם קאָמבינאַט און אַוועקגעשיקט אויף אַזאַ לאַגפּונקט פון וואַנען מע גייט קיין לעבע־דיקער נישט אַרויס...

איין מאָל קומט דעם קומס משרת צו אונדז אין באַראַק און רופט צום קום די פרוי אַניאַ, אונדזער שכנה לויט דער קאַבינע.

אַניאַ איז געווען אַ יונגע שיינע פרוי. אַ הויכע און מאָגערע מיט שוואַרצע אויגן און אַ געקרויזטן קאָפּ האָר. זי האָט פאַרמאָגט אַן איראָניש שמייכעלע וואָס האָט זי אָבער געמאַכט סימפּאַטיש, און אַלע האָבן זי ליב געהאַט. איך גאָר־גאָר באַזונדערס.

אַניאַ איז געווען אַ געבילדעטע פרוי פון אַ מאָסקווער איידעלער מש־פּחה.דער טאַטע אַ רוסישער מענטש. פּראָפעסאָר אין מאָסקווער אוניווער־סיטעט. די מאַמע אַ יידישע, אַ דיכטערין, וואָס האָט אַפילו איבערגעזעצט ביאַליקס אייניקע לידער.

אין 1937 האָט אַניאַ דערציילט מיט איר ביטערן שמייכל, האָט מען זי, די טאָכטער, אַרעסטירט אין איינעם מיטן טאַטן, דעם פּראָפעסאָר.

ווען די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן איז איר איין און איינציקער ברו־דער וועלכער איז נאָך צו יונג געווען פאַרן פראָנט, מאָביליזירט געוואָרן

אין אַ זעלבסטשוץ־בריגאַדע. צוזאַמען מיט אַנדערע יונגע יינגלעך האָט ער זיך געפונען אויף די דעכער פון מאָסקווער מויערן. ער האָט צו וויסן געטאָן וועגן דעם אָנפלי פון פייגטלעכע עראָפּלאַנען, געלאָשן די שריפות א.אַז.וו. די מוטער האָט אים שטאַרק ליב געהאַט. זי האָט נישט געקענט איבערטראָגן דעם פּיין און דעם פּחד ווען דאָס יינגל האָט זיך געפונען אויפן דאַך בשעת די באָמבעס זענען געפאַלן. פון גרויסער פאַרצווייפלונג האָט זי זיך אויפגעהאַנגען.

וועגן דעם האָט איר צו וויסן געטאָן איר מאַן, אַ מיטאַרבעטער פון דער צייטונג „איזוועסטיאַ". וועגן פאָטער האָט זי גאָרנישט ניט געוווּסט. און וואָס שייך איר ברודערל האָט זי באַקומען אַ ידיעה אַז געלערנטע מענטשן, עוואַקויִרנדיק זיך פון מאָסקווע, האָבן אים גענומען מיט זיך. דער מאַן פלעג איר אין אַ געוויסער צייט צושיקן ביכער און צייטונגען.

אַניאַס נאָענטסטע און בעסטע חברטע איז געווען טאַמאַרע סלאַנסקאַיאַ. אין באַראַק האָבן זיי געוווינט דערנעבן אויף איין נאַרע, זיך געטיילט מיטן ביסן. טאַמאַרע — אַ יונגינקע, בלאָנדע, מיט בלויע אויגן. אויך אַ רוסישע פון מאָסקווע, איז זי געווען אַ גוטע זינגערין פון אָפּערע־אַריעס. פלעגט זי אַרויסטרעטן צוזאַמען מיט דער טרופּע פון קניאַזש־פּאָגאָסט, ווען די טרופּע פלעג קומען מיט אַ קאָנצערט.

אַען קאָמבינאַט איז אַניאַ געווען די פאַרוואַלטערין פון פונעם צעך, וואָס האָט פּראָדוצירט זאַכן פון מאַסן־געברויך. טאַמאַרע האָט געאַרבעט אין איר צעך.

אָט די פרוי אַניאַ, די אַזוי שרעקלעך געליטענע פון דער ראַטנמאַכט וואָס האָט צעבראָכן, רויִנירט איר גאַנצע משפּחה, האָט דער קום אַרויסגע־רופן צו זיך פרווּוונדיק צו מאַכן פון איר אַ פאַרבינדעטע אין זיינע נידער־טרעכטיקע בילבולים אויף אַרעסטאַנטן. ער האָט גערעדט מיט זיסע ריי־דעלעך, ער האָט אויך געגעבן אָנצוהערן וואָס עס דערוואַרט איר אויב זי וועט זיך אָפּזאָגן צו ווערן „דאָס אויג און דער אויער פון דער נ.ק.וו.ד." צווישן אירע ליידנס־חברים, וועלכע זי האָט געשעצט און ליב געהאַט.

אַניאַ האָט זיך אָפּגעזאָגט.

אַ פאַרציטערטע, אין געוואַלדיקער שפּאַנונג און מורא, האָבן מיר אַלע אין באַראַק געוואַרט אויף איר אומקער פונעם קום. ווען זי איז אַריין מיט שנעלע טריט, אָן אַ טראָפּן בלוט אין איר פּנים, האָט זי מיט ציטערדיקע הענט גענומען צונויפלייגן אירע זאַכן. מיר האָבן שוין גאָרנישט ניט געדאַרפט פרעגן. אַלץ איז געווען קלאָר.

„יאָ, איך האָב מיך אָפּגעזאָגט פון זיין נידערטרעכטיקן פאָרשלאַג צו

ווערן אַ קלאַפּערין. אַצינד שיקט מען מיך אַוועק פון דאַנען. און טאַקע באַלד״...

מער האָבן מיר פון איר נישט געהערט.

אין יאָרן אַרום, ווען איבערן גאַנצן לאַנד האָט זיך ווידער דורכגעטראָגן די אַרעסטטן־כוואַליע, און מ׳האָט ווידער „איינקאַסירט״ יענע איין מאָל שוין געפּרוּווטע מיט גרויסע סראַקן, און זיי אַרויסגעשיקט אין ווייטע, נישט באַוווינטע, וויסטע ראַיאָנען פונעם לאַנד, איז טאַמאַראַטשקע סלאַנסקאַיאַ ווידער געכאַפּט געוואָרן פון די סטאַלינישע פּייניקער און מ׳האָט זי אַרויסגעשיקט קיין סיביר.

און איצט נאָך וועגן אַ קרבן וועלכן כ׳האָב דערקענט אין דעם קאָמבינאַט־לאַגער.שטיין איז זיין פאַמיליע־נאָמען, אויך אַ קרבן פונעם גוטן 1937טן יאָר. ווען מ׳האָט זיך אַ נעם געטאָן צום ליקווידירן איבערן לאַנד אַלע יידישע קולטור־ און לערן־אַנשטאַלטן, האָט מען זיך דערקליבן אויך צו דער מאַלאַכאָוועקער יידישער שול וווּ שטיין איז געווען אַ לערער.

אויף די אַלגעמיינע אַרבעטן איז שטיין קראַנק געוואָרן, אַזוי ווי אַנדערע טויזנטער. אין שפּיטאָל פונעם קאָמבינאַט וווּ ער איז געלעגן איז ער נאָר געקומען אַ ביסל צו זיך, נאָר נישט געזונט געוואָרן. ער האָט געהאַט אָנגעשוואָלענע פיס. זומער און ווינטער האָט ער געטראָגן וואַלענקעס. ער האָט זיי קוים געשלעפּט די פּיס און מ׳האָט אים אַפילו אין צעך נישט געקענט שיקן אויף וועלכער סע נישט איז לייכטער אַרבעט. ער איז געווען אַן אַקטירטער.

אויסערלעך האָט ער אויסגעזען נישט שלעכט. אַ הויכער, סימפּאַטישער מאַן מיט ברייטע פּלייצעס און מיט זייער קלוגע אויגן.

ווען מ׳האָט אים אַרויסגעלאָזט פונעם שפּיטאָל און באַזעצט אין אינוואַלידן־באַראַק, האָט ער תיכף געגומען זוכן יידן. לאַנג זוכן האָט ער נישט געדאַרפט. אַריינגייענדיק אין קולטור־צימער האָט אים כעלאַ און דער פאַרוואַלטער געזאָגט אַז ער וועט דאָ האָבן יידן מער ווי אַ פּאָר מנינים. וועגן אונדז האָט ער באַקומען אַ פולע אינפאָרמאַציע.

אויף דער פריי איז ביי שטיינען געבליבן אַ פרוי מיט אַ זון. צוליב דער מלחמה האָט ער פאַרלאָרן די פאַרבינדונג מיט זיינע טייערע. וווּ זענען זיי איצט ?... ער האָט זיך נישט געקענט דערפרעגן.

שטיין האָט אונדז אַלע פאַרכישופט מיט זיין סאָלידן, רייכן וויסן, מיט זיין קלוגשאַפט און באַזונדערס מיט זיין שאַרפזין. אים הערן רעדן איז געווען ממש אַ פאַרגעניגן. יעדע פרייע מינוט פלעגן מיר זוכן צו געפינען זיך מיט אים.

באַזונדערס איז שטיין נאָענט געוואָרן מיר ווי אַ קאָלעגע אין אַ יידי־שער שול, אַ פאַרוואַנדלטער ווי איך אין אַ שקלאַף. מיר האָבן וועגן דעם תמיד געשמועסט מיט ווייטיק און מיט נישט באַהאַלטענער שינאה צו דער מאַכט.

אין מיינע ווייטערדיקע שילדערונגען אויפן קאָמבינאַט וועט מיין טייערער חבר שטיין פיגורירן צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע מיר דאָ נאָענט געוואָרענע מענטשן.

*

די מלחמה האָט זיך פונאַנדערגעפלאַקערט אַלץ שטאַרקער, אָבער מיר היינטערן שטעכלדראָט האָבן ווייניק געוווּסט וועגן איר גאַנג און אַנטוויקלונג. אין דער צייט פון היטלערס דערפאָלגן האָט מען אונדז געהאַלטן אין אומוויסן. ווען די איניציאַטיוו איז אַריבער אין די הענט פון דער רויטער אַרמיי, האָט זיך דאָס באַלד אָפגעשפּיגלט אויף דער לאַגע פון די אַרעסטאַנטן. אויף דער אַרבעט האָט מען אונדז שטאַרק געיאָגט. אָבער די פּייַקע ברויט איז פאַרגרעסערט געוואָרן. מען האָט אויך אַגיטירט פאַר גרעסערער פּראָדוקטיוויטעט אָבער מ׳האָט אָנגעהויבן פּרעמירן פאַר גוטער אַרבעט נישט נאָר מיט מאַכאָרקע. פאַר הויכע אַרבעטס־פּראָצענטן האָט מען אָנגעהויבן געבן גוטע מיטאָגן... אין אַ באַשטימטן פּעריאָד האָט מען אַפילו געגעבן פלייש. אין דעם ערשטן טאָג האָט די אַדמיניסטראַציע די דאָזיקע מיטאָגן איינגעאָרדנט אַזוי פייערלעך. אויף דער סצענע אין עסצימער זענען אָוועקגעשטעלט געוואָרן טישלעך, געדעקט מיט ווייסע טישטעכער. די וואָס זענען זוכה געווען אַזוינע מיטאָגן האָבן געדאַרפט עסן נאָר אויף דער בינע, אין דער זעלבער צייט ווען דער גאַנצער עולם האָט געכליאַבעט די באַלאַנדע אַזוי ווי פריער. איך בין געווען פון די גליקלעכע צו אַזאַ מיטאָג. נאָך אַרויפגיין אויף דער בינע האָט מיך געעקלט צוליבן טומל וואָס מ׳האָט געמאַכט אין שייכות מיט דעם איינפאַל און צווייטנס — ווי האָב איך זיך געקאָנט זעצן אויף דער סצענע אָן מיין אסתרן? און אסתר האָט דעם זכות זיך נישט פאַרדינט צו זיצן אויף דער סצענע...

אין דער זעלבער צייט האָט מען אין לאַגפּונקט געשאַפן אַן אָפּרוהויז ביים שפּיטאָל. אַ באַראַק האָט מען צעטיילט אויף צוויי צימערן — פאַר מענער און פרויען באַזונדער. און ווידער — פאַר גוטער אַרבעט. צוויי וואָכן האָט מען גערוט און באַקומען אויך אַ מער נאַרהאַפטע שפּייז.

אויך האָט מיט בליץ־שנעלקייט זיך צעטראָגן אַ קלאַנג אַז פאַר גוטער אַרבעט וועט מען באַפרייען פאַרן באַשטימטן טערמין, און וואָס ס׳האָט זיך

נישט געגלייבט. אָבער דאָ באַקומען מיר אַ ידיעה פון אונדזער רייע, אַז זי איז אײן צעטל פון די גליקלעכע באַפרייט צו ווערן פאַרן סראַק... איז אפשר טאַקע די ידיעה נישט קיין „קאַטשקע", אָדער „פּאַראַשע" ווי די אַרעסטאַנטן פלעגן באַצייכענען יענער נישט־געשטויגענע ידיעה, וואָס מער ווי גע־שטימט מיטן אמת איז זי געווען דער באַגער פון די אַרעסטאַנטן.

די פרייע פרוי, די ממונה איבער דער קולטור־דערציערישער אַרבעט האָט אונדז געמוטיקט. די פאַשיסטישע חיילות האָבן אָנגעהויבן כאַפּן קלעפּ, די מלחמה וועט זיך פאַרענדיקן און עס וועט בעסער ווערן... מ'האָט אָנגע־הויבן ברענגען צייטונגען, און אָפטער אונדז מהנה זיין מיט קאָנצערטן.

איין מאָל איז אַפילו געשען עפּעס ווען דער לאַגער־עולם האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט דער לאַגער־אַדמיניסטראַציע, וועלכע האָט באַכגעגעבן די אַרעסטאַנטן — אַ זאַך וואָס איז נישט געמאָלט געווען פריער.

און געשען איז בעמלעך אָט וואָס: מיט איינעם פון די עטאַפּן איז געבראַכט געוואָרן אין לאַגער אַ יונגערמאַן, אַ שלאַנקער, מיט ספּאָרטיווער האַלטונג, אַ רוסישער בלאָנדין. שיין, יונג איז ער געווען, פול לעבנס־אימפּעט. פון באַרוף אַ שוישפּילער, האָט ער זיך באַלד צוגעבונדן צום אַלטן קינאָ־רעזשיסער און צו כעלען און ער איז צוגעטראָטן אָרגאַניזירן אין לאַגער אַ דראַמאַטישע ליבהאָבער־טרופּע. געזאָגט און געטאָן. ער האָט געגעבן זייער שיינע פאָרשטעלונגען און איז געוואָרן שטאַרק פּאָפּולער אין אונדזער לאַגער־ישוב.

פאַרשפּרייט זיך אַ קלאַנג אַז צו אים איז געקומען זיין מוטער אויף אַ זעונג און אַז מען גיט אים אַ מעגלעכקייט זיך טרעפן מיט איר אויסער דער זאָנע, אָבער אויף דער טעריטאָריע פון קאָמבינאַט דערלויבט מען איר נישט אַריינגיין. דער בחור האָט זיך אָבער איינגעשפּאַרט, ער האָט געוואָלט אַז זיין מאַמע זאָל זען זיינע אַ פאָרשטעלונג און מען זאָל איר אויך דערלויבן אויפטרעטן פאַר די אַרעסטאַנטן. זי איז געווען אַן אויסגעצייכנטע מייסטע־רין פון ליטעראַרישן פאָרלעזן, אַ זייער באַקאַנטע אויף דער פריי.

דער גאַנצער לאַגער האָט אים מיטגעפּילט. די מאַמע אַליין איז עט־לעכע מאָל געפאָרן קיין קניאַזש־פּאָגאָסט צו די הויכע נאַטשאַלניקעס פון דער שקלאַפן־מלוכה און זי האָט געפועלט. איר פאָרלעזונג איז צו שטאַנד געקומען.

דאָס עסצימער האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ זאַל, וואָס איז געווען אי־בערגעפּולט. מיר, די לאַגער־לייט, זענען געשטאַנען צונויפגעפּרעסט און זי געהערט מיט גוואַלדיקער שפּאַנונג און פולשטענדיקער שטילקייט. זי איז געווען אַ הויכע, שלאַנקע שיינע, די מאַמע זיינע, און נאָך אַ יונגע

פרוי. און ווען זי האָט געענדיקט לייענען די ערשטע זאַך, האָט אויסגע־בראָכן אַ שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן, וואָס דער זאַל האָט נאָך קיין מאָל אַזוינס נישט געהערט. ס׳איז געווען אמתע באַגייסטערונג פונעם עולם, וועלכער איז פּלוצעם אַרויסגעריסן געוואָרן פון דער גראָער, אומגליקלעכער וועלט און אַוועקגעטראָגן אין אַנדערע רוחניותדיקע עולמות. זי האָט גע־לייענט נאָך איין זאַך. דער עולם איז נישט געזעטיקט געוואָרן זי צו הערן. מ׳איז געווען ווי פאַרשיכורט פון איר קול און פון די פאָרגעטראָגענע זאַכן.

דאָס האָט געדויערט זייער לאַנג, ביז וואַנען דער זון האָט זיך גענומען בעטן ביי אונדז מען זאָל זי שוין צו רו לאָזן, ווייל זי איז שוין מיד און ביז גאָר עמאָציאָנירט און צערודערט פון דעם קבלת פּנים, אַז זי איז מער נישט בכוח.

די שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן זענען נישט געווען קיין סימן אַז אַלע־מען איז געפעלן, אָדער האָבן פאַרשטאַנען דאָס פאָרגעלעזענע. זיי זענען געווען אויך אַן אויסדרוק פון באַוווּנדערונג פאַר דעם מוט, דער דרייסט־קייט, דער עקשנות פונעם זון מיט זיין מוטער וואָס האָבן געפּועלט ביי דער אַדמיניסטראַציע אַ דערלויבעניש אויף דעם דאָזיקן וואָרט־קאָנצערט.

די ענדערונג פונעם מזל אויף די פראָנטן האָט אויך געבראַכט צו אַ פאַרלייכטערונג אינעם בריוו־אויסטויש מיט דעם פרייען דרויסן. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן באַקומען בריוו און אונדזער שטיין האָט אויך דערהאַלטן אַ בריוו פון זיין פרוי פון קויבישעוו ווּהין זי האָט זיך עוואַקואירט מיטן זון.

אַלע פאָרגעקומענע ענדערונגען אין לאַגער האָבן בולט געזאָגט נישט נאָר וועגן דעם איבערברוך, נאָר אויך וועגן דעם אַז עס דערנענטערט זיך דער סוף צו דער שרעקלעכער בלוט־פאַרגיסונג.

אָבער אַזוי ווי אינפאָרמאַציעס האָבן מיר געהאַט ווייניק, איז אויך דער סוף פון דער מלחמה געקומען פאַר אונדז אומעגריכט.

אין אַ זונטיק אין דער פרי איז די גאַנצע לאַגער־באַפעלקערונג אויפ־געטרייסלט געוואָרן פון אַן אָפטן, שטאַרקן גלאָקן־געקלאַנג. טרעוואָגע? ווידער אַ שריפה? דערשראָקענע האָבן מיר זיך אַרויסגעשיט פון די באַ־ראַקעס און באַלד האָבן מיר דערהערט געשרייען:

— די מלחמה האָט זיך געענדיקט!

— אַ סוף צו דעם קריג!

מ׳האָט געשריגן, געוויינט און זיך אַרומגענומען. אין עסצימער האָט מען באַלד צונויפגערופן אַ מיטינג. צונויפגעשטופּטע, קאָפּ אויף קאָפּ האָט מען געוויינט. וואָס נאָך איז אונדז געבליבן צו טאָן? צום ערשטן מאָל

פאַר אַכט יאָר וואָס איך בין אין לאַגער — אַ מיטינג, אויף וועלכן עס טרעט אַרויס אַ באַטשאַלניק.

ער האָט געזאָגט אַז די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט, אַז די רויטע אַרמיי, אינספּירירט פון גרויסן סטאַלין, וואָס האָט זי געריכטעט פון נצחון צו נצחון, האָט געגעבן דעם ענדלעכן טויטקלאַפּ דער היטלערישער הידרע. אומצווייִדייטיק האָט ער אונדז געטרייסט אַז אויך אין אונדזער לאַגער וועלן איצט זיכער פאָרקומען ענדערונגען. די ראַטנמאַכט וועט זיך פונאַנ־דערקלייבן ווער ס׳איז דער שולדיקער און ווער נישט...

דאָס זענען געווען זײַנע השערות, טרייסטנדיק די אומגליקלעכע וואָס זענען אָן שום שולד שוין אָפּגעזעסן לאַנגע יאָרן אין די לאַגערן ווו מ׳האָט פון זיי אַרויסגעצויגן די כוחות און דעם לעצטן טראָפּן געזונט, זיי פאַר־וואַנדלט אין קאַליקעס ווי אָט דעם איידעלן, קלוגן שטיין, וועלכער איז גע־שטאַנען ביי מיין זייט און זיך געווישט די אויגן. ניין, קיין פרייד האָט דער באַטשאַלניק מיט זײַנע דערמוטיקנדיקע השערות וועגן ענדערונגען אין אונדזער גורל נישט דערוועקט. מען וועט זיך פונאַנדערקלייבן? מען וועט באַפרייען פאַר דער צייט? מיר האָבן שוין צו גוט געקענט דעם פאַרדאָר־בענעם אַכזריותדיקן סיסטעם אַז מיר זאָלן גלויבן.... און אויב עס וועט יאָ באַגליקן עמעצן באַפרייט צו ווערן וועלן דאָס זיין יחידים, אָדער גאָר אַזעלכע וואָס זענען אָפּגעזעסן בשלמות זייער שטראָף, וואָס האָבן געדאַרפט באַפרייט ווערן נאָך אין 1939טן יאָר, נאָר צוליב דער מלחמה האָט מען זיי פאַרהאַלטן ביז אַ „ספּעציעלער פאַראָרדענונג״...

מיר זענען אָבער געווען צופרידן מיטן סוף פון דער מלחמה. עס וועט זיך כאָטש ענדיקן די פּיין פון אונדזערע משפחות אויף דער פריי, און זיי וועלן פון זייער פאַרוואָגלטקייט זיך קענען אומקערן צו די אַלטע היימען, אויב זיי זענען נישט חרוב געוואָרן.

און אפשר זענען מיר שוין אַזוי פאַרסמט פון סקעפּטיציזם און אומגלויבן אין ענדערונגען לטובת די אַרעסטאַנטן, און דיווירקלעכקייט וועט דווקא יאָ באַשטעטיקן די ידיעות וואָס האָבן געוועקט האָפענונגען און בטחון?

אַזוי איז טאָקע געווען. בייעס האָבן אָנגעהויבן זיך באַקומען וויכטיקע און דערפרייענדיקע. אַרעסטאַנטן ווערן באַפרייט אויף אַן אמת פאַר דער צייט. אויך פּאָליטישע — פאַר גוטער אַרבעט.

מזל טוב! אונדזער רייע איז באַפרייט געוואָרן; פאַר גוטער אַרבעט זענען אויך באַפרייט געוואָרן יעקב אַבראַמאָוויטש, אונדזער גוטער מלאך, און דער הויפּט־בריגאַדיר פונעם שניידער־צעך — יאָשע.

איך און אסתר זענען ממש גליקלעך געווען פאַר אונדזער רײַען. רײַע האָט אויך געפּועלט ביי נאַטשאַלסטווע מען זאָל איר דערלויבן קומען קיין ראַקפּאַס זיך זען און זיך געזעגענען מיט אונדז! דערשלאָגן זיך אַזאַ מין זאַך האָט געקענט נאָר אַזאַ ענערגישע פרוי ווי רײַע שניידער, די איבער־געבענע געטרייע חברטע אונדזערע. מ׳האָט זי אַריינגעלאָזט אין וואַכטע־שטיבל ביים טויער ווהין מ׳האָט אַרויסגערופן מיך מיט אסתרן.

רײַע האָט אונדז דערציילט אַז זי האָט באַשלאָסן צו בלייבן אַרבעטן ווי אַ פרייע אויף דער מילך־פערמע. אָבער נישט ביים וואַשן די כלים אין וועלכע מ׳האָט געפירט מילך פאַר די באַלעבאַטים, נאָר אין די „טעפּליצעס", וואָס זענען דאָרט געשאַפן געוואָרן. דאָס זענען אַזעלכע וואַרעם־שטיבלעך ווו מען ציכטעט פאַרשיידענע צאַרטע פלאַנצן און קווייטן, גרינוואַרג — אַלץ פאַר די באַלעבאַטים פונעם לאַגער. אויף דער טעריטאָריע זענען אויסגעבויט באַראַקן מיט באַזונדערע צימערן אין וועלכע עס ווינען די פרייע לוין־אָנגעשטעלטע. דאָרט האָט אויך רײַע באַקומען אַ צימער.

אַצינד, האָט אונדז רײַע געזאָגט, וועט זי נעמען זוכן די קינדער (צוויי יינגלעך און אַ מיידל), וואָס זענען ערגעץ אין אַ קינדערהיים, און אַז זי וועט זיי געפינען וועט זי האָבן אַ שטיקל היים ווו זיי אויפצונעמען.

אין אַ פּאָר חדשים אַרום נאָך רײַעס באַזוך האָט זיך פאַרשפּרייט אַ ניײַעס, אַז צו אַ געוועזענער זעקאַ (פאַרשפּאַרטער), איצט אַ פרייע־אָנגע־שטעלטע אין קניאַזש־פּאָגאָסט, זענען געקומען אירע צוויי קינדער. די ידיעה האָט גערירט אַלע פרויען ביז טרערן, איבערהויפּט יענע מאַמעס ביי וועמען מ׳האָט אויך אויסגעכאַפּט די קינדער, זיי אַוועקגעפירט אין קינדערהיימען ווו מ׳האָט „געמאַכט פון זיי אַ לייט". רירנדיק איז געווען דאָס וואָס קינדער קומען צו אַ מאַמען פון אויסרייסעניש, באַלד נאָך דער מלחמה, ווען איינגעשטעלן זיך פאַרן מיט די איבערגעפּולטע באַנען איז גע־ווען אַ העלדנטאַט.

הערנדיק די ידיעה האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אַז דאָס דאַרפן זיין צוויי פון רײַעס קינדער. אין אַ טאָג אַרום האָט אונדז רײַ צו וויסן געטאָן אַז געקומען איז אַ ברודער מיט אַ שוועסטערל. דער דריטער איז אַנטלאָפן פונעם לאַגער און זיי ווייסן ניש ווהין ער איז אַנטלאָפן...

יאַשע דער בריגאַדיר האָט גענומען אורלויב און איז אַוועק קיין קיעוו זוכן די שפּורן פון זיין פרוי מיט די צוויי קינדער. ער האָט זיך אומגע־קערט נישט צום דערקענען. גרוי, אַלט, פאַרצווייפלט. זיין פרוי מיטביידע קינדער האָט איינגעשלונגען באַבי־יאַר...

צום ערשטן מאָל האָבן מיר געהאַט אַן אמתן גרוס פון דער פריי און וועגן דעם גרויסן חורבן וואָס היטלער האָט געלאָזט נאָך זיך.

...ווייזט זיך אַרויס, אַז דער מאַן פון דער סימפּאַטישער פרוי וואָס פירט אַן מיטן קולטור־פּונקט איז אויך אַ ייד און אויך אַן אַרעסטאַנט. ער האָט געוואָגלט איבער פאַרשיידענע לאַגערן מיט אַ צען־יאָריקן סראָק אַזוי ווי מיר דאָ אין קאָמי־לאַגער אַרבעט ער אין אַ ביוראָ. זיין פרוי איז געקומען צו אים פון מאָסקווע, ווען ער איז נאָך געזעסן, געדונגען אַ דירה אין קניאַזש־פּאָגאָסט און זי האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט צו טרעפן זיך מיט אים, ווייל ער פלעג גיין אַן אַ וואַך. די נאַטשאַלניקעס האָבן אים גע־טרויט, וויסנדיק אַז ער איז אַמאָל, אין מאָסקווע, געווען אַן אָנגעזעענער פּאַרטיי־טוער.

אויך אים האָט מען באַפרייט פאַר דער צייט, איז ער באַלד אַוועק קיין מאָסקווע אויסשפּירן וואָס עס טוט זיך דאָרט אין דער הויפּטשטאָט נאָך דער שרעקלעכער מלחמה. ער האָט דאָרט געפונען אייניקע פון זיינע פריערדיקע פּאַרטיי־חברים, ער האָט זיי נישט געזאָגט ווו ער האָט זיך געפונען און פאַר וואָס... זיין לאַנגע אָפּוועזנהייט האָט ער פאַרענטפערט מיט אַ געהיימער, לאַנג דויערנדיקער קאָמאַנדירונג...

בלייבן אין מאָסקווע האָט ער קיין רעכט נישט געהאַט. פּאָליטישע באַפרייטע פאַר דער צייט, אָדער אַפילו ווען מ׳איז אויסגעזעסן דעם גאַנצן טערמין ביז דער לעצטער שעה, פלעג מען אַרויסגעבן אַזאַ פּאַפּירל, אַ שיַין אַז זיי האָבן רעכט צו וווינען אומעטום, אַ חוץ אין 37 גרויסע שטעט.

אין איינעם אַ פאַר נאַכט, אין יענעם נאָך מלחמה־זומער, ווען מיר האָבן זיך געפונען אין דרויסן אַרום די באַראַקן, האָבן אין זאַנע זיך אַריינ־געשיט אַ גרויסע גרופּע באַוואָפנטע מיליטער־לייט און אין גרויסער בהלה אונדז באַפוילן שנעל אַריינצוגיין אין די באַראַקן. מיר האָבן זיך אַלע גע־וווּנדערט: וואָס פאַר אַ נייע צרה איז געשען?

באַלד זענען מיר געוואָרן געוואָרן: מ׳האָט באַגנבעט דעם קאָמבינאַט און נישט אַזוי־אָ פּשוט אַרויסגעטראָגן אַ פאַר אונטער־הויזן, צי אַ העמדל, אַ גאַנצן וואַגאָן מיט סחורה האָט מען פאַרקויפט אין דער זייט... די גרופּע — צען מענטשן אין שפּיץ מיט איוואַן איוואַנאָוויטש, דער נאַטשאַלניק פון דער פּראָדוקציע אויפן קאָמבינאַט האָט מען אַרעסטירט.

די סאָלדאַטן האָבן איבערגעקערט די באַראַקן. זיי האָבן געוואָלט גע־פינען ביי אונדז דאָס געלט, דעם פדיון פון דער פאַרצוקערטער סחורה. די

גנבים האָט מען דערווייל אָפּגעפירט אין קאַרצער און פון דאַנען קיין קניאַזש־פּאָגאָסט ווו מ׳האָט זיי פאַרמשפּט אויף צען יאָר לאַגער.

אונדז האָט די גנבה נישט געאַרט און אויב אונדז האָט וויי געטאָן און פאַרדראָסן, איז עס דערפאַר וואָס אונדזער יאַשענקע האָט זיך געפונען אין דער גרופּע.

יאַשע האָט נישט אויסגעהאַלטן דעם צווייטן סראָק. ווי מיר האָבן זיך דערוווּסט, האָט ער נאָך דעם זייער לאַנג געקרענקט און געשטאָרבן אין עלנט.

די דאָזיקע געשעעניש האָט אַזוי געווירקט אויף יעקב אַבראַמאָוויטשן, אַז מ׳האָט אים געמוזט אָוועקלייגן אין שפּיטאָל. דאָרט האָט מען געפונען ביי אים אַ מאָגן־ראַק. אין 1947 איז ער אויך אין גרויסע יסורים געשטאָרבן.

פונעם ביוראָ ווו פּאַלינאַטשקא האָט געאַרבעט האָבן מיר זי געזען לויפן אין זאָנע אַ פאַרסאָפּעטע און פאַרפּלאָמטע. זי האָט זיך געאיילט אָנזאָגן אונדזער ליבן חבר שטיין אַז אָקאָרשט איז אָנגעקומען אין ביוראָ אַ באַפעל צו באַפרייען אים — צוויי יאָר פאַרן סראָק.

אונדזער אַלעמענס פרייד איז געווען נישט צום באַשרייבן. מיר, די נאָענטע זיינע, די האַרציק־באַפריינדעטע מיט אים, האָבן באַלד אַ טראַכט געטאָן: ווי אַזוי לאָזט מען אים אַרויס אין דעם הילוך פונעם לאַגער? אַ חוץ דעם בושלאַט און די וואַלענקעס האָט ער דאָך גאָרנישט פאַרמאָגט. מיר האָבן זיך געשטעלט די אויפגאַבע אים מאַכן אַ זומער־קאָסטיום. זאָל זיין פון פראָסטער סחורה, אָבער קיין קוויבישעוו צו זיין פרוי זאָל ער נישט קומען מיט אָט־דעם בעטלערישן אויסזען.

וואָס מיר האָבן נאָר געקענט האָבן מיר צונויפגעשלעפּט ביי גוטע פריינד און אים אַרויסבאַגלייט ביז צום לאַגער־טויער. אין דעם בלויען קאָסטיום פון אַ פּראָסטן שטאָף (כאָטש די הויזן אַ ביסל פאַרשמעלט) האָט ער אויסגעזען אין גאַנצן אַ נייער. מיר האָבן אים מיטגעגעבן אויך אַ זעקל מיט ברויט און אַ ביסל געלט, וואָס מיר האָבן צווישן זיך צונויפגעלייגט.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן מיר באַקומען פון אים אַ קאַרטל. שטיין האָט געשריבן אַז ער איז אָנגעקומען קיין קוויבישעוו בשלום און אַ געזונטער. און ער האָט אונדז באַשריבן די פרייד פון זיין באַגעגעניש מיט זיינע געפונענע פרוי און זון.

רײַעס בײַשפּיל האָט גורם געווען אַז פּיל אַנדערע לאַגער־פרויען זאָלן אויך פּרוּוון געפינען זייערע קינדער. פאַלינאַ איז אויך געווען צווישן זיי. זי האָט געשריבן עטלעכע מאָל — ואין עונה.

פּלוצעם באַקומט זי אַ בריוו פון אַ מאָסקווער פריינדין. די פריינדין האָט איר צו וויסן געטאָן וואָס ס׳איז געשען מיט איר משפּחה. איר מאַן האָט חתונה געהאַט מיט אַ צווייטער. דער עלטערער זון איז אומגעקומען אין דער מלחמה. און דאָס צווייטע ייִנגל אירס דערציט די צווייטע פרוי אַזוי אַז ער זאָל זיך באַציִען צו איר ווי צו אַן אייגענער מאַמען...

דאָס האָט אַרויסגערופן אַ שרעקלעכן נערוון־שאָק ביי דער ליבער, שיינער, איידעלער פאַלינאַ. זי האָט געוויינט, געשריגן, אַרומלויפנדיק איבער דער זאָנע ווי אַראָפּ פון זינען.

מיר האָבן דאָך געוווּסט אַז ס׳איז געווען אַן אומגעווייִנלעכע שיינע ליבע צווישן איר און דעם מאַן. נישט אַנדערש אַז מ׳האָט אים געצווונגען זיך אָפּזאָגן פון איר, דער „שונא פון פאָלק״. נישט אַנדערש. און אַז ס׳איז געווען אַזוי האָבן מיר נישט געצווייפלט. און אויב ס׳האָבן זיך געפונען אַזעלכע מוטיקע וואָס האָבן נישט געפאָלגט, האָבן זיי געהאַט דעם זעלבן גורל פון זייערע ליבע, פון ווען זיי האָבן זיך נישט געוואָלט אָפּזאָגן.

אָפּזיצנדיק „אָט זוואָנקאַ דאָ זוואָנקאַ״, פון גלעקל־קלינג ביז גלעקל־קלינג, און אַרויסרופנדיק דעם אַרעסטאַנט אויף באַפרייונג פלעג מען אים קודם פרעגן ווּהין ער האָט בדעה צו פאָרן? האָט ער אָנגערופן אַ געגנט וואָס איז געווען אויסער די 37 פאַרבאָטענע שטעט, האָט מען אים געגעבן אַהין דאָס באַפרייונגס־פּאַפּירל...

וואָס האָט אָבער געזאָלט טאָן אסתר ווען איר שטראָף־טערמין איז געגאַנגען צום סוף (אין אויגוסט 1947) און זי האָט נישט געהאַט אין דעם גרויסן לאַנד קיין ווינקל ווּהין זי זאָל קענען און מעגן פאָרן. ס׳האָט נישט געדאַרפט זיין נאָר סתם אַן אָרט. דאָרט האָט געדאַרפט זיין אַ ווייב, אַ פריינד, אַ באַקאַנטע, צו וועמען מען פאָרט. מען קומט דאָך אָן מיטלען, שלעכט געקליידט, אָן אַ פריינד. קענען די באַפרייטע ווערן, חלילה, בראָ־דיאַגעס, פאַרברעכער.

פאַרן אַרעסט האָט זי געהאַט אַ סך קרובים אין לאַנד. נאָר פאַר אַלע יאָרן האָט זי צו קיינעם נישט געשריבן. און קיינער האָט זיך נישט אינ־טערעסירט מיט איר גורל. אין משך פון די יאָרן זענען דאָך אַנגעגאַנגען נאָך אַרעסטן, און ס׳איז געווען אַ מלחמה. ווער ווייסט וואָס מיט די קרובים איז געשען פאַר דער צייט?

מיר האָבן אָנגעהויבן שרייבן בריוו אין באַגורוסלאַן אין „צענטראַלן" ביוראָ פאַר זוכן קרובים, אָנווייזנדיק זייערע פאַרמלחמה־אַדרעסן. נאָך לאַנגע חדשים פון וואַרטן און פון ייאוש איז ענדלעך אָנגעקומען אַן ענטפער: פון אירע צוויי ברידער וואָס האָבן געלעבט אין מאָסקווע איז איינער געפאַלן אין דער מלחמה און פונעם צווייטן האָט מען געשיקט דעם אַדרעס. אויך פון אַ דריטן ברודער וואָס לעבט מיט זיין משפחה אין סאַמאַרקאַנד האָט מען איר צוגעשיקט דעם אַדרעס. די שוועסטער וואָס האָט געלעבט אין לעונינגראַד האָט זיך עוואַקואירט אין אַלטייער קאַנט און לעבט אין אוגלאַווסקי ראַיאָן אין אַ דאָרף „וועליקי אָקטיאַבער".

אסתר האָט באַוויינט דעם אומגעקומענעם ברודער און איך האָב זיך אַוועקגעזעצט שרייבן בריוו אין איר נאָמען, צו אירע לעבן־געבליבענע קרובים. איך האָב זיי אויסגעלייגט אַלצדינג וואָס מיט איר האָט פּאַסירט, געשריבן אַז זי דאַרף זיך באַפרייען און זי בעט מען זאָל איר דרינגענדיק ענטפערן צי קען זי קומען צו זיי. כ'האָב זיי אויך געשריבן אַז זיבן יאָר האָט זי געאַרבעט אין שניידער־צעך.

נאָך לאַנגן וואַרטן האָט דער מאָסקווער ברודער געענטפערט אַז ער וואָלט זייער געוואָלט זי זאָל קומען צו אים, נאָר ער וווינט מיט זיין משפּחה אין גרויסער ענגשאַפט.

פון סאַמאַרקאַנד האָט מען נישט געענטפערט. געענטפערט וואַרעם האָט די עוואַקוירטע שוועסטער. זי האָט געשריבן רוסיש. גוטשע — אַזוי האָט מען זי גערופן, האָט מיר געשריבן אַז איר מאַן און איר בן יחיד זענען אומגעקומען אין דער מלחמה, אַז איר איז געלונגען עוואַקואירט צו ווערן אין דעם דאָרף ווו זי לעבט ביז הייַנטיקן טאָג, אַז זי איז זייער צופרידן מיט דער אָפּגעזוכטער ייִנגסטער שוועסטער נאָך דרייסיק יאָר, און אַז זי וואַרט אויף איר מיט ליבע, זאָרג און געטריישאַפט!...

אויך איך בין געווען צופרידן מיט אסתרס געפונענער שוועסטער, וועט זי האָבן, הייסט עס, וווהין צו פאָרן. צו ווען וועל איך פאָרן ווען עס וועט קומען דער טאָג? איך האָב דאָך קיינעם נישט אין דעם דאָזיקן גרויסן לאַנד. וואָס שייך גוטע פריינד — ווער ווייסט ווו זיי זענען אַצינד, אויב זיי לעבן?

האָבן מיר אָנגעהויבן צוגרייטן גוטשען, די שוועסטער אירע, ווען און ווי אַזוי זי וועט קומען צו איר און אַז אסתר לעבט דאָ צוזאַמען זיבן יאָר מיט אַ פרוי, ווי מיט אַ שוועסטער, טיילנדיק זיך מיטן ביסן. און אַזוי ווי די פרוי שפרה וועט אין דריי חדשים אַרום זיך באַפרייען וועט זי אויך קומען צו איר...

אויך אויף דעם בריוו האָט זי באַלד געענטפערט האַרציק, מיט אַ וואַרעמער איינלאַדונג.

און אָט איז אויגוסט 1947. און אָט ווערט אסתר באַפרייט. אַ גרויסע גרופּע פריינד באַגלייטן מיר זי צום טויער. זי האָט געהאַט מיט זיך אַ פּעקל מיט איר גאַנצן דאַברע מזל. אַ וואַטענע קאָלדרע, אַ קישעלע, אַ פּאָר העמדלעך, אַ טעלאַגרייקע — אין אַלטיי איז דאָך קאַלט. דאָס פּעקל האָט אויסגעזען גרעסער פון איר אַליין.

גייט אסתר צום טויער מיטן פּעקל אויף דער פּלייצע. איר קאָפּ ווייסע האָר צעשויבערט און פון די אויגן גיסן זיך טרערן. מיר גייען איר נאָך שווייגנדיקע. איך וויין אויך און קלער דערביי: ווי אַזוי וועט די קליינע שוואַכע פרוי זיך דערשלעפּן אַליין אין אַזאַ לאַנגן וועג?

מיט אַ לאַסטמאַשין האָט מען זי געבראַכט אין קניאַזש־פּאָגאָסט. זי איז געקומען צו רײַען. לויט רײַע האָט מיר נאָך דעם צו וויסן געטאָן איז איר אָנגעקומען מיט אומגעהייערע שוועריקייטן דאָס אויפזעצן אסתרן אין דער באַן. עס פאָרן דאָך אַ געוואַלדיקע צאָל באַפרייטע. ערשט אויפן דריטן טאָג האָט זי מיט גוואַלד אַרײַנגעשטופּט אסתרן אין אַ וואַגאָן.

ווי אַזוי וועט זי זיך דערשלעפּן, גאָט מײַנער, האָב איך געטראַכט. זי וועט דאָך דאַרפן וויפל מאָל אויסשטייגן און זיך איבערזעצן אין אַנדערע באַנען. זי וועט דאָך פאַרפאַלן און פאַרקראַכן ווערן ערגעץ אויף אַ סטאַנ־ציע. פאַרשטענדלעך, אַזוי פאָרט נאָר דאָס פּשוטע פאָלק אין די „אַלגע־מיינע וואַגאָנען”. דער אייבערשטער קלאַס (יאָ, דער קלאַס פון די פּאַרטיי־לייט) פאָרן אין קופּע־וואַגאָנען, אָדער פּלאַץ־קאַרטע, מיט באַקוועמלעכ־קייטן.

אין גיכן וועט מיר פאַרשטיין דער זעלבער וועג. אין גיכן, אין דריי חדשים אַרום. איך וואַרט שוין מיט אומגעדולד אויף אַ ידיעה אַז זי איז אָנגעקומען, ווי אַזוי די שוועסטער האָט זי אויפגענומען און צי האָט אַ זין איך זאָל אויך פאָרן אַהין?... אפשר גאָר פאַרבלייבן דאָ ווי אַ סך אַנדערע, זיך איינאָרדענען ווי אַ פרייע. האָט זיך דאָך רײַע איינגעאָרנט און לעבט...

איך מוז אונטערשטרייכן אַז די מאַכט איז געווען פאַראינטערעסירט אַז די באַפרייטע פון די לאַגערן זאָלן בלייבן אין קאָמי־לאַנד. איז דאָך דאָס דאָזיקע צפון־לאַנד אויפגעבויט געוואָרן דורך זיי, געוועזענע אַרעסטאַנטן. עס זענען אויפגעקומען שטעטלעך, באַן־סטאַנציעס, אונטערנעמונגען מיט וועלכע פאַרוואַלטן עס דאַרפן געניטע מענטשן, געבילדעטע. באַזעצן די ערטער מיט געוועזענע לאַגער־מענטשן וואָס האָבן זיך נישט ווו אַהינצוטאָן, ווי איך למשל, איז פאַר דער מאַכט באַקוועמער, נוצלעכער און אויך ביליי־

קער. אָן קרובים און פריינד קומט אויס אַז איך האָב נאָר איין ברירה — פאַרבלייבן דאָ, אין קאָמי־לאַנד, אין קניאַזש־פּאַגאָסט. זיך איינאָרדענען אויף אַן אַרבעט און לעבן. די מאַכט האָט דאָך אַפילו אַגיטירט און אויך דורך אַרעסטאַנטן, אַז מען זאָל פאַרבלייבן. דאָ אין מיין באַראַק האָט זיך געפונען אַ פרוי וואָס האָט יעדן זיך באַפרייענדיקן צוגערעדט צו פאַר־בלייבן. סאָניאַ פוקס האָט זי געהייסן. אַ יידישע. אין וווקס אַ קליינינקע איז זי אַ גראָבלעכע געווען נישט נאָר אין דער פיגור, נאָר אויך אין כאַ־ראַקטער.

סאָניען האָבן אַלע פיינט געהאַט, אַלע אָן אויסנאַם און דערפאַר ווייל זי האָט זיך באַמיט צו זיין אַ באַלעבאָסטע אין לאַגער, אַריינקוקן אומעטום מיט אירע קליינע, קורצזיכטיקע אייגעלעך, און אומעטום אַריינשטעקן איר נעזל. מיר האָבן זי פיינט געהאַט פאַר איר חנפענען די באַלעבאַטים. און נאָך ערגער — מיר האָבן זי חושד געווען אַז זי טראָגט צו דעם „קום" וועגן אונדז דאָס וואָס אים ווילט זיך הערן...

און אָט דאָס ווייבעלע איז געווען דאָס קול פון דער מאַכט. הערנדיק זי האָבן מיר געהערט דעם ווילן פון די נאַטשאַלניקעס. זי האָט אַגיטירט אַפילו פאַר וואָרוטקאַ, אין דעם פאַרשאָלטענעם אייזיקן מדבר, האָט זי גע־זאָגט, אַז אַרבעט איז דאָרט פאַראַן אַ וועלט. און רייצנדיק און פאַרלאָקנדיק איז אויך דער „לאַנגער רובל" — ווי די רוסן זאָגן — וואָס מען קאָן דאָרט פאַרדינען.

דעריבער האָב איך, טראַכטנדיק וועגן זיך באַשלאָסן, אַז דערלעבנדיק דעם טאָג פון באַפרייונג און נישט האָבנדיק קיין אַנדער ברירה וועל איך זיך איינאָרדענען אין קניאַזש־פּאַגאָסט, באַענט צו רייַען.

דערווייל האָב איך געאַרבעט שוין נישט אין צעך פון מאַסן־אויסאַר־בעטונג נאָר אין צעך פון ספּעציעלע באַשטעלונגען. ווער זענען געווען די באַשטעלער? און פון וואָס פאַר אַ סחורה האָט מען די קליידער געמאַכט? דאָס איז אויך כדאַי צו וויסן.

נאָך דער מלחמה האָבן אין לאַנד זיך געפונען בערג מיט טראָפייען נישט נאָר פון טעכנישן באַדייט. צווישן דעם שלל איז געווען אויך די הלבשה פון דערהרגעטע דייטשע אָפיצירן, געגנייט פון די בעסטע שטאָפן. ספּעציעלע וועשערייען האָבן די סחורה גערייניקט און פון איר האָט מען איבערגעניייט און געגנייט נאָר פאַר אָפיצירן: קיטלען, גימנאַסטיאָרקעס, הויזן א.אַז.וו. אין דעם דאָזיקן צעך האָבן געאַרבעט די זעלבע אַרעסטאַנטן אָבער גוטע פאַכלייט. דער פאַרוואַלטער אויך אַ „זעק" (אַן אַרעסטאַנט, הייסט עס) סימאַנאָוו, איז געווען אַ ספּעציאַליסט אַ שניידער, און פונקט

אַזאַ ספּעציאַליסט אין שינאת ישראל. דאָס איז געווען אַ קליין מענטשל, אַ ביינעריק־טרוקנס, מיט אַ קליין קעפּל, גנבישע אייגעלעך און וואָנצעלעך ווי אַ פליג. ער האָט שטענדיק גערייכערט, נישט חלילה קיין מאַכאָרקע, נאָר גוטע פּאַפּיראָסן מיט וועלכע די אָפּיצירן פלעגן אים מכבד זיין פאַר זיין אַרבעט וואָס האָט זיי גאַרנישט געקאָסט.

מיך האָט מען געשיקט נישט ווי אַ ספּעציאַליסטין, נאָר ווי אַ פּעיִקע אַרבעטאָרין אין שניידער־צעך. מיך האָט ער נישט געוואָגט באַליידיקן, אָדער פּערסעקוטירן ווי אַ יידישקע. דערפאַר האָט ער ביי אַנדערע, נישט־יידן גראַדע נאָר ענלעכע צו יידן, געצאַפּט דאָס בלוט...

איך בין געווען צופרידן אין דעם צעך, ערשטנס ווייל ס'האָט מיך נישט געיאָגט דער קאָנוויער, צווייטנס האָב איך געהאַט די געלעגנהייט מיך לערנען מאַכן אַ גוט שטיקל אַרבעט.

בין איך געזעסן רויִק ביי דער אַרבעט און געטראַכט פון מיין אסתרן. וואָס איז מיט איר? ס'איז אַוועק אַ חודש און פון איר — קיין צורת אות. ערשט אין צוויי חדשים אַרום האָב איך באַקומען אַ פּאָסטקאַרטל.

דאָס קאַרטל איז געווען געשריבן אויף יידיש מיט אַ בליישטיפט. נאָר — געוואַלד געשריגן — איך קען דאָך דאָס לאַנג־דערוואַרטעטע קאַרטל נישט איבערלייענען. איך לויף מיט דעם קאַרטל צו אַלע מיינע באַקאַנטע מען זאָל מיר העלפן דעסציפּרירן די הערגליפן.

מיט גרויס מי האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אַז אסתרן איז דאָרט זייער שלעכט. ווייל שרייבן שרייבט זי אַז — „ווען זי וואָלט געהאַט פליגל וואָלט איך געקומען צוריק אין לאַגער". איך וואַרט אויף דיר.

אַוודאי אַז נאָך אַלע טראַכטענישן און איבערטראַכטענישן האָב איך נישט געקענט באַשליסן אַנדערש. איך מוז פאָרן צו אסתרן. איר איז אַוודאי שלעכט, דער שוואַכינקער, אומגליקלעכער פרוי, אַז אין לאַגער איז שוין געווען בעסער? צי איז דאָס געמאָלט?

⁂

דעם 21סטן נאָוועמבער 1947, ווי אין זעלבן טאָג פון מיין אַרעסט, האָב איך באַקומען דאָס פּאַפּירל פון אַ באַפרייטער מיט דער אָנווייזונג אַז איך פאָר אין אַלטייער קאַנט.

ווען איך בין אַרויס פונעם לאַגער האָבן מיינע פיס זיך געטרייסלט. צי דערפאַר ווייל איך בין שוין אָפּגעוווינט פון גיין אַ ווייטע שטרעקע, צי ווייל איך בין אָנגעפּרענטעט מיט די שווערע ווינטער־קליידער, ס'איז שוין

געוועז נאָוועמבער און אין קאַמי־לאַנד איז שוין געווען דער אמתער ווינ־טער.

די לאַסטמאַשין האָט מיך געבראַכט אין קניאַזש־פּאָגאָסט און איך בין פאַרפאָרן צו מיין טייערער חברטע רייַע. איך האָב זיך באַקענט מיט איר זון. אַ פיינער, יונגער בחור מיט אַ קאָפּ שוואַרצע געקרייזלטע האָר, מיט ברענענדיקע שוואַרצע אויגן. רייַע האָט אים איינגעאָרדנט אין אַ פאַך־שול. ער האָט געלערנט שלאָסעריי. די טאָכטער איז געפאָרן ערגעץ זיך איינ־אָרדענען.

אַזוי ווי אסתר האָב איך פאַרבראַכט ביי רייַען דריי טעג. ס׳איז אומ־מעגלעך געווען זיך אַרויפכאַפּן אויף דער באַן. אַלע פאַרבייפאָרנדיקע באַנען זענען געווען געפּאַקט מיט מענטשן, באַפרייטע אַזוי ווי איך. מ׳איז געשטאַנען אויף די טרעפּ, אין די טאַמבורס. אויפן דריטן טאָג איז מיר געלונגען מיט כוח זיך אַריינצושטופּן אין טאַמבור פון אַ וואַגאָן. נאָר גע־וואַלד — מיין טשעמאָדאַן איז געבליבן ביי רייַען. ערשט ווען די באַן האָט גערירט האָט רייַע איינגעבעטן עמעצן מען זאָל מיר איבערגעבן מיין פאַרמעג.

אָט אַזוי האָב איך זיך געלאָזט אין אַ ווייטן, אומבאַקאַנטן וועג אין אַ פרעמדער אומבאַקאַנטער געגנט, נישט וויסנדיק וואָס עס וואַרט דאָרטן אויף מיר.

קאַפּיטל זעקס

# די באַפרייונג

אין 1938 ווען מ׳האָט מיך געפירט פון תפיסה אין לאַגער האָב איך קיין אַנונג נישט געהאַט ווי עס זעט אויס אַן עטאַפּ אַרעסטאַנטן, ביי דער ראַטנמאַכט, און אַ פּשיטא אַז וועגן לאַגער האָב איך קיין שום פאַרשטע־לונג נישט געהאַט. דאָס איז דאָך אַן אינסטיטוציע וואָס איז צום מערסטן אַרומגעהילט מיט סודותדיקייט און מיט וועמעס אינהאַלט מען באַקאַנט זיך נאָר ווען מען ווערט פונעם גורל אַליין אַריינגעשלעפּט אַהין.

דערפאַר אָבער האָב איך אין צען יאָר אַרום, אַרויסגייענדיק פון לאַ־גער, יאָ געוווּסט דעם אינהאַלט פון דער „פרייהייט". פון מיין קומען אין דעם גרויסן לאַנד פון פרייהייט ביזן אַרעסט בין איך דאָך געפרוווט גע־וואָרן מיט אַלערליי צרות און קלעפּ, דורכגעמאַכט אַלע נויטן און דאָס שלעכטס וואָס איז אייגנטימלעך דעם דאָזיקן רעזשים. אָבער דעמאָלט האָב איך אָ־די נעגאַטיווע דערשיינונגען געהאַלטן נאָר פאַר שוועריקייטן, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דעם איבערגאַנגס־פּעריאָד פון איין סיסטעם צו אַ ניַיעם, געזערכטן, הומאַנעם וואָס די מאַכט וועט זיי גובר זיין מיט דער צייט.

אָבער איצטער, פאַרענדיקנדיק מיין צען־יאָריקן אוניווערסיטעט, האָט זיך מיין באַוווּסטזיין אויסגעלייטערט. דער אידעאַליסטישער נעפּל איז זיך צעגאַנגען, און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז די אַלע צרות, אומגליקן, מאַנג־לען און אַכזריות זענען נישט קיין צופעליקע, זיי וואַרצלען אינעם סיס־טעם, זיי זענען אַ פּועל־יוצא פון דער מאַכט, פון דער דיקטאַטור, פונעם רעזשים וואָס האָט צוגענומען די פרייהייט ביי מיליאָנען מענטשן און פאַר־קריפּלט זייערע נשמות.

יאָ, איצטער קענענדיק דעם גאַנצן מהות פון דער מאַכט, באַרויבט פון אידעאַלן און חלומות, האָב איך מיך געלאָזט אויף דער פריי מיט פּחד. מיט פּחד דערפאַר ווייל איך האָב נישט געוווּסט ווי אַזוי יענע פריי וועלכע כ׳האָב אַזוי גוט געקענט, זעט אויס אַצינד נאָך אַזאַ שרעקלעכע מלחמה

...הכלל — איך פאַר אין דאָרף אַריין צו מיין פריינדין אסתר אין אַלטייער קאַנט.

אין נאָרמאַלער צייט האָט אַזאַ מין נסיעה געדאַרפט נעמען נישט מער ווי דריי ביז פיר מעת לעת. אַצינד האָט דער וועג געדויערט 21 טעג.

אַרויסכאַפּנדיק זיך נאָך דריי טעג אויף דעם וואַגאָן האָב איך אינע־ווייניק אַריינגיין נישט געקענט. דער וואַגאָן איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט מענטשן, אַלע באַפּרייטע, און ס'איז נישט געווען ווו צו שטעלן אַ פוס. ס'האָט מיר געגליקט אין טאַמבור אָוועקצושטעלן מיין טשעמאָדאַנדל און אָן אויסגעשעפּטע, פאַרמאַטערטע זיך אַוועקזעצן אויף דעם.

דאַנקען גאָט — איך פאָר.

זיצנדיק איינגעניורעט אויף מיין טשעמאָדאַנדל אין דעם אָנגעפּראַפּטן שטינקענדיקן טאַמבור, האָב איך געטראַכט: מיט וואָס איז מיין רייזע צוריק אויף דער פריי אין אָט דעם וואַגאָן בעסער ווי מיין רייזע אין בויך פון דער באַרזשע צוריק מיט זיבן יאָר וואָס האָט מיך געפירט אין קאָמי־לאַנד? קיין שום אונטערשייד. קיין שום זאָרג פאַר דעם מענטשנס באַ־קוועמלעכקייט און קולטור־באַדינגונגען איז אין ערגעץ נישט צום זען. איינער קריכט אויפן אַנדערן. ס'איז גילטיק דער כוח.

מילא, האָב איך געטראַכט, צו ליידן בין איך געוווינט — אויך פון מענטשלעכער גראָבקייט און תקיפות. עס וועט דאָך קיין סך נישט גע־דויערן. די נאַכט מיינע גייט שוין צום סוף.

אויף דער סטאַנציע קיראָוו (געוועזענע וויאַטקע) האָב איך געמוזט, ווי פיל אַנדערע, טוישן די באַן. און דאָ — נאָך גרעסערע צרות. אין קיראָוו האָט מען געזאָגט, רעגנט. דער שניי צעגייט. אין חודש נאָוועמבער? אין דער צייט שטייען דאָך אין דער געגנט די גרעסטע קעלטן? מאַכט זיך אָבער אַז גראָד דאַן גיבן זיך פּלוצעם אַ לאָז אויף דער געגנט וואַרעמע לופט־שטראָמען. דער הימל ווערט פאַרצויגן מיט שוואַרצע וואָלקנס, עס זיפּט זיך אַ רעגנדל, דער גאַנצער שטח ווערט פאַרפּלייצט מיט וואַסער פון די צעשמעלצטע שנייען, און איך בין אין וואַלענקעס... מיינע שיך זענען אין אויפגעגעבענעם באַגאַזש... וואָס זאָל איך טאָן? כאָטש אויסטאָן די וואַלענקעס און שפּאַנען באָרוועס...

מיט די וואַלענקעס בין איך אַראָפּגעשפּרונגען גלייך אין וואַסער. די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט נאָענט צום וואָקזאַל. איך האָב געשפּאַנט און אויפגעהערט פילן ווי די וואַלענקעס ווערן אַלץ שווערער אויף די פיס און די קליידער — אויסגעווייקט. איך שפּאַן מיט אַלע כוחות צום וואָקזאַל,

טראַכטנדיק מיט צופרידנקייט אַז איך וועל אַריין אין טרוקענעם, וואַרעמען בנין און וועל קומען צו זיך. אָבער...

געוואַלד געשריגן. וואָס זעען מיינע אויגן? ביים וואָקזאַל שטייען מאַסן מענטשן און מען לאָזט נישט אַריין אין וואָקזאַל...

פאַר וואָס?

מען ראַמט איצט אינעווייניק. דאָס אויפראַמען ציט זיך אַ פּאָר שעה. מען טרייבט אַרויס פון אינעווייניק די פּאַסאַזשירן וואָס האָבן גענעכטיקט דאָ (ווער ווייסט וויפל נעכט) נישט קענענדיק איינשטייגן אין די פאַר־בייגייענדיקע באַנען. שטייען אַלע אין דרויסן. ציטערן פון קעלט. קינדער וויינען, איינגעביורעטע אין די מאַמעס שויסן. אַ שרעק. און איך שטיי אין די נאַסע וואַלענקעס ווי אין צוויי לוזשעס...

לאָזנדיק זיך אין וועג האָב איך געוווּסט וועגן דעם. אַזוי פירט זיך דאָך אויף אַלע וואָקזאַלן אין לאַנד. דריי מאָל אין טאָג טרייבט מען אַרויס די פּאַסאַזשירן — ביי סיי וועלכן וועטער. אַרויסיאָגן די מענטשן דאָס איז די אויפגאַבע פון דער מיליץ. און אויף דער מיליץ מעג מען זיך פאַר־לאָזן... זי קען די מלאכה, זי צערעמאָניעט זיך נישט מיט די פּאַסאַזשירן, ווייל... ווער וואַלגערט זיך אויף די וואָקזאַלן? דאָס פּראָסטע פאָלק, וואָס קען זיך נישט דערלויבן דעם לוקסוס איבערצונעכטיקן אין אַ האָטעל, און וואַלטן זיי יאָ געקענט, וועלן דען קלעקן האָטעלן?

וויפל מעת לעת וועל איך דאַרפן איבערוואַרטן ביז איך וועל מיך צושלאָגן צו דער קאַסע נאָך אַ בילעט? דאָ וואַרטן דאָך הונדערטער מענטשן. וועגן דעם האָב איך געטראַכט אין גרויסער פאַרצווייפלונג אין דרויסן אַ מידע, פאַרשלאָפענע, הונגעריקע, געשמיסענע פונעם ווינט פון וועלכן ס'איז נישט געווען ווו זיך צו באַהאַלטן. און נאָך האָב איך גע־קלערט, צו דעם באַפליגלטן זאָג וואָס מ'האָט אָן אַ סוף מיר איבערגעחזרט אין דער פּרעסע, ראַדיאָ: „אונדזער טייערסטער פאַרמעג, דער נכס פון סאָציאַליסטישן לאַנד איז דער מענטש".

און אָט האָב איך באַשיימפּערלעך אַביישפּיל ווי עס ווערט באַהאַנדלט דער דאָזיקער „נכס". דאָס איז דאָך אוממעגלעך. דאָס איז ברוטאַל. און וויפל שקר און צביעות אין דעם זאָג.

אַוודאי האָב איך געוווּסט וועגן דעם קודם, לאַנג פאַרן אַרעסט. פאַר די צען יאָר איזאָלירטקייט פונעם דרויסן זענען די דערשיינונגען אַ פּנים אויסגערונען פון מיין זכרון.

אָבער איצטער האָב איך מיך מיט די דערשיינונגען ווידער צונויפגעט־ראָפן. און איצטער דערשיינען זיי פאַר מיר אַ סך ערגער. דער מענטש

איז געוואָרן אַ סך פאַרביטערטער, די סיסטעם אַ סך ברוטאַלער. די מלחמה האָט נישט נאָר אויף דער ווירטשאַפט, אויף דער נשמה פון די מענטשן האָט זי געלאָזט איר חותם.

פלוצעם — ווער שטייט פאַר מיינע אויגן? אַליע, אַליע בולאַווינאַ, וועלכע איז געווען בריגאַדיר אין שניידער־צעך, זיך באַפרייט אין איין טאָג זענען מיר פונעם לאַגער געפאָרן צוזאַמען ביז קניאַזש־פּאַגאָסט אויף אַן אָפענער לאַסטמאַשין אין אַ דרייסיק־גראַדיקן פראָסט. מיר איז אין די וואַלענקעס געווען וואַרעם. זי — אין די לעדערנע שטיוועלעך האָט אין דער מאַשין די גאַנצע צייט געטאַנצט, געשפּרונגען, כדי צו דערוואַרע־מען אירע פאַרפראָרענע פיס.

אַצינד איז איר געווען בעסער. אירע בגדים אויך נאָסע, אויסגעג־ווייקטע, אָבער אירע פיס זענען געווען טרוקן און איך האָבן געהאַט אַ רחמנותדיקן אויסזען. זי איז אָנגעקומען מיט דער זעלבער באַן אין די זעל־בע באַדינגונגען און זי האָט אַזוי געוואָלט שלאָפן, אַז ווען זי טרעפט זיך נישט מיט מיר, וואָלט זי דאָ אויפן אָרט זיך אויסגעצויגן אין דער בלאָטע כדי צו כאַפּן אַ דרימל. אייניקע מענטשן האָבן אַזוי טאַקע געטאָן. נאָענטביים וואָקזאַל־בנין געפונען אַ טרוקן שטיקל פּלאַץ, זיך אַוועקגעלייגט און געשלאָפן ווי ביי גאָט אין בוזעם...

אַליע האָט אויף מיר געקוקט מיט אַזוי פיל מענטשלעכן מיטגעפיל, אַז דאָס האָט מיך גערירט ביז טרערן. ווי וועל איך קענען אַ באַרוועסע פאַרזעצן מיין רייזע? מיין וועג גייט דאָך ווייטער אין קאַלטע געגנטן — סווערדלאָווסק, נאָוואָסיבירסק, אַלטיי?

די גוטע פרוי האָט באַלד צוגעטראַכט אַ פּלאַן ווי אַזוי מיך צו ראַ־טעווען! מתייאש זיין דאַרף מען זיך נישט. זי האָט אַן אויסוועג: ווי נאָר מען וועט אונדז אַריינלאָזן אין וואָקזאַל־בנין, וועט זי מיר געבן אירע שטיוועלעך און זי וועט מיט מיינע וואַלענקעס זיך אַוועקזעצן ביים הייסן ראַדיאַטאָר זיי טריקענען. איך אין אירע שטיוועלעך וועל שנעל צולויפן צום מאַרקל וואָס איז ערגעץ דאָ נאָענט און מיר קריגן עפּעס אָנצוטאָן אויף די פיס.

אַליע, אַליע בולאַווינאַ, די ווונדערלעכע רוסישע פרוי, וואָס האָב איך געוווּסט וועגן דיר? עס איז כדאַי מען זאָל וויסן:

זי איז געבאָרן אויפן ווייטן מזרח, אין שטאָט כאַבאַראָווסק. דאָרט אויפגעוואַקסן, דאָרט חתונה געהאַט. געבאָרן צוויי קינדער. אַ ייִנגל מיט אַ מיידל.

נאָכן טויט פון איר מאַן האָט זי אין אַ צייט אַרום חתונה געהאַט מיט אַ צווייטן, מיט וועלכן זי האָט עטלעכע יאָר געלעבט גוט. ער האָט גע־אַרבעט אין אַ רעסטאָראַן און אין 1937 האָט מען אים אַרעסטירט, באַ־שולדיקט אין „עקאָנאָמישן" פאַרברעכן, דאָס הייסט — אין גנבה, און אים פאַרמשפּט אויף צען יאָר לאַגער. די מאַכט האָט אויך זי נישט געשאַנע־וועט — כאַטש אַ שטוב־באַלעבאָסטע און אַ מאַמע פון צוויי קינדער — „אַלס אַנטיילנעמערין אין פאַרברעכן ווי די פרוי פונעם פאַרמשפּטן"... וועגן אירע קינדער האָט אַליע לאַנגע יאָרן נישט געוווּסט גאָרנישט, און אוודאי נישט וועגן דעם גורל פון איר מאַן. זי האָט לאַנג געזוכט אירע קינדער און קורץ פאַר דער באַפרייונג האָט זי זיך דערוווּסט אַז די קינדער האָבן אַ צייט זיך געפונען אין אַ קינדערהיים. דער זון איז פון דאָרט אַנטלאָפן און איצט געפינט ער זיך אין תפיסה פאַר אַ פאַרברעכן. דאָס מיידל האָט גענומען צו זיך אַ כאַבאַראָווסקער קרובה. איצט פאָרט זי צו איר, צו דער אָפּגעזוכטער טאָכטער.

אַליען איז אין לאַגער געווען נישט שלעכט. זי איז געווען בריגאַדיר. אויך אַנדערע „אָנפירנדיקע" אַרבעטן האָט מען איר אָנגעטרויט, מחמת זי האָט באַלאַנגט צו דער פּריווילעגירטער קאַטעגאָריע ווי אַ קרימינעלע. אָבער די גאַנצע צייט האָט זי זיך באַמיט צו לעבן אין די באַראַקן מיט די פּאָליטישע. אַלע אירע נאָענטע זענען געווען פון די בעסערע פרויען אין לאַגער. און אין שניידער־צעך אויפן קאָמבינאַט האָבן אַלע פּאָליטישע זי געשעצט און שטאַרק ליב געהאַט.

די אַדמיניסטראַציע פונעם לאַגער האָט פאַר גוטער אַרבעט זיך באַ־צויגן צו איר גוט — און די שיינע, עלעגאַנטע שטיוועלעך האָט מען איר דערלויבט באַשטעלן אין שוסטער־צעך פונעם קאָמבינאַט.

אין מיינע ווייטערדיקע שילדערונגען וועט די גוטע פרוי אַליע בולאַ־בינע פאַרנעמען אַ סך אָרט.

סוף כל סוף האָט די וואָקזאַל־טיר זיך צעעפנט און אַלע האָבן מיט דער גאַנצער קראַפט און אימפּעט זיך גענומען דורכשטופּן דורך דער טיר. יעדער האָט געוואָלט זיין דער ערשטער און פאַכאַפּן אַ באַקוועמער ערטל. ס'איז געווען אַזאַ געדרענג אַז די מיליץ האָט זיך געמוזט אַריינמישן ס'זאָלן קיין קרבנות נישט זיין.

ערטער ביים ראַדיאַטאָר איז אונדז נישט געלונגען צו פאַרכאַפּן, אָבער אויף אַ באַנק האָבן מיר זיך איינגעאָרדנט און אַליע האָט תיכּף אַראָפּגע־צויגן אירע שטיוועלעך, נאָר אַנטאָן זיי איז מיר געווען זייער שווער. מיינע פיס זענען געווען פאַרפרוירן און נאַס. אַליע האָט פון אירע זאַכן אַרויס־

געשלעפּט אַ פּאָר טרוקענע זאָקן און איך בין מיט מזל אַוועק אַפּזוכן דעם מאַרק.

די לייענער מוז קלאָר זיין אַז אַרויסגייענדיק פונעם לאַגער נאָך צען יאָר האַרעוואַניע איז ביי דעם נעכטיקן אַרעסטאַנט קיין געלט נישט פאַ־ראַן. דאָס איז דאָך געווען האַרעוואַניע פון אַ קנעכט, וואָס מוז פאַר זיין מי זיך באַנוגענען מיט דער פּייַקע ברויט. אין משך פון די צען יאָר האָב איך איין מאָל פאַר מיין אַרבעט אין וואַלד באַקומען אַ פינף־רובלדיקע פּרעמיע. איך געדענק נישט אַפילו אויף וואָס און ווי אַזוי איך האָב „פאַר־שווענדט" דעם דאָזיקן קאַפּיטאַל.

מיט וואָס זשע גיי איך אין מאַרק האַנדלען? דאָ איז דער ענטפער, אַז אַחוץ דעם פּאַפּירל אין וועלכן עס איז אונטערגעשטראָכן מיין אַרעס־טאַנטסקער ייחוס און די 37 פונקטן אין לאַנד וווּ איך טאָר מיך נישט באַ־זעצן, באַקומט יעדער אַרעסטאַנט אויך רייזע־הוצאות. די גרויס פון דער סומע איז אָפּהענגיק פון דער שטרעקע, דער ווייטקייט פון דער רייזע, וואָס דער באַפרייטער דאַרף דורכמאַכן, און וויפל טעג ער דאַרף זיך וואַל־גערן אין וועג.

איך האָב באַקומען דריי קנאַקנדיקע מאות. וואָס די דריי מאות זענען ווערט געווען אין יענער נאָך מלחמה־צייט, קען מען זיך פאָרשטעלן לויט דעם, אַז איך האָב פאַר דער סומע נישט געקענט קריגן אַפילו קיין האַלבע בולקע ברויט.

איז אַט, מיט דעם געלט־מטמון גיי איך אויפן מאַרק קויפן עפּעס אויף די פיס. נישט קיין שוכוואַרג, נאָר עפּעס. איך טאָר דאָך נישט פאַרגעסן אַז איך בין ערשט ביים אָנהייב וועג, און איך טאָר נישט אויסברענגען מיין גאַנץ פאַרמעג, אויב איך וויל נישט אומקומען פון הונגער.

לויף איך דורכן מאַרק, קוק זיך אַרום אין אַלע זייטן און צו מיין שלימזל — נישטאָ וואָס איך זוך. ווען מיר איז שוין הייס געוואָרן פון אַרומלויפן האָב איך דערזען אַ מענטשן וועלכער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ פּאָר מענערישע ברעזענט־טופל אין די הענט.

איך בין צוגעגאַנגען צו אים אַזוי ווי פאַרבייגייענדיק, ער זאָל נישט מיינען אַז ס'איז פּיקוח נפש און איך וועל אים געבן פאַר די שיך וויפל ער וועט פאַרלאַנגען. דאָס איז געווען אַ ייד. ער האָט געמאָנט 50 קאַרבוינים. איך האָב מיך מיט אים געדונגען און אויסגעדונגען פאַר 30 רובל די שיך. ווייזט אויס אַז ער איז געווען אויף געהאַקטע צרות אַז ער האָט מוותר געווען אויף די זומער־שיך און זיי אַוועקגעגעבן פאַר אַזאַ מין פּרייז. איך וויל נאָך צוגעבן, אַז ממש אין געציילטע טעג אַרום האָבן די סאָוועטשיע

רובלס פאַרלאָרן אין גאַנצן זייער ווערט. און איך האָב מיך נאָר געטרייסט אַז דער ייד האָט דעם פּדיון אויסגענוצט אין יענעם זעלביקן טאָג — נישט פאַלנדיק קיין קרבן פון דער רעפאָרם.

מיך האָט די רעפאָרם געטראָפן אין דעם לאַנגן וועג און ווי אַזוי דאָס האָט משפּיע געווען אויף מיין מצב וועל איך דערציילן שפּעטער.

נאָר איצט בין איך געווען גליקלעך מיט דער מציאה וואָס כ'האָב איינגעהאַנדלט. אמת, איך האָב אויסגעזען שטאַרק קאָמיש אין די נישט לויט דער מאָס גרויסע, מענערישע זומערשיך, וואָס זענען מיר אַראָפּגעפאַלן פון די פיס... אָבער דאָס האָט קיין שום באַדייטונג נישט געהאַט.

וויכטיק איז, אַז אין דעם זעלבן טאָג אין אָוונט האָט מען קאָמפּאָסירט אונדזערע בילעטן און מיר האָבן זיך אויפגעזעצט אין אַ באַן — קיין סווערדלאָווסק. מיר, דאָס מיינט — איך און אַליע. מיר פאָרן שוין אין איין וואַגאָן, אַ סך באַקוועמער ווי ביז אַהער. מיר האָבן פאַלקעס צום שלאָפן, און מיר האָבן זיך געקענט גוט אויסרוען, און דאָס וויכטיקסטע — זיך אויסשלאָפן. מיר האָט נאָך אָפּגעגליקט: ביי מיר צוקאָפּנס איז דורכגעגאַנגען די הייסע רער וואָס האָט געוואַרעמט דעם וואַגאָן, האָב איך אין משך פון דער נאַכט אויסגעטריקנט מיינע וואַלענקעס.

איך באַצייכן דאָס ווי אַ גליק, ווייל אין סווערדלאָווסק איז שוין געווען אַ גרויסער פראָסט. און שיין וואָלט איך אויסגעזען מיט מיינע געקויפטע מענערישע ברעזענט־טופלעס.

אין סערדלאָווסק אויפן וואָקזאַל האָבן מיר ווידער געהאַט אַן איבעראַשונג וואָס האָט אונדז נישט ווייניק געערגערט. דער וואָקזאַל איז געווען פול מיט מענטשן. צו די קאַסעס אומגעהייערע רייען. דאָס זענען געווען אַלץ באַפרייטע פון די לאַגערן און קאָנצענטרירט האָט מען זיך אויף אַזעלכע גרויסע קנופּ־סטאַנציעס פון וואַנען עס האָבן זיך אָפּגעצווייגט באַנוועגן קיין סיביר, וווהין די דאָזיקע „באַפרייטע" פּאָליטישע זענען געפאָרן לויט דער באַשטימונג פון דער מאַכט.

די אויסזיכטן וואָס מיר האָבן געהאַט זענען געווען — זיך וואַלגערן ווער ווייסט וויפל מעת לעתן באַגלייך מיט די פיל מענטשן, וואָס קענען זיך נישט אַרויסרייסן פון דאַנען, צוליב די איבערגעפולטע אַדורכגייענדיקע באַנען. מען וואַלגערט זיך אויפן דיל. מ'האָט מורא אָפּטרעטן אַ רגע, נישט צו פאַרלירן דאָס אָרט אין דער ריי. דערפאַר קומען פאָר קריגערייען, סקאַנדאַלן, אַפילו געשלעגן. אָן דער מיליץ האָט מען נישט געקענט אויסקומען.

אויך איך מיט אַליען האָבן זיך אַנגעשלאָסן אין דער לאַנגער ריי

און ערשט דאָ אין סווערדלאָווסק האָבן מיר זיך אָנגעהויבן אָפּגעבן אַ חשבון אין וואָס ער אַ קלאָגעדיקער לאַגע ס'געפינט זיך די מדינה. דאָרט „היג־טערן שלאָס" האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז גוט נאָך אַזאַ מלחמה קען אין לאַנד נישט זיין. נאָר אַז ס'איז זייער שלעכט האָבן מיר זיך דערוווּסט ערשט דאָ: אַז די שטאָטישע באַפעלקערונג באַקומט ברויט בצימצום אויף אַ ברויט־קאַרטל... (וואָס עס באַקומט נישט דאָס דאָרף), אַז איבערן גאַנצן לאַנד איז אַ מאַנגל אין פּראָדוקטן ווי גרויפּן, צוקער, מעל, און זיי ווערן אויך אויסגעטיילט לויט אַ נאָרמע די דאָזיקע פאַקטן באַטייטן אַז אין לאַנד הערשט אַ הונגער.

אַזאַ מין לאַגע האָב איך שוין איבערגעלעבט צוויי מאָל: אין די צוואַנציקער יאָרן באַלד נאָך מיין קומען אין לאַנד און אין די דרייסיקער אין דער צייט פון דער קאָלעקטיוויזאַציע ווען איך האָב געלערנט אין אָדעס.

נאָר ווען די לאַגע פון דער באַפעלקערונג וואָס לעבט אויף די ברויט־קאַרטלעך איז געווען אַ שרעקלעכע, איז נישט שווער זיך פאָרצו־שטעלן ווי עס האָבן אויסגעזען די טויזנטער באַפרייטע פון די לאַגערן, וואָס האָבן זיך געפונען אין וועג. וויפל מ'האָט אין טאָרבע געהאַט סוכאַרן, אָפּגעשפּאָרטע נאָך אין לאַגער האָט מען אונטערגעהאַלטן דאָס האַרץ. וואָס וועט זיין ווייטער ווען די סוכאַרן וועלן זיך ענדיקן און קריגן אַ שטיקל ברויט איז געווען אַזוי שווער ווי אַראָפּציען די לבנה פונעם הימל. אַפילו פאַר געלט, וואָס די באַפרייטע האָבן נישט געהאַט, איז עס נישט געווען צום קריגן.

און וואָס וועט זיין מיט מיר און מיט אַליען ווערלכע, וואָס אמת, האָט שוין פון סווערדלאָווסק אַ דירעקטע באַן, נאָר דער וועג דאַרף געדויערן עטלעכע טעג — און עסן דאַרף מען עפּעס... די וואָקזאַל־בופעטן זענען דאָך פּוסט און אויף די וואָקזאַל־מאַרקן — דאָס זעלבע.

מיר איז געבליבן ווייניקער וועג. אָבער איך וועל נאָך האָבן צוויי טראַנזיט־סטאַנציעס — אין נאָוואָסיבירסק און רובצאָווסק — און ס'קען זיין אַז מיר אויף די צוויי סטאַנציעס וועט זיין אַ סך ערגער ווי אַליען אין איר ווייטן וועג. ס'איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז פון נאָוואָסיבירסק וועט מיר אָנקומען דאָס אַרויספאָרן ווי קריעת ים סוף. די געדאַנקען מיינע זענען געווען פינצטערע און ביטערע.

דאָס פאַרדריסלעכע און רעוואָלטירנדיקע ממש, איז דאָס וואָס אויף די וואָקזאַלן זענען אויך פאַראַן דווקא זייער שיינע, גוטע בופעטן און אין די באַנען, די ווייט־קורסירנדיקע — ערשט־קלאַסיקע רעסטאָראַנען (וואַ־

גאָן־רעסטאָראַן), אין וועלכע ס'איז פאַראַן מכל טוב — אָבער זיי זענען פּאָר יחידי סגולה, וואָס לאָזן זיך דאָרט ווילגיין. דאָס זענען די אויסדער־ווײלטע, דאָס אײבערשטע פונעם שטײסל, דער נײער אײבערשטער קלאַס — די פּאַרטיי־נאַטשאַלניקעס.

דאָס האָט מיר דערמאָנט די אָדעסער סטודענטישע גאָרקיך פון די 30ער יאָרן. די דאָזיקע גאָרקיך האָט געקענט דורכלאָזן מיט איין מאָל טויזנט עסערס, וואָס פלעגן קומען צו לויפן ווי אויסגעהונגערטע וועלף, און מ'איז נאָכן עסן אַוועק נאָך מער הונגעריק. דערפאַר אָבער האָט אין אָוונט געהאָנגען אַ פּלאַקאַט אויפן פאַסאַד אַז דאָרט איז אַ גרויסער רעס־טאָראַן, ווו מען קען באַקומען וואָס נאָר עס גלוסט דאָס האַרץ, ווו מ'האָט געקענט גוט פאַרברענגען פאַרווײלט פון אַ גלענצנדיקן אָרקעסטער.

קומט אויס, אַז פּאָר די צען יאָר אָפּגעזונדערטקייט פון דער „גרויסער ערד" האָט זיך אויף איר גאָרנישט ניט געביטן?... די ברייטע מאַסע בייגט דעם קריזש, בויט אויף אַ נייע מלוכה אויף אַ הונגער־פּאַיאָק און די פּאַרטייִשע פירער מאַכן אַ לעבן, זענען מיט אַלץ גוט באַזאָרגט אין די „פּאַרמאַכטע" קלייטן.

זיצנדיק מיט אַליען פאַרזונקען אין אַזעלכע נישט פריילעכע מחשבות איז צוגעקומען צו אונדז אַ מאַן פון אַ יאָר 50, וועלכער האָט זיך געפונען מיט אונדז אין זעלבן לאַגער אין ראַקפּאַס. אַליען האָט ער געקענט, ווייל זי איז געווען אַ בריגאַדיר אין שניידער־צעך. וועגן מיר האָט ער גע־הערט, אַז איך פאָר אין אַלטייער קאַנט, האָט ער זיך געוואָלט באַקענען, מחמת ער פאָרט אויך אַהין.

איך בין געווען צופרידן פון דער באַקאַנטשאַפט, ווייל אַט צעשייד איך זיך מיט אַליען און איך פאַרבלייב אַליין אין אַזאַ שווערן וועג וואָס איז מיר פאַרגעשטאַנען.

כ'געדענק נישט צי ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, — מסתמא יאָ, און איך געדענק אויך נישט ווי ער האָט געהייסן, נאָר איך געדענק אַז ער איז געווען אַ דייטש פון דער דייטשער אויטאָנאָמער געגנט אויף דער וואָלגע. מיך האָט זיין נאַציאָנאַלע אָנגעהעריקייט נישט אינטערעסירט, ווייל אין לאַגער האָבן אַלע פּאָליטישע געהערט צו איין נאַציע — אַרעסטאַנטן! מיר פּאָליטישע האָבן נישט געהאַט קיין פיינדלעכע געפילן צו מענטשן פון אַן אַנדער אָפּשטאַמונג. פאַרקערט, מיר האָבן זיך באַמיט איינע אַרויס־העלפן די אַנדערע. כאָטש מיר האָבן פון די פריערדיקע יאָרן געוווּסט דעם מהות פון היטלערס זאָאָלאָגישער שינאה צו יידן און פון די נגישות קעגן זיי, האָבן מיר אָבער ביז דער באַפרייונג נישט געוווּסט וועגן דעם

גרויסן חורבן, וואָס ער האָט אָנגעמאַכט אויף די יידישע קהילות אין מזרח־אייראָפּע. אָבער מיר איז נישט געקומען אויפן געדאַנק אַז מיר דאַרפן פאַר היטלערס שגעון־פּאָליטיק פאַראַנטוואָרטלעך מאַכן יעדן דייטש... און אַוודאי נישט אים — אַ געבוירענעם און דערצויגענעם אין ראַטנפאַרבאַנד. האָבן דאָך טויזנטער פון זיין שטאַם געשמאַכט אין די תפיסות, נאָר דערפאַר ווייל זיי זענען דייטשן און זייערע משפחות זענען פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר ווי נאָר ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה.

אים האָט מען אַרעסטירט אַ סך פריער, פאַר דעם מלחמה־אויסברוך, אין 1937טן יאָר. וווּהין די משפחה, זיין פרוי מיט דערוואַקסענע קינדער זענען אַהינגעקומען האָט ער נישט געוווּסט אַ סך יאָרן. ערשט ווען די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט האָבן זיי אָפּגעזוכט איינס דאָס אַנדערע. ווען ס׳איז געקומען די צייט פון באַפרייונג פונעם לאַגער, האָט די משפחה וואָס האָט זיך געפונען אין דאָרף אויפן אַלטיי אים געעצהט ער זאָל נעמען אַ שיין אין דער שטאָט רובצאָווסק, ווו עס געפינט זיך דער גרויסער טראַקטאָר־זאַוואָד (דער עוואַקואירטער פון כאַרקאָוו). ער וועט זיך איינאָרדענען אויפן זאַוואָד און זיי וועלן זיך קענען אַרויסרייסן פונעם דאָרף, און אַריינקומען צו אים אין שטאָט.

איז אָט — פאָרט ער אויך קיין רובצאָווסק. און אין משך פון דער גאַנצער רייזע וואָס האָט געדויערט עטלעכע טעג איז דער דייטש מיר געווען נישט סתם אַ באַגלייטער, נאָר אַ ברודער. און אָליע איז מיט אונדז אין זעלבן וואַגאָן ווו מיר האָבן זיך־ערטער ביז נאָוואָסיבירסק ווו מיר געזעגענען זיך מיט מיין פריינדין האַרציק און מיר שטייגן ווידער אויס און מיר גייען אַריין אין דעם גרויסן, אומגעהייער־גרויסן וואָקזאַל־בנין.

איך געדענק נישט ווי אַזוי דער וואָקזאַל האָט אויסגעזען אינעווייניק אַרכיטעקטאָניש, אָבער איך געדענק אַז מיר האָבן נישט געקענט געפינען קיין פיצל פריי פלאַץ זיך אַוועקצוזעצן. איך מיט מיין רייזע־פריינד זענען געגאַנגען פון איין שטאַק אויפן צווייטן, לאַנגזאַם, פאָרזיכטיק, מיר זאָלן נישט אַרויפטרעטן אויף די ליגנדיקע מענטשן אומעטום — אויף די טרעפּ, אין די קאָרידאָרן, אין אַלע זאַלן. מענטשן, מענטשן אויסגעלייגטע, ווי די שאָף. מידע, שלעפעריקע, הונגעריקע. גאָט מיינער, אין פאַרגלייך מיט דעם איז סווערדלאָווסק שוין געווען פשוט אַ גן־עדן.

דאָ האָבן געוואַרט נישט נאָר באַפרייטע פון די לאַגערן אויף זייער וועג קיין סיביר, דאָ האָבן געוואַרט איבערוואַנדערער, וואָס פאַרן משפחה־ווייז) פון איין אַ צווייטער, אַנטלויפנדיק פונעם הונגער.

ווי אַזוי זוכט מען זיך דאָ אָפּ, ביי וועמען ווערט מער געוואָר אין וועלכן זאָל מיר דאַרפן זיך געפינען כדי צו נעמען די באַן קיין רובּ־צאָווסק? אַ תוהו ובוהו. מיר האָבן סוף כל סוף געפונען דעם זאָל ווו מיר דאַרפן וואַרטן — ווער ווייסט ווי לאַנג... געפינען אַ פריי פּלאַץ אויפן דיל האָבן מיר מידע, אויסגעמאַטערטע זיך אַוועקגעזעצט אויף אונדזערע טשעמאָדאַנדלעך. מיין באַגלייטער איז אַוועק אָקרעפּ (קיפּיאַטאָק) אין אַ כלי. אויף אַלע באַן־סטאַנציעס אין רוסלאַנד זענען דאָך פאַראַן אַזעלכע איינריכטונגען ווו עס קאָכט זיך באַשטענדיק וואַסער. שטעלט זיך נאָר אָפּ די באַן אויף צוויי דריי מינוט, לויפט מען מיט די קעסעלעך, טשייניקעס נאָך דעם מים חיים. אייניקע בראָקן אַריין אין דעם זודיקן וואַסער די סוכאַרן וואָס זיי פירן מיט זיך און... כאַפּן איבער...

דאָס הייסע וואַסער, וואָס מיין באַגלייטער האָט געבראַכט איז געווען פאַר מיר ממש אַ רפואה, ווייל איך האָב מיך געפילט נישט מיט אַלעמען. איך האָב געפיבערט. דער וועג, מיט אַלע שווערקייטן, איבערלעבענישן האָט געווירקט אויף מיין צושטאַנד, איך האָב מיך אַ פּנים צוגעקילט.

קראַנק ווערן אין וועג, צי אין באַן, באַזונדערס ווען מען געפינט זיך אויף די וואָקזאַלן, איז די גרעסטע פּלאָג פאַר דעם קראַנקגעוואָרענעם. די אַדמיניסטראַציע פונעם וואָקזאַל טאָר זיך חלילה נישט דערוויסן אַז מ׳איז פאַרשלאָפט געוואָרן, ווייל באַלד קומט מען, מען פירט דעם קראַנקן אין אַ מעדיצינישן פונקט און די מענטשן וועלכע זענען געווען מיט אים אין באַן, צי אויפן וואָקזאַל, ווייסן נישט דערנאָך ווהין ער איז אַהינגע־קומען...

די האַנדלונג פון דער אַדמיניסטראַציע איז דווקא געווען צום באַגריסן און פאַרשטענדלעך. רוסלאַנד — צוליב דער אַגלאָמעראַציע פון מענטשן, צוליב דעם הונגער און די אַנטיסאַניטאַרע באַדינגונגען האָט תמיד געליטן פון מגפות — האָט מען ביי דער גרויסער מענטשן־וואַנדערונג אַוודאי זייער מורא געהאַט פאַר דעם אויסברוך און פאַרשפּרייט פון שרעקלעכע עפּי־דעמיעס...

די באַפעלקערונג אָבער, ווייסנדיק אַז מען וועט אָפּשיידן פון זיי דעם קראַנקן, פלעגן אים אין באַן, אָדער אויפן וואָקזאַל, אויסבאַהאַלטן. וואָס זאָלן טאָן לאַגער־מענטשן וועלכע ווייסן נישט ווי לאַנג זיי וועלן זיין אין וועג? וועלכע האָבן נאָך נישט קיין היים, און קיין געלט אויף אַ שטיקל ברויט, טאָמער ווערט אַזעלכער קראַנק, און מען פירט אים אַוועק... ווער וועט וויסן ווו מ׳האָט אים אַהינגעטאָן?

און איך בין אין יענעם 2טן דעקאַבער 1947 אויפן נאָוואָסיבירסקער וואָקזאַל געווען אין אַזאַ מין קרענקלעכן צושטאַנד, ווען מ׳האָט מיך געקענט אַ כאַפּ טאָן, אַוועקפירן און עס וועט אַפילו נישט זיין ווער עס זאָל פרעגן אויף מיר. מיך האָט געפיבערט. איך האָב געהאַט אַ שטאַרקן קאָפּווייטיק. איך בין געווען פאַרקאַטערט. און איך האָב אַפילו נישט געהאַט קיין כוח צו טראַכטן וואָס מיט מיר וועט זיין. אָבער וועגן דעם האָט געטראַכט מיין וועג־חבר, מיין באַגלייטער. ער איז אַרומגעלאָפן זוכן אַספּירין און שטי־לערהייט מיר איינגעגעבן די טאַבלעטן און מיר איינגערעדט אויסצוטרינקען נאָך אַ טעפּל וואַסער. ער, דער גוטער מענטש, האָט מיך צוגעדעקט מיט זיין טעלאָגרייקע, אַז אויפן דיל ליגנדיק, זאָל מיר וואַרעמער זיין. ער האָט געזאָרגט ווי אַ ברודער, טוענדיק אַלצדינג פאַר מיר איך זאָל נישט אומקו־מען אין וועג.

איך בין געקומען צו זיך. און מיר האָבן זיך אויך דערוווּסט אַז אין גיכן וועט זיין אַ באַן. און צוליב דעם וואָס פּאַסאַזשירן זענען געווען צו פיל פאַר רובצאָווסק וועט מען צושטעלן אַ באַזונדערן באַן, וואָס זאָל קענען אויפנעמען אַלע דאָ זיך וואַלגערנדיקע מענטשן. און די ספּעציע־לע באַן האָט באַטייט — אַן עשאַלאָן פון פראַכט־וואַגאָנעס צו וועלכע דער מאַסן־מענטש אין רוסלאַנד איז געווען געוווינט און האָבן אַזאַ באַן גערופן „פּיאַטסאָט וועסיאָלי״... דער „פינפהונדערט פריילעכער״...

פון וואַנען עס קומט דער אויסטערלישער נאָמען, ווייס איך נישט. ווייסן ווייס איך נאָר, אַז מ׳האָט די וואַגאָנען אָנגעפּראָפּט מיט מענטשן, וווּ ס׳איז געוואָרן גאָר גאָר ווייט פון פריילעכקייט; פונקט אַזוי איז מען געווען באַהערשט פון אַ פּחד. ס׳איז דאָך געווען ווינטער. דעצעמבער. די וואַגאָנען נישט באַהייצט. גרויסע פרעסט. מ׳האָט געקענט פאַרפרוירן ווערן. צו להכעיס שלעפּט זיך אַזאַ עשאַלאָן זייער לאַנגזאַם! נישט מען פאָרט, נאָר מען קריכט. באַזונדערס איז אַזאַ מין פאָרן אַן אָפּקומעניש פאַר קליינע קינדער. נאָר וועמען אין דעם גרויסן לאַנד גייט עס אָן? וועמען קימערט עס?

אין מאָמענט ווען די הילכערס האָבן געמאָלדן אַז מ׳האָט דערלאַנגט די באַן, איז געוואָרן אַ גערודער, ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ בהלה גלייך מען וואָלט באַמבאַרדירט דעם וואָקזאַל. ווען איך מיט מיין באַגלייטער זענען אַרויס אויפן פעראָן און האָבן דערזען דעם עשאַלאָן, האָבן מיר זיך אַ זאָג געטאָן: — ווי געפעלט אייך? אין אַזעלכן האָט מען אונדז דאָך גע־פירט מיטן עטאַפּ אין די לאַגערן...

דאָס איינשטייגן איז געווען אין אָוונט. די וואַגאָנען נישט באַלויכטן.

אַרייַנבאַקומענדיק זיך אין וואַגאָן האָבן מיר מורא געהאַט שטעלן אַ טראָט. ס׳איז דווקא געווען אַן אייוועלע, אַ „רומינקע״. און ווען עס האָט זיך צע־ברענט האָבן מיר דערזען פּנימער. די מענטשן זענען שוין פון ערגעץ גע־פאָרן, פון אַנדערע געגנטן. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זענען פון אַנשי שלומנו. אויך באַפרייטע, און זיי פאָרן שוין עטלעכע טעג — סאַמע פּאָליטישע, סאַמע מענער. אויך אײנע — אַ פרוי. ווען דאָ וואָלטן געווען קרימינעלע, וואָלט אַפילו מיין באַגלייטער און באַשיצער מיך נישט גע־קענט ראַטעווען פון זייערע הענט.

דער אונטערשייד צווישן די אַרעסטאַנטן־וואַגאָנען מיט די פון דעם עשאַלאָן איז אין דעם וואָס דאָ איז נישט געווען די „סאַניטאַרע אייבריכ־טונג״ — דער דיל און לאָך פאַר נאַרמאַלע באַדערפעניש... דאָרט האָט מען „געזאָרגט״ פאַר אונדז; דאָ זענען מיר הפקר. קיינער ברענגט נישט קיין פּייַקע ברויט און קיין באַלאַנדע. כאַטש ציַ זיך אויס און שטאַרב פון הונ־גער...

ברויט קען מען טאַקע נישט קריגן כדי נישט שטאַרבן פון הונגער, אָבער אַהיים פאָרן נאָך צען יאָר לאַגער ווו מ׳איז נישט אומגעקומען פון עבודת פרך און פאַרפראָרן ווערן אויף טויט, דאָס איז דאָך אַן אומזין. האָט מען געפונען אַן עצה. די פּאַסאַזשירן פון יעדער וואַגאָן זענען אַראָפּ־געשפּרונגען אויף די סטאַנציעס און געזוכט ברענשטאָף, — האָלץ, שטיינ־קוילן. מ׳האָט זיך נישט געפוילט אַפילו שפּאַלטעס אַרויסצושלעפּן פון אונטער די רעלסן. מ׳האָט געהאַט מיט זיך אַ האַק. מ׳האָט די רעלסן צעהאַקט ביי דעם וואַגאָן און — חי געלעבט! דאָס פייער האָט נישט געטאָרט אָפּגיין נישט בייטאָג און נישט ביינאַכט. כמעט ביי יעדן איז געווען אַ קעסעלע און מ׳האָט זיך באַמיט אויף די סטאַנציעס צו קריגן וואַסער אין די כלים, און ס׳האָט זיך געקאָכט „קיפּיאַטאָק״.

אין חודש דעקאַבער בלאָזן אין אַלטייער געגנט שטאַרקע ווינטן. עס שיט דער שניי אָן אויפהער. און פאַלן זיך צונויף די ווינטן מיט די גרויסע פרעסט — איז אַזאַ מין וועטער געפּערלעך. אין אַזעלכע טעג קען מען די נאָז נישט אַרויסשטעקן אין דרויסן. דער קאַלטער, מעכטיקער ווינט הייבט אויף אַלצדינג אין דער לופטן. די אויגן ווערן פאַרבלענדט פון דעם שניי. די וויעס באַוואַקסן. מען קען פאַרבלאָנדזשעט ווערן, ערגעץ אַוועקפאַלן אָן כוחות, פאַרשאָטן ווערן און איינשלאָפן אויף אייביק. פונקט אין אַזעלכע זאַווערוכע־טעג האָבן מיר זיך געשלעפּט צו רובצאָווסק. דער ווינט האָט דורכן קוימען צוריק געבלאָזן דעם רויך אין וואַגאָן אַריין, און צוזאַמען מיט אים די קעלט. דער רויך האָט געגעסן די אויגן. אַלע זענען אַראָפּ

פון די נאַרעס און געטאַנצט אויפן דיל כדי זיך דערוואַרעמען. די פנימער ביי אַלעמען זענען געווען פאַרויכערט. דער רויך האָט געשטיקט. נישט האָבנדיק קיין שפּיגעלע האָט מען קוקנדיק אויפן שכן זיך פאַרגעשטעלט ווי מען זעט אויס אַליין און כאָטש די שטימונג ביי די אַלע ליידנדיקע אויף גאָטס באַראָט איבערגעלאָזטע מענטשן, איז געווען פון די ערגסטע, האָט מען קוקנדיק איינער אויפן צווייטן, נישט געקענט נישט אויסשיסן אין אַ געלעכטער.

מסתם דערפאַר האָב איך געטראַכט, האָבן די פּשוטע רוסישע פאָלקס־מענטשן אַ נאָמען געגעבן דעם דאָזיקן צוג: דער „פריילעכער".

אונדזער גליק איז געווען וואָס די זאַווערוכע האָט אויסגעבראָכן ווען מיר זענען שוין געווען נאָענט צו אונדזער סטאַנציע. מיר זענען געווען באַזאָרגט אַז די באַנליניעס זאָלן נישט פאַרשאָטן ווערן און מיר זאָלן נישט בלייבן שטעקן אין וועג.

נאָר — מיר האָבן זיך דערשלעפּט. אַ סוף צו דער אומגליקלעכער רייזע. מיר זענען אויף דער סטאַנציע **רובצאָווסק**.

מיר האָבן אויסגעשטיגן. אין דרויסן פינצטער. אין וואָקזאַל — איין באַלויכטן פענצטער. פינצטער. גליטשיק. אַ דורכנעמענדיקער ווינט. איך מיט מיין באַגלייטער האָבן זיך געהאַלטן ביי די הענט, כדי אָנצוקומען צום וואָקזאַל.

נאָר ווי געשריגן. וואָס טוט זיך דאָ? אַ בייע צרה. אַ פולער קאָרידאָר מיט מענטשן. מיר האָבן זיך קוים אַריינגעקוועטשט אינעווייניק. „וואָס איז דאָ?"

— מען לאָזט נישט אַריין אינעווייניק.

— פאַר וואָס?

— ס'אַ קאַראַנטין!

דער קאַראַנטין אויפן רובצאָווסקער וואָקזאַל איז אָן ספק אַ נייטיקע זאַך. אָבער פאַר מיר איז דאָס געווען אַן אומגליק. אין שטאָט האָב איך קיינעם נישט געהאַט. וווּהין זשע וועל איך מיך אַהינטאָן אויב מיר וועט אויסקומען וואַרטן אויף אַ מאַשין כדי צוצופאָרן אין אוגלאָווסקער ראַיאָן. צו אַלע צרות וואָס איך האָב דורכגעמאַכט ביז אַהער איז דער קאַראַנטין געווען אַ צוגאָב — אַ ווערעך אויף דער מכה...

אָט אַזוי בין איך אָפּגעשטאַנען אין קאָרידאָר פון רובצאָווסקער סטאַנציע ביז אין דער פרי. ווען די מענטשן האָבן זיך אַרויסגעשאָטן אויף דער גאַס, האָב איך ערשט אָפּגעפונען מיין רייזע־חבר מיט וועלכן ער האָט

אין דעם אַנעפּראָפּטן קאָרידאָר נישט געקענט צוקומען צו מיר. מידע, פֿאַר־שלאָפֿענע און הונגעריקע, און אַן אַ דאַך איבערן קאָפּ, זענען מיר געווען פֿאַרצווייפֿלט. פֿאַר אים איז נאָך צו פֿרי צו גיין אויפֿן זאַוואָד, ווו ער האָט געהאָפֿט זיך איינצואָרדענען, פֿאַר מיר — אַ שוואַכע האָפֿענונג אַז איך זאָל אין דער פֿריער שעה געפֿינען אַ מאַשין.

דערמאָן איך זיך, אַז ביי מיר איז דאָך פֿאַראַן אַן אַדרעס אין רוב־צאָווסק. אַ פֿרוי האָט מיר אים געגעבן אויפֿן לאַגער־קאָמבינאַט. מיין באַ־גלייטער איז מסכים מיר זאָלן אָפּזוכן דעם אַדרעסאַט. אָבער ביז דער שטאָט איז אַ פּאָר קילאָמעטער. לאָזן מיר זיך, פֿאַרשטייט זיך, צו פֿוס. ס'איז אונדז ביידע שווער געווען צו גיין. דער שניי־שטורעם האָט געבלאָזן אין פּנים. דער וועג האָט געדויערט עטלעכע שעה. אָנגעקומען, דערוויסן מיר זיך, אַז די גאַס איז אין ראַיאָן פֿונעם טראַקטאָר־זאַוואָד. דאַרף מען שפּאַנען, כאָטש ביז אַהין איז אַ היפּשער מהלך און די פֿיס גייען נישט און מיר זענען הונגעריק. מיר האָבן געטראָפֿן. איך האָב אָנגעקלאַפּט אין טיר. קודם שטילערהייט, פֿאַרזיכטיק, דערנאָך שטאַרקער, ביז ס'האָט זיך געעפֿנט די טיר מיט אַ שפּעלטל. און דורכן שפּעלטל האָט אַרויסגעקוקט אַן עלטערע פֿרוי. אויף מיין פֿראַגע צי דאָ וווינט דער אַדרעסאַט (איך האָב אָנגערופֿן דעם נאָמען), האָט זי געענטפֿערט מיט כעס „ניעט" און פֿאַרהאַקט די טיר האַסטיק.

נישט אַנדערש אַז די פֿרוי האָט דערקענט פֿון וואַנען מיר זענען גע־קומען און זי האָט זיך דערשראָקן פֿאַר אונדז. צי דען וועט מען אומעטום אויף דער פֿריי אונדז אויפֿנעמען אַזוי? אומעטום וועט זיין אַזאַ באַציונג ווי צו קרעציקע? אומעטום וועט מען פֿאַרהאַקטן פֿאַר אונדז די טירן? אפֿשר איז דאָס די סיבה פֿון יענעם טרויעריקן בריוו וואָס אסתר האָט מיר געשריבן?

מיר האָבן געבלאָנדזשעט אַ גאַנצן טאָג איבער דער שטאָט. ווו גייט מען אַריין זיך אָפּוואַשן אַ ביסל און זיך דערוואַרעמען? אויסרוען זיך? אויסטרינקען אַ טעפּל הייס וואַסער מיט אַ סוכאַריק וואָס געפֿינט זיך נאָך ביי מיין באַגלייטער? קיינער האָט נישט געוואָלט ריידן מיט אונדז. און די נאַכט האָט זיך אָנגערוקט. ווו וועלן מיר זיך אַהינטאָן? — מיר האָבן זיך געמוזט אומקערן אויפֿן וואָקזאַל וועלכער איז פֿאַר אונדז פֿאַרשלאָסן צוליב דעם קאַראַנטין. אָבער אין קאָרידאָר לאָזט מען דאָך יאָ אַריין?

דערשלאָגענע האָבן מיר זיך געלאָזט צוריק צום וואָקזאַל און זיך גע־כאַפּט אַז ערגעץ דאָ נאָענט דאַרף זיין דער זאַוואָד. אָט דערנענטערט זיך אין דער פֿוסטקייט אַ מענטש ביי וועמען מיר וועלן זיך דערפֿרעגן. — דער

מענטש איז אין אַרבעטס־קליידער. ווען ער איז שוין געווען אַ צוויי שפּאַן האָט מיין באַגלייטער גאָר פריינדלעך באַגריסט אים אויף דייטש... פאַר וואָס אויף דייטש? ער האָט דערקענט אַן אייגענעם פון זיין שטאַם? ווי אַזוי? לויט וואָס?

דער מענטש האָט אויפמערקזאַם געהערט, געשאָקלט טרויעריק מיטן קאָפּ. זיי האָבן גערעדט גאַנץ שטיל ווי דאָס וואָלט זיין פאַר מיר אַ סוד. שטייענדיק ביי דער זייט האָב איך מיך צוגעקוקט צו דעם אינטימען, געהיימען שטראָם וואָס איז געגאַנגען צווישן די צוויי און געטראַכט אַז פּונקט אַזוי קומט עס פאָר ווען עס טרעפן זיך יידן. מען דערקענט זיך פון ערשטן אויגנבליק. מען ווערט באַלד היימיש, און מען איז גרייט תיכף זיך העלפן קעגנזייטיק.

און דער דאָזיקער צופעליק־באַגעגנטער מענטש איז מסכים געווען אונדז נעמען צו זיך.

ביידע מענער זענען געגאַנגען פאָרויס און איך האָב מיך קוים נאָכגע־שלעפּט. די האָפענונג אַז באַלד וועלן מיר זיך געפינען אין אַ וואַרעם הויז האָט אויסגעלייטערט מיין געמיט און מיר געגעבן פרישע כוחות.

איך גיי נאָך זיי דורך אַ פּוסטן פּלאַץ, אָבער איך זע נישט קיין היי־זער. איך האָב זיך נישט געקענט באַהערשן און געפרעגט: „וווהין זשע גייען מיר, ווו וווינט דער חבר?"

אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז אויף דעם פּלאַץ וווינען אַ סך דייטשע מש־פּחות, אַי איך זע נישט קיין געביידעס? איז עס דערפאַר — האָט מיר דער גאַסטגעבער דערקלערט אויף רוסיש, ווייל זיי וווינען דאָ אין „זעמ־ליאַנקעס" — אין ערד־שטיבעלעך — בונקערס. זיין דירה געפינט זיך אויך אין דער ערד... און געשושקעט האָט ער זיך מיט מיין וועגפירער צוליב מיר. ער איז געווען אין אַ פאַרלעגנהייט אַריינצונעמען אין זיין בונקער אַ פרוי. דער בונקער איז קליין. די גאַנצע משפחה וואָס באַשטייט פון „אַ געזינד זאַלבעפירט" שלאָפט אין איין בעט... אַדרבה... מיר וועלן מוזן איבערנעכטיקן אויפן דיל...

איך קען נישט באַשרייבן וויפל טרעפּ טיף אין דער ערד מיר האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט, נאָר ביז היינט זע איך פאַר מיינע אויגן יענץ ערדשטיבל פון דער דייטשער משפחה אין רובצאָווסק, אין וועלכן איך האָב גענעכטיקט פינף נעכט. געווען איז עס אַ דריי מעטער אין דר טיף. ס'איז באַשטאַנען פון איין לענגלעכן שמאָלן צימער. די ווענט אויסגעקאַלכט. ביי די טרעפּ — אַ פּליטע פון ציגל. דער סופיט געבויט פון פאַרשידענע מאַטעריאַלן — קלע־צער, ברעטער, טאָל... (אַ געקלעפּטער דאַך־קאַרטאָן) און פון אויבן ערד.

אין סופיט איז אויך געווען אַ קליין פענצטער און דער קוימען פון דעם פּליטקעלע.

אין צימער איז געשטאַנען איין בעט, איין טישל, אַ באַנק, צוויי טאַבו־רעטקעס.און אין וואַנט ביי דער פּליטע איז געווען אַזאַ נישע ווו ס'האָבן זיך געפונען די פּראָדוקטן און די כלים. באַלויכטן דאָס צימער האָט איין עלעקטריש לעמפּל.

דאָס איז געווען דעם 6טן דעצעמבער 1947. איך האָב ביז דעמאָלט קיין מאָל מיר נישט פאָרגעשטעלט, אַז אין ראַטנפאַרבאַנד לעבן מענטשן אין אַט אַזעלכע באַגרעבענישן.

דער באַלעבאָס האָט דערציילט זיין פרוי אַלץ וואָס ער האָט באַוויזן געוואָר ווערן וועגן אונדז. מיטן גרעסטן נייגער און שרעק האָב איך געקוקט ווי אַזוי די פרוי רעאַגירט. נאָר מיין חשש איז געווען אומזיסט. די פרוי האָט אונדז אויפגענומען זייער פריינדלעך, זי האָט אונדז געהייסן אויסטאָן די טעלאָגרייקעס, געגעבן אַן עמער וואַסער און אַ שיסל — וואַשט אייך אָפּ!

— באַלד וועלן מיר עסן נאַכטמאָל...

צוליב מיר האָט די פרוי גערעדט מיט אַ צעבראָכענעם רוסיש, נאָר פאַר מיר איז איר רעדן געווען ווי די בעסטע, מענטשלעכסטע מוזיק. צוויי קינדער האָבן פאַרחידושטע אונדז באַטראַכט. ווייזט אויס, אַז צום ערשטן מאָל פון זייער גלות, אַז אין זייער פּאַלאַץ זענען אַריינגעקומען פרעמדע.

גייענדיק אַהער איז מיין חלום געווען — אַ טעפּעלע אָקרעפּ. נאָר ווען די באַלעבאָסטע האָט דערלאַנגט יעדן באַזונדער אַ שיסעלע זופּ, אַ גע־דיכטע קאַשע פון פּערל־גרויפּן און אויך אַ פּענעצל ברויט, האָבן מיך אָנגעהויבן שטיקן די טרערן.

נאָך דעם אָוונטברויט האָט די באַלעבאָסטע געלייגט די קינדער שלאָפן און דער גוטער באַלעבאָס, אונדזער רעטער, האָט אונדז דערציילט... אייגנטלעך איז דאָס די געשיכטע פון טויזנטער דייטשע משפּחות וועמעס טראַגעדיע האָט זיך אָנגעהויבן אין איינעם מיט דער מלחמה. באַלד אין די ערשטע טעג פונעם מלחמה־אויסברוך האָט מען פון דער דייטשער אויטאָנאָמער רעפּובליק אויף דער וואָלגע אויפגעהויבן די גאַנצע דייטשע באַפעלקערונג פון זייערע איינגעפונדעוועטע היימען און זיי אַרויסגעפירט אין די ווייטע געגנטן — דער עיקר קיין סיביר. דאָס אויפהייבן איז פאַר־געקומען אויפן ברוטאַלסטן אופן. דאָס איז געמאַכט געוואָרן אין אַזאַ בהלהדיקער שנעלקייט, אַז זיי האָבן נישט באַוויזן צו נעמען מיט זיך כאָטש אַ טייל פונעם פאַרמעגן. אין די פּראַכט־וואַגאָנען אין וועלכע מ'האָט

זיי געפירט, אין קעלט און הונגער, זענען אַ סך קראַנק געוואָרן, באַזונדערס האָבן געליטן קינדער. אַ סך האָבן נישט דערלעבט אָנצוקומען אויף אָן אָרט.

טויזנטער האָט מען געבראַכט אין אַלטייער קאַנט. דאָ האָט מען גע־דאַרפט אַרבעטס־הענט כדי אויפצובויען דעם ווירטשאַפטלעך־אָפּגעשטאַ־נענעם קאַנט. אין אַרבעטס־הענט האָט מען זיך געגייטיקט אויך אין די פאַבריקן און זאַוואָדן וואָס מ׳האָט באַוויזן צו עוואַקואירן אַהער, און דער גרעסטער פון זיי — דער כאַרקאָווער טראַקטאָר־זאַוואָד. דער זאַוואָד האָט אין איינעם מיט דער אויסשטאַטונג געבראַכט זיינע מיטאַרבעטער און קודם כל — דעם טעכנישן, אָנפירנדיקן פּערסאָנאַל. זיי האָט מען געדאַרפט באַ־זאָרגן מיט דירות, בשעת רובצאָסק איז נאָך געווען אַ קליינע שטאָט און קיין פרייע וווינונגען נישט פאַרמאָגט. ווען מ׳האָט אָנגעבראַכט אַהער די דייטשן, האָבן טויזנטער אַרבעטער געלעבט אין באַראַקן, אין צוזאַמענוווי־נונגען. האָבן די דייטשן קיין ברירה נישט געהאַט ווי בויען זיך אָט־די ערד־שטיבלעך.

מיין באַגלייטער איז געווען דערשיטערט פון דער דערציילונג. ער האָט געטראַכט צו דעם וואָס ס׳האָט איבערגעלעבט זיין משפּחה, אין דער צייט ווען ער איז שוין אַ דריי יאָר געווען אין לאַגער. זיי האָבן אים וועגן זייערע איבערלעבענישן נישט געשריבן. ניין, האָט ער באַשלאָסן. ער וועט אין רובצאָווסק נישט פאַרבלייבן. ווייל אויב די אַרבעטער פון דעם גרויסן זאַוואָד געפינען זיך אין אַזאַ קלאָגעדיקער לאַגע, לעבנדיק ווי פאַרהיסטאָ־רישע מענטשן אין די הייל־בונקערס, וואָלט פון זיין זייט געווען לייכטזיניק צו ברענגען צו זיך זיין משפּחה. אויסהערנדיק זיין שילדערונג האָט זיך באַקומען אַז זיי, די אַרויסגעשיקטע, האָבן דאָ געלעבט אַ סך ערגער ווי די טויזנטער אַרעסטאַנטן אין די לאַגערן.

די באַלעבאָסטע האָט אונדז אויסגעבעט אַ געלעגער אויפן דיל, פון זעק. מיר האָבן זיך אָוועקגעלייגט אין די קליידער און איינגעניורעט אין די טעלאָגרייקעס זענען מיר איינגעשלאָפן ווי די הרוגים.

אין דער פרי האָב איך געדאַרפט באַשליסן וואָס ווייטער טאָן מיט זיך. מיינע גאַסטגעבער האָבן אויך אַקטיוו אָנטייל גענומען אין דער שווע־רער פראַגע.

אין שטאָט געפינט זיך אָן איינפאָרהויז וווהין עס פאָרפאָרן די מאַשי־נען פון אוגלאָווסקי ראַיאָן. איך דאַרף מיך אומקערן אין שטאָט און יעדער וועט מיר אָנווייזן דעם וועג צו דעם איינפאָרהויז. און דאָך האָט די באַ־לעבאָסטע געמיינט, אַז איך דאַרף פּרוּוון איינאָרדענען זיך אויפן זאַוואָד. איר מיינונג האָט זי מאָטיווירט אַזוי: אין דער אָנפירונג פונעם זאַוואָד

געפינען זיך אַ סך יידן. פאַר מיר ווי אַ יידישע וועט מען געפינען אַן אַר־בעט. זייענדיק אַן אַ משפחה וועט מען מיר געבן אַן אָרט אין אַ צוזאַמענ־וווינונג. נאָך דעם וועל איך קענען אַרויסנעמען אסתרן צו זיך.

די עצה איז אפשר געווען אַ ריכטיקע. איך בין אָבער געווען אַזוי אויסגעמאַטערט פון דעם לאַנגן אָפּקומעניש־וועג, מיין אויסזען אַזוי נעבעכ־דיק אַז מען וואָלט מיך פון רחמנות נישט אויפגענומען... אַ חוץ דעם האָב איך מיר פאַרגעשטעלט מיט וואָס פאַר אַן אומגעדולד אסתר וואַרט אויף מיר. איך האָב געמוזט פריער קומען צו איר אין דאָרף און זען מיט די אייגענע אויגן וואָס מיט איר האָט געטראָפן. איך האָב נאָר געבעטן די גוטע מענטשן אַז אויב מיר וועט נישט געלינגען אַוועקצופאָרן זאָלן זיי מיר דערלויבן צו קומען נעכטיקן.

בכבוד גדול.

מיר האָבן זיך האַרציק געזעגנט, מיין באַגלייטער האָט זיי געדאַנקט מיט טרערן פאַר דער גוטער באַציונג. מיר האָט ער אָפּגעגעבן זיינע רעשט־לעך סוכאַרן און מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין. ער — זוכן אַ וועג צו זיין משפחה, איך — צו אסתן. מיר האָבן זיך אויסגעטוישט מיט די אַד־רעסן, צוגעזאָגט זיך שרייבן. אין שטאָט האָבן מיר,ביידע מיט טרערן אין די אויגן, זיך געזעגנט. ער האָט געזאָגט אַז ער וועט תמיד געדענקען דעם געדולד און די עקשנות מיט וועלכע איך האָב איבערגעטראָגן אַזוי פיל צרות. איך האָב אים געזאָגט אַז ער האָט מיך פאַרהיט פון אומקומען, און איך וועל אים נישט פאַרגעסן.

און אַט בין איך ווידער אַליין.

דער פרימאָרגן איז געווען אַ פּראַסטיקער. ס׳האָט נאָך אַלץ געבלאָזן אַ ווינט, נאָר דער הימל איז געווען אַ לויטערער. די זון האָט געשיינט.

איך האָב לאַנג געזוכט די גאַס מיט דעם איינפאָרהויז. מיך איינגעקוקט אין די פּנימער פון די באַגעגנטע, אפשר וועל איך טרעפן אַ יידיש פּנים? און — ס׳האָט מיך געגליקט. אַ יידישע פרוי האָט ממש מיך גענומען פאַר דער האַנט און געבראַכט צו דעם געזוכטן אָרט. דערביי האָט זי מיך גע־וואָרנט אַז די באַלעבאָסטע פון דעם איינפאָרהויז איז אַ מרשעת און פאַר־טראָגט נישט קיין יידן. די יידישע פרוי האָט זיך שנעל אָפּגעטראָגן און נישט געפרוווט נאָענטער צו באַקענען זיך מיט מיר. כ׳האָב נישט גענדאַרפט קיין סך צו פאַרשטיין די סיבה פון איר שנעלן פאַרשווינדן. ליידער איז דאָס געווען דער ביטערער אמת. מענטשן אויף דער פריי האָבן אויסגעע־מיטן אַ נאָענטקייט מיט מענטשן וואָס קומען פונעם לאַגער. מ׳האָט גע־לעבט אין פּחד, און זיך געהיט פאַר אַ מגע ומשא מיט אונדז.

אַריינגיין צו דער באַלעבאָסטע דער מרשעת האָב איך נישט געדאַרפט.
אין הויף זענען געשטאַנען אַזעלכע ווי איך וואָס האָבן געדאַרפט אין זעלבן ראַיאָן. פון זיי האָב איך מיך דערוווּסט אַז דער וועג איז נאָך פאַרשאָטן און מאַשינען קומען נישט, אַז זיי הונגערן, ווייל מען קען אין ערגעץ קיין פיצל ברויט נישט קויפן, און אַז ס׳איז שוין אַריין אין קראַפט די געלט־רעפאָרם און די רובלס זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גראָשנס. זיי וואַרטן שוין צוויי טעג, שלאָפנדיק אויפן דיל פון איינפאָרהויז און זיי ווייסן נישט וויפל נאָך מען וועט דאַרפן וואַרטן. ביז אין ראַיאָן איז 80 ק״מ אָבער קו־מען מוזן זיי די מאַשינען, זיי ברענגען סחורה און פירן צוריק נאַפט און אַנדער׳ע מאַטעריאַלן אַן וועלכע דער ראַיאָן קען זיך נישט באַגיין. נאָר ווען וועלן די מאַשינען קומען? קיינער קען נישט ענטפערן פּינקטלעך.

איך האָב דאָך באַשלאָסן אַריינגיין צו דער באַלעבאָסטע און בעטן זי זאָל מיר דערלויבן איבערצונעכטיקן. געעפנט עטלעכע טירן פון איין אַל־קער, אַ צווייטן, בין איך אַריינגעפאַלן אין אַ ליכטיקן, וואַרעמען זאַל. אויף אַ ווייכער סאָפע איז געזעסן די באַלעבאָסטע מיט אַ האַנטאַרבעט. אויף מיין באַגריסונג האָט זי אויפגעהויבן דעם קאָפּ, איר לאַנג בלאַס פּנים מיט די גרויסע גרינע אויגן האָט מיך שאַרף אָנגעקוקט און זי האָט ווייזט אויס באַלד אָפּגעשאַצט אין מירביידע גוטע מעלות וואָס זי האָט באַ־זונדערס פיינט געהאַט — אַ יידישקע און אַ געוועזענע אַרעסטאַנטין. איך האָב נישט באַוויזן צו ענטפערן אויף איר „טשטאָ נאַדאָ?״ ווי כ׳האָב דער־הערט איר אויסגעשריי:

„פּאָשאָל וואָן!״

גאַנצע פינף טעג נאָך אַנאַנד פלעג איך קומען צו דעם איינפאָר־הויז און ס׳האָט זיך גוט איינגעבאַקן אין מיין זכרון אין איינעם מיט דער באַלעבאָסטע אין וועלכער כ׳האָב געזען אַ ווילד באַשעפעניש, די פאַרקער־פּערונגג פון אַל דאָס שלעכטס.

פאַר נאַכט האָב איך זיך צוריק געשלעפּט צו מיינע גוטע מענטשן אין בונקער. זיי האָבן מיך ווידער אָנגעהאָדעוועט, געגעבן איבערצונעכ־טיקן אַזוי ביזן 11טן דעצעמבער בין איך געגאַנגען הין און צוריק, 5 טעג, ביז איך האָב זיך טאַקע דערוואַרט אויף אַ מאַשין. גאַנץ פרי געקומען צום איינפאָרהויז האָב איך דאָרט געטראָפן בלויז איין עלטערע פרוי און אַ יינגל פון אַ יאָר 15. מ׳האָט זי פאַרזיכערט, האָט מיר די פרוי געזאָגט, אַז היינט קומט אַ לאַסטמאַשין. אפשר וועט אונדז אָפּגליקן און דער שאָפער וועט אונדז נעמען?

איך האָב נאָך געמוזט צולויפן צום וואָקזאַל אַרויסנעמען מיינע זאַכן

פון דער פאַרהיטונג־קאַמער. אָן זיי האָב איך נישט געקענט אָוועקפּאָרן. דאָרט האָב איך אויך געהאַט מיין קאָלדרע. ווען איך האָב זיך אומגעקערט מיטן פּעקל, האָט מיר די פרוי געזאָגט אַז אַ מאַשין איז געקומען. דער שאָפער איז אָוועק אויפלאָדן פּעסלעך מיט נאַפט און וועט צוריקקומען צום איינפאָרהויז. אויב דער שאָפער וועט אונדז נעמען, וועט דאָס שוין זיין אין אָוונט. דער פראָסט איז אַ בייסיקער און ווו וועט ער אונדז אָוועקזעצן אין דער אָפענער מאַשין? אויף די פּעסלעך? האָט געפרעגט אומעטיק די פרוי — מיר וועלן דאָך פאַרפראָרן ווערן. אַ קלייניקייט? 80 ק״מ אויף אַן אָפענער מאַשין, ווען דער פראָסט ברענט...

מיר איז שוין געווען אַלץ איינס. אומקומען דאָ צי אויף אַן אָפענער מאַשין, ביינאַכט, אין אַ געפערלעכן פראָסט. און אפשר וועלן מיר דאָך אויסהאַלטן?

דער שאָפער איז געקומען און אונדז אָנגעקוקט ווי מיר וואָלטן נישט געווען ביים זינען. ווו זאָל ער אונדז נעמען? אויף די פּעסלעך? זאָל זיין אויף די פּעסלעך, אַבי אָוועק פון דער דאָזיקער שטאָט.

מיר האָבן אַרויפגעקלעטערט אַלע דריי, זיך גוט אַרומגעוויקלט, איך אין מיין וואַטענער קאָלדרע און מיר פאָרן. מיין לעצטער פּיינלעכער וועג?... דער שאָפער האָט אונדז געוואָרנט אַז עס גייט שוין צו נאַכט, פון שעה צו שעה שטאַרקט זיך דער פראָסט — וועט ער די מאַשין נישט יאָגן... ווייל וואָס שנעלער מען וועט פאָרן קענען אונדזערע פּנימער אָפּגעפראָרן ווערן פון דער פראָסטיק־שניידנדיקער לופט. אין וועג וועט ער זיך פאַרהאַלטן אויף דריי פּונקטן. מיר וועלן אַריינגיין אין די אַכסניהס אַ ביסל איבערכאַפּן דעם אָטעם. נאָר בשום אופן זיך נישט אָוועקזעצן, ווייל עס וועט אונדז ציען צום שלאָף און מיר וועלן נישט קענען פאָרזעצן דעם וועג.

ווען מיר זענען אַרויסגעפאָרן אויפן ברייטן שליאַך איז מיר געוואָרן גוט אויפן געמיט. ווען נישט דער ווינט וואָלט געווען אַ וווּנדערלעכע נאַכט. דער גאַנצער אַרום, די פאַרשנייטע פעלדער, וועלדער, זענען געווען באַלויכטן מיט בלישטשענדיקע שטערן און כ׳האָב דערמאָנט די ווינטערנעכט אין קאָמי־לאַנד ווען עס באַווייזן זיך די פּילקאָליריקע, שימערירנדיקע שטראַלן אויפן הימל. אָבער וואָס ווייטער איז אונדז געוואָרן אַלץ שווערער צו זיצן אין דער איינגעגניורעטער לאַגע. דער גאַנצער קערפּער איז געוואָרן ווי געליימט. ס׳האָט אויסגעפעלט אָטעם. כ׳האָב מיט אַן אָפן מויל געשלונגען די קאַלטע לופט אַזוי אַז דאָס טיכל מיט וועלכן מיין קאָפּ איז געווען אַרומגעוויקלט, איז באַדעקט געוואָרן מיט שניי... מיין

קערפּער איז געווען ווי געליימט, נאָר דער מוח לויטער, האָט געאַרבעט פּי־בערדיק. און עס זענען דורכגעלאָפן אַ סך בילדער אין זכרון פון אַרבעט אין וועלדער אין 50 גראַדיקן פראָסט, פון עטאַפּן אין ענגע טעפּלושקעס, פון הונגער.

מיר זענען געווען ווי פאַרחלשטע ווען די מאַשין האָט זיך אָפּגעשטעלט. דאָס ייִנגל האָט אַראָפּגעשפּרונגען שנעל און געהאָלפן זיין מאַמען און דערנאָך אויך מיר אַראָפּקריכן פון די פּעסלעך. ווען מיר זענען אַריין אין דער דאָרפישער כאַטע האָט די שיין פונעם נאַפטלאָמפּ פאַרבלענדט מיינע אויגן. ס׳האָט מיך אַרומגענומען די וואַרעמקייט. דער שניי אַרום פּנים האָט גענומען זיך צעשמעלצן. אוי, ווי ס׳האָט זיך געוואָלט אַראָפּלאָזן אויפן דיל און שלאָפן, שלאָפן. נאָר דער שאָפער האָט אונדז נישט געלאָזט זיך פאַרהאַלטן לאַנג אין דער וואַרעמער דירה.

און דאָס האָבן מיר דורכגעמאַכט ערשט די ערשטע 25 קילאָמעטער.

שפּעט אין דער נאַכט זענען מיר אָנגעקומען אויף דער דריטער סטאַנ־ציע. דאָס איז נאָך נישט דער ראַיאָן־צענטער אוגלי, נאָר אַ דאָרף פון דעם ראַיאָן. די באַלעבאָסטע האָט אונדז אויפגעקאָכט הייס וואַסער. און נישט פרעגנדיק קיין דערלויבעניש האָב איך אַראָפּגעוואָרפן פון זיך אַ ביסל שמאַטעס, זיך אויסגעצויגן אויפן דיל און גלייך איינגעשלאָפן.

ס׳איז שוין געווען גרויסער טאָג ווען די באַלעבאָסטע האָט מיך גע־טאָרעט: מען דאַרף זיך צעצאָלן מיטן שאָפער, ער וואַרט... די ווערטער האָבן מיך געבראַכט אין פאַרצווייפלונג. באַצאָלן? אַוודאי דאַרף מען באַ־צאָלן. וויפל? אַרויספאָרנדיק האָב איך נישט געפרעגט און דער שאָפער האָט נישט געזאָגט דעם פּרייז. ביי מיר איז פאַרבליבן סך הכל 30 רובל. לאַנגזאַם גיי איך צו צום טיש וווּ דער שאָפער איז געזעסן. די פיס מיינע ציטערן: „וויפל וועט ער פאָדערן?״

— „וואָס מער״ — ענטפערט ער אויף מיין פראַגע. שוויגנדיק לייג איך אים אַוועק אויפן טיש די דריי פּאַפּירלעך און פון די אויגן גיסן זיך מיינע טרערן. איך קען קוים זאָגן, אַז דאָס איז מיין גאַנץ פאַרמעגן. אויב דאָס איז ווייניק נעמט עפּעס פון מיינע זאַכן.

דער שאָפער האָט הילכיק זיך צעלאַכט נעמענדיק די דריי טשערוואָנ־צעס און געפרעגט:

„איר ווייסט נישט אַז אין לאַנד איז אַ געלט־רעפאָרם? וואָס וועל איך טאָן מיט די פּאַפּירלעך?

כ׳האָב פאַרשטאַנען אַז ער איז גערעכט, נאָר רעדן האָב איך נישט געקענט, איך האָב זיך צעוויינט אויף אַ קול.

די באַלעבאָסטע, אַ דיקע פרוי מיט אַ קיילעכיקן פּנים, אין אַ ברייטן העלן פאַרטעך, האָט זיך אַריינגעמישט: „לאָז צו רו, סאַשאַ, דו זעסט דאָך מיט וועמען דו האָסט צוט אָן. זי זאָגט דאָך דעם אמת אַז מער פאַרמאָגט זי נישט"...

דער שאָפער האָט זיך אויפגעשטעלט, מיך אָפּגעמאָסטן מיט אַ לאַנגן בליק און כ'האָב געזען אַז דער דאָזיקער בליק איז נישט קיין שלעכטער, אַז ס'איז אַ בליק פול מיט מיטלייד. ער האָט איבערגעלאָזט דאָס געלט אויפן טיש און מיט לאַנגזאַמע נאָר פעסטע טריט פאַרלאָזט די כאַטע.

איך האָב אָפּגעדאַנקט דער באַלעבאָסטע, איר געווונטשן זי זאָל קיין מאָל נישט געפּרווט ווערן מיט אַזעלכע צרות מיט וועלכע איך בין גע־פּרווט געוואָרן און דערביי האָב איך געטראַכט, אַז אויף דער פרייַ פעלן נישט קיין גוטע מענטשן...

אַרויסגעוויזן האָט זיך אַז ביזן דאָרף „וועליקי אָקטיאַבער" האָב איך נאָך 14 קילאָמעטער, אַז פון דאַנען האָב איך נישט קיין שום טראַנספּאָרט־מיטל. אַז ביז אוגלי פון וואַנען ס'מאַכט זיך יאָ אַ פאַרבינדונג זענען פאַראַן זיבן קילאָמעטער, אַז די היגע איינוווינער אויב זיי דאַרפן אַהין צוליב פאַר־שיידענע סיבות, גייען זיי צו פוס... נאָר אַזוי ווי מיר איז שווער מיט מיין פּעקל, האָט מיר געזאָגט די באַלעבאָסטע — איז דאָ אָן עצה. דאָ גע־פינט זיך אַן אַלטער מאַן, דער פּאָסט־פירער. ער פאָרט קיין אוגלי מיט אַ שליטן, דאַרף מען אים בעטן ער זאָל מיך מיטנעמען און פון אוגלי וועל איך מיך שוין דערקלייבן...

בין איך געלאָפן צום פּאָסט־פירער.

איך האָב אָנגעקלאַפּט אין טיר פון זיין הייזל. קיינער האָט נישט גע־ענטפערט. האָב איך דרייסט געעפנט די טיר. אויפן בעטל איז געזעסן אַן אַלטער מאַן, אַ זקן. ער האָט נישט געענטפערט אויף מיין באַגריסונג, נאָר אויף מיין בקשה מיך מיטנעמען אויף זיין שליטן האָט ער געענטפערט קורץ און אָפּגעהאַקט: — „ניעט"... דאָס הייסט — ניין. קאַטעגאָריש. פאַר וואָס? ווייל ער פירט פּאָטשט, און ס'איז אים שטרענג פאַרווערט. איך האָב גערופן צו זיין גוט האַרץ... צו זיין געוויסן. ער וועט מיר ראַטעווען דאָס לעבן. ווייסעך וואָס, ווי צו דער וואַנט. איך וועל אייך באַצאָלן, זאָג איך. באַצאָלן? — האָט ער זיך צעשריגן — מיט די רובלס וואָס האָבן נישט קיין שום ווערט? איז מיר איינגעפאַלן אַ געניאַלער געדאַנק. איך וועל דיר באַצאָלן מיט אַ זאַך, וואָס דיר וועט שטאַרק צונוץ קומען. אמת, נישט איצטער, נאָר זומער... איך וועל דיר געבן אַ פּאָר נייע מע־נער־טופלעס... אָט וועל איך זיי ברענגען ווען זען.

אויף זיין פּנים האָט זיך באַוויזן אַ גוטע מינע. — נו ברענג, האָט ער געזאָגט, — וועלן מיר זען. אין פינף מינוט ממש האָב איך געבראַכט די מציאה. ער האָט זיי באַטראַכט, אַרומגעקוקט פון אַלע זייטן. און איך האָב געוואַרט אויף זיין הסכמה. ער האָט זיי אָנגעמאָסטן אויף די פיס און אויף זיין גערונצלטן פּנים האָט זיך באַוויזן אַ צופרידענער שמייכל.

— נו גוט, האָט ער געזאָגט — ברענג דיינע זאַכן!

איך האָב זיך איינגעאָרדנט אויפן שליטעלע גאַנץ באַקוועם. דאָס וועטער אַ פּרעכטיקס. די זון האָט געשיינט און געוואַרעמט. דער הימל — אָן איין וואָלקנדל. און שטיל, שטיל — די ווייסקייט פונעם שניי און די שטראַלן פון דער זון האָבן געשווינדלט אין די אויגן. איך בין געווען פאַרכישופט. איך האָב נישט באַמערקט ווי מיר זענען אָנגעקומען קיין אוגלי און צוגעפאָרן צו דעם קליינעם בנין פון דער פּאָטשט. דאָ האָט דער אַלטער וואָס האָט אין וועג נישט אויסגערעדט קיין וואָרט, געזאָגט:

— גיי אַריין אין פּאָטשט מיט דיינע זאַכן, שטעל זיך ביים פענצטער וואָס קומט אַרויס צום שליאַך און קוק אויפמערקזאַם... ווען זעסטו אָנקומען אַ שליטן, פרעג דעם אָנטרייבער צי ער פאָרט אין דאַרף „וועליקי". ווען יאָ, בעט מען זאָל דיך מיטנעמען. אַזעלכע שליטנס וועסטו דאָ טרעפן מערטיילס ביז האַלבן טאָג, דערנאָך, האָבנדיק דערליידיקט זייערע ענינים קערן זיי זיך אום. ווייל איצט איז שוין ווייט נאָך מיטאָג און ס'קען זיין דו זאָלסט קיין שליטן נישט טרעפן, וועסטו איבערנעכטיקן דאָ אין אוגלי.

— ווו? אין פּראָסטיקן דרויסן?

הייסט עס — ביז צום ברעג דאַרף איך נאָך עפּעס איבערלעבן? עס ווערט מיר ווידער גוט אָנגעביטערט אויפן האַרצן. נאָר איך נעם מיין פּעקל, שלעפּ מיך אַרויף אויף די פּאָר טרעפּלעך און אינעווייניק שוין שטעל איך מיך אַוועק ביים פענצטער מיטן אויסקוק צום שליאַך. נאָר זייער גיך פאַרשטיי איך אַז פון שטיין דאָ וועט זיך גאָרנישט באַקומען. מען דאַרף אַרויסגיין אויפן שליאַך, כדי איך זאָל נישט דורכלאָזן עפּעס אַ שליטל... און אין מוח עקבערט דער געדאַנק אַז ס'קען זיך נאָך מאַכן איך זאָל שוין קיין שליטן נישט באַקומען... וועל איך בלייבן אויף דער גאַס אַ גאַנצע נאַכט? וואָלט געווען אין דערפרי וואָלט איך מיך געלאָזט גיין צו פוס, אָבער איצטער, אַקעגן נאַכט?

איך וועל אַריינגיין צו דער באַאַמטין פרעגן צי איך האָב נאָך שאַנסן צו קומען אין דאַרף וועליקי. אין דעם זעלבן מאָמענט איז האַסטיק אַריינגעקומען אַ פרוי, וואָס האָט אַ טראַסק געטאָן מיט דער גאַסן־טיר און זי האָט דערהערט מיין פראַגע, און מיט דער זעלבער האַסטיקייט האָט זי זיך

אַ קערעווע געטאָן צו מיר: — איר זענט מסתּם די שוועסטער פון דער סעמיאַנאָוונע? יאָ, יאָ, זיי וואַרטן אויף אייך פון לאַנג. איך קען די סעמיאַנאָוונע... קומט! קומט! עס איז שוין שפּעט. זי כאַפּט מיין פּעקל, נעמט מיך ביי דער האַנט און פירט מיך צו איר שליטן...

— איך אַליין, זאָגט זי מיר, פאָר פאַרביי וועליקי אָקטיאַבער. איך ווין נאָך ווייטער. וועל איך אייך ברענגען צו דער סעמיאַנאָוונע.

דער־אַ אומגעריכטער גליקלעכער צופאַל האָט מיך אָבער געבראַכט אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט. איך האָב דאָך געוווּסט אַז אסתרס פּאָטער־נאָמען איז — סאָלאָמאָנאָוונאַ און נישט סעמיאַנאָוונאַ, איז אפשר דאָ עפּעס אַ טעות? נאָר די זייער באַריידעוודיקע פרוי האָט גיך צעזייט מיין פאַרלעגנהייט, דערציילנדיק מיר אַז זומער, אין חודש אויגוסט, איז גע־קומען צו דער סעמיאַנאָווגע די שוועסטער „אסטראַ", אַ שוואַכינקע, אַ קליינינקע, אַ גרויע שוין אין גאַנצן, כאָטש נאָך נישט קיין אַלטע...

לויט די אַלע סימנים איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז זי מיינט טאַקע די מענטשן וועמען איך זוך. ווי אַלע מאָל, ווען כ'האָב זיך צונויפגעשטויסן מיט שלעכטס אָדער מיט שיינקייט און גוטסקייט, האָבן אויך איצט מיך גענו־מען שטיקן די טרערן אַז די פרוי האָט דאָס באַמערקט. און ווען די פרוי האָט מיך אַריינגעפירט אין דער דאָרפישער כאַטע און כ'האָב נאָר אַריבער־געטרעטן די שוועל און דערהערט אסתרס געשריי: שפרה! האָב איך מיך ערשט גוט צעווײנט, לאָזנדיק פריי פליסן מיינע טרערן...

אַט אַזוי בין איך ענדלעך דעם 12טן אָקטאָבער אויפן 21סטן טאָג פון מיין אומגליקלעכער רייזע אָנגעקומען צו דעם געזוכטן ברעג.

## „וועליקי אָקטיאַבער"

וואָס זשע איז געשען מיט אסתרן פון זינט מיר האָבן זיך צעשיידט?

איר וועג פונעם לאַגער אַהערצו, אין דעם דאָזיקן דאָרף מיטן קלינ־גענדיקן נאָמען, איז אויך געווען שווער, כאָטש נישט אַזוי שווער, ווייל זי האָט דעם וועג דורכגעמאַכט זומער. אויך זי האָט געוואַרט גאַנצע מעת לעתן אויף די טראַנזיט־סטאַנציעס, ביז איר איז געלונגען זיך אַרויפכאַפּן אויף אַ באַן.

דער עיקר — זי איז אָנגעקומען אין דאָרף און ס'איז איר אַראָפּ אַ שטיין פונעם האַרצן ווען די ערשטע באַגעגנטע איינוווינער האָבן דער־קענט אין איר אַ שוועסטער פון דער סעמיאַנאָווגע גוטשע. אסתר איז גע־ווען גליקלעך וואָס סוף כל סוף איז מקוים געוואָרן איר ווונטש צו קומען

אַהער און זיך טרעפן מיט איר שוועסטער. לאַנגע חדשים פאַר דער באַ־פרייונג האָט זי דאָך באַקומען אַזעלכע האַרציקע בריוו פון איר. ווי צו־פרידן זי איז וואָס ס׳האָט זיך אָפּגעזוכט איר ייִנגסטע שוועסטער, וועמען זי האָט 30 יאָר נישט געזען, און אַז קומענדיק צו איר וועט זי געפינען „ליבע, זאָרג, געטרייִשאַפט“.

ווו זשע איז די גוטשע מיט וועמען אסתר איז שוין אומגעדולדיק זיך אַרומצונעמען און דערמאָנען די קינדהייט, טאַטע־מאַמע, דאָס שטעטל און דערציילן וועגן איר שווערער ביטערער דאָליע וואָס איז איר צוגע־שפּאָרט געוואָרן פונעם לעבן?

לאָזט זיך אויס אַז די שוועסטער איז אין דער היים נישטאָ. זי איז אין דער בריגאַדע פון פּאַראייניקטן קאָלעקטיוו, פיר קילאָמעטער פונעם דאָרף. די אַרבעט אין דער צייט ברענט; מען נעמט אַראָפּ דאָס געראַטעניש פון די פעלדער און אַז די קאָלווירטלער קומען ביז זונטיק נישט אַ היים. גוטשע אַרבעט אין דער בריגאַדע ווי אַ שומרטע.

די מענטשן האָבן אסתרן אַריינגעפירט אין דער כאַטע ווו גוטשע האָט פאַרמאָגט נאָר אַ ווינקל.

די ידיעה אַז זי וועט מיט דער שוועסטער זיך טרעפן נאָר אין אַ טאָג אַרום האָט זי געבראַכט אין פאַרצווייפלונג. אַ גאַנצע נאַכט איז זי נישט געשלאָפן און פאַר טאָג איז זי אַרויס אויפן שליאַך וואַרטן אויף דער שוועסטער, וועמען מ׳האָט געדאַרפט מודיע זיין וועגן אסתרס קומען. זי איז געשטאַנען לאַנג און זיך אײַנגעקוקט אין דער ווייטקייט, אין סטעפּ. נישט זיכער צי זי וועט גוטשען דערקענען. אסתר איז דאָך אַלט געווען 10 יאָר ווען גוטשע איז אַוועק פון דער היים.

און דאָך — זי האָט זי דערקענט, כאָטש גוטשע איז געווען געקליידט ווי אַלע פויערטעס אין דאָרף, מיט אַ טיכל אויפן קאָפּ, אויסגעצבונדן פויע־ריש. מיטן יעדן שפּאַן מיט וואָס זי האָט זיך דערנענטערט, אַלץ מער זי־כערקייט האָט אסתר געהאַט, אַז דאָס איז זי און זיך אַ לאָז געטאָן מיט אימפּעט אַקעגן איר מיט אַן אויסגעשריי און געוויין: גוטשע, שוועסטער מייַנע! זי האָט זי אַרומגעכאַפּט אַזוי שטאַרק, אַז דאָס עוף וואָס גוטשע האָט געטראָגן האָט זיך צעקוואָקעט אַן איבערגעשראָקענע.

נאָר אסתרס פרייד פון דער באַגעגעניש מיט דער שוועסטער איז באַלד אָפּגעגאַנגען. שוין אין ערשטן מאָמענט האָט זי דערפילט, אַז גוטשע איז ווייט נישט אַזוי באַגייסטערט פון איר קומען. אירע הענט האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט פון דער שוועסטער אין שטוינונג און שרעק. אויף דער קורצער שטרעקע צו דער כאַטע האָט אין מוח ביי איר געעקבערט די

פראַגע: — פאַר וואָס אַזאַ קאַלטקייט? זי האָט געוואָלט וואָס גיכער זיך דערוויסן די סיבה פון דער נישט פריילעכער באַגעגעניש, נאָך דרייסיק יאָר צעשיידקייט...

הכלל — ווּ דער הונט ליגט באַגראָבן? אָט ווּ. גוטשע, די שוועסטער, האָט זי גערופן צו זיך נאָך דערפאַר, ווייל דערוויסנדיק זיך פון אסתרס בריוו, אַז זי אַרבעט שוין 7 יאָר אין שניידער־צעך, האָט זי אין שייכות מיט איר קומען אין דאָרף, זיך געסטראַיעט אַ פּלאַן פאַר זיך גופא. אין דאָרף בייטיקט מען זיך זייער אין אַ שניידערין. אַלע האָבן זיך געפרייט וואָס צו איר קומט אַ שוועסטער מיט אַזאַ גאָלדענעם פאַך. צוריק פאָרן קיין לענינגראַד האָט גוטשע נישט געהאָפט. דעם מאַן און דעם איינציקן זון האָט זי פאַרלאָרן. האָט זי געטראַכט קויפן אַ כאַטע אין דאָרף, אַ ניי־מאַשין, און אסתר וועט זיצן און נייען. ביידע וועלן לעבן גליקלעך. האָט זי באַלד געוואָלט וויסן וואָס פאַר אַ שניידערין איז זי? וואָס קען זי?

אַרום אסתרן איז באַלד געוואָרן אַ פינצטערניש. קומענדיק צו זיך האָט זי איר געזאָגט דעם ריינעם אמת, אַז זי האָט אַלע יאָרן געאַרבעט בלויז אויף איין דעטאַל, און אַז נייען זעלבשטענדיק קען זי נישט. איז גוטשע צעקאָכט געוואָרן, געשריגן, געזידלט: „ווי קען דאָס געמאָלט זיין אין משך פון זיבן יאָר זיך גאָרנישט אויסלערנען? דער טאַטע און די ברידער זענען דאָך געווען שניידער"...

ווען גוטשען איז אַ ביסל אָפּגעגאַנגען דער כעס, האָט אסתר איר דערציילט וועגן מיר, איר חברטע, וואָס דאַרף זיך באַפרייען אין דריי חדשים און אַז איך וועל אויך קומען אַהער — אַ גוטע שניידערין.

דאָס האָט גוטשען נאָך מער אויפגעבראַכט: „פאַר וואָס האָט שפרה זיך יאָ געקענט אויסלערנען נייען און אסתר נישט? דאָס איז דאָך אַ סימן, אַז זי איז אַ לא יוצלח וואָס קען גאָרנישט און אַז זי האָט אַראָפּגעבראַכט אויף איר קאָפּ אַן אומזיסטן עסער"...

אסתר איז געווען אויפגעטרייסלט. זי האָט געקוקט אויף דער צאָרנ־דיקער פרוי מיט פאַראַכטונג. דערצו האָט זי זיך דערמאָנט, אַז גוטשע, וואָס איז די ערשטע אַוועק קיין רוסלאַנד פאַר דער רעוואָלוציע, איז געווען גוט איינגעאָרדנט, געוואָרן רייך, און נישט געוואָלט וויסן פון דער משפחה, און ווען די ברידער זענען געקומען אין לאַנד, האָט זי זיי מיט גאָרנישט נישט געהאָלפן.

דערמאָנענדיק זיך די אַלע זאַכן און אָפּגעבנדיק זיך אַ חשבון, אַז רופנדיק זי אַהער האָט גוטשע געהאַט איר עגאָיִסטישן צוועק, האָט זיך אסתר צעוויינט און וויינענדיק איר פאָרגעוואָרפן אַלצדינג וואָס מ׳האָט

וועגן איר דערציילט אין דער משפחה. און וואָס שייך איר גאָרנישט קענען, האָט זי געשריגן שלוכצנדיק: — פון וואַנען זאָל זי קענען, אַז זי האָט פאַר איר גאַנצן לעבן קיין גוטן טאָג נישט געהאַט, אַז פון קינדוווייז אָן האָט זי שטענדיק שווער געהאָרעוועט, אַז מ׳האָט זי דעם אַלף־בית נישט געלערנט, און זי איז שטענדיק געווען די דינסט פון דער משפחה?

— און דו, האָט זי געשריגן מיט אַ צעווייטיקט האַרץ, דו, וואָס דו האָסט אַלץ פאַרלאָרן, געבליבן איינע אַליין אין אַ פאַרוואָרפענעם דאָרף הינטער די הרי חושך, אַליין אַ פיל־געליטענע, דו, ווי קענסטו אַזוי אויפ־נעמען אַ פיזיש־שוואַכע, פאַר דער צייט גראָ געוואָרענע שוועסטער, וואָס איז געקומען צו דיר פון די לאַגערן?... עס ווייזט זיך אַרויס אַז רופנדיק מיך און צוזאָגנדיק ליבע, זאָרג און טריישאַפט, האָסטו געהאַט דיין בי־דערטרעכטיקן פּלאַן ווי אויסצונוצן די אויסגעמאַטערטע און ביטער־גע־פרוווטע שוועסטער... און נאָך איין זאַך וויל איך דיר זאָגן, שוועסטערקע מיינע, פאַר וואָס עפּעס רופט מען דיך דאָ סעמיאָנאָוונע? דו שעמסט זיך מיטן טאַטנס נאָמען, ער האָט דאָך געהייסן נישט סעמיאָן, נאָר שלמה. מיך רופן אַלע סאָלאָמאָנאָוונאַ. דיר לוינט זיך בעסער מען זאָל דיך נישט האַלטן פאַר אַ יידישער פרוי?

ווען אסתר האָט דאָס איר אַלץ אַריינגעזאָגט, האָט גוטשע מיט אַ בייזן פּנים געשוויגן אָבער אויפגעקאָכט פון אירע לעצטע ווערטער האָט זי נאָר אַ צישע געטאָן דורך די ציין אַ זידלוואָרט, אַ כאַפּ געטאָן דאָס עוף און איז צוריק אַוועק צו דער בריגאַדע...

זי האָט זי איבערגעלאָזט אין דער כאַטע איינע אַליין, נישט פרעגנדיק וואָס זי האָט נעכטן געגעסן...

אָט דאָס האָט מיר אסתר דערציילט, איז געשען באַלד אין ערשטן טאָג נאָך דרייסיק יאָר באַגעגעניש מיט איר שוועסטער.

ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די מענטשן מיט וועלכע אסתר האָט זיך באַקאַנט אין דאָרף באַלד נאָך איר אָנקומען אַהין, זענען געווען בעסער, מענטשלעכער פון איר לייבלעכער שוועסטער גוטשע.

בלייבנדיק אַליין אין גוטשעס ווינקל־וווינונג איז זי געזעסן אַ טרויע־ריקע, הונגעריקע, פאַרצווייפלטע, נישט וויסנדיק וואָס מען הייבט אָן צו טאָן. אין דער צייט איז אַהיימגעקומען די באַלעבאָסטע פון דער דירה. זי האָט פאַרשטאַנען לויט אסתרס אויסזען, אַז זי איז אין אַ שווערער שטי־מונג און פאַרצווייפלט. ווען אסתר האָט איר דערציילט וואָס ס׳איז פאָרגע־קומען צווישן איר מיט גוטשען, האָט זי אַ זאָג געטאָן מיט אַ גוטהאַרציקייט:

— ערגער זיך נישט. ביי אונדז וועסטו נישט פאַרפאַלן ווערן. אַרבעט

אין אונדזער ווירטשאַפט איז פאַראַן געגנוג, ווען האָט מען געלעבט אין די גערטנער אין אויף אַנדערע אַרבעטן, ווען האָט מען באַקומען עסן צו זאַט. געלט — האָט זי געזאָגט — דאָס נישט. מיר, אין קאָלעקטיוו, באַקומען נישט געלט. אונדז צאָלט מען מיט תבואה ווען מען נעמט אַראָפּ דאָס גערעטעניש פון די פעלדער...

אַזוי איז אסתר געוואָרן אַ קאָלכאָזניצע. זי האָט געאַרבעט אומעטום וווּ מ׳האָט זיך געניטיקט אין הענט, און געגעכטיקט אין כאַטע וווּ גוטשע האָט פאַרמאָגט איר ווינקל. אָבער נישט אין דער שוועסטערס ווייכן בעט, נאָר אויפן אויוון.

זי האָט זיך דערוואָרבן אַ סך פריינד אין דאָרף, נאָר באַזונדערס האָט זי זיך באַפריינדט מיט דער משפּחה פון מאַרפאַ יאַקאָוולעווגאַ, וועמעס כאַטע איז געווען בשכנות.

פון דער מלחמה האָט זיך צו מאַרפען נישט אומגעקערט איר מאַן און אַ זון. זי איז פאַרבליבן אַן אַלמנה מיט פיר קינדער — דריי יינגלעך און אַ מיידל. מאַרפאַ איז געווען די מעלקערין פון קאָלווירט איין יינגל האָט געאַרבעט אין דער בריגאַדע. דאָס מיידל — אין דער שטוב־ווירטשאַפט. צוויי קליינע יינגלעך האָבן געלערנט אין שול, די דאָזיקע משפּחה איז געוואָרן אסתרן אַ היים. זיי האָבן זיך צו איר באַצויגן ווי צו אַ מיטגליד פון זייער הויזגעזינד און ווי אַזאַ האָט זי, פאַרשטייט זיך, געהאָלפן אין דער באַלעבאַטישקייט. און אַזוי ווי וועגן מיר האָט זי אַלצדינג דערציילט דער דאָזיקער משפּחה, האָבן זיי אין איינעם מיט אסתרן אויף מיר משפּחה־דיק געוואַרט...

די אַלע איבערלעבענישן אסתרס האָב איך מיך דערוווּסט ערשט אין אַ טאָג אַרום נאָך מיין אָנקומען. דערציילן באַלד האָט זי מיר נישט גע־קענט, ווייל ווען איך בין אַריינגעקומען אין כאַטע צו איר זענען דאָרט געווען אַ סך מענטשן. צווישן זיי האָט זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן גוטשע, ווייל זי איז שטאַרק ענלעך צו אסתרן; זי איז צו מיר נישט צו־געגאַנגען מיך באַגריסן און זיך באַקענען. ווען דער עולם איז זיך פונאַנ־דערגעגאַנגען איז זי צוגעקומען צו מיר מיט אַ לאַקריץ־זיסן שמייכעלע, מיר אויסגעשטרעקט די האַנט און געפרעגט ווי איך פיל זיך נאָך אַזאַ לאַנגער רייזע?...

אוודאי וואָלט געווען אַ יושר אַז ווען עס קומט אַ גאַסט נאָך אַזאַ לאַנגער, שווערער רייזע, זאָל מען נישט נאָר יוצא זיין מיט אַ האַנטדרוק און מיט גאָרנישט פאַרפליכטנדיקע פראַגן. נאָר ווי עס פּירט זיך ביי לייטן אויפצונעמען מיט עפּעס כיבוד צו דערהאַלטן די נשמה. זי האָט דאָך

אויסגעצייכנט געווּסט פון וואַנען איך קום, ווי לאַנג איך האָב מיך גע־שלעפּט צו דעם דאָרף ווּ „דער רוח זאָגט אַ גוטע נאַכט", און אַז איך בין זיכער הונגעריק...

האָט גוטשע טאַקע אַרויפגעשטעלט אויפן טיש אַ שיסעלע מיט עפּעס. אַ מאכל געקאָכט פון טיקווע(קאַבאַק), אַ טשייניק מיט הייס וואַסער און דריי דינינקע רעפטלעך שוואַרץ ברויט.

איך האָב מיך צוגעכאַפּט צום טרינקען (נישט פאַרפאַרעט און אָן צוקער), נאָר כ׳האָב געזופּט דעם אָקרעפּ און פאַרביסן מיט דעם מוצאלע ברויט. נאָר אַ מאָדנע זאַך האָט זיך באַקומען ווען איך האָב געוואָלט פאַר־זוכן דאָס מאכל פון דעם שיסעלע; גוטשע איז געזעסן אַנטקעגן מיר און געקוקט דאָס שיסעלע הין און צוריק. ווי נאָר זי האָט באַמערקט אַז איך מאַך אַ באַוועגונג צו פאַרזוכן האָט זי באַלד דאָס שיסעלע אַ רוק געטאָן צו זיך. די פּראָצעדור האָט געדויערט לאַנג און איך האָב טאַקע דאָס מאכל נישט פאַרזוכט.

איך האָב געהאַט דאָס געפיל אַז די פרוי רייצט זיך מיט מיר, אַז דאָס איז עפּעס אַ ביטערע שפּיל מיט אַ הונגעריקן מענטשן. אַז טאָן אַזאַ זאַך קען נישט נאָר אַ שלעכטער מענטש, נאָר אַ ווילדער, מאָראַליש־פאַרדאָר־בענער.

ווי מען פאַרשטייט בין איך נאָך דעם לאַנגן ביטערן וועג געקומען נישט נאָר הונגעריק, נאָר אויך געפערלעך שלעפעריק. איך בין געזעסן ביים קליינעם טיש אַ מידע, הונגעריקע, שלעפעריקע און געטראַכט ווּ וועט גוטשע אין דעם קליינעם צימער מיך אַוועקלייגן שלאָפן? ווען זי מאַכט מיר אַ געלעגער אויפן דיל וואָלט איך געווען שטאַרק צופרידן. זאָגט אָבער גוטשע, מיט איר לאַקריץ־זיסן קול: גייט לייגט אייך שלאָפן אין מיין ווייכן, וואַרעמען בעט. מיט מיר צוזאַמען וועט אייך זיין וואַרעם. איר זענט דאָך מיד און שלעפעריק.

נאָך דער טראַגי־קאָמישער סצענע מיטן רוקן דאָס שיסעלע האָב איך פאַר דער זיסער איינלאַדונג זיך דערשראָקן ממש. כ׳האָב געוואָרפן אַ דער־שראָקענעם בליק צו אסתרן און געפרעגט: — און דיין געלעגער ווּ איז?

— איך שלאָף אויפן אויוון פון זינט איך בין געקומען, האָט אסתר מיר געענטפערט, — אויפן אויוון איז מיר גוט צו שלאָפן, — האָט זי געזאָגט.

— וואָס זאָל איך טאָן? — האָט מיין שטומער בליק געפרעגט ביי אסתרן, אָבער זי האָט מיר נישט געקענט ענטפערן, האָב איך מיך אויס־

געטאָן און אַריינגעלייגט אין דעם בעט מיט אַן אונטערפערענע און זיך אַזוי צוגערוקט צו דער וואַנט כ׳זאָל זיך צו דער גוטשען נישט צורירן.

איך געדענק נישט צי איך בין אין יענער נאַכט געשלאָפן, אָבער איך געדענק אויסגעצייכנט, אַז פאַר טאָג בין איך שנעל אַרויס פון דעם שרעק־לעכן בעט — די ערשטע. אסתר איז אויך באַלד אַראָפּ פונעם אויוון און מיר זענען אַריין צו דער שכנה, צו מאַרפאַ יאַקאָוולעוונאַ.

מאַרפאַ איז שוין געווען אויף דער מילך־פערמע. דער טאַכטער האָט זי אָנגעזאָגט זי זאָל אָפּקאָכן קאַרטאָפל און אונדז ביידן געבן אָפּצועסן. דאָרט אין שטוב ביי מאַרפען בין איך געוואָר געוואָרן אַלץ וועגן דעם שוועסטערלעכן קבלת פנים וואָס גוטשע האָט געמאַכט אסתרן.

— איצט מיינסטו דאָך מסתם, האָט אסתר פאַרענדיקט איר געשיכטע, — אַז איינלאַדנדיק דיך צו שלאָפן אין איר ווייכן בעט האָט זי געמיינט דיין טובה? ביסטו זיך טועה. זי ווייסט דאָך אַז דו קענסט יאָ נייען, האָט זי אַ וווייטן אויסקוק פאַר אירע פּלענער... דערפאַר האָט זי דיך אַזוי גערן גערופן אַהער, אַזוי ווי מיך...

נאָר ווי זאָגט דאָס ווערטל: זי האָט געטראַכט און גאָט האָט געלאַכט! טוען מיר איר אָפּ אויף טערקיש און מאַכן צו נישט אירע ספּעקולאַטיווע פּלענער. ערשטנס בין איך די צווייטע נאַכט אַרויפגעקראָכן צו אסתרן אויפן אויוון, און אויפן דריטן טאָג האָבן מיר געגומען אונדזערע קלומיקעס און אַריבערגעגאַנגען וווינען אין דער שכנישער כאַטע ביי מאַרפע יאַקאָוו־לעוונאַ.

גוטשען הייסט עס, האָבן מיר געלאָזט מיט אַ נאָז... קען זיין אַז אונדזער שריט האָט זי פאַרדראָסן, קען זיין אַז דאָס האָט איר פאַרשאַפט האַרצווייטיק. אונדז ביידע, וואָס האָט אונדז דערוואַרט אין דעם דאָרף ווו מיר האָבן גאָרנישט פאַרמאָגט — נישט געלט, נישט פּראָדוקטן? אָבער אסתר האָט מער נישט געקענט פאַרבלייבן ביי דער פאַרמעגלעכער שוועס־טער, און נאָך לאַנג פאַר מיין קומען האָט מאַרפע מסכים געווען אונדז אַריינצונעמען צו זיך. נאָך מער: מאַרפאַ האָט אַ ניימאַשין. זאָלן מיר זיך נוצן מיט אים, ווייל אַרבעט וועלן מיר האָבן...

אין דריי טעג אַרום נאָך מיין קומען האָב איך געמוזט אַוועקגיין צו־פוס קיין אוגלי זיך איינמעלדן אין דער מיליץ פונעם ראַיאָן־צענטער. ווען איך האָב דאָס געזאָגט גוטשען האָט זי אַ זאָג געטאָן: גוט! זי וועט גיין צוזאַמען מיט מיר, ווייל זי האָט עפּעס צו טאָן אין ראַיאָן.

אין דער פרי האָב איך זיך אָנגעטאָן וואַרעם און זיך אַרויסגעלאָזט אין וועג. ס׳איז געווען אַ פראָסט מיט אַ ווינט. מיר זענען געגאַנגען

שווייגנדיקע. איך — אַ שטאַרק פאַרטראַכטע און פאַרזאָרגטע: וואָס וועט זיין מיט אונדז אין דעם דאָזיקן דאָרף וועליקי? פלוצעם זאָגט גוטשע: — שפרה, איך וויל זיך פאַר אייך פאַרקלאָגן אויף מיין שוועסטער און אייך דערציילן וואָס איך האָב געהאַט פון איר אויסצושטיין ביז אייער קומען...

— נעכטן, ווען זי איז געווען דערביי, האָב איך נישט געקענט מיט אייך ריידן. נאָר אַט־די פרוי איז, צום באַדויערן, מיין שוועסטער, זי איז דאָך אַ פולשטענדיקער טויגעניכטס. אָפּגעלעבט אַ האַלבן לעבן און זיך גאָרנישט אויסגעלערנט. און טאָמער זאָגסטו איר אַ וואָרט, פאַלט זי אָן אויף דיר מיט חוצפּה. זידלט מיך, שרייט אויף מיר. ווען איך זאָל דאָס געוווען וויסן, וואָלט איך פאַר קיין פאַל זי נישט געווען גערופן צו מיר. איך האָב אויסגערעכנט, צוזאַמען מיט איר זיך איינאָרדענען מענטשלעך. קויפן אַ בהמה, ווי אויך אַ ניימאַשין. זי וועט נייען, איך וועל פירן דיווירטשאַפט...

די אַלע טענות האָב איך שוין געהערט פון אסתרן און אויב איך האָב איין רגע חושד געווען אַז זי איז עפּעס מגזם, האָב איך איצט געהאַט די געלעגנהייט צו הערן דעם צווייטן צד אַליין און זיך איבערצייגן אַז אסתרס כאַראַקטעריסטיק פון דער שוועסטער איז אַ ריכטיקע. און ווייל איך האָב שוין געוווסט ווי אַזוי די שוועסטער האָט זי פשוט געלאָזט אויף גאָטס באַ־ראָט, די אומגליקלעכע, אַנגעליטענע, שוואַכענקע אסתר, וועלכע האָט געמוזט גיין באַדינען די פּויערים כדי נישט שטאַרבן פון הונגער... און ווייל איך האָב געוווסט דאָס גאַנצע טרויעריקע לעבן אירס, אָנהייבנדיק פון דער רויער קינדהייט, — האָבן גוטשעס תרעומות צו איר מיך גע־בראַכט אין אַ געוואַלדיקן כעס. כ'האָב געפילט, אַז איך מוז צו אָט דער מיאוסער פּאַסקודנער, שלעכטער יידענע אויסלאָזן מיין צאָרן אויף גאָר אַן אַנדער מין אופן. איך האָב געקענט נאָר אויסשרייען מיט חוזק:

— איר האָט נישט געדאַרפט אַזוי פיל ליידן פון אייער שוועסטער גוטשע. איר האָט פשוט געדאַרפט נעמען אַ האַק, דערהרגענען זי — און פּטור!...

גוטשע האָט זיך נישט געריכט אַז איך וועל אַזוי רעאַגירן. זי האָט זיך פשוט דערשראָקן פאַר מיר, ווי זי וואָלט דערזען פאַר זיך אַ באַנ־דיטקע. זי האָט אין שרעק גענומען שפּאַנען שנעל פאַרויס. אָבער איך האָב איר נאָכגעהאַלטן טדאָט ביי טראָט, און אַזוי זענען מיר אָנגעקומען קיין אוגלי.

אין אוגלי איז גוטשע באַלד נעלם געוואָרן. אָבער מיך האָט שטאַרק

אינטערעסירט צוליב וואָס זי איז געגאַנגען זיבן קילאָמעטער צופוס אין אַ גרויסן פראָסט אין דעם ראַיאָנעם צענטער ?

ווען איך האָב מיך אומגעקערט אין דאָרף איז אסתר מיר שוין אַנט־קעגנגעלאָפן. מיר האָבן פאַרנומען אונדזער פאַרמעגן, רחמנא ליצלן, און זענען אַריבער וווינען צו מאַרפאַ יאַקאָוולעוונאַ. און אויס — געענדיקט מיט גוטשען.

און דערוויסן זיך וואָס ס'האָט זי באַוויגן אין דעם פראָסט צו גיין קיין אוגלי איז געווען נישט שווער. אין יענע טעג האָט די סאָוועטנמאַכט דאָך דורכגעפירט די געלט־רעפאָרם וואָס האָט צו נישט געמאַכט דעם ווערט פון די רובלס. גוטשע איז פון דער מלוכישער אונטערנעמונג שטאַרק געטראָפן געוואָרן. זי האָט אַפילו מורא געהאַט איבערצורײדן וועגן דעם, אָבער אַלע אין דאָרף האָבן געוווּסט. יענע וועלכע האָבן געהאַט דאָס געלט אין די בענק האָבן גאָרנישט אָנגעווירן, אָבער אַנדערע וועלכע האָבן געהאַלטן דאָס געלט אין דער היים אין די קופערטס, אַזוי ווי גוטשע, איז פון דעם געלט געוואָרן בלאָטע. איז זי איצט געלאָפן דאָס אַנטווערטעטע געלט אַרײנטראָגן אין באַנק... און מען זאָל פאַרשרייבן אַז עס ליגט שוין פון יאָרן צוריק, זי איז גרייט געווען אַפילו אונטערשמירן די באַאַמטע וועמען זי האָט געקענט. אומזיסט.

אסתר און איך אויך האָבן איר געוווּנטשן זי זאָל אַלע אָפּשפּאָרונגען פאַרלירן, זי זאָל איבערגיין אויף אונדזער שטאַנד — אפשר וועט דאָס אויפוועקן אין איר צוריק דעם צלם אלוקים...

## מאַרפאַ יאַקאָוולעוונאַ

דאָס דאָרף „וועליקי אָקטיאַבער" האָט פאַרמאָגט איין לאַנגע, ברייטע נישט ברוקירטע גאַס, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן ביים וואַלד. פון דער גאַס האָבן זיך געצויגן שליאַכן אין פאַרשידענע ריכטונגען אין ראַיאָן־צענטער אוגלי, און אין אַנדערע דערפער און צו דער בריגאַדע.

די הייזער אין דאָרף — הילצערנע — אַלע לויט איין שניט, אַלע מיט איין פּנים. אין יעדן פון די הייזער איז געווען קודם אַן אַלקער אין וועלכן ס'האָט זיך אויפגעהאַלטן דאָס באַלעבאַטישקייט פון די איינוווינער — די בהמה, דער חזיר, שעפּסן, עופות און אויך אַ קאַסטן טרוקענע שפּייז. און פון דאַנען — אַ שמאָלע טיר אין אַ קלײנעם צימער ווו ס'האָט געלעבט די גאַנצע משפּחה, ווי גרויס זי איז נישט געווען. די ווענט אין צימער שטוקאַטורט, געקאַלכט, דער דיל — אַ הילצערנער. אַ פערטל פון דעם צי־

מער האָט פאַרנומען דער אויוון אין וועלכן מ'האָט געבאַקן ברויט און געקאָכט.

איז אָט אין אַזאַ קליינעם צימער, ווו ס'האָט געוווינט מאַרפאַ יאַקאָוו־לעוונאַ מיט פינף נפשות, האָבן אויך מיר ביידע זיך אַריינגעשטופּט.

מיר האָבן געמוזט, די נויט האָט אונדז געצוווּנגען. פון גוטשען האָבן מיר געמוזט אַנטלויפן. פאַרלאָזן דאָס דאָרף האָבן מיר נישט געקענט. מיר האָבן ביידע נישט געהאַט וווהין צו פאָרן, און קיין געלט אויף רייזע־הוצאות אויך נישט. אין אָט דער הילפלאָזער לאַגע האָט מאַרפאַ יאַקאָוו־לעוונאַ אונדז פשוט געראַטעוועט. און מיר זענען איר געווען דאַנקבאַר וואָס זי האָט, נישט קוקנדיק אויף דער ענגשאַפט אין איר צימער, אונדז אויך אַריינגענומען.

אין איר צימער איז געשטאַנען איין בעט אין וועלכן זי איז געשלאָפן מיט איר טאָכטער און זונטיק ווען דער זון פלעג קומען אַהיים פון דער בריגאַדע האָט ער אויך גערוט אין דעם זעלבן בעט. די צוויי קליינע ייִנג־לעך זענען געשלאָפן אויפן אויוון. אַריינקומענדיק פון דרויסן פלעגן זיי באַלד אַרויף אויפן אויוון — זיך וואַרעמען. זיי האָבן דאָך אויף זיך קיין העמדלעך נישט געהאַט.

ביי דער זייט פון בעט איז נאָך געשטאַנען דער קאַסטן אין וועלכן מען פלעג אַריינשיטן דעם ווייץ, וואָס די מאַמע און דער זון פלעגן באַקו־מען פאַרן אַרבעטסטאָג. אויף דעם קאַסטן האָבן מיר זיך איינגעאָרדנט — איך מיט אסתרן. דער קאַסטן — שמאָל און קורץ, אויסציען די פיס נישט מעגלעך. פונעם פענצטער האָט געיאָגט אַ קעלט. איך פלעג מורא האָבן נישט אַראָפּצופאַלן ביינאַכט. אין לאַגער האָב איך געהאַט בעסערע באַקוועמלעכקייטן. נאָר מיר האָבן דאָך קיין ברירה נישט געהאַט.

ערגער איז געווען צו מאָרגנס. אויפשטייענדיק האָבן מיר שוין נישט געהאַט וואָס צו עסן. מיר האָבן זיך נישט געקענט דערלויבן צו נעמען עפּעס ביי דער ביז גאָר אָרעמער משפחה, האָב איך געזאָגט אסתרן, אַז איך וועל אַריינגיין צו גוטשען בעטן זי זאָל אונדז באָרגן, אויסלייען אַ ביסל מעל און קאַרטאָפל. פאַר איר איז דאָס געווען אומגלויבלעך: שפרה, די שטאָלצע, וואָס איז קיין מאָל נישט מוחל קיין עוולות, זאָל אָנבייגן דעם קאָפּ פאַר גוטשען? זי האָט מיך געפּרווּוט אָפּריידן פון דעם שריט, מחמת אָט באַלד וועט קומען די פאַרוואַלטערין פון דעם קאָלכאָזנעם קלייטל איך זאָל איר איבערגייען אַ מאַנטל, וועל איך מיר שוין פאַרדינען אויף חיונה. ניין, איך האָב מיך נישט געקענט פאַרלאָזן אויף דעם. אַרבעטן מיט אַ פּוסטן מאָגן איז אויך נישט קיין ענין. איך וועל דאָך אַריינגיין. איך

האָב גענומען אַ שיסל מט אַן עמער און ווען איך בין אַריינגעקומען האָט גוטשע זיך דערשראָקן. איך בין גלייך צוגעטרעטן צום ענין. אויסהערנדיק מיך האָט זי אָנגעשטעלט צוויי פאַרוווּנדערטע אויגן, צונויפגעצויגן אירע דינע ליפּעלעך אַז דאָס מאָל האָב איך זיך דערשראָקן. אָט וועט זי מיר אַ זאָג טאָן „פּאַשאָל וואָן״, נאָר זי האָט גענומען מיינע כלים, איז אַוועק אין קעלער און אין שייער און מיר געבראַכט די פאַרלאַנגטע שיסל מעל און קאַרטאָפל. דערביי האָט זי געזאָגט, אַז דאָס לייט זי נאָר מיר, נישט דער שוועסטער.

כ׳האָב אויך אָנגענומען דאָס ערשטע שטיקל אַרבעט אין דאָרף און אָנגעהויבן מיין נייע בייטאָרין-קאַריערע. אַזוי ווי צושניידן האָב איך נישט געקענט בין איך געווען נאָר אַ האַלבע שניידערין. אָבער איבערנייען, איבערניצעווען אַ בגד — אויף דעם בין איך געווען אַ בריה. און אַזאַ מין אַרבעט איז געווען אין דאָרף אַ סך. איבערנייען, איבערדרייען, ווייל קריגן נייע סחורה, און באַשטעלן אַ מלבוש ווי דיר געפעלט איז געווען נישט פון די גרינגע זאַכן, נישט נאָר אין דאָרף — אין גאַנצן לאַנד.

מיט מיין ערשטער קליענטין האָב איך זיך איינפאַרשטאַנען: זי וועט מיר באַצאָלן מיט פּראָדוקטן. מיט אסתרן האָבן מיר פּלייסיק אַן אַרבעט געטאָן, האָבנדיק אין זינען, אַז די אַרבעט מוז געמאַכט ווערן שיין און גוט. דאָס וועט זיין אַ רעקלאַמע. די תושבים פון דאָרף וועלן ברענגען באַשטעלונגען און מיר וועלן זיין געראַטעוועט.

און — כך הווה.

די פאַרוואַלטערין פון דעם קלייטל איז געווען זייער צופרידן. זי האָט אונדז געבראַכט מעל, קאַרטאָפל, זאַלץ, גרויפּן, שוועבעלעך און אַפילו אַ שטיק פלייש. ס׳האָבן זיך אַ שאָט געטאָן קליענטן. מ׳האָט געטראָגן פּראָדוקטן און — חי געלעבט! אין מאַרפּאָס קליינעם צימערל איז געוואָרן פריילעך. דעם ערשטן מיטאָג וואָס אסתר האָט אָפּגעקאָכט מיט דעם פלייש האָבן מיר געגעסן מיט דער גאַנצער משפחה. באַזונדערס האָבן געסמאַקעוועט וואַנקע און טאָליע, די צוויי חברה. און וואָס איז דאָס חידוש? פלייש איז דאָך אַ גאַווינע.

איך דאַרף אונטערשטרייכן אַז באַקומען דאָס ערשטע שטיקל אַרבעט פון דער קלייט-פאַרוואַלטערין איז געווען פאַר אונדז אַ גליק, ווייל פּראָדוקטן וואָס דאָס קלייטל באַקומט פונעם צענטער מיט אַ שטרענגער נאָרמע, וואָלטן מיר אויך פאַר געלט נישט געקראָגן. מאַרפּאַ יאַקאָוולעוונאַ האָט מיר דערציילט, אַז זי האָט שוין פאַרגעסן ווי זייף זעט אויס. פון צייט פון דער מלחמה ברענגט מען נישט קיין זייף. די קאָלכאָזניקעס וואַשן וועש

מיש אַש. צום באָדן זיך נוצט מען אויך אַש... ס׳איז דעריבער קיין וואונדער נישט וואָס אין די דערפער ליידט מען פון אַזאַ פּלאָג ווי לייז. אין זייער דאָרף איז אַפילו קיין באָד אויך נישטאָ. ביי מאַרפען האָבן מיר זיך אַרומ־געוואַשן איין מאָל אין דער וואָך. אין קליינעם צימער האָט מען אַוועקגע־שטעלט די וועש־באַליע, יעדער האָט באַקומען אַ פּאָרציע אַש־וואַסער, איז... דעם שמוץ האָט מען פון זיך אָפּגעוואַשן, אָבער די פּאַראַזיטן זענען גע־בליבן. אין לאַגער האָבן מיר פון אַזאַ פּלאָג נישט געוווּסט. דאָרט האָט מען זי באַקעמפט. לעבנדיק צו אַכציק, הונדערט מענטשן אין אַ באַראַק, ווען עס פאַרשפּרייטן זיך אינפעקציע־שלאַפקייטן ווערט דאָך אָן די מלוכה אומזיסטע אַרבעטסקראַפט. אָבער דאָ, אויף דער פריי, גייט עס קיינעם נישט אָן, קימערט עס קיינעם נישט.

אין דער צייט האָבן מיר באַקומען אַ בריוו פון עדען וועלכע איז מיט איר שוועסטער פּאָלינאַ נאָך פאַרבליבן נאָך מיין באַפרייונג דערזיצן זייער סראָק. אַזוי ווי זייער סראָק איז אויסגעפאַלן נישט איינצייטיק האָט עדאַ באַפרייענדיק זיך, באַשלאָסן צו פאַרבלייבן אין קניאַזש־פּאָגאָסט, ווו זי האָט זיך איינגעאָרדנט אין אַ שניידער־וואַרשטאַט, ביז פּאָלינעס באַ־פרייונג.

נאָר ווי שלעכט איז געווען עדען ווען זי האָט זיך דערוווּסט אַז פּאָלינע און אויך אַנדערע וועלן נאָך דעם צען־יאָריקן לאַגער ערשט פאַר־שיקט ווערן אין פאַרשידענע ווייטע געגנטן פון סיביר. דעריבער וועט זי בלייבן אין קניאַזש פּאָגאָסט אַזוי לאַנג ביז זי וועט באַקומען אַ ידיעה פון פּאָלינעס פאַרשיקונגס־אָרט כדי אַריבערקלייבן זיך צו איר.

לייענענדיק דעם בריוו האָבן מיר ביידע געוויינט. דאָס איז דאָך אַ גייע גזירה פון דער ראַטנמאַכט. דאָס הייסט דאָך אַ צוגאָב־שטראָף אויף אומשולדיקע מענטשן, אָן אַ שום משפּט. די שטראָף איז נאָך געווען אַכזר־יותדיקער ווי דאָס האַלטן די מענטשן אין לאַגער. אין לאַגער האָט מען געדאַרפט זאָרגן פאַר זיי מיט „וווינונגען״, מיט באַשפּייזונג. אַרויסגעשיקטע מוזן זיך אַליין זאָרגן פאַר זיך און קודם כל — אַרבעטן... כדי נישט שטאַרבן פון הונגער, און נישט פאַרוואַנדלט ווערן אין בראָדיאַגעס. אַרויס־געלאָזט פונעם לאַגער — אויב האָסטו נישט קיינעם צו וועמען צו קומען און זיך אָנשפּאַרן די ערשטע טעג — ביסטו אָנגעוויזן אויף גאָטס באַ־ראָט. ראַטעווע זיך ווי דו קענסט, ווי ס׳איז געווען מיט מיר און מיט אסתרן.

פּאָלינאַטשקע האָט יאָ געהאַט צו וועמען צו פאָרן. אַ שוועסטער אין

סווערדלאָווסק האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אויף זייער באַפרייונג. אויך רייַע שניידער, אונדזער חברטע, וואָס איז פאַרבליבן אין קניאַזש־פּאָגאָסט, האָט אונדז געשריבן מיט ווייטיק און פאַרדראָס וועגן דער נייער גזירה. און וועמען האָט עס געטראָפן? אונדזער אידעלע פּאָלינאָטשקע וועלכע האָט איבערגעלעבט אַזאַ טראַגעדיע: — דאָס פאַרלירן אַ זון אויפן פראָנט, די חתונה פון איר געליבטן מאַן מיט אַן אַנדערער וועלכע איז געוואָרן אַ מאַמע פון איר ייִנגסטן ייִנגל וועמען זי האָט געהאָפט נאָך דער באַפרייונג אָפּצונעמען פון דער פרעמדער פרוי. וואָס וועט זיין מיט אָט דער איידעלער, פילבאַרער פרוי וועלכע האָט איין מאָל אין לאַגער שוין געפרוּווט זיך אָנטאָן אַ מעשה?

אין דער זעלבער צייט באַקום איך אויך אַ בריוו פון דעם דייטש, מיין וועג־חבר ביז רובצאָווסק. ער איז אָנגעקומען אין אַ טאָג אָרום אין דאָרף צו זיין משפחה וועלכע איז געווען גליקלעך מיט זיין אומקער. דאָס לעבן אין קאָלכאָז איז אמת זייער שלעכט, אָבער ער האָט אַ היים... ער האָט נישט געקענט פאַרגעסן די זאַווערוכע אין וועג און דאָס איבערגעלעבטע אין דעם טראַקטאָר־שטעטל.

### די זאַווערוכע, אָדער דער בוראַן...

ווען עס צעשפּילט זיך אַזאַ מין נאַטור־קאַראַהאָד לעבט מען אין דאָרף אין אַ גרויסער מורא. פאַרכאַפּט עס וועמען אין וועג איז עס אַ זיכערער טויט. הייבט עס אָן צו דרייען פאַרבלייבט מען אין די כאַטעס.

וואָס זשע טוט מען אַז אין אַזאַ איבערקערעניש איז די באַלעבאָסטע נישטאָ אין דער היים? מיט דער נאַכט גייט זי אַוועק אויף דער פערמע און קומט אַהיים מיט דער נאַכט...

אין דרויסן בושעוועט, עס וואָיעט און מיר שטייען ביים קליינעם פענצטער אין איינע זאָרגן. ס'איז אַזאַ מין שווינדלענדיק שניי־געדריי אַז מען זעט נישט די הייזער פון וויזאַווי. וועט מאַרפאַ איינשטעלן און זיך לאָזן אַהיים?

די מילך־פערמע איז נישט ווייט. ווען ס'איז רויִק אין דרויסן זעט מען דורכן פענצטער די געביידע.

טאָליע, דער קלענסטער שרייט מיט טרערן:

— איך גיי אַנטקעגן דער מאַמען...

ס'האָט מיט אַ מאָל זיך אָנגערוקט אַ פינצטערניש. מען זעט שוין גאָרנישט וואָס עס טוט זיך אויף דער גאַס. און איידער מיר האָבן זיך

געכאַפּט האָט רײַע, די טאָכטער, אַ שטופּ געטאָן די טיר און איז אַרויסגע־לאָפן. מיר זענען געשטאַנען פאַרגליווערטע ביים פענצטער וואַרטנדיק שוין אויף צוויי מענטשן. וויפל דאָס האָט געדויערט געדענק איך נישט, אָבער רײַעטשקעס קול קלינגט מיר נאָך היינט אין די אויערן; דאָס איז געווען אַ פריידיק־נצחונדיקער אויסגעשריי: מיר זענען געקומען! טאָליע מיט וואַ־ניען האָבן זיך אָנגעהאָנגען אויף דער מוטער מיט אַ געוויין. מיר בײדע זענען געשטאַנען אין אַ זייט און פאַרגינעריש זיך צוגעקוקט צו דער ליבע, דער זאָרג, דער איבערגעגעבנקייט וואָס הערשט אין דעם אָרעמען הויז־געזינד.

אָרעמקייט. אפשר וועט זיין געגוג צו באַצייכענען דעם גראַד פון דער אָרעמקייט מיט דעם אַז פאַר דריי קינדער אין שולעלטער איז געווען איין פּאָר וואַלענקעס. און דערפאַר איז אין שול געגאַנגען נאָר דאָס טעכטערל, רײַעטשקע. און נישט נאָר קיין וואַלענקעס האָבן זיי נישט געהאַט פאַר אַלע משפּחה־מיטגלידער, נאָר אויך קיין פּאַסיקע בגדים צום ווינטער. איין טע־לאָגרייקע פאַר דרייען. ווען רײַע איז געווען אין שול זענען די יינגעלעך געזעסן אויפן אויוון. דער קליינער טאָליע האָט אויסגעזען געוואַלדיק קאָ־מיש אין דער לאַנגער ברייטער טעלאָגרייקע און אין די גרויסע וואַלענקעס, וואָס זיי האָבן געטראָגן אויף באָרוועסע פיסלעך.

איין מאָל האָט מאַרפאַ אויפגעעפנט דעם קאַסטן אויף וועלכן מיר זע־נען געשלאָפן און אַרויסגעשלעפּט פון דאָרט אַ ביי שטיק לייוונטענע סחורה פון גרויען קאָליר. די סחורה האָט זי אָפּגעשפּאָרט נאָך פאַר דער מלחמה. איז זי געווען שטאַרק צופרידן וואָס ביי איר וווינט אַ בייטאָרין וואָס וועט נישט אָפּזאָגן עפּעס מאַכן פון דעם פאַר דער משפּחה.

— איר זעט דאָך, האָט זי טרויעריק מיר געוויזן אויף די יינגלעך — זיי האָבן דאָך נישט קיין העמדל אויפן לייב...

פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב פון דעם אויסגעשניטן פאַר זיי וואָס ס׳האָט זיך געלאָזט.

אָבער די דאָזיקע משפּחה איז נישט געווען קיין אויסנאָם אין דעם קאָלכאָזנעם דאָרף. אין אַזאַ מין גרויער נויט האָבן געלעבט די מערהייט איינוווינער. און באַזונדערס יענע משפּחות וועמעס מענער און זין האָבן זיך נישט אומגעקערט פון דער מלחמה.

עס ליגן מיר נאָך גוט אין טעם יענע ווינטער־חדשים ווען מאַרפע האָט אַריינגענומען אין שטוב דאָס ניי־געבאָרענע קעלבעלע און אויך אַ קליין חזירל. זי האָט אויסגעשפּרייט שטרוי פאַר זיי צווישן בעט און דעם ווענטל,

ווייל אין שייער וואָלטן זיי פאַרפראָרן געוואָרן. ביינאַכט איז געווען נישט איבערצוטראָגן פון דעם געשטאַנק פון די צוויי בעלי־חיים. איך מיט אסתרן האָבן זייער געליטן פון דער שטיקנדיקער לופט, אָבער פאַר מאַרפען און אירע קינדער איז דאָס געווען אַ גרויס גליק. זיי האָבן זיך קוים דער־וואַרט אַז דאָס קיעלע זאָל זיך קעלבן. מיט וואָס פאַר אַ זאָרג זיי פלעגן יעדן זונטיק וואַשן דאָס ראָזעווע חזירל מיט אַש־וואַסער מיט וועלכן זיי האָבן זיך אַליין געוואַשן.

אַרבעט האָבן מיר געהאַט. נייענדיק האָב איך מיך אויך געלערנט. איך בין נעכט נישט געשלאָפן, איך האָב מיר אויסגעדרייט דעם קאָפּ ווי אַזוי צושניידן אַ מאַנטל, אַ קליידל. איך האָב נישט געטאָרט אַרויסלאָזן קיין קליענטן. געמוזט היטן דעם פּרעסטיזש פון אַ גוטער שניידערין, פאַר וועל־כער איך האָב אַ שם באַקומען אין דאָרף. ווער ס׳האָט געצאָלט מיט פּראָ־דוקטן, ווער אַפילו מיט געלט. מ׳איז געווען מיט מיר צופרידן.

דאָס איז פאַר אונדז ביידן געווען אַ באַלערנדיקער צייכן אַז שניי־דעריי מוז ווערן דאָס פאַך ביי וועלכן מיר מוזן זיך אָנהאַלטן, אויב מיר ווילן נישט אומקומען. אַז ס׳איז נייטיק דאָס פאַך אויסלערנען גרינטלעך. אומבאַדינגט.

סוף פעווראַל ווען די טעג האָבן אָנגעהויבן גרעסער ווערן, ווען די זון האָט זיך שוין פאַרהאַלטן לענגער אין די קליינע פענצטער און מאַרפע האָט דאָס קעלבל מיטן חזירל אַריבערגעפירט אין שייער — איז אומגעריכט אַריינגעקומען גוטשע.

עס זענען שוין פאַרביי דריי חדשים ווי מיר זענען פון איר אַוועק און כאָטש מיר האָבן געוווינט בשכנות, האָבן מיר זיך נישט געזען.

זי איז געקומען נישט ווייל זי האָט זיך פאַרבענקט נאָך דער שוועס־טער, אָדער חרטה געקראָגן פאַר דער ווילדער באַציונג צו איר — זי איז געקומען צו מיר, דער שניידערין מיט אַ באַשטעלונג. איך זאָל איר איבער־נייען אַ קלייד.

ווי לאַנג זי איז געווען אין צימער האָט אסתר נישט אויפגעהויבן די־אויגן צו איר, נישט אויסגעדרייט דעם קאָפּ. איך האָב איר נישט פאָרגע־לייגט זיצן. אָן ווערטער האָב איך באַטראַכט דאָס קלייד און ווען איך האָב זיך איבערצייגט אַז איך וועל דאָס קענען מאַכן גוט, אַז איר, דער גרויס־שטאָטישער דאַמע זאָל געפעלן, האָב איך עס אָנגענומען.

אונדזער קאַלטע אויפנאַמע איז געווען אַ מין נקמה אין דער דאָזיקער מרשעת. צעטרענט האָבן מיר דאָס קלייד תיכף, נאָר אָפּגעשלעפּט האָבן מיר לאַנג. און דאָס איז אויך געווען נקמה. ווען דאָס קלייד איז פאַרטיק

געוואָרן האָבן מיר דאָס קלייד איר אָפּגעשיקט מיט רײַעטשקען און איר געהייסן זאָגן, אַז מיט דעם האָבן מיר געדעקט דעם חוב פאַרן שיסל מעל און דעם עמערל קאַרטאָפל וואָס זי האָט אונדז געבאָרגט... און דאָס איז אויך געווען אַ שפּיי איר אין פּנים.

דאָס קלייד האָט זיך באַקומען אויסגעצייכנט אין אַלע הינזיכטן און האָט אונדז ביידע ווידער איבערצייגט אַז מיר זענען אויף אַ גוטן דרך. מיר וועלן שוין מיט דעם פּאַך נישט פאַרפאַלן ווערן.

פּלוצעם האָבן מיר באַקומען אַ בריוו פון שרה ביגלאַייזן וועלכע האָט געאַרבעט מיט אונדז אין דעם לאַגער־קאָמבינאַט אין ראַקפּאַס.

שרה האָט זיך באַפרייט מיט אַ צייט פאַר אסתרן. און ביים אָפּשייד האָט אסתר איר געגעבן גוטשעס אַדרעס. אַ יאָר צייט האָבן מיר פון איר נישט געוווּסט. און אָט פּלוצעם — אַ בריוו און אירע אויספירלעך־געשיל־דערטע איבערלעבונגען נאָך דער באַפרייונג.

פּונקט ווי מיר ביידע האָט שרה נישט געהאַט אין דעם גרויסן לאַנד קיין קרובים אָדער גוטע פריינד, האָט זי פרייוויליק אויסגעקליבן אַלטייער קאַנט און נאָר דערפאַר, ווייל זי האָט געוווּסט, אַז אַהין קלייבן זיך אירע לאַגער־פריינדינס אסתר און איך.

אָבער, אויף דער באַן־סטאַנציע אין קניאַזש־פּאַגאָסט האָט שרה זיך באַקאַנט מיט אַ פרוי, אויך אַ באַפרייטע. יענע האָט זי אָפּגערעדט פון איר אויסוואַל. קיין אַלטײַ? אין אַ פאַרוואָרפן דאָרף? אין אַ קאַלטער געגנט ווען מ'איז הויל און נאַקעט? פאָרן דאַרף מען קיין בוכאַראַ. אַ גרויסע שטאָט ווו מען קאָן זיך איינאָרדענען. אַ וואַרעמער קלימאַט, אַ געגנט פון גרינצייגן און פרוכטן.

שרה האָט זיך געלאָזט איבעררעדן און איז געפאָרן קיין בוכאַראַ.

די רייזע איז מיט אַלעמען געווען ענלעך צו אונדזערער. זיך געוואַל־גערט אויף סטאַנציעס מיט טויזנטער באַפרייטע שקלאַפן, זיך געשלעפּט מיט פראַכט־וואַגאָנען, געהונגערט. דער וועג נאָך לענגער ווי אונדזערער. ווען זי איז סוף כל סוף אָנגעקומען קיין בוכאַראַ, איז זי געווען אין גאַנצן אָן כוחות און אָן געלט; נישט האָבנדיק ווי זיך אַהינצוטאָן איז דאָס איינ־ציקע אָרט ווו זי האָט זיך געקענט אויפהאַלטן עטלעכע טעג געווען דער וואָקזאַל און דאָס פּלאַץ לעבן אים.

וואָס וועט ווערן פון איר פון אַזאַ בראָדיאַגע־לעבן? זי האָט זיך גע־מוזט איינאָרדענען. אָבער פאַר באַפרייטע פון די לאַגערן איז דאָס געווען נישט פון די גרינגע זאַכן. זיי זענען אין ערגעץ נישט געווען קיין אָנגע־לייגטע מיטאַרבעטער. נאָר אַ חוץ דעם איז געווען איין גרויסע מניעה וואָס

איז פֿאַרבונדן מיט אַ געזעץ אין דעם שקלאַפֿן־לאַנד. און נעמלעך: אַנגענע־מען אויף אַרבעט אין יעדער אונטערנעמונג קען מען ווערן נאָר דאַן ווען מ׳איז צוגעשריבן צו אַ דירה ווו מען לעבט. און צושרייבן, אויב דו האָסט שוין אַפֿילו געפֿונען אַ וווינאָרט, איז פֿון די שווערסטע זאַכן.

אָבער שרהס וווינאָרט איז געווען דער בוכאַרער וואָקזאַל. וואָס האָט זי געקענט טאָן?

און דאָך איז זי אַרומגעקראָכן אַ מידע, לונגעריקע איבער די הייסע בוכאַרער גאַסן און געזוכט אַ שניידער־אונטערנעמונג, ווייל זי האָט גע־האַלטן, אַז שניידעריי איז איר פֿאַך. אָבער — אַן דערפֿאָלג. און נישט נאָר דערפֿאַר ווייל זי איז געווען אַ היימלאָזע, נאָר אויך דערפֿאַר ווייל זי האָט אויסגעזען שרעקלעך. וועלכער פֿאַרוואַלטער פֿון אַן אונטערנעמונג וועט צולאָזן צו זיך אויף דער אַרבעט אַ מענטשן, וואָס איז שמוציק פֿון לאַנגן וואַלגערן זיך איבער וואָקזאַלן און באַנען. און צו דעם — דער ייחוס־בריוו פֿון אַ לאַגערניק. יעדער אַנפֿירער פֿון אַן אונטערנעמונג, יעדער פֿאַרוואַל־טער היט זיך די ביינער, סטראַכירט זיך, עס זאָל אים אַ מאָל נישט אויס־פֿאַלן באַקעם אַז ער האָט אונטערגעהאַלטן, געשטיצט באַוווסטזיניק אַ מענטשן וואָס איז געזעסן ווי אַ „שונא פֿון פֿאָלק״...

איר פֿאַרצווייפֿלונג איז נישט צום באַשרייבן. פֿאַרוואָרלאָזט ווערן? אין יונגן עלטער? אומקומען? דערפֿאַר האָט זי זיך געראַנגלט צען יאָר אין לאַגער און איבערגעלעבט אַלע צרות, אַז זי זאָל אומקומען אויף דער פֿריי?

שרה האָט פֿאַרקויפֿט אַלע אירע זאַכן, זיך געקויפֿט אַ באַן־בילעט קיין רובצאָווסק מיט דער כוונה צו קומען צו אסתרן אין דאָרף.

איין מאָל, אויף אַ באַן־סטאַנציע, שוין נישט ווייט פֿון רובצאָווסק, איז שרה איינגעשטיגן אין וואַגאָן אַן אָנגעפּראָפּטן מיט פּאַסאַזשירן. קיין ערטער זענען נישט געווען אַפֿילו נישט אויפֿן דיל. שרהן האָט באַמערקט אַ יידישע פֿרוי וואָס איז געזעסן אויף אַן אונטערשטער באַנק. די פֿרוי האָט זי אַ רוף געטאָן אויף ייִדיש: קומט אַהער! זעצט זיך לעבן אונדז, מיר וועלן זיך צונויפֿרוקן!

שרה האָט זיך געוואָרפֿן אין די אויגן מיט אירע רויטע האָר. דערצו האָט מען געזען אַז זי איז מיד אויף טויט, וואָס האָט אַרויסגערופֿן מיטלייד ביי דער פֿרוי, שוין נישט ריידנדיק פֿון דער מאַגנעטישער צוציונג פֿון איין יידן צום צווייטן.

שרה האָט זיך אַריינגעקוועטשט צווישן דער פֿרוי און אירע צוויי קינ־דער און ווי געוויינלעך אין אַזעלכע פֿאַלן זיך באַקאַנט: ווער זענט איר? פֿון וואַנען און וווהין פֿאָרט איר? א.אַז.״וו.

שרה האָט פאַר דער פרוי גאָרנישט פאַרהוילן. שטילערהייט, אויף יידיש האָט זי איר דערציילט איר גאַנצע טראַגישע געשיכטע, ביז איר קומען קיין בוכאַראַ, ווו זי האָט זיך נישט געקענט איינאָרדענען אויף אַרבעט. פאַר וואָס זי פאָרט אין האָרף „וועליקי אָקטיאַבער", צו אירע צוויי חברטעס טיילן מיט זיי איין גורל.

די פרוי האָט זי אויסגעהערט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט און געזאָגט:

— איר דאַרפט זיך שעצן גליקלעך וואָס דער גורל האָט אייך צונויפגעפירט דווקא מיט מיר, ווייל ווען איר פאָרט אין דאָרף וואָלט איר אַריינגעפאַלן אין גרעסערע צרות ווי אין בוכאַראַ.

אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז די פרוי לעבט אין רובצאָווסק מיט איר משפחה פון סאַמע אָנהייב פון קריג, אַז זיי האָבן זיך עוואַקואירט אַהער מיטן כאַרקאָווער טראַקטאָר־זאַוואָד, ווו עס אַרבעט איר מאַן; אַז זי הייסט שרה און לויטן מאַנס פאַמיליע — סעגאַל; אַז דער זאַוואָד האָט זיך שטאַרק צעוואַקסן; אַז דאָרט אַרבעטן ביי צען טויזנט אַרבעטער און צווישן זיי אַ גרויסע צאָל יידן; אַז די יידן זענען שטאַרק אַקטיוו און באַמיען זיך איינצואָרדענען אויף אַרבעט יידן וואָס קערן זיך אום פון די לאַגערן. ווייל קיין רובצאָווסק וואָס איז טיף היגטערלאַנד קומען אַ סך לאַגערלייט.

די פרוי שרה האָט איר דערביי אַנטפּלעקט אַ גרויסן סוד, אַז די אַקטיוויסטן קלייבן זיך צונויף אין איר הויז דאַוונען און איינציייטיק געפינען מיטלען צו העלפן די נויטבאַדערפטיקע. דערביי האָט די דערציילערין געפרעגט צי זי ווייסט וויפל יידן ס׳קומט אויס אויסצושטיין רעליגיעז־גלייביקע? אַוודאי האָט שרה ביגלאַייזן דאָס צו גוט געוווּסט. זי האָט זיך דאָך צוזאַמען מיט די „פאַרברעכער" געפונען אין משך פון צען יאָר. און געוווּנדערט האָט זי זיך פון דער אומפאָרזיכטיקייט מיט וועלכער די פרוי האָט איר אַנטפּלעקט דעם סוד וואָס קאָן נישט ווילגדיק ברענגען אויף דעם מנין גרויסע צרות.

אָנקומענדיק קיין רובצאָווסק אָן זאַכן, אָן געלט, האָט די פרוי שרה סעגאַל געבראַכט אונדזער שרה צו זיך אַהיים. זי האָט זי באַקאַנט מיט איר מאַן. מ׳האָט איר געגעבן אַ מעגלעכקייט זיך אַרומצווואַשן, אָפּצועסן און אַ געלעגער זיך אויסצושלאָפן, און אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען זי איינגעאָרדנט אין זאַוואָד אויף אַרבעט.

איר אַרבעט? אַן אָנגעשטעלטע אין דער צענטראַלער קלאַדאָווע ווו ס׳זענען קאָנצענטרירט אַלע אינסטרומענטן, וואָס די אַרבעטער פון אַלע

צעכן באַקומען פֿאַר זייער אַרבעט. צוזאַמען מיט דער אַרבעט האָט זי אויך באַקומען אַן אָרט אין צוזאַמענוווינונג.

לייענענדיק דעם בריוו האָבן מיך געשטיקט די טרערן. צוריק מיט פֿינף חדשים בין איך געווען אין רובצאָווסק, אין דער זעלבער לאַגע וואָס שרה אין בוכאַרע. פֿאַר וואָס האָב איך נישט געפֿאָלגט די דייטשע פֿרוי ביי וועמען כ׳האָב געגעכטיקט 5 נעכט איך זאָל גיין אויפֿן זאַוואָד? זי האָט דאָך מיר געזאָגט, אַז די יידישע אָנפֿירער העלפֿן אַ סך און נישט נאָר פֿון אייגענעם שטאַם. שרהן האָט באמת געגליקט, און מיר זענען געווען צופֿרידן פֿאַר איר. און מיר זענען געווען גליקלעך וואָס שרה ראָט אונדז צו קומען קיין רובצאָווסק און פֿאַרזיכערט אַז מיר וועלן אויך געהאָלפֿן ווערן.

פֿאַרענדיקנדיק לייענען דעם בריוו און פֿאַרשטייענדיק אַז אויך פֿאַר אונדז קומט אַ גאולה האָבן מיר ביידע זיך צעוויינט אויף אַ קול. מיר האָבן דאָך אַפֿילו אויפֿגעהערט טראַכטן און האָפֿן צו באַקומען פֿון שרהן אַ בריוו. מיר האָבן אַפֿילו פֿאַרגעסן אַז אסתּר האָט איר געגעבן גוטשעס אַדרעס. און געקומען איז דאָס רופֿן ווי אַ נס, און צו דער סאַמע צייט, ווען ווייטער לעבן ביי דער גוטער פֿרוי מאַרפֿאַ יאַקאָוולעוונאַ אויפֿן קאַסטן איז געוואָרן אוממעגלעך. נאָך אַן אַרבעטסטאָג ביי שניידערייִ איז דער קאַסטן געווען ווי אַ סדום־בעטל. נישט אויסצורוען זיך.

שטאַרק צופֿרידן פֿון דעם פּלוצעמדיקן גליק וואָס האָט אונדז אַ שיין געטאָן איז געווען די גאַנצע משפּחה מאַרפֿעס, כאָטש אייגנצייטיק האָבן זיי באַדויערט וואָס מיר וועלן זיך דאַרפֿן צעשיידן. מיר האָבן דאָך געלעבט ווי איין משפּחה. און ווער ווייסט צי מיר וועלן זיך נאָך זען אַ מאָל...

הכלל, מיר גרייטן זיך אין וועג אַריין. אָבער אַרויסקריגן זיך פֿון דעם דאָרף און ביז רובצאָווסק איז אין אָט דער צייט נישט פֿון די פּשוטע זאַכן. פֿרילינג, ווען דער שניי צעגייט צעגיסן זיך טייכן, אויף די וועגן מאַכן זיך בלאָטעס — נישט דורכצוקריכן. עס שטעלט זיך אָפּ דער גאַנצער טראַנספּאָרט. און פֿון אוגלי, דעם ריי־צענטער, גייען נישט קיין לאַסט־מאַשינען קיין רובצאָווסק.

וואַרטן ביזן זומער ווען עס וועלן אויסטריקענען די בלאָטעס און די מאַשינען וועלן אָנהייבן קורסירן? עס וועט נעמען צופֿיל צייט. איז דער איינציקער אויסוועג — צו פֿוס. 80 קילאָמעטער צו פֿוס מיט אונדזערע זאַכן אויף די פּלייצעס וועלן מיר דען ביייקומען? מוזן מיר זיך, לויט מאַרפֿעס עצה, איינשאַפֿן אַ שליטעלע, אויף וועלכן מיר וועלן אויפֿלאָדן אונד־

זער געפעק כל זמן אויף דער ערד איז נאָך נישט צעגאַנגען דער גאַנצער שניי. דאָס דאַרף געמאַכט ווערן גיך, ווייל אויסקומען וועט אונדז צו גיין דורך אַ וואַלד, דורך וועלכן עס ציט זיך דער שליאַך.

מיר האָבן פאַרמאָגט 110 רובל מזומן. האָבן מיר געקויפט אַ שליטעלע פאַר 15. פונעם מעל האָבן מיר אָנגעבאַקן ברויט און געטריקנט סוכאַרעס. מיר האָבן דאָך נישט געוווּסט וואָס מיט אונדז וועט זיין שפּעטער. אין רובצאָווסק האָבן מיר געהאַט דעם אַדרעס פון דער משפחה סעגאַל, וווהין מיר קענען קומען. אויפן שליטעלע האָט נישט געקענט אַרויף אונדזער גאַנ־צער באַגאַזש. וואָס טוט מען מיט די קאָלדרעס אונדזערע? יעדער קאָלדרע האָט דאָך געהאַט אַ פיינפולע ביאָגראַפיע. מיינע האָב איך געשלעפּט פון בירא־בידזשאַן דורך לאַגערן און עטאַפּן, ביז אַהער אין „וועליקי אָקטיאַ־בער". זי האָט מיר אַ סך מאָל געדינט ווי אַ מאַמע. צוריק מיט פינף חדשים אויפן אָפּענעם מאַשין, אויף נאַפט־פעסלעך, בייגאַכט האָט זי מיך געראַ־טעוועט פון פאַרפרוירן ווערן. אסתר האָט איר קאָלדרע אָפּגעשפּאַרט אין לאַגער ווו זי האָט זי פון שטיקלעך סחורה־אָפּפאַל און וואַטע אויפגעבייט מיט דער דערלויבעניש פונעם נאַטשאַלניק. מיר האָבן געמוזט די קאָלדרעס איבערלאָזן מיטן תנאַי אַז מאַרפע וועט זיי אונדז נאָכשיקן ווי נאָר עס וועט מעגלעך זיין.

און אָט — דער לעצטער טאָג אין „וועליקי אָקטיאַבער". פאַר טאָג האָבן מיר זיך געזעגנט מיט מאַרפעס קינדער, און מאַרפע האָט אונדז באַ־גלייט ביז צום וואַלד. אויפן שליאַך איז שוין קיין שניי נישט געווען, האָבן מיר געמוזט דאָס שליטעלע טראָגן אויף זיך און מאַרפע האָט אונדז גע־האָלפן.

די זון איז שוין אויפגעגאַנגען ווען מיר זענען מידע און פאַר־שוויצטע פון דער לאַסט צוגעקומען צום וואַלד. דאָרט האָבן מיר אַראָפּגע־לאָזט דאָס שליטעלע אויפן נאָך בלאַנקענדיקן שניי, זיך איינגעשפּאַנט, האַרציק זיך געזעגנט מיט אונדזער טרייען, בעסטן פריינד אין דעם דאָזיקן דאָרף, און אָוועקגעשפּאַנט.

פרילינג 1948טע יאָר. צוויי היימלאָזע יידישע פרויען אין לאַגער־קליידער, געבוירענע אין פוילן, פאַרשוואַרצטע אין רוסלאַנד, שלעפּן זיך מיט אַ שליטעלע דורך אַ לאַנגן פרילינגדיקן וואַלד אין וויטן אַלטייער קאַנט — און אויפן האַרצן איז דאָך גרינג, גלייך מיר זענען ערשט אין וואַלד געוואָרן אויף אַן אמתן פרייע מענטשן. כאָטש מיר האָבן קיין איינ־ציקן מענטש נישט געטראָפן, זענען מיר געגאַנגען אָן פחד. אונדז איז גע־ווען אַזוי גוט. דער שניי איז נאָך געלעגן, נאָר ס'האָט שוין געשמעקט מיט

פרילינג. דער וואַלד איז שוין געווען פול מיט פויגל־געזאַנג. מיר האָבן לגמרי נישט געקלערט ווי אַזוי מיר וועלן דורכגיין אַ וועג פון אַכציק קילאָ־מעטער צו פוס מיט אונדזער לאַסט. מיר האָבן אויך נישט געקלערט וועגן דעם וואָס עס וואַרט אויף אונדז דאָרט, אין רובצאָווסק. און אַזוי, צופרי־דענע און גוט־געשטימטע זענען מיר אָנגעקומען אין ערשטן דאָרף אויף אונדזער וועג ווען ס'האָט שוין גענומען צופאַלן די נאַכט.

אין דער ערשטער כאַטע פון דאָרף האָט מען אונדז פריינדלעך אַריינ־געלאָזט איבערנעכטיקן. מיר האָבן געגעסן סוכאַרעס מיט אָקרעפּ. מיר האָבן דורכגעשפּאַנט 35 קילאָמעטער אויף אַ גוטן שנייוועג. ווייטער, האָבן די באַלעבאַטים דערקלערט, איז קיין שניי שוין נישטאָ. און אונדזער וועג וועט זיין אַ שווערער. מיר וועלן מוזן טראָגן אונדזער באַגאַזש.

מיר זענען אַרויסגעגאַנגען פאַר טאָג ווען די ערד איז נאָך צוגעטריקנט פון אַ פרעסטל. דאָס שליטעלע גליטשט זיך נישט, מען מוז שלעפּן. צולייגן כוח. מיט יעדן קילאָמעטער איז געוואָרן שווערער. די זון איז אויפגעגאַנ־גען און די ערד נאַס געוואָרן. מיר האָבן געמוזט אויסטאָן די וואַלענקעס און אָנטאָן שיך, מיר האָבן אָפּטער זיך געמוזט אָפּשטעלן אויף אַ טרו־קענעם אָרט און איבערכאַפּן דעם אָטעם. מיר האָבן געקוקט אין אַלע זייטן — אפשר וועלן מיר דערזען אַ מענטשן, אַ חיה, אַ הויז ? — פון אַלע זייטן אַ פלאַכער, פוסטער מידבר.

ווען די זון האָט אָנגעהויבן פאַרגיין איז אונדז אין מיטן דער פּוסט־קייט געוואָרן זייער אומהיימלעך. פאָרזעצן דעם וועג אין דער פינצטער וועט דאָך נישט זיין מעגלעך. וואָס וועט זיין מיט אונדז ? פּלוצעם האָבן מיר דערזען אַז ווייט אויפן שליאַך שטייען מענטשן. מיט די לעצטע כוחות האָבן מיר זיך צוגעשלעפּט אַהין. ס'איז שוין געווען פינצטער. די מענטשן זענען געשטאַנען אַרום אַ טראַקטאָר. דער טראַקטאָר האָט זיי געפירט קיין רובצאָווסק איז ער קאַליע געוואָרן. אויב עס וועט זיך איינגעבן צו פאַר־ריכטן דעם טראַקטאָר וועט מען פאָרן ווייטער. די מענטשן האָבן געזען אונדזער לאַגע און שטילערהייט אונדז געוואָרנט אַז אומזיסט וועלן די שאָפערן אונדז נישט נעמען.

— וויפל נעמען זיי ? — האָב איך געפרעגט.

— אַ־אַ־אַ, זיי שינדן די הויט... מען דאַרף זיך דינגען...

דער שאָפער האָט געמאָנט אַ מאה. (מיין גאַנץ פאַרדינסט פאַר דעם ווינטער). די מענטשן האָבן זיך אָנגענומען פאַר אונדז:

— דאָס איז אַן עבירה צו נעמען אַזוי פיל ביי די אָרעמע פרויען... אין גאַנצן 30—40 ק"מ, אויף אַן אָפּענער „פּלאָטשאַדקע" ?

מיר האָבן זיך פאַרגלייכט פאַר 80 רובל. אַרויפגעשטעלט דאָס שלי־טעלע אויפן דיל פונעם אָנהענגער אויף די צוויי רעדער און מיר פאָרן. שפּעט אין דער נאַכט זענען מיר אַריינגעפאָרן מיט אַ טראַסק אויף די ברוקירטע גאַסן פון רובצאָווסק.

## רובצאָווסק

דער טראַקטאָר איז אַריינגעפאָרן אין אַ הויף. מיר זענען אַראָפּ פונעם „אָנהענגער". די פּאַסאַזשירן זענען אין גרויס איילעניש זיך צעלאָפן. מיר ביידע זענען אין הויף געבליבן אַליין. די שאָפערן האָבן אויסגעלאָשן דעם מאָטאָר און זענען אַריין אין הויז.

— אוי, געוואַלד! — האָב איך געזאָגט צו אסתרן. — דאָס איז דאָך דאָס איינפאָרהויז וווּהין איך בין געקומען 5 טעג נאָך אַנאַנד זוכן אַ מאַשין. עס קלינגט מיר נאָך אין די אויערן דער „פּאַשאַל וואָן" פון דער מכשפה וואָס איז די באַלעבאָסטע אין דעם הויז.

ביינאַכט, פינצטער, קאַלט. וווּהין וועלן מיר זיך לאָזן אין דער פינצ־טער זוכן דעם אַדרעס פון דער משפחה סעגאַל? מיר וועלן מוזן איבער־וואַרטן ביז טאָג דאָ אין דעם הויף, אין קאַלטן דרויסן.

ווען אין אַלע פענצטער האָט זיך אויסגעלאָשן דאָס ליכט האָבן מיר זיך איינגעשטעלט אַריינצוגיין אין דעם פינצטערן פירהויז פון דעם בנין. מיר האָבן זיך אַוועקגעשאַעלט אין אַ ווינקל. נאָענט צום אַריינגאַנג. טי־פער האָבן מיר מורא געהאַט. מיר האָבן זיך צוגעטוליעט איינע צו דער אַנדערער איז אונדז געוואָרן וואַרעמער. אַזוי־אָ שטייענדיק האָבן מיר אָנ־געהויבן דרימלען.

פּלוצעם האָט זיך געעפנט די טיר, עמעצער איז דורך איר אַרויסגע־גאַנגען. מיר האָבן געוואָלט אַנטלויפן, נאָר... ווידער אַן אויסלייזונג: אין שפּאַלט פון דער אָפענער טיר איז געוואָרן אַ ביסל ליכטיק און מיר האָבן דערזען אַ יונג מיידל, וואָס האָט אונדז געווונקען מיט אַ פינגער, מיר זאָלן אַריינגיין צו איר. דאָס איז געווען דאָס דינסטמיידל פון קיך. זי האָט אונדז אַריינגערופן אינעווייניק.

אין קיך איז געווען זייער הייס. דאָס מיידל האָט אונדז געגעבן קליינע, נידעריקע בענקעלעך צום זיצן. מיר האָבן אויסגעטאָן די טעלאַגרייקעס און דערזען אין קיך ליגן אַ קעלבעלע ווי ביי מאַרפען אין צימער. פון דאַנען — די שווערע לופט. מילא — מיר וועלן מוזן איבערטראָגן. אַלץ בעסער ווי אין פינצטערן, קאַלטן דרויסן.

פאַר טאָג האָבן מיר האַרציק געדאַנקט דעם מיידל וואָס האָט אויף אונדז רחמנות געהאַט און שנעל זיך אָפּגעטראָגן פון דעם אָרט.

ווען ס'איז גוט ליכטיק געוואָרן האָבן מיר זיך געשטעלט אָפּרוען. די זון האָט אויפגעשיינט. ס'איז געווען אַ וואַרעמער, שיינער פרילינג־פריי־מאָרגן, אָבער הנאה פון דעם שיינעם פרימאָרגן האָב איך נישט געהאַט, ביים געדאַנק אַז מיר דאַרפן נאָך דורכמאַכן אַ לאַנגן וועג ביז דעם טראַק־טאָר־זאַוואָד, אויפן אַדרעס פון דער משפחה סעגאַל.

די משפחה, האָב איך געטראַכט, וווינט מסתם אין דער געגנט פונעם זאַוואָד. ס'איז ווייטלעך. קיין שטאָטישער טראַנספּאָרט איז נישט פאַראַן. מוז מען ווידער שפּאַנען צו פוס.

שלעפּן זיך דורך די טרוקענע גאַסן מיטן שליטעלע איז געווען אַן אומזין. האָבן מיר זיך אַוועקגעזעצט, געשטילט דעם הונגער מיט אַ פּאָר סוכאַרעס, געמאַכט צוויי פּעקלעך מיר זאָלן זיי קענען ווי רוקזעק אָנטאָן אויף די פּלייצעס און זיך געלאָזט אין וועג.ביידע האָבן מיר געהאַט אַ שרעקלעך אויסזען. מיר האָבן רחמנות געהאַט אויף זיך אַליין. און אסתּר, אַזאַ שוואַכינקע, זי האָט קוים געשלעפּט די פיס.

מיר האָבן געטראָפן צו די סעגאַלס שפּעט. אַן אַלטער ייד האָט גע־עפנט די טיר.

— דאָ וווינט די משפחה סעגאַל?

— יאָ, יאָ, האָט ער געענטפערט מיט אַזאַ גוטן שמייכל, — גייט אַריין. מיר ווייסן פון לאַנג אַז צו אונדז דאַרפן קומען צוויי פרויען פון אַ ווייטן דאָרף. שרה ביגלאייזן האָט אונדז דערציילט וועגן אייך.

— ווער זענט איר? — האָב איך געפרעגט.

— שרה סעגאַל איז מיין טאָכטער. זי און מיין איידעם זענען אויף דער אַרבעט, די אייניקלעך אין שול. נעמט אַראָפּ די פּעקלעך! זעצט זיך אַוועק. אין גיכן וועלן זיי קומען.

די באַגעגעניש מיט דעם אַלטן יידן מיט דער ווייסער באָרד און גוטן שמייכל האָט אַוועקגענומען פון אונדז די מידקייט. ערשט איצט האָבן מיר דערפילט אַז מיר זענען אויף אַן אמת אויסגעלייזט.

איך האָב דעם טייערן יידן געדאַנקט פאַר דער איינלאַדונג צו זיצן, נאָר קודם, האָב איך אים געזאָגט, מוזן מיר זיך אַרומוואַשן. ס'איז פאַראַן ערגעץ נאָענט אַ באָד?

ווען ער האָט אונדז דערקלערט ווו עס געפינט זיך די באָד, בין איך געוואָרן דרייסט און אים געפרעגט צי ער קען אונדז געבן אַ שטיקל זייף,

ווייל מיר זענען זייער שמוציק. און אויך אַ קעמל האָב איך געבעטן — מיר האָבן געמוזט זיך גוט אָפּרייניקן נישט נאָר פון שמוץ, נאָר אויך פון נאָך עפּעס אַ באַשעפענישל וואָס איז אומצעשיידט פון די דאָרפישע מענטשן אין דעם גרויסן לאַנד, וועלכע זענען נישט וואַכנלאַנג קיין שטיקל זייף.

איך האָב דאָך מורא געהאַט אַז טאָמער דערוויסן זיי זיך ווי פּאַראומרייניקט מיר זענען, וואָלט מען פּשוט מורא געהאַט אַריינצולאָזן אונדז אין שטוב.

אין באָד איז געווען אַן אָפּטיילונג ווו מען פּאַרעט די זאַכן און מיר האָבן זיי אָפּגעגעבן אויף דעזינפעקציע. דאָס איז דאָך דאָס ביליקסטע מיטל אין דעם גרויסן לאַנד, אויף צו באַקעמפן די דאָזיקע שרעקלעכע פּלאָג...

צו די סעגאַלס האָבן מיר זיך אומגעקערט ריינע, אויסגעוואַשענע, אויסגעקעמטע, בלאַנקע פון ריינקייט. אונדז האָבן באַגעגנט נישט נאָר די משפּחה סעגאַל, נאָר אויך דער מנין יידן וואָס איז געקומען דאַווענען מנחה־מעריב.

אָט זענען מיר צוויי אומגליקלעכע פּרויען סוף־סוף געקומען צו די זעלבע מענטשן וואָס האָבן געראַטעוועט דאָס לעבן פון אונדזער ליידן־חברטע שרה ביגלאַייזן, און וועלכע האָבן אונדז שוין ביי דער ערשטער באַגעגעניש געטרייסט און באַרויִקט אַז מיר וועלן צווישן זיי נישט פּאַרפאַלן ווערן...

ווער זשע זענען זיי אַ־די יידן, וואָס האָבן זיך אין אַלע ביטערע נאָך־מלחמה־יאָרן פּאַרנומען מיט דער אומגעהייער־גרויסער, הייליקער אַרבעט פון ראַטעווען מענטשן ?

קודם כל וועגן דעם אַלטינקן יידן ,שרה סעגאַלס פּאָטער מיט דער ווייסער באָרד און דעם גוטן שמייכל, וועלכער האָט אונדז אַזוי גוט אויפגענומען ווי אברהם אָבינו זיינע אורחים. ווען מיר האָבן אים דערזען אין אַ לאַנגער שוואַרצע קאַפּאָטע, אויפן קאָפּ אַ יאַרמלקע, מיט ציצית וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון אונטער דעם וועסטל, האָב איך מיך שוין נישט געוווּנדערט וואָס אין דער שטוב קומט זיך צונויף אַ מנין. פאַר די 25 יאָר פון מיין זיין אין דעם לאַנד האָב איך נישט געטראָפן קיין יידן אין דער דאָזיקער חסידיש־טראַדיציאָנעלער קליידונג.

עטוואָס האָבן מיר שוין געוווּסט וועגן די סעגאַלס פון שרה ביגלאַייזנס בריוו. אָבער איצט האָט אונדז באַלד אַרומגענומען אַן אַטמאָספער פון גוטסקייט, פון קרבנות־גרייטקייט, מסירת נפש וואָס האָט געוואָרצלט און אַרויסגעשטראַלט פון פרומער און אויך וועלטלעכער יידישקייט. ווייל —

די אַרבעט מיט וועלכער זיי האָבן זיך פאַרנומען איז דאָך געווען פאַרבונדן מיט סכנות — מסירת נפשדיק. מאַכן פון זייער שטוב אַ מקום מקלט פאַר מענטשן וואָס טראָגן אויף זיך דעם חותם פון „שונאים", צו וועמען דער פאַרטייִשער פּראָפּאַגאַנדע־אַפּאַראַט האָט פאַרזייט אין פאָלק פאַראַכטונג און האַס (הגם עס איז נישט געווען קיין איינציקע משפּחה אין לאַנד וואָס זאָל נישט געווען האָבן כאָטש איין געשטעמפּלטן מיטגליד) — איז דאָס נישט געווען ריזיקאַליש און מענטשלעך־דערהויבן? מכניס אורח זיין די באַפרייטע, העלפן זיי מיט עסן, איינאָרדענען אין אַ צייט ווען יעדער קאָנטאַקט מיט די געוועזענע אַרעסטאַנטן האָט רעפלעקטירט אויפן העלפער — ווער האָט זיך איינגעשטעלט?

די וווינונגס־באַדינגונגען פון די סעגאַלס זענען אויך נישט געווען אַזעלכע זיי זאָלן זיך קענען דערלויבן הכנסת אורחים און נישט נאָר אויף איין טאָג... זייער דירה איז באַשטאַנען פון איין צימער מיט אַ קיך. ווען דער מנין איז זיך צונויפגעקומען איז אין דעם צימער נישט געווען ווו זיך אויסצודרייען.

מיכל סעגאַל — אַ מאַן פון אַ יאָר 40—45, אַ דיקלעכער, אַ ברייט־פּלייציקער, מיט אַ קיילעכיקן פּנים אויף וועלכן ס'האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ גוטמוטיקער שמייכל. שרה — זיין פרוי, אַ קליינינקע, אַ דאַרינקע, אַ לענגלעך פּנים מיט גראָבע ליפּן, שוואַרצע אויגן און שוואַרצע האָר. זייערע צוויי קינדער — פון שול־עלטער. אַ מיידל און אַ ייִנגל. שיינע קינדער. דאָס איז די משפּחה.

אין שטוב האָט מען גערעדט צווישן זיך ייִדיש. מיר זענען אַריינגעפאָרן צו זיי פרייטיק, האָט מען באַלד דערפילט אַז — ס'איז ערב שבת. עס זענען נישט געווען קיין אָנגעצונדענע שבת־ליכט, קיין חלות, קיין ספּעציעלע ייִדישע מאכלים. נישט מער ווי דאָס ווייסע טישטעך אויפן טיש... און די מענטשן אַרום אים זענען געווען שבתדיק. אויך מיר ביידע זענען געזעסן ביים טיש און מיט אונדז שרה, אונדזער לאַגער־פריינדין וועלכע איז געקומען זיך זען מיט אונדז. און מיר, וואָס זענען אין דער פרי נאָך געווען אומגליקלעכע, היימלאָזע, הפקרע האָבן זיך געפונען אין אַ ייִדיש הויז ווו דער שבת איז נישט פאַרגעסן געוואָרן, וואָס דערמאָנט אונדז די קינדהייט, דעם ייִדישן שטייגער, טראַדיציעס, וואָס זענען געווען אַזוי ליב.

אין דעם זעלבן אָוונט האָבן מיר זיך באַקאַנט מיט די מענטשן וואָס האָבן אונדז געדאַרפט איינאָרדענען אויפן טראַקטאָר־זאַוואָר — די מענטשן פון דעם מנין מתפּללים. אָן זייער הילף וואָלטן מיר בכלל אויף אַרבעט אין דעם זאַוואָד נישט אויפגענומען געוואָרן. ווייל קודם כל האָט מען געדאַרפט

געפינען אין די צעכן פון זאַוואָד אַזוינע ערטער ווו מען קען באַשעפטיקן אַזעלכע לייט ווי מיר אָן אַ פּראָפעסיע. דערצו האָט מען באַדאַרפט האָבן אאויטאָריטעט, האָבן אַ השפּעה אויף די צעכן־נאַטשאַלניקעס, זיי זאָלן וועלן האָבן אין זייערע צעכן געוועזענע לאַגערניקעס.

און אָ־די דאַווענער אין הויז פון די סעגאַלס האָבן אין איינעם מיט מיכל סעגאַל זיך פאַרנומען טאָג־טעגלעך מיט דער איידעלער אויפגאַבע. באַזונדערס האָט זיך אויסגעצייכנט איינער פון דער גרופּע, דער זייער חשובער ייד זינאָוויע אַבראַמאָוויטש יאַסנאַגראָדסקי, וועלכער איז געווען געשעצט פון אַלעמען אויפן זאַוואָד.

דער מנין איז זיך צונויפגעקומען אויף שבת גאַנץ פרי, ווייל שבת איז דאָך אַן אַרבעטסטאָג און דאָס דאַווענען איז געווען אין איילעניש. מיט יאַסנאָגראָדסקי האָבן מיר זיך באַקענט ערשט שבת צו נאַכטס. די סעגאַלס האָבן גערעדט וועגן אים מיט ליבשאַפט און אַכטונג, האָסט געפילט אַז זיי צעגייען זיך פון יראת הכבוד צו אים. און שרה ביגלאַייזן האָט געזאָגט אַז זינאָוויע אַבראַמאָוויטש איז נישט נאָר אַ מענטש מיט אַ גרויסער נשמה, וואָס לויפט שטענדיק צו הילף מענטשן — ער איז אונדז אַ געטרייער טאַטע.

יאַסנאָגראָדסקי איז געווען אַ מאַן נאָענט צו שבעים. הויך, ברייט־פּלייציק, אַ געזונטער מאַנצביל. זיין קאָפּ — אַ געגאָלטער. שיין, מיט קפדנות געקליידט און אַ זויבערער שטענדיק אַזוי ווי עס איז געווען זיין נשמה, האָט ער מיט זיין אויסערלעכן אויסזען געמאַכט אויף אַלעמען אַ רושם, און ווייטע, אַזוי ווי די נאָענטע האָבן זיך באַצויגן צו אים מיט דרך ארץ.

קלאָר, אַז ווען מיר ביידע האָבן זיך באַקאַנט מיט אים, דעם טאַטן פון די לאַגערניקעס, האָט שוין ביי די ערשטע ווערטער אונדז זיך גע־שטעלט אַ קנויל אין האַלדז, און נישט נאָר פון די איבערגעלעבטע צרות, וואָס מיר האָבן געדאַרפט אַראָפּקייקלען פאַר אים פון די הערצער, נאָר אויך פון פרייד וואָס מיר האָבן זיך געטראָפן מיט אַזאַ מענטשן און פון דער האָפענונג אַז ער וועט זיין אויך פאַר אונדז דאָס וואָס ער איז פאַר אַ סך פון אנשי שלומנו...

אַרויסגעשטויסענע פון די לאַגערן נאָכן אָפּקומען די שטראָף לויטן פּסק דין פון דער הומאַנסטער, סאָוועטישער יוסטיץ און איבערגעלאָזטע אויף גאָטס באַראָט וואָלטן אַ סך פון די באַפרייטע זיכער אומגעקומען אויף דער פריי ווען עס גליקט זיי נישט צו באַגעגענען אויף זייער לאַנגן

וועג אַזעלכע מענטשן ווי זינאָוויע אַבראַמאָוויטש, וועלכער איז אַליין גע־
וועזן — אַ סאָציאַלע אינסטיטוציע!

וואָס האָבן די לאַגערניקעס געדאַרפט מער ווי איינצואָרדענען זיך
אויף אַרבעט? און גראָד דאָס, ווי כ׳האָב שוין דערציילט, איז געווען פאַר
אונדז שווער. אומעטום — אַ טויבע וואַנט. נישט דורכצוברעכן. אומעטום
— פאַרדאַכט, מורא ווי פאַר קרעציק־אַנשטעקנדיקע.

ס׳איז דאָך באַוווסט אַז אויף יעדער אונטערנעמונג דאַרף דער אַרבעטג־
דיקער רעגיסטרירט ווערן אין אַ קאַדרען־אָפּטייל, וואָס איז אייגנטלעך
נישט נאָר דער רעגולירער און סטאַטיסטיק־ביוראָ פון די אַרבעטס־כוחות
נאָר הויפּטזעכלעך אַ ציווילער אָפּטייל פון נ.ק.וו.ד., וואָס האָט געהאַט
אויפן אויג אַלע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע. אָנקומענדיק אויף אַרבעט
האָט מען אַ חוץ אַן אויטאָביאָגראַפיע און אַן אויספירלעך־אויסגעפילטן
אַנקעטע־בויגן, געמוזט האָבן, פאַרשטייט זיך — אַ פּאַספּאָרט. און וואָס
האָבן מיר געוועזענע לאַגערניקעס געקענטטאָן, אַז אַנשטאָט פּאַספּאָרטן
האָבן מיר פאַרמאָגט נאָר אַזעלכע פּאַפּירלעך מיט אַ סימן... דער צוגאַנג
צו אונדז איז געווען דעריבער אַן אַנדערער... מ׳האָט גרינטלעך אויסגע־
פאָרשט אונדזער פאַרגאַנגענהייט, אָפּגעוווינן, אָפּגעמאָסטן, אַריינגעקוקט
אין די געדערעם. און נישט אַזוי פון געטריישאַפט דער אונטערנעמונג און
דער סאָוועטנמאַכט ווי... צוליב זעלבסט־פאַרזיכערונג...

כדי צו קענען איינאָרדענען די יידישע געוועזענע אַרעסטאַנטן פלעגן
די דאָזיקע „קאָנספּיראַטאָרס" פריער זוכן, נישטערן אין די צעכן ווו עס איז
נייטיק אַן אַרבעטער און ווו קען מען געפינען אַ לאָך, אַריינצושטופּן אַ
מענטשן. און אַז אַזאַ אָרט איז געפונען געוואָרן איז די איניציאַטיוו אי־
בערגעגעבן געוואָרן אַזאַ באַליבטן און אויטאָריטעטן מענטש ווי זינאָוויע
אַבראַמאָוויטש. ער פלעג בעטן דעם נאַטשאַלניק פונעם צעך ער זאָל באַ־
וויליקן געבן אַ פּאַפּירל אין „קאַדרען"־אָפּטייל אַז אים איז נייטיק אַן אַר־
בעטער מיט אַזאַ אָדער אַנדער פּראָפיל. קלאָר אַז די נאַטשאַלניקעס, אַלע
אָן אויסנאַם, האָבן מורא געהאַט צו נעמען אויף זיך אַזאַ פאַראַנטוואָרט־
לעכקייט. מען דאַרף נישט פאַרגעסן אַז אויף דעם זאַוואָד זענען געווען
אַ סך אינזשעניערן יידן אויף אָנפירנדיקער אַרבעט און אויך אַלס עלטסטע
פון די צעכן. און נאַטשאַלניקעס יידן האָבן געהאַט אַ גרונד מורא צו האָבן
מער און אין פיל גרעסערער מאָס ווי נישט־יידן. ס׳איז עפּעס אַ קלייני־
קייט אַריינצונעמען אין צעך אַ מענטשן מיט דער פאַרגאַנגענהייט פון אַן
אַרעסטאַנט, וואָס איז געזעסן פאַר קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט? יאָ,
זיי האָבן געהאַט אַ גרונד מורא צו האָבן. ס׳איז דאָך, ווי באַוווסט, נישט

אַריבער אַ יאָר זייט זיי זענען באַפרייט געוואָרן און ס'האָט זיך ווידער צעבושעוועט די טעראָר־כוואַליע איבערן לאַנד, און די אַכזריותדיקע סטאַליניסטישע גראַבליע האָט די זעלבע מענטשן גענומען פּעקלעכווייז אַריינשאַרן צוריק אין די לאַגערן אויף נייע צעניאָריקע סראָקן...

און דאָך — עס זענען געווען מענטשן, וואָס האָבן ווּיסנדיק וועגן אַלע אומגעריכטע ווענדונגען און סורפּריזן פון דער מאַכט אויף וועלכע מען קען זיך ריכטן, מחמת מ'האָט קיין מאָל נישט פאַרשטאַנען די קריטע־ריומס פון דער ממשלה וואָס האָבן זי באַוויגן צו דער אָדער אַן אַנדער אַקציע — האָבן זיי נישט מוותר געווען אויף זייער הילף. און וואָס האָט אונטערשיידט זינאָוויע אַבראַמאָוויטשן פון די אַנדערע וויל־טוער, איז דאָס, וואָס ער האָט עס געטאָן אָן מינדסטער מורא.

נישט קוקנדיק אויף זיין עלטער האָט זינאָוויע אַבראַמאָוויטש זיין אַרבעט נישט געוואָרפן. מיט אים אויפן זאַוואָד האָט געאַרבעט זיין גאַנצע משפחה. זיין זון און די שנור האָבן פאַרנומען וויכטיקע אינזשעניער־פּאָסטנס, זיין טאָכטער — אַן אָנגעשטעלטע אין דירעקציע. ער אַליין האָט פאַרוואַלטערס מיטן אינסטרומענטן־צעך פונעם זאַוואָר, ווו ס'האָבן זיך געפונען אַלע מאַטעריאַלן ביטיקע אין אַזאַ זאַוואָד. פון זאַלץ ביז טייער־סטן מאַטעריאַל ווי פּלאַטין. אַ סקלאַד פון גרויסן מאַטעריעלן ווערט. דאָס איז אים אָנפאַרטרויט געוואָרן דערפאַר, אַזאַ פאַרמעגן, ווייל ער איז געווען אַן ערלעכער מענטש אָן מינדסטן פּגם.

איינאָרדענען אַזעלכע צוויי פרויען ווי מיך מיט אסתרן איז געווען שווער. נישט האָבנדיק קיין פאַכן וואָס פאָדערן זיך אויף אַזאַ זאַוואָד, האָט מען פאַר אונדזערט וועגן געקענט געפינען נאָר שוואַרצע אַרבעט. אָבער אַלע שוואַרצע אַרבעטן אויף אַזאַ זאַוואָד זענען שווערע, באַזונדערס פאַר אויסגעמאַטערטע און אויסגעהונגערטע פרויען. אסתר, די קלייניקע, אויסגעדאַרטע פרוי האָט אַפילו פאַר קיין אויפראַמערין נישט געטויגט אין צעכן אָנגעוואַלגערטע מיט אייזן. און כדי צו אַרבעטן אין אַ סקלאַד האָט געפעלט אַ ביסל בילדונג. זי איז דאָך געווען אַ פולקאָמע אַנאַלפאַבעטין.

אָבער אַלע אַקטיוויסטן און באַזונדערס זינאָוויע אַבראַמאָוויטש, באַך דעם ווי ער האָט אויסגעהערט די צרות וואָס מיר האָבן פאַרזוכט אויף דער „פריי", האָבן געטאָן אַלץ מיר זאָלן באַקומען אַן אַרבעט וואָס זאָל פּאַסיק זיין פאַר אונדזער פיזישן צושטאַנד, באַזונדערס גרויס איז געווען זיין מיטגעפיל צו אסתרן. זי האָט ער געמאַכט פאַר אַן אויפראַ־מערין אין די קאַבינעטן טאַקע פון זיין אינסטרומענטאַלן צעך. ווער וועט דערווידערן אַזאַ סימפּאַטישן, חשובן און באַליבטן מענטש ?

זינאָוויע אַבראַמאָוויטש איז געווען פּאַראינטערעסירט צו האָבן די שוואַכינקע אסתר אין זיין צעך, כדי ער זאָל זי האָבן שטענדיק אונטער זיין אויג, און אַרויסהעלפן אין אַלע נויטן. אויסער אים זענען געווען נאָך צוויי מענטשן, צוגעקליבענע פון אים גופא, אויף וועמען ער האָט זיך גע־קענט פאַרלאָזן. טראָגנדיק די מאַטעריעלע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אַזאַ צעך פון אַ גרויסן פאַרמעגן, האָט ער געדאַרפט האָבן דעם פולסטן צוטרוי צו די מענטשן און די זיכערקייט אַז קיין גנבות וועלן נישט זיין. דערביי איז ער זיכער געווען, אַז נאָר אויף אַזעלכע אָנגעליטענע ווי מיר מעג ער זיך פאַרלאָזן. מיר וועלן היטן דאָס פּלאַץ, די אַרבעט, די אומבאַרירלעכ־קייט פון דעם פאַרמעגן. פון דעם איז אָפּהענגיק געווען אונדזער קיום.

די אַרבעט האָט דאָך באַטייט — אַ ברויט־קאַרטל און אויך אַ צוזאַ־מענוווינונג.

ער איז געווען אויפן זיבעטן הימל ווען ס'האָט זיך אים איינגעגעבן איינצואָרדענען אסתרן אַזוי ווי ער האָט געוואָלט. אסתרן האָט זיך אַזאַ גליק נישט געחלומט. מיר אַלע זענען געווען זייער און זייער צופרידן.

צום אונטערשייד פון אסתרן, וואָס כ'בין אַ גראַמאָטנע, איז פאַר מיר אויף צו להכעיס נישט געווען קיין וואַקאַנט אָרט אין קיין איינציקן פון די קלאַדאָוועס פון דעם אינסטרומענטאַלן צעך. און אויב איך וועל איינגע־אָרדנט ווערן אין אַן אַנדער צעך האָט דאָך געהייסן אַז איך וועל מוזן צע־שיידט ווערן מיט אסתרן. פאַר וואָס? ווייל איינגעשטעלט איז אין דעם זאַוואָד געווען אַ סדר, אַז יעדער צעך האָט געהאַט אין זיין רשות אַ צוזאַ־מענוווינבנוג און אויך דירות פאַר זיינע אַרבעטער. דאָס האָט באַטייט אַז אַן אָרט אין דער אָדער יענער צוזאַמענוווינונג האָט מען באַקומען נאָר לויטן אַנטשפּרעכנדיקן צעך אין וועלכן מ'האָט געאַרבעט. און די ערטער אין די צוזאַמענוווינונגען אָדער אָרדערס אויף די דירות זענען געווען אונטער אַ שטרענגן קאָנטראָל פון די צעך־פאַרוואַלטערס.

האָט זיך טאַקע באַקומען אַן אמתע טראַגעדיע אין אונדזערביידנס לעבן. מ'האָט אונדז צעשיידט. דאָס וואָס איז נישט געשען אין משך פון אַכט לאַגער־יאָר.

דאָס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. נאָך יאַסנאַגאָראָדסקיס לאַנגן זוכן האָב איך באַקומען אַרבעט אין דער אינסטרומענטאַלער קלאַדאָווע פונעם מאַטאָרנעם צעך. און אויף אַזאַ מין אופן האָב איך געמוזט אַריבער־גיין אין אַן אַנדער צוזאַמענוווינונג.

מה רעש? קען מען פרעגן. וואָס איז די טראַגעדיע? צוויי קילאָ־מעטער מהלך צווישן איין צוזאַמענוווינבנוג און דער צווייטער איז אַ טראַ־

געדיע? איז דער ענטפער אַז די צרה איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מיר ביידע זענען קיין רובצאָווסק געקומען זייער אָרעם. מיר האָבן געדאַרפט עטלעכע געציילטע רובל און דאָס ביסל סוכאַרין, און מיר האָבן געדאַרפט אָפּשפּאָרן כדי מיר זאָלן קענען אויסהאַלטן ביזן ערשטן געהאַלט. דאָס איז מעגלעך געווען נאָר ווען מיר דערנערן זיך צוזאַמען.

אין מאָטאָר־צעך איז מיר געווען שווער, ווייל דער צעך האָט געאַר־בעט אין דריי שיכטן אַ קיילעכיקן מעת לעת. די קלאַדאָווע האָט געדאַרפט זיין אָפן, אָן הפסקות, כדי אַרויסצוגעבן אינסטרומענטן פאַר יעדן שיכט באַזונדער. אומאָנגענעם ביז גאָר איז מיר געווען אין יענער וואָך ווען איך בין געווען אין דער צווייטער שיכט, ווייל איך האָב מיין אַרבעט פאַר־ענדיקט ביינאַכט און איך האָב מורא געהאַט צו גיין די צוויי קילאָמעטער אַהיים אין דער צוזאַמענוווינונג. פלעג איך מיך אויסשטרעקן אויף אַ באַנק אין רוישיקן צעך און זיך אָפּמאַטערן ביז אין דער פרי. אומקערנדיק זיך אין צוזאַמענוווינונג איז דאָרט געווען אַזאַ טומל שטענדיק פון צוואַנציק יונגע אַרבעטאָרינס, אַז ס׳איז שוין נישט געווען צום שלאָפן.

מיט אסתרן האָב איך זיך געקענט זען נאָר אין יענער וואָך ווען איך בין געווען אין דער ערשטער שיכט. דאָס הייסט — איין מאָל אין דריי וואָכן. כאָטש איר איז געווען גרינגער פון מיר, האָט זי פון אונדזער צע־שיידונג געליטן נישט ווייניקער פון מיר. אין דער צוזאַמענוווינונג האָבן געלעבט 50 יונגע מיידלעך. איז דאָרט תמיד געווען טומלדיק. די מייד־לעך האָבן געגראַגערט. פראַנק און פריי פלעגן קומען צו זיי קאַוואַלערן. מ׳איז געזעסן אויף די בעטן, ליבנדיק זיך אָן בושה. קיין רו האָט זי דאָרט נישט געהאַט. צו דער פּליטע איז תמיד געווען אַ גרויסע ריי, און האָט זי עפּעס אָפּגעקאָכט, האָט זי געליטן וואָס איך קען נישט קומען אָפּעסן מיט איר צוזאַמען.

און אויב זאָגן דעם אמת, זענען אויף דער פריי די וווינונגס־באַדינ־גונגען ביי אַזאַ גרויסן זאַוואָד געווען אַ סך ערגערע ווי די באַדינגונגען אין די לאַגער־באַראַקן. דאָרט איז געווען אָרדענונג, דיסציפּלין, מער ריינקייט. און דאָ? הפקרות.

אַוודאי האָט זינאָוויע אַבראַמאָוויטש געוווּסט ווי מיר ליידן ביידע, סיי פון דער צעשיידונג, סיי פון די וווין־באַדינגונגען. זי איז דאָך אַלע טאָג געווען מיט אים אין צעך און אויסגעוויינט פאַר אים איר האַרץ. אויסהערנדיק איר געקלאָג אַז דאָרט אין באַראַקן מיט 80 מענטשן איז געווען אַ סך בעסער, האָט דער טייערער מענטש באַווירקט פון אירע טרערן, מיטגעוויינט מיט איר, הלמאי ער האָט פאַר אונדז נאָך צו וויניק

געטאָן און ער האָט צוגעזאָגט זיך צו דערשלאָגן אַן ענדערונג אין אונדזער מצב...

בעת מ׳האָט עוואַקויִרט אַהערצו דעם זאַוואָד, האָט מען אין איינעם מיט די קאָרפּוסן פון די צעכן און אַפילו שנעלער אין גרויס איילעניש געמוזט אויפבויען וווינונגען פאַר די אַרבעטער מיט גרויסע משפחות. זענען נישט ווייט פונעם זאַוואָד אויסגעוואַקסן אויף אַ גרויסן שטח צענדליקער הילצערנע איינשטאָקיקע באַראַקן, מיט איינצלנע צימערן. יעדער צימער האָט געהאַט אַ פּליטע אַ באַהייצטע מיט שטיין־קוילן, אָבער פאַר אַזעלכע עלעמענטאַרע זאַכן ווי וואַסערלייטונג, קאַנאַליזאַציע, האָט שוין נישט געקלעקט קיין מיטלען. נישקשה, דער רוסישער מענטש קען זיך באַגיין... פאַרשטייט זיך, אַז אין אַזעלכע באַדינגונגען איז דער שמוץ אין און אַרום די באַראַקן געווען נישט צום באַשרייבן.

אָבער אָנקומען אין אַזאַ מין צימער, און נאָך פאַר געוועזענע אַרעסטאַנטן, בייע אויף דעם זאַוואָד, איז געווען אַ נישט רעאַליזירבאַרער חלום. און דאָך — זינאָוויע אַבראַמאָוויטש האָט זיך געלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט און ס׳האָט זיך אים איינגעגעבן שרהן מיט אסתרן איינצואָרדענען אין אַזאַ מין צימער צוזאַמען מיט אַ רוסישער פרוי, וועלכע איז מיט אַזאַ צימער באַגליקט געוואָרן געזעצלעך, ווי אַ סטאַכאַנאָווקע.

און באַלד נאָך דעם האָט אויך מיר אַ שיין געטאָן דאָס מזל: ביי זינאָוויע אַבראַמאָוויטשן אין קלאַדאָווע האָט זיך באַפרייט אַן אָרט און ער איז געווען פאַראינטערעסירט צו האָבן ביי זיך אַ פאַרלעסלעכן מענטשן, וואָס זאָל אי פירן די ביכער פון דער קלאַדאָווע און אויך זיך פאַרלאָזן אויף זיין ערלעכקייט.

אָבער... דער פאַרוואַלטער פון מאַטאָרנעם צעך האָט מיך נישט געוואָלט באַפרייען. איך האָב פאַר די עטלעכע חדשים גוט באַהערשט די אַרבעט און איך בין אויך געווען זייער קפּדנותדיק און דיסציפּלינירט. אין דער קלאַדאָווע איז געווען אַ גלענצנדיקע אָרדענונג. ס׳איז אויך געווען שווער צו קריגן אַ פאַרבייט.

דערוויסנדיק זיך אַז מען לאָזט מיך נישט אָפּ פון מאָטאָרנעם צעך, איז ער געווען שטאַרק אין כעס. וואָס? — האָט ער געטענהט — איך בין אַ צוגעשמידטע צו דעם צעך? ער האָט מיר צוגעזאָגט גיין צום פאַרטרעטער פון נאַטשאַלניק איבער דעם מאָטאָרנעם צעך. איך האָב זיי פאַר די עטלעכע חדשים נישט געזען, נישט געקענט. אוןביידע, לאָזט זיך אויס, ווי אַ סך אַנדערע אָנפירער — זענען יידן. נישט מער, צווישן די יידן זענען אויך פאַראַן פאַרשיידענע מענטשן. און דער איז אַ מיאוסער, פּאַס־

קודנער נפש. ער איז אַ קאַריעריסט, אַ ביוראָקראַט און נישט אומזיסט טאַקע רופט מען אים — געלער הונט! דערפאַר האָט זינאָוויע אַבראַמאָ־וויטש נישט געוואָלט גיין צו דעם פּאַרשוין. אָבער דער פּאַרטרעטער איז געווען אַ מענטש מיט אַלע מעלות. ס'איז נאָר אַ שאָד וואָס ער איז נישט זעלבסשטענדיק. און דאָך — ער וועט פּרווון... אָבער קודם מוז איך אַליין גיין צו אים בעטן מיך באַפרייען.

נאָך אַ נאָכטשיכט בין איך אַוועק צו דעם ביוראָקראַט, וואָס האָט אויפגענומען נאָר איין מאָל אין וואָך, און ביין אַזייגער ווען ער איז גע־קומען, זייענדיק די ערשטע אין דער ריי, האָב איך פאַרזיכטיק געעפנט די טיר פון זיין קאַבינעט. אַ גרויסער, מגושמדיקער, מיט אַ פּנים מיט זומער־שפּרענקעלעך און אַ קאָפּ געדיכטע, געלע האָר, איז ער געזעסן אַריינגע־טאָן אין זיינע פּאַפּירן און נישט אויפגעהויבן צו מיר דעם קאָפּ. „זדראַסט־וויטע" — האָב איך אַ זאָג געטאָן און ער — גלייך כ'וואָלט נישט גע־שטאַנען האַרט ביי זיין טיש, האָט קיין שום אַכט אויף מיר נישט געלייגט.

ווען איך האָב געפילט אַז אַלץ פּלאַצט שוין אין מיר פון פאַרדרוס פאַר זיין גלייכגילט און ביטול, האָב איך אויסגעשריגן:

— טאָוואַרישטש נאַטשאַלניק!

ערשט דעמאָלט האָט ער אָנגעשטעלט צוויי פּרעגנדיקע אויגן:

— טשטאָ נאַדאָ? (וואָס דאַרפסטו?)

זיין פּנים האָט זיך אָנגעגאָסן מיט רויטקייט. ער האָט אָפּגערוקט פון זיך די פּאַפּירן, אַ רגע דורכדרינגעגעדיק, שטאַר געקוקט גלייך אין מיינע דערשראָקענע אויגן. און צום סוף באַפוילן:

— גיין אין קלאַדאָווע אַרבעטן!

נאָר ווען ער האָט אויף מיין געזיכט דערזען מיין דערשלאָגנקייט און פאַרצווייפלונג, אַז אָט, אָט ברעך איך אויס אין אַ געוויין, האָט דאָס מיאוסע פּאַסקודנע נפש שוין געזאָגט אויף יידיש:

— ווי אַ געוועזענע אַרעסטאַנטקע דאַרפט איר בכלל זיין צופרידן וואָס מיר האָבן אייך געגעבן אַרבעט אין אונדזער צעך.

געוועזענע אַרעסטאַנטקע.

איך געדענק נישט ווי אַזוי איך האָב פון אויפרעגונג געפונען די אַרויסגאַנג־טיר פון זיין קאַבינעט. איך האָב אַרומגעבלאָנדזשעט אויף דער טעריטאָריע פונעם זאַוואָד און גערעדט צו זיך אַליין:

— אַ חוצפה פון אַ געלן הונט. מיט וואָס פאַר אַ פאַראַכטונג ער האָט עס אַרויסגעזאָגט דאָס וואָרט „אַרעסטאַנטקע". צי דען איז זיין אייגענע משפחה נישט געטראָפן געוואָרן פון דער דאַזיקער „מכת בכורות". זי האָט

אויסגעמיטן דער פּאָגראָם וואָס די מאַכט האָט דורכגעפירט פון ראַנד ביז ראַנד איבער דעם אומגעהייערן לאַנד? און אויב אים האָט עס אויסגעמיטן, איז עס אפשר דערפאַר ווייל ער איז אַ געלער, געטרייער הונט ביי דעם מאַכטהאָבער, אַ מיטאַרבעטער, אַ העלפער אין דעם פּאָגראָם?

אין אַזאַ אויפגערעגטן צושטאַנד בין איך אַריין אין קלאַדאָווע צו זי־נאָוויע אַבראַמאָוויטשן און אים מיט אסתרן דערציילט אויספירלעך ווי אַזוי ער האָט רעאַגירט אויף מיין בקשה.

אסתר האָט זיך צעוויינט אויף אַ קול. אונדזער רעטער האָט אַראָפּגע־לאָזט דעם קאָפּ.

— נאָר נישט וויינען, האָט ער געזאָגט, נאָר נישט וויינען. איך האָב דאָך אייך געוואָרנט וואָס פאַר אַ נפש ער איז...

ער האָט זיך באַמיט אונדז באַרויִקן, צוזאָגנדיק עפּעס אונטערנעמען, הגם — ער איז שוין געווען אין אַ ספק צי אים וועט זיך איינגעבן. אַהיים אין צוזאַמענוווינונג בין איך שוין נישט געגאַנגען. אויף די עטלעכע שעה ביזן איינטרערן פון מיין שיכט בין איך פאַרבליבן אין דער קלאַדאָווע מיט אסתרן און מיט איר עפּעס אָפּגעגעסן.

יאַסנאָגאָראָדסקי איז צום פאַרטרעטער פון מאָטאָרנעם צעך געגאַנגען ווי ער האָט צוגעזאָגט און יענער האָט יאָ געוואָלט טאָן אַ טובה זיין גוטן פריינד, האָט ער אים געגעבן אַן עצה: — געפינען אַ מענטשן אויף מיין אָרט. אַ פאַרבייט. אָבער צוליב דעם קליינעם לוין און דער אַרבעט אין דריי שיכטן האָבן זיך קיין בעלנים אויף דעם פּאָסטן נישט געפונען. די „געוועזענע אַרעסטאַנטקע", אויב זי וויל לעבן, דאַרף זיך האַלטן ביי דער דאָזיקער אַרבעט. דאָס איז געווען דער אויספיר. און איך בין געבליבן.

צרות און צרות אָן אַ סוף. צרות פון שווערער אַרבעט. צרות צוליב דער צעשיידונג מיט אסתרן, צרות צוליב דעם גאָענטן האַרבסט ווען דאָ וועלן זיך אָנהויבן די רעגנס, עס וועלן זיך שטעלן די גרויסע קלעפּיקע בלאָטעס און — ווי אַזוי וועל איך מיך שלעפּן פון אַזאַ ווייטקייט צום מאָטאָרנעם צעך?... און ווי אַ צוגאָב — די ידיעה פון עדיען אַז פּאָלי־טאָטשקען האָט מען טאַקע „מיטן עטאַפּ" אָפּגעפירט קיין סיביר, אויף פאַר־שיקונג.

מיר האָבן זיך דערוווּסט איר אַדרעס. זי געפינט זיך אויך אין אַלטייער קאַנט און עדיע האָט פאַרלאָזט קניאַזש־פּאָגאָסט און געפאָרן צו דער שוועסטער קיין סווערדלאָווסק. פּאָלינאָטשקען העלפן האָבן מיר דערווייל נישט געקענט. אָבער געשריבן האָבן מיר איר אַז כאָטש מיר זענען אויף

דער פריי, איז אונדז נישט קיין סך בעסער פון יענע וואָס האָבן נאָכן לאַ־גער באַקומען אַ נייע שטראָף...

אין דער זעלבער צייט האָבן מיר פון דער טייערער פרוי מאַרפאַ יאַקאָוולעוונאַ באַקומען די קאָלדרעס. מיר האָבן זיך מיט די קאָלדרעס געפרייט. אָבער נאָך מער האָט אונדז געפרייט די ערלעכקייט, די מענטש־לעכקייט פון אָט דער פּשוטער רוסישער פרוי, וועלכע האָט געמוזט פאַר־לירן צייט, גיין ספּעציעל אין אוגלי דעם ריי־צענטער, געפינען אַ שאָפער, וואָס זאָל וועלן טאָן די געפעליקייט... מיט וואָס דאַנקט מען איר אָפּ, דער פרוי, פון די שענסטע מידות?

גייט אסתר דורכן מאַרקל, אויפן וועג צום זאַוואָד, אויף וועלכן זי פלעג איינקויפן קאַרטאָפל, ציבעלעס און שאר ירקות און דערזעט ביי אַ פרוי עפּעלעך, אמתע עפּעלעך. אָט דאָס, האָט זי זיך געזאָגט, וועט זיין אַן אמתע פאַרגיטיקונג מאַרפען. זי איז דאָך געווען זיכער, אסתר, אַז מאַרפע און די קינדער אַוודאי וועלן זיין צופרידן מיט אַזאַ מתנה. זיי האָבן דאָך אין זייער לעבן, קען זיין, קיין עפּל אַפילו נישט געזען. דאָ אין דער געגנט וואַקסן זיי דאָך נישט. און אַזוי טאַקע האָבן מיר געטאָן.

אויף דעם דאָזיקן מאַרקל האָט יעדער געמוזט קומען, ווייל דאָ האָט מען געקראָגן דאָס וואָס איז אין מאַגאַזין נישט געווען בנמצא, און דער עיקר, גרינוואַרג.

גייט איין מאָל אסתר פון דער אַרבעט און שלאָגט זיך צונויף פּנים אל פּנים מיט אַליאַ בולאַווינאַ, די געוועזענע בריגאַדיר אויפן קאַמבינאַט, די זעלבע פרוי וואָס האָט מיר געליען די שט־ווועלעך, כדי איך זאָל מיר גיין קויפן עפּעס אויף די פיס...

— אַליאַ?

— אסתר?

די פרייד פון דער באַגעגעניש איז געווען נישט צו באַשרייבן. אסתר האָט זי אַוועקגעפירט צו זיך אין צימער און איינע האָט דערציילט דער אַנדערער וועגן זייערע איבערלעבונגען נאָך דער באַפרייונג.

וואָס זשע איז געשען ביי אַליען?

זי איז אָנגעקומען קיין כאַבאַראָווסק. ביי אַ קרובה האָט זי געפונען איר טאָכטער, אַ דערוואַקסן מיידל. זי האָט געאַרבעט אין אַ טעקסטיל־אונטער־נעמונג. זי האָט שוין געהאַט אַ ייִנגל, אַ געליבטן, וועלכער האָט געדינט אין דער רויטער אַרמיי. די טאָכטער, איר לאַגע, איר אויפפירונג, אַלץ האָט זי געפרייט. אָבער צו איר גרויסן ווייטיק בלייבן אין כאַבאַראָווסק מיט דער טאָכטער האָט זי נישט געקענט. געזעץ בלייבט געזעץ. ער איז גילטיק

פֿאַר יעדן גלייך. דאָס הייסט — פֿאַר יעדן געוועזענעם אַרעסטאַנט. צו־שרייבן זי אין כאַבאַראָווסק, די שטאָט פֿון איר געבאָרן, האָט מען נישט געקענט און נישט געטאָרט, כאָטש אָפּגעקומען צען יאָר לאַגער איז זי נישט פֿאַר אַ פּאָליטישן פֿאַרברעכן.

אַליעס לאַגע איז אין כאַבאַראָווסק געוואָרן שרעקלעך. נישט צוגע־שריבן קען זי אין ערגעץ קיין אַרבעט נישט קריגן. נישט קיין צוגעשרי־בענע טאָר זי אַפֿילו נישט איבערנעכטיקן אין דער שטאָט. אַפֿילו נישט ביי דער טאָכטער. זי האָט געמוזט פֿאַרלאָזן די שטאָט.

וווהין זשע פֿאָרט מען? אין וועלכער געגנט? אויף אַרומפֿאָרן אין דעם גרויסן לאַנד זוכן אַ מקום מקלט און אָרט ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן, דאַרף מען דאָך געלט און נישט ווייניק. כאַבאַראָווסק איז דאָך ווייטער מזרח. אַ גליק, ביים אַרעסט האָט מען נישט קאָנפֿיסקירט אירע זאַכן. די משפּחה האָט אין משך פֿון די יאָרן זיי פֿאַרהיט. האָט זי די זאַכן פֿאַרקויפֿט און זיך געלאָזט אין וועג אויף עולמות.

זי האָט געדענקט אַז מיר זענען געפֿאָרן קיין אַלטיי. זי האָט אויך געוווּסט אַז דאָ געפֿינען זיך עוואַקואירטע זאַוואָדן אויף וועלכע מען גיט אַרבעט געוועזענע לאַגערניקעס. אָבער פֿאָרנדיק קיין רובצאָווסק האָט זי נישט געהאָפֿט צו טרעפֿן זיך מיט אונדז. אָנקומענדיק אַהער, האָט זי גלייך פֿונעם וואָקזאַל זיך אָנגעפֿרעגט אויפֿן טראַקטאָר־זאַוואָד. נאָר איידער זי איז געגאַנגען זיך בעטן אויף אַרבעט, האָט זי נאָענט צום זאַוואָד אָפּגעזוכט אַ ווינקל ביי אַן עלטערער פֿרוי אין אַ פּריוואַטן הויז. און אָט — זי איז דאָ, זי לעבט. איינע אַליין. אָן אַ קינד, אָן אַ רינד.

אסתרן איז באַלד איינגעפֿאַלן אַז אַליע איז אַ גלענצנדיקער פֿאַרבייט אויף מיין אָרט אין מאָטאָרנעם צעך. און זי האָט איר באַלד דערציילט די גאַנצע מעשה מיט מיינע באַמיִונגען אַוועקצוגיין... אַזוי אַז אַליע קען באַלד קריגן די אַרבעט. און זי איז טאַקע דער פּאַסיקסטער מענטש פֿאַר איר. זי טאַקע וועט זי רעקאָמענדירן. שוין מאָרגן וועט זי איר קומען אָנ־זאָגן אַז זי קען די אַרבעט אָננעמען.

אָך, ווי די אסתר האָט זיך צעקאָכט זעענדיק אין אַליעס קומען אַ נס. אליהו הנביא האָט זי אונדז צוגעשיקט. פֿאַרטאָג איז זי געלאָפֿן אויפֿן זאַ־וואָד איר אָנזאָגן די בשורה. מיט פֿרייד האָט זי דערציילט זינאָוויע אַב־ראַמאָוויטשן וועגן אַליעס קומען — אַ לאַגער־חברטע, אַ גוטער מענטש, און אַ גוטער פֿאַרבייט אויף מיין אָרט. ער איז געווען צופֿרידן און מיר דערלויבט אַוועקצוגיין פֿון דער אַרבעט און מיך ברענגען צו אַליען.

איך האָב פאַרבראַכט מיט אַליען ביזן אָוונט. איך האָב איר געשיל־דערט די לאַגע אויפן זאַוואָד, די באַציִונג צו אונדז „געוועזענע", די שוועריקייטן אויפגענומען צו ווערן אויף אַרבעט. די הילף וואָס מיר האָבן געהאַט פון גוטע מענטשן ביים איינאָרדענען זיך און אַ דאַנק וועלכע מיר זענען געראַטעוועט געוואָרן ווי אַ סך, אַ סך אַנדערע, און אַז זי דאַרף זיך שעצן גליקלעך פון דער באַגעגעניש מיט אונדז, ווייל זי וועט זיך אויך בייטיקן אין דער הילף פון די מענטשן וועלכע האָבן אונדז געהאָלפן.

אויף שוואַרצער אַרבעט — יאָ, קען מען זיך איינאָרדענען, אָבער אַן אַנדער אַרבעט, אַ צוגעפּאַסטע פאַר איר געזונט־צושטאַנד איז אָן אַ זייטי־קער הילף שווער צו באַקומען. מען געטרויט נישט. זי זאָל איבערנעמען מיין אַרבעט וואָלט דאָס געווען אויסגעצייכנט פאַר מיר ווי פאַר איר. מיך, האָב איך איר דערקלערט, אָרדנט די אַרבעט נישט איין נאָר דערפאַר, ווייל זי צעשיידט מיך מיט אסתרן. זי, אַליע, האָט אַ באַקוועם ווינקל אויסער דער צוזאַמענוווינונג וועט זי נישט האָבן די אומבאַקוועמלעכקייט וואָס מיר האָבן.

אָט אַזוי איז געקומען אין אונדזער לעבן די פון לאַנג געגאַרטע ענדערונג. מיר האָבן זיך דערוואַרט. אַליע, אַ פאַרטריבענע פון איר היים, איז מיט איר קומען אַהער געוואָרן אונדזער גואל.

דער סקלאַד איז באַשטאַנען פון צוויי הויכע גרויסע צימערן אָנגע־שטאָפּטע מיט די פאַרשידנסטע ווערטפולע מאַטעריאַלן. אַ טייל פון זיי זענען געלעגן אָפן, אויסגעלייגט אויף פּאָליצעס. אַנדערע אין שטענדיק־פאַרשלאָסענע שאַפעס,ווי פּלאַטין, לעדער, מאַטעריאַלן עלעקטרישע, פאַר־שיידענע באַשטאַנד־טיילן צו די מאַשין־געווערקן, פאַרבן, טשוועקעס, שרויפן, ביז אַזעלכע ביליקע פּראָדוקטן ווי סאָדע און זאַלץ. און צום סוף —ספּעץ־קליידער פאַר די אַרבעטער. דעם ווערט פון דעם סקלאַד האָט מען געשאַצט אין צענדליקער טויזנטער רובל.

איך האָב זיך צו דער אַרבעט צוגעכאַפּט מיט פלייס ווי צו אַן אינטע־רעסאַנטער אַרבעט. איך האָב שוין אין ערשטן טאָג מיך גענומען דורכפירן אַן אינוועטאַריזאַציע פון אַלע מאַטעריאַלן. נישט האָבנדיק קיין הילף (אסתר איז אַרומגעלאָפן אין די צענטראַלע סקלאַדן אויסשרייבן, באַקומען די מאַטעריאַלן) בין איך געקראָכן צו די הויכע פּאָליצעס, געציילט, פאַר־שריבן, מיך אָנגעגעסן מיט שטויב. פיזיש איז מיר געווען נישט גרינג, אָבער מאָראַליש בין איך געווען צופרידן. איך האָב געוואָלט אויפריכטיק, פונעם גאַנצן האַרצן, אַז דער סקלאַד מיט וועלכן ס'האָט פאַרוואַלטעט דער טייערער מענטש זינאָוויע אַבראַמאָוויטש, זאָל זיין אַ מוסטער פון אָרדענונג.

איך האָב דאָך געוווּסט ווי מען שעצט אָפּ אין דעם לאַנד אין אַלע גע־ביטן פון דער פּראָדוקציע, די מענטשן וואָס צייכענען זיך אויס מיט גע־טריישאַפט אויף די אונטערנעמונגען, מיט הויכע אַרבעטס־פּראָצענטן. אויסגעצייכנט, געלויבט און באַלוינט ווערט דער אָנפירער פון דעם דער־פאַלגרייכן אַנשטאַלט.

צום יום־טוב פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע זענען געקומען די העכער שטייענדיקע באַלעבאַטים אינספּעקטירן אויך אונדזער קלאַדאָווע. מ׳האָט אונדזער זינאָוויע אַבראַמאָוויטשן נישט געקאַרגט קיין שבחים. פאַר דעם מוסטערהאַפטן סדר האָט מען אים באַלוינט מיט אַ פּרעמיע, האָט ער, דער גוטער מענטש, וויסנדיק אַז דאָס איז אונדזער פאַרדינסט, די פּרעמיע אָפּגעגעבן אונדז.

נו, איז וואָס ? בין איך שוין צופרידן ? האָבן זיך שוין געענדיקט די דאגות ? אַוועקגייענדיק פון מאַטאָרנעם צעך האָב איך נישט געוואָלט און נישט געקענט מער פאַרבלייבן אין דער צוזאַמענוווינונג. ווּהין גייט מען נעכטיקן ? פאַר אַ פּערט בעטל אין איר, אסתרס, צימער איז קיין אָרט נישט געווען. וועלן מיר שלאָפן צוזאַמען. אָבער אויף דעם האָבן מיר גע־דאַרפט די הסכמה פון דער פּערטער אין דעם צימער. פון דער מעדוועד־אָווסקאַיאַ. און זי האָט דערווידערט. פאַר וואָס ? איך האָב דאָך איר נישט געשטערט. געשטערט האָב איך אסתרן, שלאָפנדיק מיט איר אויף אַ שמאָלן בעטל. איז דער ענטפער: מעדוועדעווסקאַיאַ האָט געוואָלט חתונה האָבן. קיין בעלן איז נאָך נישט געווען. זי האָט געזוכט, שטאַרק געזוכט. נאָר רעד קרבן האָט זיך איר געגעבן שווער. זי איז זיך פאַרזעסן אַ בתולה ביזן פערטן צענדליק דערפאַר וואָס איר האָבן געפעלט יענע ווייבלעכע מעלות מיט וועלכע מען קאָן פאַנגען אַ מאַן. זי איז, נעבעך, געווען זייער און זייער העסלעך. זי האָט אָבער געוווּסט, אַז אויפן מאַרק פון חתנים איז אין יענע צייטן געווען איין צוציִונגס־קראַפט — אַ דירה. און דער חתנים־מאַרק איז געווען אַ שיטערער נאָך דער מלחמה, ווען די שרעקלעכע מלחמה האָט צוגענומען אַזוי פיל יונגע מענער. זאָל זיין אַן אינוואַליד, זאָל זיין אַן אַלטער, האָט זי געטראַכט, ווי עס זינגט זיך אין ליד... וואָלט זי געווען אַליין אין דעם צימער, וואָלט זיך עפּעס צוגעקלעפּט, האָט מען איר אַריינגעשטופּט די צוויי „געווזענע״ שרהן מיט אסתרן. און אַצינד שטופּט זיך אַ דריטע. ניין! זי איז אַנטשידן געווען קעגן.

דעם גאַנצן ווינטער פון 1949—1948 האָבן מיר אַלע דריי געליטן פון איר. זי האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל אונדז אַרויסשטופּן פונעם צימער. פּטור ווערן פון אונדז. זי האָט געזוכט סיבות פאַר קריגערייען. און שרה

וואָס האָט מיט איר געאַרבעט צוזאַמען, אונדזער לאַנגסטיקע לאַגער־חברטע, וועלכע האָט אונדז געהאָלפן אַרויסרייסן זיך פונעם דאָרף, האָט צוליב אונדז געהאַט עגמת נפש, און זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דער מעדוועדאָווסקאַיאַ. אונדז האָט דאָס נישט ווייניק פאַרדראָסן, הגם, מיר האָבןביידע פאַרשטאַנען אַז שרה איז גערעכט פאַרטיידיקנדיק זי. יעדער מענטש האָט רעכט אויסצוקעמפן זיך אַ בעסער לעבן. אַ בעסער לעבן? — יאָ, אויף אונדזער חשבון? אַרויסשטופן אונדז? ווי אַזוי רופט מען אַן אַזאַ זאַך?...

אין דעם צימער האָט זיך געשאַפן אַ פאַרסמטע צום דערשטיקן ווערן, אַטמאָספער.

דעם גאַנצן ווינטער, נאָך שווערע טעג פון אַרבעט, פלעגן מיר זיך אומקערן אין דער דירה און זיך געפילט נישט ווי אין דער היים. איבע־ריקע. אין די לאַנגע ווינטער־אָוונטן האָט אין צימער געהערשט אַ פּייני־לעכע, אומהיימלעכע שטילקייט. מיר האָבן צווישן זיך נישט גערעדט. די מעדוועדאָווסקאַיאַ פלעג זיך פרי אַריינלייגן אין בעט און זיך איבערדעקן מיט דער קאָלדרע איבערן קאָפּ. מיר האָבן נישט געוווסט, זי שלאָפט צי נייען. מיט וואָס אָטעמט זי — האָבן מיר אויך נישט געוווסט. אויך אסתר האָט זיך געלייגט פרי שלאָפן. איך און שרה האָבן געלייענט ביכער. זי — ליגנדיק, איך — זיצנדיק אויפן ראַנד פון אונדזער בשותפותדיקן בעטל. אַנגעטאָן וואַרעם. אין צימער איז געווען קאַלט.

מיר איז אָבער געווען גוט. איך האָב אויף מיין נייער אַרבעט ווידער באַקומען אַ מעגלעכקייט צו לייענען. לייענענדיק אַנטלויפט פון מיר דיווירקלעכקייט מיט אַלע באַשערטע דאגות און פּלאָגענישן. איך האָב פאַר־געניגן געהאַט שוין נאָר פון דעם גיין אַליין אין ביבליאָטעק נאָך ביכער. צוועלף יאָר איז געווען אָפּגערויבט ביי מיר דאָס דאָזיקע פאַרגעניגן. אין תפיסה פלעג מען אונדז ברענגען ביכער וואָס די תפיסה־ביבליאָטעק האָט פאַרמאָגט און וואָס מ׳האָט צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים אונדז געמעגט געבן. אין לאַגער פלעגן אַ מאָל אַריינפאַלן ביכער. אָבער דאָס פאַרגעניגן צו גיין אַליין, אַ פרייער מענטש אין ביבליאָטעק, און אויסקלייבן דאָס וואָס דיר געפעלט, וואָס איז דיר נייטיק אי צו דערקוויקן דיין קינסטלערישן דורשט, אי דאָס וואָס זאָל אויסברייטערן דיין אויפפאַסונג וועגן וועלט און לעבן, עפענען האָריזאָנטן, דאָס איז אין לשער.

אין דעם זעלבן ווינטער אין אַ פראָסטיקער נאַכט איז ביי אונדז אין צימער עפּעס געשען וואָס האָט אונדז אַלע אויפגעטרייסלט. מיך האָט אויפגעוועקט אַ שטאַרקער קלאַפּ לעבן מיין געלעגער. איך טו אַ קוק: שרה

ליגט אויפן דיל. איך שפּרינג צו צו איר, זי איז פאַרחלשט. ביי מיר אַליין דרייט זיך דער קאָפּ. באַלד האָב איך מיר אָפּגעגעבן אַ חשבון: מיר זע־נען פאַרטשאַדעט! מיט וואַקלנדיקע טריט בין איך צו צו דער טיר, זי אַ שטופּ געטאָן מיטן גאַנצן כוח. אין צימער איז אַריין אַ קעלט. שרה האָט זיך אויפגעזעצט. איך האָב איר געהאָלפן אַריינגיין אין בעטל און איך לויף צו צו אסתרן — געוואַלד! זי איז טויט! אויף מיינע געשרייען זענען זיך צונויפגעלאָפן די שכנים פון באַראַק. וואָס איז געשען? ווו ברענט? ראַטעוועט אסתרן! האָב איך געשריגן. אַ דאָקטער!

ס'איז באַלד געקומען אַ קראַנקנשוועסטער. זי האָט אסתרן געמאַכט אַן איינשפּריצונג. מ'האָט זי אָפּגעמינטערט. מיר האָבן אַלע זיך גע־טרייסלט פון קעלט. די קראַנקנשוועסטער האָט אונדז אַלע געמאַכט באַ־רויקונגס־איינשפּריצונגען און די גאַנצע צערודערונג האָט געדויערט ביז פאַרטאָג.

פאַר טאָג ווען ס'האָט זיך דערהערט דער „גודאָק"־סיגנאַל פונעם זאַ־וואָד, האָט מעדוועדאָווסקאַיאַ אַראָפּגעשאַרט פון זיך די קאָלדרע, מיט פאַרוווּנדערונג זיך אַרומגעקוקט און געפרעגט:

— וואָס טוט זיך דאָ?

ווען זי האָט זיך דערוווּסט וואָס ס'איז געשען האָט זי מיט אַ שמייכעלע אַ זאָג געטאָן: — אַוודאי, זיי האָבן זיכער דעם קוימען פאַר־שטעקט. זי האָט געמיינט שרהן מיט אסתרן, וועלכע פלעגן קאָכן אויף דער פּליטע. אָבער מערקווערדיק איז דאָס וואָס זי האָט דער טשאַד נישט פאַרכאַפּט. קען זיין אַז דערפאַר וואָס זי איז געלעגן ווי שטענדיק מיט אַן איבערגעדעקטן קאָפּ. אַ מזל פון אַ גויע.

אסתר איז געבליבן ליגן אַ קראַנקע. אויף דער אַרבעט זענען מיר אין יענעם טאָג נישט געגאַנגען. זינאָוויע אַבראַמאָוויטש האָט זיך דער־וווּסט פון דער געשיכטע פון אַ שכנה.

*

דער ווינטער איז פאַרביי. דאַנקען גאָט. אין דרויסן איז וואַרעם, פריי־ליגנדיק. מיר קענען פאַרברענגען אין דרויסן און וואָס ווייניקער זיך גע־פינען אין דעם פאַרהאַסטן צימער. מיר גייען אַריין נאָר איבערנעכטיקן, אַבי נישט אָטעמען מיט דער פאַרסמטער אַטמאָספער און נישט פילן אויף זיך די בייזע שינאה־בליקן פון דער חתן־זוכנדיקער מכשפה.

זומער איז זינאָוויע אַבראַמאָוויטש געגאַנגען אין אורלויב און אויף אונדז ביידע איז געפאַלן די שווערע לאַסט און די פאַראַנטוואָרטלעכקייט

פון דעם סקלאַד אויף אַ גאַנצן חודש. איך מוז מיך מודה זיין, אַז די פאַ־ראַנטוואָרטלעכקייט האָט מיך געשראָקן. אונדז ביידע, שרעקלעך־גע־ליטענע, האָט נאָר געפעלט אַז אין דער אָפּוועזנהייט פונעם פאַרוואַל־טער זאָל זיך עפּעס טרעפן אין סקלאַד.

און דאָס פאַר וואָס מיר האָבן מורא געהאַט האָט זיך ווירקלעך גע־טראָפן.

עטלעכע טעג איז די אַרבעט געגאַנגען נאָרמאַל. יעדן אָוונט האָבן מיר, פּונקט ווי יאַסנאָגאָרסקי, פאַרשלאָסן דעם סקלאַד אויפן שלאָס, געלייגט די פּלאָמבעס און געלאָזט ברענען דאָס עלעקטרישע ליכט, כדי דער נאַכט־־שומר פון דעם צעך זאָל זען וואָס אינעווייניק טוט זיך. קומען מיר אין אַן אינדערפרי צו דער אַרבעט איז פון דרויסן אַלץ ווי מיר האָבן געלאָזט — די טיר אויפן שלאָס, די פּלאָמבע נישט באַרירט. אָבער ווי נאָר מיר האָבן אויפגעעפנט די טיר האָבן מיר תיכף דערזען דעם גרויסן אומ־גליק.

מ׳האָט באַגנבעט דעם סקלאַד.

מיר האָבן ביידע געמאַכט אַזאַ געוואַלד: — מ׳האָט אונדז באַגנבעט! אַז עס זענען זיך צונויפגעלאָפן אַ מאַסע מענטשן. די נאַטשאַלניקעס פונעם צעך און מיט זיי אַלע אַנדערע האָבן זיך געחידושט:

— דורך וואַנען זענען אַריין די גנבים?

דורך וואַנען, ווי אַזוי. דאָס האָבן מיר נישט געוווּסט, מיר האָבן נאָר געקענט דערקלערן אַז אין דער פרי ווען מיר זענען געקומען האָבן מיר דעם שלאָס און די פּלאָמבע געפונען נישט באַרירט.

מ׳האָט אַרויסגערופן די מיליץ און ווען מיר האָבן נישט געקענט דערוויזן ווי אַזוי די גנבים זענען אַריין אין דעם סקלאַד, איז נישט אַנ־דערש אַז מיר אַליין זענען די גנבים — איך און אסתר, און אַז אונדזערע געשרייען און געוויינען זענען נישט מער ווי אַ כיטרע פאָרטל, סימולאַציע! אַ געוואַלדיק־אויפגערעגטע האָט זיך ביי מיר אַרויסגעריסן:

— דאָס איז נישט אמת!

אסתר איז געווען טויט־בלאַס. ביי מיר אין צעטומלטן מוח האָט זיך בליציק דורכגעטראָגן אַ געדאַנק אַז באַלד וועט די מיליץ אַוועק אין אונד־זער צימער זוכן די גנבה. מיר וועלן ביידע אַרעסטירט ווערן.

שולדיק — אומשולדיק. ביז עפּעס וואָס — מען אַרעסטירט. מען פאַרשט. מען משפּט. פאַר גנבענען מלוכה־אייגנטום וואָס קומט נישט פאַר אַ שטראָף? אַפילו די העכסטע...

די מיליץ איז אַוועק און די מייסטערס און צעך־אַרבעטער, אויס־

הערנדיק דאָס געשעענע, זענען אַרויס אונדז פאַרטיידיקן. אָבער אונטער־שטרייכן וויל איך, אַז פאַרטיידיקנדיק אונדז האָבן זיי פאַרטיידיקט זי־נאָוויע אַבראַמאָוויטשן.

— זינאָוויע אַבראַמאָוויטש וועט נישט צונעמען אין סקלאַד נישט־פאַרלעסלעכע מענטשן!...

— ער וועט נישט איבערגעבן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויף מענטשן וואָס פאַרדינען נישט קיין צוטרוי.

זיי האָבן געזאָגט, אַז טאָג־טעגלעך קומען זיי אין סקלאַד נאָך פאַר־שידענע מאַטעריאַלן און האָבן געזען אונדזער איבערגעבנקייט און די זעלטענע אָרדענונג אין סקלאַד... און אַ חוץ אַלעמען, ווען מיר וואָלטן נאָר געוואָלט, האָבן מיר געקענט יעדן טאָג אַרויסטראָגן און נישט מאַכן קיין געוואַלד אַז מ׳האָט באַגנבעט דעם סקלאַד...

די רייד פון די פאַרטיידיקער האָבן אויף דער אָנפירונג קיין ווירקונג נישט געהאַט. דעם ענין האָט מען דער מיליץ נישט איבערגעגעבן, אָבער פאַראָרדנט דורכצופירן אַ רעוויזיע און פעסטשטעלן די גרויס פונעם שאָדן. אונדז האָט מען באַפוילן צו געפינען דאָס אָרט דורך וועלכן מ׳האָט גע־קענט אַריינדרינגען אין סקלאַד. די רעוויזיע האָט געפונען אַז דער שאָדן באַטרעפט 360 רובל. און די סומע וועט יעדן חודש אַראָפּגערעכנט ווערן פון מיין געהאַלט.

אַ לייטישער משפט, נישט אמת? אַז איך בין דער שולדיקער איז נישט דערוויזן, אָבער „אויסגיסן דאָס ביטל" דאַרף איך. איך, די אָרעמע אַרבעטערין דאַרף אויסטראָגן דעם שאָדן פאַר דער גנבה וואָס עמעצער האָט געמאַכט און מ׳האָט זיך אַפילו נישט באַמיט צו דערגיין ווער און ווי אַזוי... איך האָב געדאַרפט ווערן דער דעטעקטיוו, נאָט פינקערטאָן, כדי צו געפינען די שפורן פון דעם פאַרברעכן.

די נייע פּלאָג האָט אויף אונדז שרעקלעך געווירקט. נישט נאָר וואָס די מלוכה וועט צוריבן אונדזער שווער פאַרהאָרעוועט געלט, נאָר די חרפּה פאַר דעם נישט באַגרינדעטן חשד...

פאַרצווייפלטע זענען מיר ביידע אַוועק צו זינאָוויע אַבראַמאָוויטשעס פרוי זיך אַראָפּרעדן פון האַרץ דעם ווייטיק און פאַרדראָס און זוכן ביי איר אַ טרייסט.

מיר האָבן זי נישט געקענט. דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל ווען מיר זענען געגאַנגען צו אים אין זיין דירה.

זיין פרוי, אַ הויכע, אַ דאַרינקע, מיט אַ זייער סימפּאַטישן פּנים האָט אונדז אויפגענומען זייער ליבלעך. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז זי האָט שוין

געוווּסט וועגן דעם געשעענעם. זי האָט אויך וועגן אונדז געוווּסט אַלץ, אַלצדינג.

די סימפּאַטישע פרוי האָט אונדז נישט נאָר באַרויִקט, זי האָט אונדז פאַרזיכערט, אַז ווי נאָר זינאָוויע אַבראַמאָוויטש וועט קומען צו פאָרן וועט ער אַלץ דערליידיקן צום גוטן...

און אָט איז געקומען דער סקלאַד־באַלעבאָס. מיר האָבן אים אַלץ דער־ציילט און וואָס ער האָט זיך באַלד דערשלאָגן איז געווען, אַז דערווייל זאָל מען מיר דאָס געלט נישט אַראָפּרעכענען. מען דאַרף קודם געפינען דאָס אָרט דורך וועלכן די גנבים האָבן זיך אַריינגעקליבן אין צעך און אין סקלאַד. ער איז אין דעם זייער פאַראינטערעסירט. ווייל די גנבים, נישט געכאַפּטע, קענען דאָך איבערחזרן דאָס זעלבע נאָך אַ מאָל און קומען וועלן זיי זיכער ווידער, נישט קוקנדיק אויף דעם וואָס ער גע־פינט זיך שוין אויף דער אַרבעט.

ער איז געווען פולקאָם גערעכט. זיי זענען געקומען ווידער, די גנבים. דאָס איז געשען עטלעכע חדשים נאָך דער ערשטער גנבה. די אַרבעט אין סקלאַד איז געגאַנגען נאָרמאַל. מיר האָבן זיך שוין געהאַט באַרויִקט.

איין מאָל, בייגאַכט, האָט דער צעך עפּעס געדאַרפט דרינגענדיק פונעם סקלאַד און אַרויסגערופן זינאָוויע אַבראַמאָוויטשן דורכן טעלעפאָן. ער איז נאָר צוגעקומען צום סקלאַד האָט ער געזען אַז די שויבן פון דער אַריינגאַנג־טיר זענען פאַרשטעלט מיט שטיקער אַזבעסט. זיין האַרץ האָט גענומען שטאַרק קלאַפּן, די הענט און פיס טרייסלען זיך. אין זיין מוח איז אַדורך דער געדאַנק, אַז דאָרט אינעווייניק געפינען זיך איצט די גנבים. ער האָט דאָך קיין מאָל נישט פאַרשטעלט די שויבן מיט אַזבעסט. נישט קוקנדיק אויף זיין צעטומלטקייט האָט ער פאַרשטאַנען נישט אויפ־צושליסן די טיר, נישט מאַכן קיין טומל. ער איז אַרויפגעלאָפן אין קאָנ־טאָרקע צום נאַטשאַלניק פון צעך און אים אַראָפּגעבראַכט צום סקלאַד. עס האָבן זיך פאַרזאַמלט נאָך עטלעכע מענטשן וואָס זענען געווען ביי דער זעלבער מיינונג, אַז די גנבים געפינען זיך אינעווייניק. מ'האָט באַ־שלאָסן אַרויפגיין אויפן בוידעם און דאָרט האָבן זיי געפונען אַ לאָך אין אַ וואַנט וואָס האָט געפירט גלייך אַראָפּ אין דער קלאַדאָווע. די פרייד וואָס מ'האָט געפונען דאָס אָרט דורך וועלכן די גנבים זענען געקראָכן איז גע־ווען זייער גרויס. דער גאַנצער צעך איז באַלד געוואָר געוואָרן וועגן דעם און שרה וואָס האָט געאַרבעט אין נאַכטשיכט איז געקומען צו לויפן מיט דער בשורה צו אונדז. גאַנץ פרי זענען מיר געלאָפן צו אונדזער טייערן פאַרוואַלטער אַהיים אים באַגריסן. ער איז געווען צופרידן וואָס דאָס מזל

האָט געפירט, אַז ער מיט די נאַטשאַלניקעס אַליין זאָלן אַנטדעקן די דורכ־געפירטע גנבה. אַנדערש וואָלט אויף אים געפאַלן אַ פאַרדאַכט.

די רעוויזיע האָט די גנבה אָפּגעשאַצט אויף אַ סומע פון 1500 רובל. נאָך דעם איז אַראָפּגענומען געוואָרן פון אונדז ביידע דער פאַרדאַכט און די 360 רובל אַראָפּגעשריבן.

איבערגעקומען נאָך איין צרה און... „ריינגעוואַשענע", האָבן מיר שוין געמעגט זיין צופרידן. האָט אונדז אָבער צו פולקאָמער צופרידנקייט נאָך געפעלט אַ מענטשלעכע וווינונג. אונדז האָט געדריקט דער געדאַנק, אַז אָט באַלד קומט ווידער דער ווינטער און עס וועט ווידער זיך אָנהייבן דער צימער־קאָשמאַר.

ווערן מיר געוואָר פון איינעם פון אונדזערע פריינד דערוואָרבענע אין צעך, אַז אונדזערע אַ מיטאַרבעטערין פאַרלאָזט אין גיכן רובצאָווסק און עס וועט זיך באַפרייען איר צימער אין באַראַק, וואָס מיר דאַרפן זיך באַ־מיען צו באַקומען. מיר האָבן עס געדאַרפט דורכפירן אין דער שטיל. וואָס ווייניקער מענטשן דאַרפן וויסן פון דעם, ווייל בעלנים אויף דעם צימער וועלן זיין אַ סך.

דורכפירן די „אַקציע" האָט געקענט נאָר זינאָוויע אַבראַמאָוויטש און ער האָט, נישט אָפּלייגנדיק אין דער לאַנגער באַנק אַריין, צוגעטרעטן צו דער אַרבעט.

האָפענונג אויף הצלחה האָבן מיר געהאַט קליינע. אויף אַזעלכע צימערן האָבן פּרעטענדירט און געהאַט אַ פאַרצוג אַרבעטער מטופּלע מיט משפחות, מיט לאַנגן אַרבעט־סטאַזש. און איך מיט אסתרן, ווער זענען מיר? — אין צעך זענען מיר נישט לאַנג. צו דעם אַלעמען — געווע־זענע לאַגערניקעס. זינאָוויע אַבראַמאָוויטש האָט אונדז פאַרזיכערט אַז די דאָזיקע געלעגנהייט וועט ער נישט פאַרפאַסן. אָבער פריער דאַרף די פרוי אַוועקפאָרן.

כדי צו וויסן פּינקטלעך ווען דאָס וועט געשען האָבן מיר געמוזט נאָכשפּירן דער אומבאַקאַנטער פרוי. און טאָן האָבן מיר דאָס געמוזט אַזוי, אַז נישט זי און נישט די שכנים זאָלן זיך אָנשטויסן וואָס עפּעס שטייען מיר אַרום זייער באַראַק. און דער טאָג איז געקומען. מיר האָבן זיך דערוווּסט אַז די פרוי האָט זיך אַראָפּגענומען פון דער אַרבעט. זיך אויסגעמאָלדן. דעמאָלט האָט זינאָוויע אַבראַמאָוויטש אונדז געזאָגט, אַז ער האָט שוין דעם אָרדער אויף דעם צימער.

ס'האָט נאָך געדויערט עטלעכע טעג ביז די פרוי האָט פאַרלאָזט דאָס צימער. אָבער מיר פלעגן שוין אַריינגיין צו איר און זי פלעג אונדז אויפנע־

מען פריינדלעך. מיר האָבן איר דערציילט וועגן אונדזערע ליידן און אַפילו דאָס אַז מיר האָבן איר נאָכגעשפּירט. זי איז אויף אונדז פאַר דעם נישט געווען אין כּעס. זי איז נישט געווען קיין נאַר און האָט פאַרשטאַנען אונדזער לאַגע.

מיר האָבן דאָס צימער אויסגעקאַלכט, אויסגעראַמט דעם שמוץ, די ווענט און דאָס געקויפטע בעטל וואָס איז געווען אָנגעפּיקעוועט מיט וואַנצן. מיר האָבן אויך געקויפט אַ טישל, אויסגעבעטן אין אַ קלייט אַ קאַסטן און מיר האָבן זיך אַריינגעצויגן אין אונדזער פּאַלאַץ. זינאָוויע אַבראַמאָוויטש האָט וועגן דעם רעמאָנט אונדז באַפרייט אויף צוויי טעג און מיר זאָלן תּיכּף באַזעצן דאָס צימער, ווייל... אַ קשיא אויף אַ מעשה. עמעצער קען עס פאַרכאַפּן און גיי לאָד זיך...

אַלע אונדזערע פריינד זענען געקומען אונדז באַגריסן און דער ערשטער, זינאָוויע אַבראַמאָוויטש. יעדער האָט געבראַכט מתּנות. זיי האָבן אויסגעצירט אונדזער צימער, געמאַכט באַקוועמער דאָס לעבן.

גאָט מיינער — צוויי געלעגערס, ציכטיקייט, זויבערע, מאַרליע־פאַרהענגלעך אויפן פענצטער. נישט איך, נישט אסתּר האָבן פאַר אונדזער גאַנצן לעבן אין דעם לאַנד אַזאַ דירה קיין מאָל נישט פאַרמאָגט. אָליאַ בולאָווינאַ און שׂרה האָבן אונדז אין אַלעמען געהאָלפן, אונדזערע טייערע לאַגער־חבֿרטעס...

מיר האָבן באַלד זיך באַקענט מיט אונדזערע שכנים. ס'איז נאָך געווען וואַרעם. די באַלעבאָסטעס האָבן געקאָכט אויף פּרימוסן אין לאַנגן קאָרידאָר און טאַקע דאָ אין קאָרידאָר איז פאָרגעקומען די באַקאַנטשאַפט.

מיט איינער פון די משפּחות וואָס האָט געלעבט אין דעם באַראַק האָבן מיר זיך שטאַרק באַפריינדעט. ער, דער מאַן, לעשטשינסקי — אַ ייד. מאַריאַ, זיין רוסישע פרוי. ביי זיי איז געווען אַ נאַר וואָס געבאָרן מיידעלע. ווי אַן אינזשעניער האָט מען אים געדאַרפט אויסשטיילן אַ וווינונג מיט באַקוועמלעכקייטן אין די הייזער וווּ ס'האָבן געוווינט די אָנפירנדיקע קאַדרען. זיי האָבן געוווינט אין גרויסער ענגשאַפט אַז ס'איז כּמעט געווען אוממעגלעך זיך באַוועגן אין דעם צימער.

מיר האָבן אָנגעהויבן לעבן און געניסן פון דער פריי. אַלץ האָט זיך געענדערט ביי אונדז צום גוטן. מיר האָבן זיך אויך בעסער דערנערט. אסתּר פלעג יעדן טאָג אָפּקאָכן, מיט דער אויסרעכענונג מיר זאָלן האָבן אויך וואָס מיטצונעמען אויף דער אַרבעט, און מיר פלעגן מיטאָגצייט אָפּעסן אין דער קלאַדאָווע. מיר האָבן איינע דער אַנדערער אין אַלץ געהאָלפן און די שטימונג איז געווען ביי אונדז אַ גוטע. נאָך דער אַרבעט

פלעגן מיר שפּאַצירן, גיין צו געסט — דער עיקר צו אָליען. אַצינד פלעג איך מיר שוין מיטנעמען אַ ביכל אויך אויף דער אַרבעט און אַריינגעקוקט דערין יעדע פרייע מינוט. מיר האָבן זיך דערלויבט אין אַ רו־טאָג אויך באַזוכן אַ קינאָ־טעאַטער. פאַר די צוועלף יאָר האָבן מיר שוין געהאַט פאַרגעסן דעם דאַזיקן טעם פון קינאָ. כאָטש מיר האָבן נאָך אַלץ גע־טראָגן די לאַגער־קליידער, האָבן מיר ביסלעכווייז זיך אָנגעהויבן באַ־פרייען פון דעם געפיל אַז מיר זענען געוועזענע אַרעסטאַנטקעס. אָבער...

אונדזער גליק האָט געדויערט נישט מער ווי איין חודש.

*

די סאַמע הומאַנסטע און יושרדיקע מאַכט אין דער וועלט האָט חרטה געקראָגן וואָס זי האָט אין 1947טן יאָר אַרויסגעלאָזט פון די לאַגער־תפיסות אַזוי פיל מענטשן, כאָטש זיי זענען אָפּגעקומען זייער צענ־יאָריקע שטראָף „פון קלונג צו קלונג". זי האָט באַשלאָסן, די מאַכט, צו פאַר־ריכטן דעם גרויסן פעלער, און זיך אַ נעם געטאָן פלייסיק די צענדליקער טויזנטער באַפרייטע אַרבעטס־קנעכט איינזאַמלען צוריק אין די לאַגערן.

נישט קיין פולע צוויי יאָר נאָך זייער באַפרייונג האָט זיך ווידער אָנגעהויבן דער פּאָגראָם אויף די זעלבע שוין איין מאָל געליטענע מענטשן. און דאָס געיעג אויף זיי איז דורכגעגאַנגען מיט דער זעלבער ראַפינירטער אַכזריות ווי אין די פריערדיקע יאָרן. אויב עס איז יאָ געווען אַן אונטער־שייד איז ער באַשטאַנען אין דעם וואָס צוריק מיט צען יאָר האָט דער פּאָגראָם זיך געצויגן לאַנג און לאַנגזאַם. דער פּחד האָט באַהערשט גרויס און קליין. ווייל מ'האָט נישט געוווּסט פאַר וואָס מען ווערט אויסגעכאַפּט, האָט יעדער איינער אין גרויסע יסורים געוואַרט מען זאָל אים שוין קומען אַרעסטירן. גאָר אַנדערש האָט עס אויסגעזען איצט, צוויי יאָר נאָך דער באַפרייונג. מיר, די געוועזענע, האָבן זיך אויף דעם נישט געריכט.

דער פּאָגראָם איז געווען אַ בליציקער. שטילערהייט, אין געציילטע טעג, האָט מען אויסגערייניקט דעם טראַקטאָר־זאַוואָד פון די לאַגערניקעס. די אַרבעטער פונעם זאַוואָד זענען אויפגעטרייסלט געוואָרן.

— וואָס פּלוצעם?

— פאַר וואָס? די מענטשן האָבן געאַרבעט צוזאַמען. אַפילו גוט גע־אַרבעט. מ'האָט געהאַט וועגן זיי די בעסטע מיינונג!

— איז דאָס אין די אינטערעסן פון דער מלוכה?

שאַ, שטיל. קיין רמז אין דער פּרעסע. קיין פּיפּס נישט אין ראַדיאָ.

קיין מיטינגען און פאַרזאַמלונגען וועגן „שונאים פון פאָלק”. דאָס פאָלק האָט שוין גוט געוווּסט ווער עס זענען זיינע שונאים...

אין יענע טעג באַקום איך אין קלאַדאָווע אַ צעטעלע, אַז צען אַ זייגער דאַרף איך זיך יאָווען אויף אַן אָנגעוויזענעם אַדרעס וואָס איז געווען באַענט פונעם זאַוואָד. איך האָב אין דעם טאָג נאָך נישט געוווּסט אַז דער פּאָגראָם האָט זיך שוין אָנגעהויבן, נאָר באַקומענדיק דאָס צעטעלע האָט זיך מיין האַרץ אָפּגעשטעלט אויף אַ רגע. אסתּר האָט דערזען ווי בלאַס איך בין געוואָרן לייענענדיק דאָס פּאַפּירל און אין שרעק מיך געפרעגט:

— וואָס איז געשען?

— איך ווייס נישט, — האָב איך געענטפערט.

איך בין אַוועק אויפן אַדרעס. אויך אַ באַראַק ווי אונדזערער. אָנקלאַפּנדיק אין טיר האָבן מיר געציטערט הענט און פיס. אַ גרויס צימער, אין דער טיף ביי אַ טיש — אַ ציווילער מאַן. איך בין געבליבן שטיין ביי דער טיר אָן אַ וואָרט צו זאָגן, ווי כ'וואָלט געווען אַ שטומע.

ער האָט מיר געהייסן זיצן אויף אַ באַנק ביי דער טיר. אַוועקזעצנדיק מיך ווייט פון זיך איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז פאַר מיר זיצט אַ פאַרשטייער פון נ.ק.וו.ד. ער האָט מיך לאַנג, זייער לאַנג באַטראַכט און נאָך דעם, פון אַ פּאַפּיר אַרויסגעלייענט פראַגן. איך האָב באַלד דערקענט מיין אָנקעטע וואָס איך האָב אויסגעפילט ווען איך בין אויפגענומען געוואָרן אויפן זאַוואָד. איך האָב אויף אַלע פראַגן געענטפערט. ווען ער האָט פאַרענדיקט האָט ער מיך ווידער זייער לאַנג באַטראַכט און שנעל אַ זאָג געטון: גייט!

בעת איך בין געזעסן ביי אים אין צימער האָב איך אינערלעך מיך שוין געגרייט אַרעסטירט צו ווערן. דערהערנדיק דעם „גייט!” בין איך ממש אַנטלאָפן. איך בין געלאָפן צוריק אין צעך. אסתּר האָט דאָרט געוואַרט מיט אַ פאַרקלעמטן האַרץ און איך האָב מיט ווייטיק געטראַכט אַז איך מוז איר זאָגן דעם שערקלעכן אמת, אַז אַרויסגערופן האָט מיך די געהיים־פּאָליציי. ניין, זי רופט נישט סתּם אַזוי צו קאָנטראָלירן צי מיינע ענטפערס אין דער אַנקעטע זענען ריכטיקע. און אויב מ'האָט מיך איצטער נישט אַרעסטירט איז דאָס נישט קיין סימן אַז איך וועל נישט אַרעסטירט ווערן...

אסתּר, ביי דער טיר פון דער קלאַדאָווע, האָט זיך אויסגעקוקט די אויגן.

—נו? — האָט זי געפרעגט.

אויסהערנדיק מיין ענטפער האָט זי אַ צעבראָכענע געוויינט.

— צי דען וועלן מיר מוזן נאָך איין מאָל איבערגיין דעם שרעקלעכן טאַנץ ?...

אונדזער פאַרצווייפלונג איז געווען גרויס. עצהן זיך איז נישט געווען מיט וועמען. זינאָוויע אַבראַמאָוויטש איז נישט געווען אין שטאָט. און ווען ער וואָלט אַפּילו יאָ געווען ? דאָ האָט אונדז אויך ער שוין נישט גע־קענט העלפן, אַפּילו נישט מיט קיין עצה, און געבעטן האָבן מיר גאָט, אַז עס זאָל זיך כאָטש נישט אָפּרופן אויף אים אונדזער אָנגרייפנדיקער אומ־גליק.

נאָכן אַרויסרוף זענען פאַרביי צוויי טעג פון דערוואַרטונג און שרעק. מיר האָבן נישט געגעסן, נישט געשלאָפן.

און אָט, שוין צום סוף פון אַרבעטסטאָג רופט מען מיך צום נאַטשאַל־ניק פון צעך. אסתר איז שוין אַוועק אויסשרייבן מאַטעריאַלן און פון דאָרט וועט זי גלייך אַהיימגיין. פאַרשליס איך די קלאַדאָווע און גיי צום נאַ־טשאַלניק זייער לאַנגזאַם. די פיס זענען ביי מיר ווי ליימענע. דאָס האַרץ זאָגט מיר אַז דער אַרויסרוף צום נאַטשאַלניק איז נישט סתם. אַז דאָרט וואַרט אויף מיר דאָס פאַר וואָס איך האָב שטאַרק מורא.

און ווירקלעך. אין זיין קאַבינעט זענען געזעסן צוויי מענער אין ציווילע קליידער. פאַר וואָס דערקענט מען זיי תיכף די דאָזיקע לייט פון דעם „מקום״ ? וואָס פאַר אַ חותם לייגט אַרויף אויף זייער געשטאַלט דאָס תלינישע כאַפּער־באַרוף ?... זיי האָבן זיך מיט גאָרנישט נישט אויס־געגעבן. קיין איינציק וואָרט נישט געפרעגט, נאָר געקוקט אויף מיר מיט שאַרף־דורכדרינגענדיקע בליקן.

— ווּ איז אסתר דריבוס ? האָט מיר געפרעגט דער נאַטשאַלניק.

— זי איז אַוועק אונטערשרייבן דאָקומענטן און באַקומען די בייטיקע מאַטעריאַלן פאַרן סקלאַד, אַזוי ווי יעדן טאָג.

— קענט איר צוריקגיין צו דער אַרבעט — האָט ער מיך באַלד גע־קונדיקט.

אַרויסגייענדיק פון קאַבינעט בין איך צוריקגעגאַנגען פאַרשליסן דעם סקלאַד, לייגן די פּלאָמבע אויפן שלאָס, און גייענדיק האָט דאָס האַרץ אין מיר געשריגן :

— גוואַלד ! די צוויי זענען דאָך געקומען נאָך אסתרן. אַצינד וועלן זיי קומען צו אונדז אַהיים, אין צימער, וואָס מיר האָבן מיט אַזוי פיל מי באַקומען, אין גאַנצן מיט איין חודש צוריק. זיי וועלן קומען, די צוויי, צונעמען אסתרן.

אסתר איז געשטאַנען ביי דער פּליטע און זיך געקליבן עפּעס אָפּקאָכן. איך האָב איר נישט דערציילט וועגן מיין אַרויסרוף צום נאַטשאַלניק, און אַז מ'האָט מיך געפרעגט אויף איר. נאָר אין גאַנצן בין איך געווען איין קנויל פון נערוון. איך האָב געוואַרט אויף די צוויי באַנדיטן. אָט, אָט און זיי וועלן קומען. יאָ, זיי וועלן זיכער קומען נאָך אסתרן און אפשר אויך נאָך מיר ?...

ווען זיי זענען אַריין אין צימער איז פון אסתרס האַנט אַרויסגעפאַלן אַ מעסער. מיט שרעק האָט זי געקוקט אויף די צוויי ווי עס קוקט אַ היפּנאָטיזירט האָזל אויף דער גיפטיקער שלאַנג, און אין אַנמאַכט האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער באַנק. זי איז געווען שטום. נישט זי האָט געוויינט, נישט זי האָט אַרויסגעבראַכט אַ וואָרט.

איינער פון די צוויי האָט אַרויסגענומען אַ פּאַפּירל און האָט עס אַליין פאַרגעלייענט, אַז — ער האָט רעכט, געגעבן פון דער פּראָקוראַטור צו אַרעסטירן אסתר סאָלאָמאָנאָוונע דריבוס!...

ער האָט נישט באַוויזן ענדיקן ווי איך האָב מיך צעשריגן:

— פאַר וואָס?

אויף קיין ענטפער האָב איך, פאַרשטייט זיך, נישט געוואַרט.

— פאַר וואָס? — האָב איך פאַרגעזעצט צו שרייען. נישט קענענדיק העמען זיך אַליין, דערפאַר ווייל זי איז שוין איין מאָל אָפּגעקומען אַ צעניאָריקע שטראָף אין אייערע צוואַנגס־לאַגערן, פאַר גאָרנישט! קוקט זי אָן, אַ פגירה! — האָב איך געשריגן — זי קען דאָך אפילו נישט דינען דעם צוועק פאַר וועלכן מען פאַרשלעפּט מענטשן אין די לאַגערן... זי קען שוין נישט זיין קיין אומזיסט אַרבעטספערד. איך בין געווען מיט איר צוזאַמען. נעמט זשע אויך מיך. איך בין פּונקט אַזאַ שולדיקע ווי זי. איך בין פּונקט אַזאַ פאַרברעכערין...

אַלע שכנים פון באַראַק האָבן געהערט מיין געשריי. מאַריאַ האָט גע־עפנט די טיר און תיכף מיט אַ טראַסק זי פאַרמאַכט.

די צוויי היצעלעס האָבן אַרומגעקוקט דאָס צימער. וואָס קענען זיי זוכן? אַלץ איז געלעגן פון אויבן אויף. נאָר איינער האָט געעפנט דאָס טירל פונעם „קעלערל". אַהאַ!... אָט דאָ איז עס מסתם דאָס באַהעלטע־ניש פון דיווערסיוון, אַנטימלוכישן מאַטעריאַל, און אפשר אויך געווער?... ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַהין און איז געבליבן שטעקן מיט די פיס ווי אין אַ גרוב. מיך איז באַפאַלן אַ געלעכטער.

— קריך! קריך! — האָב איך געשריגן ווי פון זינען. — דו וועסט געפינען וואָס דו זוכסט...

דאָס איז דאָך געווען נישט קיין קעלערל, נאָר אַ פּשוטער גרוב אין וועלכן מען פלעג אויף ווינטער אַריינשיטן קאַרטאָפל. אין רעגנצייט איז אין גרוב אַריין וואַסער.

מיט גרויס מי איז דער פאַרשוין אַרויסגעקראָכן פון גרוב און ווען ער האָט זיך אַרומגערייניקט האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— דריבוס, קום!

אָן אויפגעברויזטע, צערודערטע האָב איך איינגעפּאַקט אסתרס זאַכן און זייער שנעל האָט מען זי אַרויסגעפירט פונעם צימער. דאָס פּעקל האָט גענומען איינער פון די לייט.

אין אַ ווײַלע אַרום נאָך זייער אַוועקגיין בין איך זיי נאָכגעלאָפן. כ'האָב געוואָלט זען ווי אַזוי מען פירט אסתרן אַוועק. אויף שטענדיק?

אין קאָרידאָר זענען געווען אַ סך פון די שכנים. מאַריאַ איז מיר געקומען אַנטקעגן און מיר געזאָגט אַז מ'האָט זי אויפגעזעצט אויף אַ בריטשקע און מ'איז אָפּגעפאָרן מיט גרויסער שנעלקייט.

מײַנע צעשרויפטע נערוון האָבן נישט אויסגעהאַלטן. כ'האָב זיך צעוויינט. נישט טרערן, נאָר בלוט האָט זיך געגאָסן פון מײַנע אויגן.

מאַריאַ האָט מיך אַרײַנגענומען צו זיך אין צימער. זי האָט זיך באַמיט מיך צו באַרויִקן, אָבער דאָס האָט זיך איר נישט אײַנגעגעבן. אויך זי האָט געוויינט מיט מיר, ווען איך האָב איר געזאָגט, אַז איך וויל צוגיין צו אַליען, איז זי געלאָפן פאַרשליסן מײַן צימער און מיר אויך געבראַכט מײַן טעלאָגרייקע.

— באַלד, אין אָוונט, וועט ווערן קאַלט, איר קענט זיך נאָך צוקילן און קראַנק ווערן.

אַליאַ איז געשטאַנען גרייט אַוועקצוגיין אויף דעם צווייטן אַרבעטס־שיכט. זי האָט מיך אָנגעקוקט אַ דערשראָקענע. איך האָב איר גאָרנישט געדאַרפט דערציילן. זי האָט באַלד פאַרשטאַנען. ס'איז געשען מיט אונדז דאָס שרעקלעכסטע. אַליע און אויך איר באַלעבאָסטע האָבן מיר געהאָלפן וויינען. די באַלעבאָסטע אַליעס האָט אויסגעשאָטן אויף דער נ.ק.וו.ד. אַלע טויט־קללות.

אַליע איז אַוועק צו איר אַרבעט און איך בין געבליבן נעכטיקן ביי איר באַלעבאָסטע. מאַמאַנטאָוואַ האָט זי געהייסן. זי האָט מיך געצוווּנגען אויסטרינקען אַ גלאָז טיי. מיר אויסגעבעט אַ גוט געלעגער, איך זאָל זיך

אַנידערלייגן און זיך באַמיען איינשלאָפן, האָט זי מיך צוגערעדט. איך וועל זיך דאָך אַוועקהערגענען אַליין.

אָבער איינשלאָפן האָט מיר זיך נישט איינגעגעבן. דער מוח האָט געברענט. אַלצדינג האָט אין מיר געשריגן. ווער זענען די פאַרברעכער — זי, אסתר, די שוואַכע פרוי, וואָס מען נעמט זי שוין צום דריטן מאָל? צי זיי, די מאַכטהאָבער, וואָס בויען זייער גליק אויף בייגער און בלוט?

ביינאַכט האָב איך באַשלאָסן אַז אין דער פרי גיי איך אַוועק אין עמ.גע.בע. זיך דערוויסן וועגן אסתרס גורל. ווו האָט מען זי אַהינגעטאָן, אסתרן? אַליין טאָר איך נישט גיין. זיי קענען מיך פאַרהאַלטן און אַ האָן וועט נישט אַ קריי טאָן... איך וועל בעטן אַליען זי זאָל גיין מיט מיר. זי זאָל וואַרטן אין דרויסן און טאָמער — עס זאָל נישט אויסגערעדט זיין? — וועט עפּעס געשעען מיט מיר, זאָל זי צו וויסן געבן אין צעך...

אַליע איז דערציטערט געוואָרן ווען זי האָט געהערט מיין באַשלוס. זי האָט אָנגעווענדט איר גאַנצע חכמה מיך אָפּצורייידן פון דעם שריט. עס האָט נישט געהאָלפן.

ווען ס'איז ליכטיק געוואָרן האָב איך איר געזאָגט, אַז איך לויף צו אַ היים נעמען די שליסלען פון דער קלאַדאָווע. נאָך דעם וועל איך צו־לויפן אין זאַוואָד, זיי איבערגעבן אַ פאַרלעסלעכן מענטש ער זאָל די קלאַ־דאָווע אויפמאַכן. פון דאָרט קער איך זיך אום — אפשר וועט זי זיך באַ־טראַכטן און דאָך מיטגיין.

זי האָט שוין געוואַרט אויף מיר ווען איך האָב זיך אומגעקערט. און זי איז געגאַנגען מיט מיר, נישט אויפהערנדיק דאָך מיך אָפּצורייידן פון דעם שריט.

ווייט פון דעם אימהדיקן בנין פון עמ.גע.בע. האָב איך זיך געזעגנט מיט אַליען.

— אויב ס'וועט אַלצדינג זיין אין אָרדענונג, וועל איך דיך געפינען אויף דעם אָרט.

איך האָב באַלד געטראָפן צום נאַטשאַלניק און פרעגנדיק אויף אסתרן, האָט ער מיך אָנגעקוקט, מיך פאַרבעטן מיט אים אין אַן אַנדער קאַבינעט. דאָרט האָב איך געטראָפן דריי מענער וועלכע האָבן מיך געבעטן זיצן, און מיך באַלד גענומען אויספאָרשן שרייבנדיק לאַנגזאַם אַ פּראָטאָקאָל.

אַזוי ווי איך האָב זיך אויף קיין אויספאָרשונג נישט געריכט, איז מיר געוואָרן הייס און קאַלט. זיי האָט אינטערעסירט אַלץ וועגן מיר און אסתרן. און איך האָב געענטפערט גלייך, קלאָר, אָן מורא. ווען ער האָט מיך געפרעגט פאַר וואָס מען האָט מיך אַרעסטירט און פאַרמשפּט, האָב

איך געענטפערט אַז אָן אַ משפּט בין איך אָפּגעזעסן צען יאָר אין קאָנ־צענטראַציע־לאַגער פאַר קאָנטררעוואָלוציאָנערער טעטיקייט מיט וואָס איך האָב זיך קיין מאָל נישט פאַרנומען.

ווען איך האָב אַזוי אָפּגעקנאַקט דעם ענטפער האָבן אַלע דריי מיך אָנגעקוקט און איינער האָט אַ זאָג געטאָן:

— דעמאָלט האָט מען זיי אַזוי געגעבן!

ווען זיי האָבן מיך געפרעגט וואָס פאַר אַ שייכות איך האָב צו אסתר דריבוס: איז זי מיינע אַ קרובה?

— ניין, האָב איך אויסגעשריגן — אין לאַגער האָב איך זיך באַקענט מיט איר.

און דאָס איז אַלץ. זיי האָבן מיר געזאָגט אַז איך קען גיין אַהיים.

— יאָ, האָב איך געזאָגט אַ פאַרוווּנדערטע, אָבער פאַר וואָס זאָגט איר מיר גאָרנישט וועגן דער דריבוס.

—זאָרגט נישט — האָט מען געענטפערט קאַלטבלוטיק — מיט איר וועט קיין שלעכטס נישט פאַסירן.

— גיט זשע מיר אַ זעונג מיט איר... — האָב איך געפאָדערט.

— דאָס קענען מיר נישט...

איך בין אַרויסגעגאַנגען לאַנגזאַם. איך בין געווען צעטומלט פון דער אויפנאַמע וואָס האָט אויסגעזען נישט שרעקלעך. און דאָך ווען איך בין צוגעקומען צו אַליען, וועלכע האָט אויף מיר געוואַרט, האָב איך זי אָנ־גענומען ביי דער האַנט און אַנשטאָט צו ענטפערן איר וואָס ס׳איז גע־שען, האָב איך געזאָגט:

— קום, קום וואָס שנעלער אַוועק פון דאַנען. אויפן וועג וועל איך דיר דערציילן...

איך האָב איר דערציילט מיט אַלע פּרטים און ווען כ׳האָב געהערט דעם זאָג: „דעמאָלט האָט מען זיי אַזוי געגעבן״, איז פאַר מיינע אויגן דורכגעגאַנגען דאָס שרעקלעכע בילד פון זיי, די הונדערטער טויזנטער קנעכט, פאַרשמאַכטע, פאַרפּייניקטע מיט שווערער אַרבעט און מיט הונ־ער. און זיי רעדן זיך אַזוי קאַלטבלוטיק: „אַזוי האָט מען דעמאָלט זיי געגעבן״. אָבער מיט זייער העפלעכקייט האָבן זיי מיך נישט אָפּגעּ־נאַרט. מיר קענען זיי דאָך שוין צו גוט פון די פריערדיקע אויספאָרשונגען, אַז דאָס איז נאָר אַן אַרויפגעצוווּנגענע מאַסקע, אַז די לייטישקייט איז נאָר אָנשטעל. אין דער פאַסיקער צייט נעמען זיי אַראָפּ די מאַסקע און דו דער־זעסט דאָס אמתע מעפיסטאָפעלישע פּרצוף זייערס.

אַליע האָט מיך צוגעפירט צום זאַוואָד און מיך געמונטערט און גע־הייסן אויפהערן וויינען און זיך נעמען אין די הענט. איך זאָל אומבאַדינגט עסן, כדי איך זאָל נישט פאַלן פון די פיס. עס וועט אַוועק אַ שטיקל צייט און אַלץ וועט זיך אויסקלאָרן. נישט וועלנדיק איך זאָל בלייבן אַליין, האָט זי מיר געזאָגט אַז זי וועט קומען צו מיר בעכטיקן.

מיין געטרייע, טייערע אַליע. ווער האָט מער ווי זי וואָס איז אין איינעם מיט אונדז געגאַנגען אויף דעם וויאַ דאָלאָראָזאַ פון סאָוועטישן לאַגער־גיהנום, געקענט באַנעמען דעם גאַנצן פאַרנעם פון דעם אומגליק, וואָס האָט אונדז אַצינד געטראָפן? — און זי האָט פאַרשטאַנען אַז אין אָט דעם צושטאַנד פון פאַרצווייפלונג טאָר זי מיך נישט לאָזן אַליין אין מיין צימער....

איך האָב מיך אומגעקערט אין צעך און מילערן, ווענמען איך האָב אָנפאַרטרויט די שליסלען פון דער קלאַדאָווע, דערציילט וועגן דעם אומ־גליק וואָס האָט ווי אַ דונער אין מיטן העלן טאָג צעשטערט דאָס ביסל שלווה, וואָס מיר האָבן ערשט דעם לעצטן חודש דערוואָרבן.

די טעג זענען לאַנגזאַם געגאַנגען און איך האָב נישט אויפגעהערט וויינען.

די טיר פון דער קלאַדאָווע האָב איך געהאַלטן אָפן און אין אַ טאָג אַרום נאָך מיין באַזוך אין עמ.גע.בע. האָב איך געזען פאַרבייגיין איינעם פון די צוויי אַגענטן, וואָס האָבן אַרעסטירט אסתרן. עטלעכע מאָל האָט ער זיך דורכשפּאַצירט אַהין און צוריק. יעדעס מאָל מיך אָנגעקוקט און מערקווירדיק, ער האָט מיך שוין נישט געשראָקן... איך האָב מיך צוגעוווינט צום געדאַנק אַז מיינע טעג אויף דער פריי זענען געציילטע, אַז דער גזר איז שוין געחתמעט און איך וועל אים נישט פאַרמיידן. און יעדן אָוונט נאָך דער אַרבעט פלעג איך מיך אומקערן אַהיים מיטן געפיל אַז אין מיין צימער זיצן שוין די צוויי כאַפּערס...

מ׳האָט מיך נישט אַרעסטירט.

אַליע איז געווען גערעכט: מען דאַרף האָבן געדולד, איבערוואַרטן אַ שטיקל צייט. עס וועט זיך אויסקלאָרן.

אין יענע פינצטערע טעג קומט איין מאָל אַריין צו מיר אין קלאַדאָווע אַ פרוי פון מיטעלן עלטער און האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט אויף יידיש: געניע גרינבערג. ווייל זי האָט געוווּסט, אַז מ׳האָט אַרעסטירט מיין חברטע אסתר דריבוס איז זי געקומען צו מיר אויך ווי אַ געליטענע: צוריק מיט צוויי טעג האָט מען אַרעסטירט איר מאַן. ביידע, זי און איר מאַן האָבן

געאַרבעט אין מאַטאַרנעם צעך. איר מאַן איז אַן אינזשעניער. זי, אַ טעכ־נאַלאָג. ביידע זענען געוועזענע אַרעסטאַנטן. ביידע האָבן זיך באַפרייט אין 1947. אין די שוידערלעכע דרייסיקער יאָרן, בעת זיי האָבן זיך געפונען אין לאַגער, ווו זיי האָבן זיך באַקענט, האָבן ביידע פאַרלאָרן זייערע משפחות. זי איר ערשטן מאַן, פון וועלכן זי האָט נישט געוווּסט ווו זיין געביין איז אַהינגעקומען און צוויי קינדער. ער — זיין פרוי מיט אַ קליין טעכטערל. צוויי עלנטע, אינטעליגענטע מענטשן, טרעפנדיק זיך אין אַ לאַ־גער פון אַרכאַנגעלסקער געגנט, האָבן זיך באַגעגנט, זיך פאַרבונדן, באַ־שלאָסן צוריק אויפבויען אַ משפחה און אַ נעסט. און אָט, נאָך נישט קיין פולע צוויי יאָר נאָך דער באַפרייונג, נאָך לאַנגע פיינלעכע חדשים פון אַרומוואַלגערן זיך ביז מ׳האָט זיי דאָ געגעבן אַ קליין צימערל ווו זיי האָבן אָנגעהויבן לעבן צוזאַמען — איז מען געקומען און ווידער צעשטערט זייער ביסל גליק און חרוב געמאַכט זייער לעבן.

געקומען איז זי צו מיר אייגנטלעך, כדי מיך אויסצומוסרן פאַר מיין לייכטזיניקער אויפפירונג, און — נאָר פון זאָרג פאַר מיין גורל. צו איר איז דערגאַנגען אַז איך רעד אָפן וועגן מיין באַזוך אין עמ.גע.בע. און אַפילו געשריגן מען זאָל אויך מיך נעמען... ווי האָב איך געמעגט טאָן אַזאַ מין זאַך ? זיי דאַרף מען נישט בעטן. וועלן זיי דאַרפן, וועלן זיי קומען און נעמען... פון זיי וועט איר אין ערגעץ נישט נעלם ווערן... זיי דאַדפן פריער אַרויסנעמען די נשמה, דעמאַראַליזירן. זיי האָבן צייט.

און נאָך האָט זי מיר געזאָגט, אַז די לעצטע עטלעכע טעג זינט ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אויסכאַפּעניש וועגן וואָס מ׳האָט זיך געשושקעט אין אַלע צעכן פונעם זאַוואָד, האָבן זיי זיך אָנגעהויבן ריכטן אויף דער צרה. און ווען די צוויי „אונטערפירערס״ זענען געקומען זענען זיי געווען „רויִק״, אַזוי צו זאָגן, זיך נישט דענערווירט, זיך נישט פאַרלאָרן. זיי האָבן פאַרהיט דעם גלייכגעוויכט און גייסט־אָנוועזנהייט און אַפילו גע־פרעגט: — נו, און איצט וואָס וועט מען טאָן מיט די אַרעסטירטע ? וואָס פאַר אַ שטראָף וועט מען זיי איצטער געבן ? זיי האָבן געענטפערט קאַלט און פשוט:

— פאַרשיקונג וועט מען געבן. פאַרשיקונג אין ווייטע געגנטן...

ווייטע געגנטן, אַלטיי איז ווייניק ווייט ?...

יעדנפאַלס, די דאָזיקע ווערסיע פון פאַרשיקונג האָט מיך אַ ביסל באַרויִקט.

און נאָך האָט געמיינט די פרוי גרינבערג, אַז ס׳איז נישטאָ קיין גע־פאַר מען זאָל נעמען דאָס מאָל אויך די נאָענטע פון די אַרעסטירטע. און

דאָס צוליב אַ פּשוטן שכל: די נאָענטע װעלן אַליין, פון אייגענעם ווילן נאָכפאָלגן נאָך די פאַרשיקטע, און אויף אייגענעם חשבון. די מלוכה וועט זיך איינשפּאָרן מיטלען און איבעריקע דאגות פאַר עשאַלאָנען, שפּייז און קאָנוואָירער.

איך האָב געמוזט מסכים זיין מיט די מסקנות פון דער פרוי און האָב מיר געטראַכט: הלוואַי זאָל עס שוין זיין אַזוי...

די באַקאַנטשאַפט מיט דער פרוי גרינבערג איז אין יענע טעג געווען אַ טרייסט, אַ מאָראַלישער אָנשפּאַר, אַ רעטונג. פון טאָג צו טאָג זענען מיר געוואָרן נאָענטער, די פריינדשאַפט גרעסער. זי איז געווען אַ טעמפּעראַ־מענטפולע, ענערגישע פרוי און האָט זייער ליב געהאַט איר מאַן. און יעדעס מאָל ווען זי פלעג זיך עפּעס דערוויסן — איין גאָט ווייסט ווי אַזוי — פלעג זי קומען צו לויפן מיך אינפאָרמירן.

אָט האָט זי זיך דערוווּסט אַז מ׳האָט שוין אַלע אַערסטירטע פון רוב־צאָווסקער עמ.גע.בע. איבערגעשיקט אין דער באַרנאַולער תפיסה.

אָט איז זי געקומען זיך צונויפרעדן, וואָס מיר קענען אונטערנעמען כדי צו העלפן אין תפיסה די אייגענע, וואָס מ׳האָט אַוועקגעריסן פון אונדז.

מיר האָבן אָנגעהויבן לויפן איינע צו דער אַנדערער אין דער היים און אויף דער אַרבעט.

איך האָב שוין מער נישט געוויינט. אין קלאַדאָווע האָב איך געהאַט אַ סך אַרבעט. איך האָב דאָך געאַרבעט אַצינד פאַר צוויי. זינאָוויע אַבראַ־מאָוויטש האָט זיך נאָך נישט אומגעקערט פון זיין רייזע. דער גוטער מענטש מילער, וואָס האָט פאַרוואַלטעט מיטן סקלאַד פון ברען־מאַטעריאַלן פלעג יעדן טאָג זיך אָפּרייסן פון זיין שווערער אַרבעט, כדי מיר אַרויסצוהעלפן.

אין צימער בין איך געווען אַליין. די איינזאַמקייט האָט מיך געדריקט. ס׳איז מיר געווען פריקרע און אומהיימלעך. אַליע האָט נישט געקענט קומען יעדן טאָג צו מיר בעכטיקן.

זינאָוויע אַבראַמאָוויטש האָט זיך אומגעקערט אַ חודש נאָך אסתרס אַרעסט. זיין זון איז אַריין צו מיר אין קלאַדאָווע און מיר אָנגעזאָגט די בשורה. האָב איך מיטאָגצייט פאַרשלאָסן די קלאַדאָווע און כ׳בין אַוועק אַהיים צו אונדזער פריינד. ער האָט שוין אַלצדינג געוווּסט און דאָך האָט ער געוואָלט הערן פון מיר אַליין אויספירלעך ווי אַזוי דאָס איז פאָרגעקו־מען. אויסהערנדיק די טרויעריקע געשיכטע האָט דער גוטער מענטש גע־וויינט, טאַקע ווי אַ טאַטע.

— מיין האַרץ טוט מיר ווי וואָס נאָך אַלע באַמיִונגען אייך צו ראַטע־ווען, גייט אַלצדינג ווידער צו גרונט.

כדי צו פאַרלייכטערן מיר, אַראָפּנעמען אַ טייל פון דער שווערער לאַסט פון מיינע אַקסל. האָט ער באַלד צוגעזוכט אַ פרוי אויף אסתרס אָרט.

איך האָב געאַרבעט מיטן זעלבן פלייס, כדי נישט אונטערפירן מיין טייערן שעף און אויך נישט צו ברענגען אויף זיך אַליין דעם פאַרדאַכט פון אַ „שעדיקער", חלילה. אָבער די שטימונג איז געווען אַ זייער גע־דריקטע ביי מיר און ביי אַלע אויפן זאַוואָד, ווען מ'האָט נאָך נישט גע־נומען; יעדער האָט געלעבט אין שרעקלעכער שפּאַנונג. „אויף די נערוון".

— וואָס הערט זיך?

— וואָס וועט זיין ווייטער?

— ווען נעמט מען?

— לויט וועלכע סימנים?

צו מיר איז געקומען נאַטאַליאַ קריקאָוואַ, דער קאָנטראָליאָר פון דער פּראָדוקציע־קוואַליטעט אין אינסטרומענטאַלן צעך. געבראַכט האָט זי צו מיר נישט נאָר דער באַגער זיך צו באַקענען, כדי צו האָבן מיט וועמען זיך דורכצורעדן, נאָר אויך איר וווינונגס־נויט. שוין אַ לענגערע צייט האָט זי געוווינט מיט אַ יונגער טאָכטער אין אַ דירה — אַ באַגרעבעניש. און אַזוי ווי איך בין געבליבן אַליין אין מיין צימער, האָט זי געבעטן איך זאָל זיי צונעמען פאַר שכנים...

אַ דאַרע, מיט אַ געבויגענער פּלייצע, מיט אַ לענגלעכן שטאַרק בלאַסן געזיכט וואָס האָט פאַרמסרט אַ זייער שווער, יסורימדיק לעבן, איז מיר די פרוי פון די ערשטע רגעס געפעלן געוואָרן. אויך זינאָוויע אַבראַמאָוויטש האָט געהאַט וועגן איר אַ גוטע מיינונג און ער האָט נישט דערווידערט.

איידער זיי האָבן זיך אַריבערגעקליבן צו מיר בין איך געגאַנגען זען זייער וווינונג. דאָס איז געווען נישט קיין צימער, נאָר אַ קעמערל אויפן צווייטן שטאָק. אַ ריח־ניחוח איז דאָרט געשטאַנען פון קעץ, דערשטיקט צו ווערן. נאַטאַליאַס שכנה האָט ליב געהאַט קעץ און זי האָט זיי געכאָוועט אַ גאַנצע סטאַדע — איז פול דער גאַנצער שטאָק מיט זייערע ריחות.

איך האָב איר באַלד געגעבן מיין הסכמה. זי האָט געבראַכט צו שלעפן איר פאַרמעגן — אַ בעט און אַ טישל. געשלאָפן איז זי צוזאַמען מיט דער טאָכטער אויף מיין געלעגער. מאַשע איז געווען אַן אמתע רוסישע שיינ־הייט. אַ בלאָנדע, מיט צוויי לאַנגע צעפּ, אַ קיילעכיקן פּנים און בלאָע אויגן.

און איך וועל געוואָר איר געשיכטע וואָס איז פול מיט ליידן — אַ כאַראַקטעריסטישע פאַר הונדערטער טויזנטער רוסישע פרויען.

איר מאַן איז געווען אַן אָפיציר. זיי האָבן געלעבט אין מאָסקווע און

אין 1937טן יאָר האָט מען זיי ביידע אַרעסטירט. דאָס קינד האָט מען צו־גענומען און זיי אַריינגעזעצט אין דער בוטירקע (די באַרימטע תפיסה), דעם מאַן אירן האָט מען קורץ נאָכן אַרעסט — צעשאָסן. זי האָט מען אין אָט דער שרעקלעכער תפיסה געהאַלטן אַ יאָר צייט. וועמען ס'איז באַשערט געווען אַריינצופאַלן אין דער דאָזיקער תפיסה, האָט געוווּסט צו דערציילן פון אַכזריותדיקע פּייניקונגען בעת דער אויספאָרשונג.

איין מאָל האָט נאַטאַליע פון נאַיִוויטעט צי פון אומזיניקער דרייסטקייט געפרעגט איר פאָרשער:

— צי האָט איר נישט קיין בושה און צי האָט איר נישט קיין מורא, אַז אויסלאַנד וועט זיך דערוויסן ווי איר באַגייט זיך מיט אייערע בירגער?

דער סאַדיסט האָט זיך הילכיק צעלאַכט:

— זייט רויִק. אויסלאַנד וועט זיך קיין מאָל נישט דערוויסן. די בו־טירקע האָט אייזערנע ווענט. און אויב עס וועט יאָ אַרויסטריפן — ווער וועט עס גלויבן אויף אונדזער סאַמע הומאַנסטער, סאַמע יושרדיקסטער סיסטעם?

אָט אַזוי, ציניש, האָט דעמאָלט דערקלערט אַ פאָרשטייער פון דער מאַכט. און ער איז געווען גערעכט. מחמת די סאָוועטישע פּראָפּאַגאַנדע האָט אַזוי באַאַרבעט די וועלט, אַז קיינער וואָלט נישט געגלייבט אַז דאָ קומען פאָר אַזעלכע פאַרקריפּלונגען. שוין נישט רײדנדיק פון דעם איי־זערנעם פאָרהאַנג, וואָס האָט נישט געלאָזט אַרויסרינען קיין נאַכריכטן, וואָס האָבן נישט געלוינט דער מאַכט. פון לאַגער האָסטו אַוודאי נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו זיין אין פאַרבינדונג מיט אויסלאַנד. איך אַליין האָב מיט מיינע שוועסטער קיין פאַרבינדונג נישט געהאַט פונעם יאָר 1936 און זיי האָבן נישט געהאַט פּטן וואָנען צו וויסן וועגן דעם כּף הקלע אין וועלכן איך האָב געשמאַכט.

באַלד נאָכן סוף פון דער מלחמה האָט מיר נאַטאַליע דערציילט: נאָך זייענדיק אין לאַגער האָט זי אָנגעהויבן זוכן איר טאָכטער. זי איז געווען ווי פון זינען. זי האָט געשריבן הונדערטער בריוו צו די פאַרשיידנסטע אינסטאַנצן. ערשט אין 1947טן יאָר נאָכן פאַרענדיקן איר צעניאָריקע שטראָף, איז זי איבערראַשט געוואָרן באַקומענדיק אַ ידיעה פון באָגורו־סלאַן פונעם ביוראָ פאַר אָפּזוכן קרובים, אַז איר טאָכטער געפינט זיך אין אַ באַרנאַולער קינדערהיים. ווי זי האָט זיך דערפרייט, וואָס די שטאָט געפינט זיך נישט ווייט פון רובצאָווסק וווּהין זי האָט באַקומען די באַשטי־מונג. זי איז באַלד אַוועק קיין באַרנאַול אָפּנעמען איר טאָכטער — און ווי גרויס ס'איז געווען איר פּיין, אַזוי אויך איר פרייד — זי האָט מאַשענקען

נישט דערקענט. צען יאָר זענען פאַרביי. מאַשענקע איז אויסגעוואַקסן, אַ שיינע דערוואַקסענע טאָכטער. וועט זי גלייבן אַז דאָס איז איר ליבלעכע מוטער, וואָס האָט זי געבאָרן, זי אויסגעהאָדעוועט אויף איר שויס, מ׳ט איר ברוסט ? וועט זי וועלן גיין צו איר און ווי אַזוי וועט פאַרקומען דאָס צוריק צוּוואַקסן צום געמיט ?... און זי איז געגאַנגען מיט דער מוטער וואָס איז איר אין די יאָרן געוואָרן אַ פרעמדער מענטש, זי איז געגאַנגען, ווייל אַלע קינדער פון די דאָזיקע אַנשטאַלטן האָבן שטענדיק געגאַרט זיך אַרויס־רייסן פון דאָרטן...

און אָט — מיר ווינען צוזאַמען. צוויי פרויען פון דעם גרויסן סאָ־וועטישן לאַנד, געפּרוּווטע פון זעלבן שרעקלעכן גורל, וואָס אַזעלכער איז געמאָלט נאָר אין דעם דאָזיקן סיסטעם פון אומרעכט, רישעות, הפקרות.

צוויי חדשים זענען שוין פאַרביי זינט ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די אַרעסטן אויפן זאַוואָד. די פרוי געניאַ גרינבערג באַשליסט אַרדנצופּאַרן קיין באַרנאַול זיך דערוויסן צי איר מאַן געפינט זיך דאָרט אין תפיסה. זי האָט נישט געגלייבט אַז מען וועט איר געבן אַ זעונג מיט אים, אויב ער איז נאָך דאָרט, אָבער אַ „פערעדאַטשע״, אַ פּראָדוקטן־פּעקל און אַ ביסל געלט וועט מען ביי איר זיכער צונעמען. און אַזוי טאַקע איז דאָס געווען. מ׳האָט צוגענומען דעם פּאַקעט און דאָס געלט — אַ סימן אַז ער איז דאָרט. אָנגעקומען איז דאָס איר נישט גרינג. ביז ס׳איז איר געראָטן איבערגעבן דעם פּאַקעט האָט געדויערט אַ מעת לעת. די תפיסה איז ווייט. נישט האָבנדיק קיינעם אין דער שטאָט האָט זי זיך אָפּגעמאַטערט אויפן וואָקזאַל.

מילא, האָב איך מיר געזאָגט, וועל איך מיך אויך וואַלגערן אויפן וואָקזאַל, אָבער איך מוז אויך עפּעס איבערגעבן אסתרן אין תפיסה. איך האָב מיר פאַרגעשטעלט ווי דערשלאָגן און צעבראָכן זי איז, אַ־די קליינע, אומגליקלעכע פרוי וועלכע האָט קיין גוטן טאָג נישט געהאַט אין איר לעבן. די גאַנצע צייט איז מיר געשטאַנען פאַר די אויגן ווי זי איז גע־זעסן אויף דער באַנק בעת דער אונטערזוכונג — אַ קלייניקע, שוואַכע גרויע שטום־צעשראָקענע פרוי. איך האָב זי געזען אויך אַזוי ווי זי זיצט אויף דער נאַרע מיט די פיס אונטער זיך און שאָקלט זיך טרויעריק ווי אַ בלום און זי פרעגט אָן אַ סוף: „פאַר וואָס ?״ צום דריטן מאָל פאַר וואָס הערט מען נישט אויף צו פאַרפאָלגן ? און ביז ווען ?

איך האָב מיר אויך פאַרגעשטעלט ווי דאַנקבאַר זי וועט מיר זיין ווען מען וועט איר מעלדן אַז פאַר איר איז פאַראַן אַ פּעקל און געלט. זי וועט נישט פרעגן פון וועמען ? זי וועט וויסן. קיינער חוץ מיר איז דאָך נישטאָ

אויף דער גרויסער, אומגליקלעכער וועלט, וואָס זאָל זיך מיט איר אינטע־רעסירן.

איך האָב מיך געגרייט צו דער רייזע. צונויפגענעמען עפּעס פּראָדוקטן איז נישט געווען גרינג. צום גייעם יאָר האָט מען די אַרבעטער „געגעבן" מעל. האָב איך אָפּגעבאַקן קיכעלעך. אַליע האָט מיר אַרויסגעהאָלפן מיט אַ ביסל צוקער. זינאָוויע אַבראַמאָוויטש האָט מיר געליען אַ הונדערטער. געניע גרינבערג האָט מיך באַקאַנט מיט נאָך אַ פרוי, וואָס איז אויך און מיט דעם זעלבן צוועק געפאָרן קיין באַרנאַול.

הכלל — איך פאָר. מיין רייזע־פריינדין האָט געהאַט אין באַרנאַול אַ באַקאַנטע משפחה. זענען מיר אָנגעקומען אין שטאָט און גלייך אַוועק צו איר. פאַר דעם פראָסט פון יענער נאַכט בין איך געווען נישט גענוג וואַרעם אָנגעטאָן און ס׳האָט מיך גוט געטרייסלט פון קעלט. דערפאַר האָט אויף אונדז אין דער שטוב אַ שלאָג געטאָן אַ ליבע וואַרעמקייט. נישט קוקנ־דיק אויף דער שפּעטער שעה האָט מען אונדז זייער גוט אויפגענומען. אויפגעקאָכט טיי, דערקוויקט די נשמות.

צו מאָרגנס האָט די פרוי אונדז געוואָרנט, אַז דער פראָסט איז גרויס. די תּפיסה ווייט, מיר וועלן פאַרפראָרן ווערן ביז אַהין מיט די פּעקלעך אין די הענט. קיין מאַשין קענען מיר נישט נעמען, עס איז טייער. דעם וועג ווייסן מיר נישט, וועלן מיר בלאָנדזשען און דער וועג וועט גע־דויערן, האָט זי אַן עצה: דאָ נישט ווייט וווינט אַן עלטערער מאַן. ער האָט אַ שליטעלע, וועט ער אייך פירן די פּעקלעך. ער ווייסט אויך דעם קורצסטן וועג און עס וועט אונדז קיין סך נישט קאָסטן.

אונדזער פירער האָט געשפּאַנט שנעל. מיר האָבן קוים באַוויזן אים נאָכלויפן. ער האָט געמוזט פאַרלאַנגזאַמען דעם גאַנג, ווייל אונדז איז שווער געווען צו אָטעמען. נאָר מיר האָבן זיך ענדלעך דערשלעפּט. די תּפיסה, אַ גרויסע, אַ פעסטע, אַן ענלעכע צו אַ סך אַנדערע תּפיסות מיט וועלכע ס׳איז פול דאָס לאַנד פון „פרייהייט", „וווּ עס אָטעמט אַזוי פריי דער מענטש"... תּפיסות, וווּ איך האָב פאַרלאָרן מייַנע בעסטע יאָרן. אָט בין איך ווידער ביי דעם אייזערנעם טויער אירן, כדי איבערגעבן איינער פון די טויזנטער אומגליקלעכע, אומשולדיק־פאַרשלאָסענע, אַ ביסעלע טרייסט, דערמוטיקונג, האָפענונג...

דער אַלטער מאַן איז מיט אונדז צוזאַמען אַריין אין אַ קליינעם, טונקעלן צימער — דאָס „וואַרט־צימער". דאָ פילט מען אויס אַלע פאַר־מאַליטעטן ביים איבערגעבן פּעקלעך פאַר אַרעסטאַנטן. דאָ וואַרט מען

און עס געדויערט זייער לאַנג ביז מען ענטפערט דיר צי דער אַרעסטאַנט איז דאָ. און אויב יאָ, צי דערלויבט מען איבערגעבן אַ פּעקל פאַר אים.

די פאָרמאַליטעטן האָבן ביי אונדז צוגענומען דריי שעה. איך בין אין דעם קליינעם צימער פאַרפרוירן געוואָרן. מיר זענען געווען הונגעריק און דער עיקר — אומרויִק: צי וועט מען צונעמען ביי אונדז די „פּערע־דאַטשעס״? אונדז האָט אויך געשראָקן וואָס דער טאָג גייט פאַרביי. באַלד וועט צופאַלן די נאַכט, טאָ ווי אַזוי וועלן מיר פון דאַנען זיך צוריקקערן אויפן וואָקזאַל?

מיר זענען געווען פאַרצווייפלט און דער מאַן וואָס האָט אונדז גע־בראַכט אַהער האָט דאָס באַמערקט. דער גוטער מענטש האָט אונדז באַ־רויִקט. ער וועט וואַרטן אויף אונדז כדי צוריק אָפּפירן אין שטאָט... און ער האָט מיט אונדז צוזאַמען זיך דערוואַרט: מ׳האָט צוגענומען ביי אונדז דאָס געלט און די פּאַקעטן.

הייסט עס — זיי זענען נאָך דאָ, אין תפיסה.

פון דער שווערער רייזע מיינער קיין באַרנאַוּל האָב איך זיך אומ־געקערט אַ צוגעקילטע. דאָס געמיט — אַ צעבראָכנס. ווידער האָב איך אָנגעהויבן וויינען וויפל מאָל כ׳האָב דערציילט וועגן דער נסיעה אויף דעם באַזוך אין דער תפיסה. זינאָוויע אַבראַמאָוויטש האָט מיר פאָרגע־לייגט זיך אָפּרוען עטלעכע טעג. בלייבן אַליין, אין מיין צימער, מיט מיינע פינצטערע געדאַנקען? נאָך ערגער. נאָר אין צעך, צווישן מענטשן, אויף דער אַרבעט וועל איך קענען פאַרגעסן זיך אין די צרות, און זיך אויסגלייכן גייסטיק.

וואָס זשע וועט זיין מיט אסתרן? וואָס פאַר אַ נייע שווערע נסיונות וועט זי דאַרפן בייקומען? וווהין נאָך וועט מען זי פאַרשיקן?

*

אויף די ווענט אין צעך האָב איך איבערגעלייענט אַ מעלדונג אַז די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע אָרגאַניזירט זעקס־חדשימדיקע קורסן פון געניי און צושניידן. לערנען וועט מען דריי טעג אין דער וואָך, און פאַר די פאַראיין־מיטגלידער איז דער קורס אָן אומזיסטער. די דאָזיקע מעלדונג איז געווען פאַר מיר אַ שטראַל פון האָפענונג.

איך פלעג ממש לויפן אויף די לימודים. אין מיין דעמאָלטיקן צושטאַנד איז פאָרגעקומען אַן איבערקערעניש ממש, מיין קאָפּ אזוי געווען פאַרנומען מיט לערנען. קיין אַנדערע זאַכן האָבן מיך נישט אינטערעסירט.

דרייסיק פרויען פון פאַרשידענעם עלטער האָבן באַזוכט דעם קורס.

אַנגעפירט האָט אַ מאַן אין די מיטעלע יאָרן, אַ ספּעציאַליסט אין דעם פאַך. ער האָט געלערנט צושניידן — וויסנשאַפטלעך. לויט לערן־ביכער. ער האָט געלערנט צייכענען פאַרשיידענע מאָדעלן פון קליידער פאַר פרויען, מענער און קינדער. איך האָב געלערנט מיט גרויסער התמדה וויסנדיק אַז איך וועל נישט זיין קיין אמתע שניידערין אויב איך וועל מיך נישט אויסלערנען צושניידן. פון דעם וועט דאָך אָפּהענגיק זיין מיין שפּעטערע הצלחה אין לעבן און אויך פאַר אסתרן, ווייל געהאָפּט האָב איך דאָך, אַז די קלאַנגען וועלן זיך באַשטעטיקן און באַשטראָפן וועט מען זי דאָס מאָל נישט מיט לאַגער, נאָר מיט פאַרשיקונג אין אַ וויסטן עק, הינטער די הרי חושך פון צפון, און באַלד ווי איך וועל זיך דערוויסן וווּ זי געפינט זיך, וועל איך איר זיכער נאָכפאָרן. איך וועל, מיט אַנדערע ווערטער — זיך אַליין פאַרשיקן... אָט, דעמאָלט, מיט אַזאַ גאָלדענעם פאַך ווי שניידעריי וועלן מיר זיין געראַטעוועט. אַזאַ פאַך איז אומעטום געזוכט, דערפאַר ווייל די באַפעלקערונג אין די ווייטע און אָפּגעשטאַנענע געגנטן פון דעם רייכן, גליקלעכן לאַנד — איז נאַקעט און באָרוועס...

קיין ספק נישט צו ברייען וויל איך זאָגן, אַז צום סוף פונעם קורס, ווען איך האָב אַליין זעלבשטענדיק צוגעשניטן און אויפגענייט אַ קאָסטיום, האָט מיך דער לערער זייער געלויבט און האָט מיר אָפּילו אַרויסגעגעבן אַ פּאַפּיר אַז איך האָב פאַרענדיקט דעם קורס מיט אויסגעצייכנטע רע־זולטאַטן.

אין חודש מיי פון 1950טן יאָר האָב איך ענדלעך באַקומען אַ קאַרטל פון אסתרן. צוזאַמען מיט אַ גרויסער גרופּע מענער און פרויען האָט מען פון באַרנאַולער תפיסה מיטן עטאַפּ אין אַ פראַכט־וואַגאָן זיי געבראַכט קיין קאַזאַכסטאַן. זי געפינט זיך אין שטאָט קאָקטשעטאַוו. אָבער נישט ענדגילטיק. ווען זי וועט וויסן איר פּינקטלעכן און באַשטענדיקן אַדרעס וועט זי מיר מודיע זיין.

דאָס קאַרטל איז געווען געשריבן אין יידיש. דאָס האָט באַטייט אַז מיט איר צוזאַמען איז פאַראַן אַ ייד. איך האָב דאָס קאַרטל געלייענט פאַר גוטע פריינד, און ווער ס'האָט נאָר געטראַכט און ווער ס'האָט זיך אַרויס־געזאָגט מיט פאַרדראָס וועגן דעם אומרעכט און דער אוממענטשלעכקייט צו האַלטן מענטשן העכער אַ האַלב יאָר אין תפיסה אָן אַ שום שולד און דערנאָך ערשט פירן מיטן עטאַפּ. ווידער עטאַפּ! — אין אַ פראַכט־וואַגאָן — ווי מיט יאָרן צוריק אָן אַ פאַרוואָס אין אַ ווייטער געגנט אויף פאַר־שיקונג.

אין עטלעכע טעג אַרום — אַ צווייט קאַרטל מיט אַ גענויעם אַדרעס: קאַקטשעטאַווסקאַיאַ אָבלאַסט, אַריק באַליסקי ראַיאָן, אָקאַנסקי „סאָווכאָז״. קאַזאַכסטאַן. וו. ס. דריבוס.

סאָווכאָז.

אויף מיר האָט ווידער גענומען דריקן אַ גרויסע זאָרג: וואָס פאַר אַן אַרבעט איז אסתר פעיִק צו טאָן אין אַ „סאָווכאָז״? — דאָס איז דאָך אַ גרויסע מלוכישע לאַנדווירטשאַפטלעכע אונטערנעמונג וואָס שפּרייט זיך אויס אויף הונדערטער העקטאַר ערד. אַלע וואָס אַרבעטן דאָרט זענען אָנגעשטעלטע. די אַרבעטן דאָרט זענען שווערע. צו אַזעלכע אַרבעטן איז זי נישט געוווינט. וואָס וועט זי דאָרטן טאָן?

אין אַ ווייטערדיקן בריוו האָט זי מיך באַרויִקט: זי אַרבעט אין אַ בריגאַדע און איר אויפגאַבע איז — צוויי מאָל אין טאָג ברענגען צום אַרבעטס-פּלאַץ אין פעלד עסן פאַר דער בריגאַדע. דאָס האָט מיך אַ ביסל באַרויִקט. אָבער דאָך האָט זיך מיר געוואָלט וויסן ווי אַזוי פירט זי דאָס עסן אין פעלד אַריין? מיט וועלכע טראַנספּאָרט-מיטלען? אויף דעם האָב איך באַקומען אַן ענטפער נאָר דעמאָלט ווען איך האָב צו איר אין סאָווכאָז אַליין זיך „פאַרשיקט״.

ווינטער, ווען די אַרבעטן אויפן פעלד האָבן זיך אָפּגעשטעלט האָב איך באַקומען פון איר אַ קורציניק בריוועלע געשריבן אויף רוסיש, אַז פון דעם סאָווכאָז האָט מען זי איבערגעפירט אין אַ קליין דערפל, דריי קילאָמעטער פונעם סאָווכאָז וווּ זי אַרבעט אַלס נאַכט-שומר אין אַ גרויסער פאַרמאַכטער בהמות-שטאַל. אָבער אַזוי ווי דאָרטן איז זייער קאַלט, בעט זי איך זאָל איר צושיקן אַ פעלצל.

ביזן זומער ווען איך וועל קענען פאָרן צו איר איז נאָך ווייט. בין איך תיכף אַעקגעלאָפן אויפן רובצאָווסקער שטאָט-מאַרק, געקויפט אַ פעלצל און אַוועקגעשיקט. אויף דער פערמע איז זי קראַנק געוואָרן. דאָס איז געווען אַ גליק. מ׳האָט זי אַוועקגענומען פון דער שטאַל מיט די צענדליקער בהמות און צוריקגעבראַכט אין סאָווכאָז.

*

די אַלע ידיעות פון אסתרס פאַרשיקונג האָבן מיר קלאָר געמאַכט אַז איך מוז וואָס גיכער זיך פאַראייניקן מיט איר. אָבער פאָרן צו איר מיט די ליידיקע הענט האָב איך נישט געקענט. געלט האָב איך געהאַט ווייניק און איך האָב נישט געוווּסט צי האָב איך דאָרט מעגלעכקייטן זיך איינצואָרדענען. איך האָב געדאַרפט צו מיין קליינעם געהאַלט צופאַרדינען. נאָכן

שניידער־קורס קען איך דאָך אָננעמען שניידעריי־אַרבעט. פריינד אויפן זאַוואָד האָב איך שוין געהאַט אַ סך, האָט אַרבעט נישט געפעלט. נישט האָבנדיק קיין ניימאַשין האָב איך געאַרבעט אין דער היים ביי מיינע באַ־שטעלער, וועלכע האָבן מיר גאַנץ גוט געצאָלט. איך פלעג אויך ביי איי־ניקע געשמאַק אָפּעסן. אָבער איינגעזען האָב איך אַז איך מוז אומבאַ־דינגט האָבן אַ ניימאַשין, אויב איך וויל מיך מפרנס זיין פון שניידעריי און אויב איך וויל פאַרדינען אַזוי פיל אין וויפל איך האָב זיך געניייטיקט כדי צו קענען אַריבערפּעקלען זך צו אסתרן. דאָרט וועט מיר אַוודאי נייטיק זיין אַ ניימאַשין, ווייל דאָרט וועל איך דאָך לעבן נאָר פון שניי־דעריי.

פון קריגן אַזאַ זאַך ווי אַ ניימאַשין אין אַ רובצאָווסקער קלייט איז געווען אַזוי מעגלעך ווי אַראָפּציען די לבנה פונעם הימל. און וואָלט יאָ געווען צום קריגן — איז דאָס נישט געווען פאַר מיינע מאַטעריעלע מעג־לעכקייטן. כ׳האָב געדאַרפט נאָכזוכן אַ צוגעטראָגענע, פאַרעלטערטע מאַשין. האָב איך געזוכט לאַנג ביז ס׳האָט מיר אָפּגעגליקט. איך גיי איין מאָל אַדורך דאָס מאַרקל שטייט אַ פרוי ביי אַ טישל און אויף דעם אַ האַנט־מאַשינקע, לאַנגזאַם בין איך צוגעגאַנגען צו דער פרוי, באַטראַכט דאָס מאַשינדל פון אַלע זייטן און געפרעגט: „דאָס מאַשינדל נייט?״ די פרוי האָט מיך אָנגעקוקט אַ פאַרוווּנדערטע און אויסגעשריגן:

— וואָס פרעגט איר? סאַ גאָלדענע מאַשינקע...

זי האָט מיר אויפן אָרט דעמאָנסטרירט און כ׳האָב געזען אַז זי איז אין אָרדענונג, מיט אַ גוטן שטעפּ און בכלל — אַן אָפּגעהיטע מאַשינקע. דער פּרייז, זיבעציק רובל, וואָס די פרוי האָט אָנגעבאָטן איז אויך געווען נישט נאָר אַ צוגענגלעכער, נאָר אויך אַ מציאה.

אַ־די מאַשינקע האָט מיר געדינט יאָרנלאַנג. זי האָט מיר געהאָלפן אָפּשפּאָרן און אָנקלייבן מיטלען פאַר מיין נסיעה אויף דער „זעלבסטפאַר־שיקונג״ און זי האָט מיר געדינט אויסגעצייכנט.

די פרוי נאַטאַליאַ האָט פּונקט דעמאָלט באַקומען אַ צימער מיט איר מאַשענקען און ביי מיר איז געוואָרן גראָמער, איך זאָל, אַרבעטנדיק, קיי־נעם נישט שטערן. באַשטעלונגען האָב איך געהאַט אַ סך. איך האָב פאַר זיך אַליין אויך אויפגענייט אַ פּאָר קליידער און אַ מאַנטל — אויסצוזען ווי אַ מענטש. איך האָב דאָך תמיד געדענקט, ווי מיין מאַמע פלעג זאָגן, אַז מלבושים — כבוד... איך וועל דאָך פאָרן ווי אַ פרייער מענטש... דער וועג איז אַ ווייטער... איך וועל זיך געפינען צווישן מענטשן... און אַ חוץ דעם פאָר איך דאָך צו אַ שוועסער. אין פאַרלויף פון דרייסיק יאָר וואָס מיר

זענען געווען פאַרבונדן האָט קיינער אַרום אונדז נישט געוווּסט אַז מיר זענען נישט קיין אייגענע, נאָר — גוטע שוועסטער — און זי וועט דאָרט צווישן די אייגנווינער מיר פאַרשטעלן ווי אַ גוטע שניידערין... די קליידער אויף מיר וועלן דאָך אויך דינען עלעהיי אַ רעקלאַמע.

איך האָב נישט געקענט און נישט געוואָלט אָוועקפאָרן און איבער־לאָזן זינאָוויע אַבראַמאָוויטשן אָן אַ פאַרבייט. ווען אַזאַ פרוי האָט זיך אָפּ־געזוכט, האָב איך געדאַרפט אַרבעטן אַ צייט מיט איר, זי אַריינפירן אויך אין דער בוכהאַלטעריע. און געהייסן האָט עס נישט אַז איך בין געקינדיקט, נאָר פאַרלויפיק באַקום איך אַן אורלויב...

אין יוני 1951 האָב איך באַקומען דעם אורלויב, זיך געזעגנט מיט אַלע מיינע פריינד, און מיט אַ קליין טשעמאָדאַנדל, באַגלייט פון אַליע בולאָווינאַ בין איך אַוועק אויפן וואָקזאַל. דאָ האָב איך זיך דערמאַנט אַז צוריק מיט פיר יאָר, פאָרנדיק צו מיין חברטע אסתר, בין איך אָנגעקומען נאָך אַ פיינ־לעכן וועג, נישט וויסנדיק וואָס עס דערוואַרט מיך דאָ. אַצינד וועט ער נישט זיין אַזוי לאַנג און פיינלעך?

דער וועג איז ווירקלעך געווען אַ סך לייכטער. אויף די טראַנזיט־סטאַנציעס זענען נישט געווען די מענטשן־אַגלאָמעראַציעס פון 47טן יאָר ווען מ׳האָט זיי באַפרייט אין די טויזנטער פון די לאַגערן. פּשוט — מ׳האָט איצטער נישט באַפרייט... פאַרקערט: מ׳האָט נישט אויפגעהערט צו נעמען פרישע קרבנות, אומזיסטע אַרבעטסקראַפט פאַר די „גרויסע סאָציאַליסישע סטרויקעס"... און אויב מען האָט זיך יאָ באַפרייט, איז עס נאָר געווען אַן אויסטויש אויף אַן אַנדער מין שטראָף — אויף פאַרשיקונג אין די ווייטע, אָפּגעשטאַנענע צפון־געגנטן.

אויף די טראַנזיט־סטאַנציעס ווו כ׳האָב געמוזט אַריבערגיין אין אַנ־דערע באַנען — נאָוואָסיבירסק און פּעטראָפּאַוולאָווסק — האָב איך לייכט באַקומען דעם קאָמפּאָסטער אויף מיין בילעט, און איך בין געפאָרן דירעקט, אָן איבערשלאָגן, ביז קאָקטשעטאָוו. פון דאַנען בין איך צענדליקער קילאָ־מעטער געפאָרן אויף לאַסט־מאַשינעס. דער וועג האָט געדויערט נאָר עטלעכע שעה. איך האָב אָבער געמיינט אַז איך וועל אומקומען פון דער היץ. דער וועג איז אַ ברוקירטער און די שאָפערן יאָגן דאָרט געפערלעך. פון דעם טרייסלען בין איך געוואָרן פאַרמאַראָטשעט און פאַרנודיעט. און ווען מיר זענען אָנגעקומען אין דאָרף אַריק־באַליק האָט מיך דער שאָפער געמוזט אַראָפּנעמען און אַריינפירן אין אַ הויז ווו ס׳האָט זיך געפונען אַ בופעט.

אין בופעט איז געווען קיל. ביי דער פרוי וואָס האָט באַדינט דעם

בופעט האָב איך געבעטן טרינקען. אַ סימפּאַטישע פרוי. זי האָט מיך גע־נומען איבערפרעגן: פון וואַנען און וווּהין, און איך האָב דערקענט אין איר אַ יידישע טאָכטער.

אונדזער געשפּרעך האָבן מיר פאַרגעזעצט אויף יידיש. קורץ און שטילערהייט האָבן מיר איינע דער צווייטער דערציילט וועגן זיך אַ־די ערשטע באַקאַנטע מיט וועלכער כ׳האָב געהאַט דאָס גליק זיך צו באַקענען האָט מען גערופן לאה. זי און איר גאַנצע משפחה זענען שפּעטער געוואָרן אונדזערע בעסטע פריינד, ווען איך בין ענדגילטיק אַריבערגעקומען אין דער געגנט און מיך באַזעצט אויף גאַנצע צוואַנציק יאָר...

פון דאַנען צו אסתרן אין דאָרף האָב איך געהאַט נאָך 35 קילאָמעטער. לאה האָט מיך צוגעפירט צום שליאַך וואָס פירט אין אָקאַנסקי סאָווכאָז, מיר געהייסן וואַרטן אַזוי לאַנג ביז עס וועט פאַרבייפאָרן אַ לאַסטמאַשין. יעדער שאָפער וועט מיך מיטנעמען אַהין! געוואַרט האָב איך ווייניק. ס׳האָט זיך באַוויזן אַ מאַשין. דער שאָפער האָט מיך אַריינגענומען אין זיין קאַבינע און דערוויסנדיק זיך צו וועמען איך פאָר, האָט ער מיר דערציילט אַז ער איז אַן אָרטיקער, אַז ער אַרבעט אין סאָווכאָז און אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו די פאַרשיקטע ווייסט ער.

אסתר דריבוס? האָט ער מיך איבערגעפרעגט. אַוודאי קען ער זי. זי אַרבעט איצט ווי אַ וועכטערין אויפן „טאָק” — נישט קיין שלעכטע אַר־בעט. דאָס איז אַ פּלאַץ ווו מען טריקנט דאָס גאַנצע ווייץ־געררעטעניש, און ווו עס ווערט אויך געדרעשעט. אַלע פאַרשיקטע האָבן אַ צוזאַמענוווינונג, וועט ער טאַקע צופאָרן גלייך אַהין... וואָס אַ צוזאַמענוווינונג איז האָב איך גוט געוווּסט, און מיר פאַרגעשטעלט, אַז אין דאָרף איז עס נישט בעסער ווי אין שטאָט... אפשר אַפילו ערגער.

נאָך איידער די מאַשין האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָב איך דורכן פענצ־טער פון דער קאַבינע לעבן דער צוזאַמענוווינונג געזען שטיין אַ גרופּע מענטשן און צווישן זיי מיין גרויע אסתר. אסתר און נאָך אַ פרוי זענען צוגעלאָפן און מיך אַרויסגעכאַפּט פון דער קאַבינע. ביידע פרויען האָבן מיך אַרומגענומען, מיך געקושט און אַריינגעפירט אין דער צוזאַמענוווינונג.

אין צוזאַמענוווינונג האָבן אַלע געוווּסט, אַז צו אסתרן דאַרף אין יוני חודש קומען אַ שוועסטער. ווען פינקטלעך און אין וועלכן טאָג האָט מען נישט געוווּסט, פלעג זי יעדן אָוונט נאָך דער אַרבעט אָפּוואַרטן די מאַ־שינעס. מיט איר פיבער און אומגעדולד האָט זי אָנגעשטעקט אַלעמען. אַלע האָבן דאָך געהאַט אַן ענלעכן גורל. אַלע האָבן געוואַרט אויף אייגענע און

נאָענטע. איז פֿאַרשטענדלעך פֿאַר וואָס אַלע זענען אַרויסגעלאָפֿן מיך באַ־געגענען מיט טרערן און מיט אַזויפֿיל האַרציקייט.

די צוזאַמענווינונג? — זי איז געווען אַ סך ערגער ווי איך האָב מיר פֿאַרגעשטעלט.

מיך האָט מער אינטערעסירט די פֿרוי וואָס האָט צוזאַמען מיט אסתרן אַזוי וואַרעם מיך באַגעגנט. אין דעם זעלבן אָוונט האָט די פֿרוי מיר דער־ציילט איר טרויעריקע געשיכטע, וואָס איז מיט אַלעמען ענלעך צו מיינער און צו אסתרס.

גערופֿן האָט מען די פֿרוי בעלאַ מאַנדלקערן. ווי מירביידע האָט זי אויך געשטאַמט פֿון פּוילן. אין די יונגע יאָרן איז זי ווי טויזנטער יונגע מענטשן פֿון פּוילן און פֿון אַנדערע לענדער געלאָפֿן קיין רוסלאַנד צולייגן אַן אַקסל צו דער בויונג פֿונעם סאָציאַליזם. אויך זי איז פֿרייוויליק געקו־מען קיין ביראָבידזשאַן, פֿאַרכאַפּט פֿון דער אַנטשטייונג פֿון אַ יידישער היים. אויך זי איז אין 1937 אַרעסטירט געוואָרן צוזאַמען מיט איר מאַן. זייער קליין ייִנגל האָט מען ווי ביי פֿיל אַנדערע צוגענומען. אין זעלבן יאָר האָט מען אין אָרענבורג אַרעסטירט איר שוועסטער מיט איר מאַן און אַוועקגעפֿירט איר טעכטערל.

בעלאַס מאַן — דערשאָסן. זי, די שוועסטער און דער שוואָגער האָבן אָפּגעהאָרעוועט אין די לאַגערן 10 יאָר. די לעצטע 7 יאָר — אין קאַמי־לאַנד, אין קניאַזש־פּאָגאָסט. אַלע דריי האָבן געאַרבעט אין אַ שניידעריי־וואַרשטאַט פֿון אינדיווידועלע באַשטעלונגען. באַפֿרייענדיק זיך זענען די שוועסטער־שוואָגער אַוועקגעפֿאָרן צו דער שוין אויסגעוואַקסענער טאָכ־טער. צו בעלאַ איז געקומען איר טייערער זון פֿון אַ קינדערהיים און זי איז פֿאַרבליבן אין קניאַזש־פּאָגאָסט.

ווייטער האָט מיר דערציילט בעלאַ מיט אַ געוויין, אַז דער זון איז שוין געקומען אַ דערוואַקסענער בחור. ער האָט שוין געהאַט אַ גאָלדן פֿאַך — אַ שלאָסער. זי האָט געדונגען אַ צימער אין קניאַזש־פּאָגאָסט. ער האָט זיך איינגעאָרדנט אין אַ וואַרשטאַט. זיי האָבן צוזאַמען אָנגעהויבן אַ ניי לעבן. ווערט ער קראַנק, מען שטעלט פֿעסט — אַפּענדיציט. אַ נאַרישקייט, דאַכט זיך? האָט מען אים אָפּערירט און אַ טאָג נאָך דער אָפּעראַציע איז ער אַוועק פֿון דער וועלט.

נאָך דעם אומגליק האָט זי נישט געקענט פֿאַרבלייבן אין קניאַזש־פּאָגאָסט. זי פֿאָרט אַוועק צו דער שוועסטער קיין אָרענבורג. מיט צרות זיך איינגעאָרדנט. איז געקומען די נייע גזירה. און אָט איז זי דאָ, אין סאָווכאָז.

דאָ האָט זי זיך אַזוי באַפריינדעט מיט אסתרן, אַז מען האַלט זיי פאַר שוועסטער.

אָט אַזוי האָב איך באַקומען נאָך אַ שוועסטער און מיר זענען אַלע דריי געווען פאַרבונדן גאַנצע צוויי צענדליק יאָר.

ווען איך האָב געזען אין וועלכע שוידערלעכע באַדינגונגען די פּאַר־שיקטע לעבן אין דער ענגער־שמוציקער צוזאַמענוווינונג פון סאָווכאָז, האָבן מיר אַלע דריי — אסתר, בעלאַ און איך — זיך איינפאַרשטאַנען, אַז ביז צו מיין קומען מוז מען ענדערן דעם לעבנסשטייגער. און כדי מיר זאָלן קענען לעבן מענטשלעך, וועט מען מוזן דאָ אין דאָרף אָקאַנסק קויפן אַ „כאַטקע". די כאַטעס זענען דאָ אין דער גרעסטער מערהייט אייגענע, גע־קלעפּטע פון „סאַמאַן". סאַמאַן, האָב איך שוין, דאַכט זיך אַ מאָל דערציילט, דאָס זענען ציגל פון ליים און שטרוי — קאָטילעצן. יעדער משפחה וועל־כע בויט זיך אַ כאַטע קענעט שעהען לאַנג אין אַ גרוב מיט די באָרוועסע פיס דאָס דאָזיקע ליימענע טייג, לייגט דאָס אַריין אין הילצערנע פאָרמעס ביז עס ווערט גוט אויסגעטריקנט. אין אַזאַ כאַטע ביי יענעם צפונדיקן קלימאַט, כאַפּט מען ווינטער אַ גוטן ציטער. דערפאַר אָבער זומער... אַ, זומער, ווען עס הייבן זיך אָן די שלאַקסרעגנס, ווערן די דאָזיקע קיביטקעס פשוט צעווייקט...

אָבער ווי דאָס זאָל נישט זיין, מיר מוזן דאָ האָבן אַ באַזונדער שטיבל. און קריגן אַזעלכעס קען מען נאָר דעמאָלט ווען אַן אָרטיקע משפחה פאַר־לאָזט דאָס דאָרף — וואָס טרעפט זיך זעלטן.

דערפאַר טאַקע האָבן זיי ביז מיין קומען געמוזט זיין אויף דער וואָך. אָבער כדי צו קויפן אַ שטיבל, אַפילו אין דאָרף, האָט מען געמוזט האָבן געלט. און נישט ווייניק. וועלן מיר אַלע אין איינעם שפּאָרן — אַ גראָשן צו אַ גראָשן, זיי אין דאָרף און איך אין רובצאָווסק, ווהין איך האָב מיך אומגעקערט נאָך מיין אויספיר־רייזע.

כדי איך זאָל קענען רעאַליזירן מיין באַשלוס אַריבערצופאָרן אַהין אויף „אַלייַנפאַרשיקונג", האָב איך נאָך דער אַרבעט אין סקלאַד זיך גע־מוזט פאַרנעמען מיט שניידעריי, כדי צו פאַרגרעסערן מיינע פאַרדינסטן. מיט אַרבעט האָט מען מיך ממש פאַרשאָטן און ערשט אין אַ יאָר אַרום, אין 1952טן יאָר, האָב איך שוין געהאַט אָנגעקליבן אַ סומע וואָס, ווי מיר האָט זיך געדאַכט, וועט קלעקן וועגן אונדזער צוועק.

איך האָב פאַרקויפט די נישט נייטיקע זאַכן, מיט צרות און אַנגסטן אויפגעלייגט מיין באַגאַזש — איך האָב דאָך פאַר דער צייט עפּעס שוין אָפּגעשפּאָרט — און כ'בין אַוועק זיך געזעגענען מיט מיינע פריינד. זי־

באָוויע אַבראַמאָוויטש און זיין פרוי האָבן געוויינט. אָליע בולאָווינאַ שמועסט מען נישט, אַז זי האָט זיך באַגאַסן מיט טרערן — למען השם, זי נישט פאַרגעסן.

ניין, איך האָב קיינעם נישט פאַרגעסן. ווי קען מען פאַרגעסן אַזוינע גוטע, טייערע, האַרציקע מענטשן, וואָס זענען אונדז געלאָפן צו הילף אין אַ עת צרה? שרייבן מיר זיך איבער יאָרן לאַנג, טיילן מיר זיך מיט די פריידן און יסורים — מער יסורים ווי פריידן, פאַרשטייט זיך.

איך בין נאָר אָנגעקומען, ווערן מיר געוווּיר, אַז צו אונדזער גליק, פאַרקויפט זיך אַ כאַטע. אסתר, בעלאַ און איך — אַלע דריי גראַציעס — גייען אָנקוקן דעם פּאַלאַץ. פאַרקויפט האָט זיך נאָר אַ האַלבע כאַטע, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ גאָר קליינעם צימער און אַן אַלקער. אַ רענדל אַרויף, אַ רענדל אַראָפּ, די באַלעבאַטים האָבן געמוזט אַרויספאָרן, מיר האָבן געמוזט קויפן — מ׳האָט זיך אויסגעגלייכט אין פרייז און מיר זענען געוואָרן אייגנטימער פון אַן אייגענעם מקלט.

אסתר איז געשלאָפן אויפן אויוון, צוויי געלעגערס האָט מען ווי עס איז געמאַכט אויף קעסטלעך. אַ טישל, אַ פּאָר טאַבורעטקעס האָבן איבער־געלאָזט די באַלעבאַטים, ווי עס איז דאָ דער שיינער מינהג. מיר האָבן איינגעשאַפט זיך אַ שטיקל ווירטשאַפט, עטלעכע עופות. ס׳האָבן זיך אַ לאָז געטאָן קליענטן... אָנהייבנדיק פונעם דירעקטאָר פון סאָווכאָז — אַ געוועזענער אָפיציר, האָב איך גענייט פאַר יעדערן און — און כ׳בין אויסגעהיט געוועזן פונעם שטייער־באַאַמטן, וואָס וואָלט מיר צוגענומען, זיכער, אַ העלפט פונעם פאַרדינסט.

מיר זענען געווען צופרידן, זיך איינגעאָרדנט נישט שלעכט און זיך גענומען גרייטן צום ווינטער. דער ווינטער איז דאָ אַ לאַנגער און אַ שווע־רער מיט גרויסע פרעסט און מיט שניי־בוראַנעס. באַהייצונג פאַר אונדזער דירהלע האָט מען געמוזט פאַרגרייטן באַצייטנס.

ווו נעמט מען באַהייצונג? אין וואַלד? און אויב נישט אַליין, ווער וועט עס טאָן פאַר אונדז? דער סאָווכאָז האָט אונדז געגעבן אַ ביקל, אַ שכנה, אַן אַלמנה, איר וואָגן און היידאַ אין וואַלד אַריין! יאָ, אָבער ווער וועט איינשפּאַנען און אָנטרייבן דעם ביק, אַז אסתר האָט מורא צוגיין צו אים און איך — ווי קום איך צו ביקעס?... איז אונדז געקומען צו הילף דער שכנהס ייִנגל, וואַנקע, אַ צוועלפיאָריקער פאַרשוין, וועלכער האָט איינס־צוויי אים איינגעשפּאַנט און האָט מיט אונדז, שרייענדיק האָפּ־האָפּ! זיך געלאָזט אין וואַלד אַריין.

דער וואַלד, צו אונדזער מזל — אַן אויסגעלעקטער; מיר בלאָנקען איבער דעם אויסגעהאַקטן וואַלד — די גראָבע צווייגן האָבן די איינוווי־נער שוין פריער אויפגעקליבן. נאָך צוויי טעג האָבן מיר צונויפגעקליבן אַ ביסל דינע צווייגלעך. דאָס איז ווייניק אויף אָנצוגליען דעם באַקאויון. צו באַקן ברויט דאַרף מען גרעסערע האָלץ־שייטן. מיר וועלן שוין לײַדן קעלט דעם ווינטער...

דאָס האָט אונדז געבראַכט צום געדאַנק, אַז מיר וועלן דאָ זיך נישט קענען איינוואָרצלען. מען וועט זיך מוזן אַרויסרייסן פון דאַנען, נאָר ווי אַזוי? איך בין אַ „פרייער" מענטש און קען פאַרלאָזן דאָס דאָרף, וווהין איך בין פרייוויליק געקומען. אָבער אסתר? זי איז דאָך צוגעפעסטיקט צו דעם דאָרף „באַ וועטשנאַ" — אויפן גאַנצן לעבן, אַזוי ווי אַ סך אַנדערע פאַרשיקטע... צו וועמען ווענדט מען זיך נאָך אַן עצה? צו וועמען ווענדן זיך נאָך הילף?

*

אין ראַיאָן־צענטער אַריק־באַליק האָבן מיר שוין געהאַט גוטע פרײַנד. זיי זענען געווען אין אונדזער מצב. געוועזענע אַרעסטאַנטן און אַרויסגע־שיקטע אַהער נאָך דעם וואָס זיי זענען אָפּגעזעסן דעם סראָק. צווישן זיי מענטשן מיט אינטעליגענטע פּראָפעסיעס, וואָס האָבן אין דער אָפּגעשטאַ־נענער געגנט ווו די ווירטשאַפט נייטיקט זיך אין אַזעלכע מענטשן, זיך גוט איינגעאָרדנט.

איינע פון די משפחות מיט וועלכע אסתר און בעלאַ האָבן זיך שוין פון לאַנג באַפרײַנדעט, האָבן אַפילו באַגריסט אסתרן, מיט מיין קומען און מיך איינגעלאַדן צו געסט — אויף שליסן באַקאַנטשאַפט. האָב איך באַ־שלאָסן אַרייַנכאַפּן זיך קיין אַריק־באַליק.

גאַנץ פרי האָבן אסתר און בעלאַ מיך באַגלייט צום שליאַך. זיי האָבן מיר געווונטשן אַז איך זאָל די 35 קילאָמעטער נישט דאַרפן דורכמאַכן צו פוס... אַ מאַשין האָט מיך טאַקע דעריאָגט, אָבער שוין נאָענט צום ציל...

איך בין אָנגעקומען צו אונדזערע פרײַנד ווען די משפחה האָט גע־מיטאָגט. ווינטשנדיק זיי אַ גוטן אַפּעטיט אויף יידיש האָבן זיי באַלד פאַר־שטאַנען אַז דאָס איז געקומען שפרה. זיי האָבן מיך אַרומגערינגלט מיט אַזאַ שיינער האַרציקער וואַרעמקייט, וואָס רירט מיך תמיד ביז טרערן. זיי האָבן באַוווּנדערט מיך, וואָס כ'האָב מיך אַליין באַשטראָפט אויף פאַרשיקונג, כדי צו זיין לעבן אסתרן און דורכגעגרווילט בין איך געוואָרן פון די אי־בערלעבענישן וואָס זענען זיי באַשערט געווען.

שוין נאָכן לאַגער, האָט מען זיי, די פרוי מיט צוויי קליינע קינדער, אַנגעבראַכט קיין קאַזאַכסטאַן אין סאַמע מיטן ווינטער, ווען די פרעסט זענען ברענענדיקע. אויפן וואָקזאַל האָט מען זיי אַריינגעזעצט אין אַן אָפּע־נער לאַסטמאַשין און מ׳האָט זיך געלאָזט אין וועג אויף אומקומעניש. אַנגע־טאָן זענען זיי געווען נישט לויט דעם אַרטיקן קלימאַט און דער שאָפער האָט געיאָגט מיט דער גרעסטער שנעלקייט. דער פּראַקטיקער ווינט האָט זיי געשניטן מיט פייערדיקע בייטשן, זיי האָבן געשריגן צום שאָפער, גע־בעטן פאַרהאַלטן דעם מאַשין און ער — ווי צו דער וואַנט. די מוטער האָט געטוליעט צו זיך די קינדער, געריבן די פאַרפרוירענע הענטעלעך, אַרויפ־געהויכט אויף זיי מיט איר וואַרעמען אָטעם און ווען די מאַשין איז אָנ־געקומען קיין אַריק־באַליק זענען די מאַמע מיט די צוויי קינדער גע־זעסן פאַרפרוירענע, אָן לעבן, איין צוזאַמענגעפּלאָנטענער קנויל. מען האָט זיי אַראָפּגעטראָגן פונעם מאַשין, אַריינגעבראַכט אין הויז צום פּאָטער. מ׳האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען כדי די פאַרפרוירענע צוריקברענגען צום לעבן.

אָט אַזוי איז פאַרגעקומען נאָך יאָרן לאַגער און צעשיידונג די פאַראיי־ניקונג פון דער משפחה...

זיך אַראָפּגערעדט די שווערע הערצער, זיך געטיילט מיט איבעלרעבע־נישן, איינדרוקן, האָב איך אַרויסגעבראַכט דעם שמועס אויף אונדזער באַ־שלוס אַרויסצורייסן זיך פונעם דאָרף און אַריבערפּעקלען זיך אין ראַיאָן־צענטער. אָבער... אסתר... ווי אַזוי שרייט מען אָפּ די גזירה וואָס הענגט אויף איר, צו זיין אַרעסטירט אין דעם דאָרף „אויפן גאַנצן לעבן?״

די פריינד האָבן אויפמערקזאַם מיך אויסגעהערט. זיך פאַרטראַכט און נאָך אַ קורצן שטילשווייגן, זאָגט די פרוי:

— זיך מתייאש זיין טאָר מען נישט. מען דאַרף געפינען אַן עצה. איך האָב יאָ אַ געדאַנק... מיר וועלן פּרווון... מיט מיר צוזאַמען אַרבעט אַ פרוי. זי האָט נישט לאַנג געבוירן און נייטיקט זיך אין אַ ניאַנקע. איר מאַן איז אַ שאָפער אין נ.ק.וו.ד. מיין איך, אַז ער וועט קענען זיך דערשלאָגן...

איך האָב מיך אומגעקערט אין אַ גוטער שטימונג און פאַרזעצט אין אסתרס האַרץ אַ שטיקל האָפענונג אַז אפשר פאַרט... אָבער דערווייל מוזן מיר דעם ווינטער פון 1952טן יאָר איבערטראָגן אין דאָרף אָקאַיִסק.

יענעם ווינטער אין צפון־קאַזאַכסטאַנער דאָרף וועל איך אייביק גע־דענקען.

אַ גאַנצן טאָג האָב איך געפראָרן ביי דערניימאַשין, וואַסער אויף אַ גליטשווען געטראָגן פון אַ ווייטן ברונעם אין צוויי עמער אויף אַ קאָ־

ראָמיסל. שרעקלעך זענען געווען די נעכט, די לאַנגע ווינטערנעכט. ס'איז מיר געווען אוממעגלעך אַרבעטן אין דער קעלט און ביי אַ קליינעם נאַכטלעמפּל. די פינגער האָבן געגליוועט, נישט צו האַלטן די נאָדל אין דער האַנט, אין בעט זיך אַריינגעלייגט אין די קליידער — און אַ חוץ דער קאָלדרע אַרויפגעשלעפּט אויף זיך די טעלאַגרייקע און אַנדערע שמאַטעס. דערצו, פון מאַנגל אין וויטאַמינען און קאַלאָריעס, אַ פּנים, האָבן זיך אויסגעשיט אויף מיין לייב קליינע מכהלעך — פורונקוליאָז — וואָס האָט מיך זייער געמאַטערט.

אסתרן איז געווען נאָך שווערער. אויפן טויק, ביי איר אַרבעט האָט זי געמוזט שטיין אין דרויסן 12 שעה נאָך אַנאַנד, ביי יעדן וועטער. אין די נעכט האָט זי אַפילו אויפן אויוון זיך נישט געקענט דערוואַרעמען.

איין מאָל האָט אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכער שניישטורעם. איך האָב מיר נישט געקענט קיין אָרט געפינען. ווי אַזוי שטייט זי דאָרט, אסתר, אין אַזאַ שטורעם? און ווי אַזוי וועט זי זיך דערקלייבן אַהיים? מען זעט דאָך נישט דעם וועג אַ שפּאַן פאַר זיך... דער טויק איז ווייט — זי וועט פאַרבלאָנדזשען, אַוועקפאַלן ערגעץ אין וועג, פאַרשאָטן ווערן מיט שניי, און אין וואָיען פון ווינט וועט מען אַפילו איר געשריי אויף הילף נישט דערהערן...

דאָס קליינע, שכנהשע יינגל, וואַנקע, וועלכער איז געווען צוגעבונדן צו אונדז, איז געזעסן מיט מיר און אויך איבערגעלעבט אין דערוואַרטונג. און איידער איך האָב זי דערזען, האָב איך דערהערט אסתרס זינגען... זי איז אַריין אין צימער אַ פאַרפלאַמטע מיט אַ שטעקן אין איין האַנט און אונטערן אָרעם פון דער צווייטער אַ גראָבן קיזשאַק...

קיזשאַק, ווייסט איר נישט וואָס דאָס איז? דאָס איז אין יענע געגנטן ברענמאַטעריאַל. דאָס איז דער אָפּפאַל, וואָס בהמות לאָזן אויף די פעלדער. די בהמהשע צואה. ווען דאָס ווערט גוט פאַרטריקנט נעמען די איינוווינער צונויף די אויסגעטריקנטע שטיקער ווי פּידפּאַליקעס, און נוצן זיי ווי ברענשטאָף צו הייצן זייערע וווינונגען.

אין דאָרף האָבן מיר געהאַט אַ קלוב. ווינטער איז ער געווען געשלאָסן. אַנהייבנדיק פון פרילינג פלעג אים די דאָרפישע יוגנט באַזוכן יעדן זונטיק. איך פלעג מיך אויך אַריינכאַפּן כדי אַריינצוקוקן אין אַ צייטונג. עפּן איך איין מאָל די „איזוועסטיאַ" און געפין אַן אַרטיקל, וואָס האָט מיך דערשיטערט: „אויסוואורפן אין ווייסע כאַלאַטן!" מיר האָבן גענומען ציטערן די הענט און ס'האָט מיר געשווינדלט פאַר די אויגן לייענענדיק אָט דעם בילבול קעגן די יידישע דאָקטוירים, וואָס האָבן, לויט די אַנטדעקונ־

גען פון די אויספּאַרש־אָרגאַנען, זיך פאַרנומען מיט שעדלעכער, פאַרברע־כעריעשער טעטיקייט...

איך בין געלאָפן צו אסתרן, צו בעלאָן אַ פּאַרסאָפּעטע און זיי דערציילט מיט אַ פאַרקלעמטן האַרץ וועגן אַ נייער וויסטער, פינצטערער נאַכט, פון רדיפות און נגישות וואָס לאָזט זיך אַראָפּ אויף די יידן אין דעם לאַנד פון סאָמע רייכסטן יושר און סאָמע הומאַנסטע פּאַראַנדקעס. אָט דאָס אַרטיקל אין „איזוועסטיאַ" וואָס איז אינספּירירט אָן צווייפל פון סטאַלינס קאָבי־נעט, איז אַ סיגנאַל צו אַן אַנטי־יידישער פּאָגראָם־אַקציע וואָס וועט זיך פונאַנדערוויקלען מיט דער גאַנצער אַכזריות כאַראַקטעריסטישער פאַר דעם דאָזיקן רעזשים.

מיר זענען אַלע דריי געווען פאַרלאָרן אין טיפסטער פאַרצווייפלונג און פחד, אַז די לאַנגע פּאָגראָמיסטישע האַנט קען דערלאַנגען אויך צו אונדז אַהער, כאָטש מיר זענען שוין געווען גענוג געשטראָפט און געשלאָגן.

איז ווי גרויס געווען אונדזער פרייד, ווען אין עטלעכע טעג אַרום האָבן מיר דערהערט דאָרפישע יינגלעך אַרומלויפן אין גאַס, שרייענדיק וועגן דער פגירה פון דעם גרויסן, כמעט פאַרגעטערטן טאַטן...

— ימח שמו וזכרו! דאָס איז אַלץ וואָס מיר, די דריי יידישע פיל אַנגעליטענע פרויען, האָבן געקענט זאָגן, לויטן שטייגער פון אונדזערע טאַטעס.

*

אין פרילינג פון 1953טן יאָר איז אומגעריכט פאַרפאָרן צו אונדז אונדזער פריינדין פון אַריק־באַליק. זי איז געקומען צוזאַמען מיטן שאָפער, דעם זעלבן וועלכער האָט געדאַרפט אַ ניאַנקע פאַר זיין קינד. אַרבעטנדיק אין נ.ק.וו.ד. האָט זיך אים איינגעגעבן צו באַקומען די דערלויבעניש אי־בערצופירן אסתרן אין ראַיאָן־צענטער.

אתסרן האָט דאָס מזל נישט געלויכטן אויף איר אַרבעט ביי דער משפחה. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז זי איז געווען נישט נאָר אַ ניאַנקע פאַר דעם קינד, נאָר אַ דינסט ממש, געהאָרעוועט אַ סך און, קאַרגע, האָט מען איר געגעבן שלעכט עסן.

דאָס האָב איך מיך דערוווּסט אין גיכן, ווען איך בין געקומען אין ראַיאָן־צענטער, געוואָר ווערן, צי וועל איך דאָרט קענען קריגן אַ כאַטקע, נאָך דעם ווי איך וועל פאַרקויפן מיין דאָרפישע.

יאָ, — אַ גליק — ס'איז דאָ אַזאַ כאַטע און בשכנות מיט אונדזערע

פריינד. באַרויִק איך אסתרן, איך נעכטיק איבער און — כ׳לאָז מיך צוריק אַהיים צו פוס, פאַרשטייט זיך.

די טייערע פריינד באַגלייטן מיך און זעענדיק די שוואַרצע ווי סמאָלע געדיכטע וואָלקנס, וואָס האָבן פון דער העלער הויט פאַרדעקט דעם גאַנצן הימל, האָבן זיי געפּרוווט מיך אָפּרעדן צו גיין אין דעם וועטער וואָס זאָגט קיין גוטס נישט אָן.

אָבער נישט ביי שפּרהן. עס זאָל אָפילו גיסן מיט עמערס מוז איך מיך אומקערן אין דאָרף.

איך האָב געשפּאַנט אין איילעניש קוקנדיק אָן אויפהער אויפן הימל. אָט צעווייען זיך, דאַכט זיך, די שוואַרצע וואָלקנס, און עס קוקט אַרויס אַ בלאָער אויסגעוואַשענער הימל. דער אייבערשטער האָלט איבער מיר זיין האַנט, האָב איך געקלערט, אָט גיי איך שוין אַריין אין ערשטן דערפל צוועלף קילאָמעטער פונעם צענטער, דאָ רו איך זיך אָפּ, כאַפּ עפּעס איבער. איך בין אויסגעשעפּט פונעם גיין און ס׳ווילט זיך אַזוי אויסשטרעקן אויפן גראָז און כאַפּן אַ דרימל, אָבער ניין, איך טאָר נישט. איך אייל זיך. איך מוז זיין אין דער היים.

אָט רוקן זיך ווידער אָן די שוואַרצע וואָלקנס און מיט אַזאַ שנעלקייט אַז איידער כ׳האָב זיך גוט אַרומגעקוקט איז געוואָרן טונקל אַרום מיר. ס׳האָט דער הימל זיך גענומען שפּאַלטן פון די בליצן, די ערד ציטערט פון די דונערן. און ס׳האָט אַ ליאַפּע געטאָן אַ שלאַקסרעגן מיט אַ רעש, שמייסנדיק די צעווייקטע ערד. עס האָבן זיך באַלד געשאַפן טייכן נישט אַדורכצוגיין, ס׳איז געוואָרן גליטשיק. איך האָב באַשלאָסן איבערוואַרטן הינטער אַ בוים ביז דער רעגן וועט אויפהערן, דאָס וואַסער אָפּפליסן און איך וועל זיך דערקלייבן צום וועג.

אויסגעווייקט, פּיטש־נאַס בין איך אָנגעקומען אַהיים און צוקומענדיק צו אונדזער כאַטע — גאָטס צאָרן האָט זיך אויסגעגאָסן אויף איר. איך האָב די כאַטע נישט דערקענט. ס׳איז פון איר געוואָרן אַ קופּע מיט צע־ווייקטן ליים. און דער עיקר — דער גרינוואַרג־גאָרטן, די קאַרטאָפל, וואָס מיר האָבן פאַרזעצט — אַ רחמנות איז געווען אויף דעם גאָרטן...

אינעווייניק, אין צימערל, האָט בעלאַ און וואַנקע צונויפגעשאַרט דאָס ליים און דאָס וואַסער אין עמערס. דערזעענדיק מיך האָט זי אויסגע־שריגן מיט אַ געוויין:

— דו לעבסט? דו ביסט געקומען? — זיך לאָזן אין אַזאַ וועטער אין וועג דאַרף מען זיין אַ גזלן אויפן אייגענעם לעבן...

דער רעגן האָט אַ תל געמאַכט פון דער כאַטע. ווי אַזוי וועלן מיר זי

איצטער פאַרקויפן? דריי טעג האָב איך געהאָרעוועט, פאַרקלעפּט און פאַרשמירט אַלע לעכער, געהאַלטן אָפן די פענצטער און די טיר עס זאָל זיך לופטערן, זיך אויסטריקענען גיכער. דערנאָך האָב איך אויסגעקאַלכט דאָס צימערל. ס׳איז אַפילו שענער, יום־טובדיקער געוואָרן און אין אַ מזל־דיקער שעה, כ׳האָב די כאַטע פאַרקויפט און באַלד מיך אַריבערגעפּעקלט קיין אַריק־באַליק.

*

בין איך שוין ווידער מיט אסתרן און מיר האָבן שוין אַ נייע כאַטע. אסתר וואַרפט איר אַרבעט אַלס ניאַנקע און ווערט די באַלעבאָסטע, בשעת איך אָרדן מיך איין אין אַ שניידער־וואַרשטאַט, די ערשטע אונטערנעמונג אויף דער פריי ווו איך ווער אויפגענומען ווי אַ ספּעציאַליסטין.

אָבער נאָך סטאַלינס טויט האָבן מיר, די גרויסע צאָל פאַרשיקטע, אָנגעהויבן האָפן אויף ענדערונגען אין באַציונג צו אונדזער גורל. די אויסלייטערונג וואָס איז באַלד געקומען, האָט אין זומער 1953 געבראַכט אויך די געגאַרטע ענדערנוג, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין אַנולירן די שענדלעכע, אוממענטשלעכע גזירה, אַראָפּנעמען די פאַרשיקונג־שטראָף... מ׳האָט אַלעמען באַלד אַרויסגעגעבן פּאַספּאָרטן. מיר האָבן באַקומען באַוועגונגס־פרייהייט און די רעכט צו טוישן דאָס וווינונגס־אָרט, נישט דאַרפנדיק דערויף קיין היתר פון דער נ.ק.וו.ד.

אָבער אין גאַנצן מוותר זיין אויף די סטאַלינישע באַשרענקונגען האָבן זיינע יורשים נישט געקענט. דאָס וואָלט געווען צו גוט און צו מענטשלעך. שרייבן זיי אַריין אין די פּאַספּאָרטן דעם גוט־באַקאַנטן פּונקט פאַר די געוועזענע לאַגערניקעס: „אויסער די 73 שטעט״.

אָט דאָס טאַקע איז געווען די סיבה וואָס אונדזערע פריינד און מיר און אַ סך, אַ סך משפחות זענען פאַרבליבן לעבן אין דער געגנט פון קאָקטשעטאַוו. נאָר אונדזער בעלאַ איז אָפּגעפאָרן קיין אָרענבורג צו אַ שוועסטער, ווייל די דאָזיקע שטאָט איז נישט געווען אין חרום...

## קאַפּיטל זיבן

# רעהאַביליטאַציע

אויך אין אַריק־באַליק איז אונדז דאָס אײַנאָרדענען אָנגעקומען מיט גרויסער מי און אומגעהייערע מאַטערנישן.

אין דער צפון־קאַזאַכסטאַנער געגנט וואַקסן נישט קיין פּרוכטן. פֿאַרשידענע גרינסן קולטיווירט מען נאָר בײַ די ברעגעס פֿון וואַסערן. פּאָמידאָרן באַווײַזן נישט אויסצוצײַטיקן זיך. מען נעמט זיי אַראָפּ גרינערהייט און אויסגעוואַרעמטע אין די וואַלינקעס ווערן זיי רויט. דער גרונד־פּראָדוקט פֿון דער באַפֿעלקערונג איז — קאַרטאָפֿל. מיר האָבן הינטער אונדזער כאַטע געהאַט אַ היפּש שטיק פֿאַרזיי־באָדן, האָבן מיר אין גרויס אײַלעניש אים געדאַרפֿט צוגרייטן צום פֿרילינג־פֿאַרזיי. דאָס ווערט געטאָן אין האַרבסט. האָבן מיר, איך און אסתּר, גוט זיך אָנגעהאָרעוועט בײַם צעגראָבן די פֿאַרהאַרטעוועטע ערד. אויך דאָ האָב איך געמוזט טראָגן וואַסער פֿון אַ ווײַטן ברונעם אויף קאָראָמיסלען, דאָס איז מיר אָנגעקומען אומגעהייער שווער. די כאַטע איז געווען אײַנגעגראָבן אין אַ באַרג מיט שנײ. דער שנײ האָט פֿאַרשטעלט די פֿענצטערלעך, איז אין כאַטע געווען פֿינצטער. געשלאָפֿן זענען מיר אויך דאָ אויף קעסטלעך.

דער שנײדער־וואַרשטאַט, די ערשטע אונטערנעמונג, ווו איך האָב געאַרבעט אויף דער פֿרײַ, האָט מיר געבראַכט נאָר צרות, עגמת נפֿש און דער עיקר — קלײנע, גאָר קלײנע פֿאַרדינסטן. מיר, פֿינף פֿרויען פֿאַרשיקטע, זענען אָפּהענגיק געווען פֿון עלעאָנאָרא יאַנאָוונאַ, די פֿאַרוואַלטערין — אַ דײַטשקע פֿון אָפּשטאַם און אויך פֿאַרשיקטע. דאָס איז געווען אַ פֿרוי מיט אַ האַרטן, טיראַנישן כאַראַקטער. זי האָט דיקטירט נישט נאָר ווי צו לייגן דעם שטאָך אין געניי, נאָר אַפֿילו ווי צו באַשפּריצן בעתן פּרעסן. די אַרבעט איז דעריבער געגאַנגען לאַנגזאַם, און ווײַל געצאָלט האָט מען פֿונעם שטיק, האָבן מיר ווייניק אויסגעאַרבעט און פֿאָלגלעך — ווייניק פֿאַרדינט. דער וואַרשטאַט האָט באַדינט הויפּטזעכלעך די נאַטשאַלניקעס פֿונעם ראַיאָן. די פֿאַרוואַלטערין האָט זיך באַמיט זיי צופֿרידן שטעלן, האָבן מיר דען געקענט זיך פֿאַרקלאָגן אויף איר פֿאַר די דאָזיקע באַשטע־

לער? מיר האָבן געמוזט הכנעהדיק פאָלגן, כדי נישט צו פאַרלירן די אַרבעט. קיין אַנדער אונטערנעמונג איז אין דעם ראַיאָן־צענטער דאָך נישט געווען. מיך האָבן געראַטעוועט די באַשטעלונגען פון גוטע פריינד, פאַר וועמען איך האָב געניייט אין דער היים.

איבערגעקומען דעם ווינטער פון 1954, איז געקומען דער פרילינג מיט אַ נייער צרה.

די בערג מיט שניי האָבן גענומען טאַיען, צעשמעלצן זיך, ס'האָבן גע־נומען אַריינשטראָמען וואַסערן אין אונדזער כאַטע. ווי אַ סך אַנדערע זענען אויך מיר געווען אין סכנה פאַרטרונקען צו ווערן. שכנים האָבן זיך געוואָרפן צו הילף. מ'האָט געשאָפן אַ בריגאַדע, וואָס האָט געגראָבן אָפּפלוס־קאַנאַלן.

מיר האָבן זיך אויך פון דעם אומגליק געראַטעוועט, נאָר די באַדינ־גונגען אין דעם קאַלטן, אומהיימלעכן, נישט פרוכטבאַרן צפון־קאַזאַכסטאַן, זענען אונדז היפּש דערעסן. — מען דאַרף זיך אַרויסרייסן פון דאַנען. אַנטלויפן, האָבן מיר זיך געזאָגט, נאָר וווהין?

האָט אסתר זיך דערמאָנט אָן איר ברודער שאַיע וואָס וווינט אין סאַמאַרקאַנד. דאָרט איז וואַרעם, דאָרט איז פאַראַן אַזוי פיל פרוכטן און גרינוואַרג וועמעס טעם מיר האָבן שוין פאַרגעסן. צוואַנציק יאָר נישט נאָר אין מויל קיין פרוכטן נישט געהאַט, אויך פאַר די אויגן האָבן מיר זיי נישט געזען. וויטאַמינען, — ווי געניייטיקט מיר האָבן זיךביידע אין די דאָזיקע לעבנס־דערהאַלטנדיקע שטאָפן.

נאָר ווי אַזוי לאָזט מען זיך צו שאַיען, ווען ער האָט אַפילו נישט געענטפערט אויף איר ווענדונג צו אים, ערב דעם באַפרייען זיך פון לאַגער? אסתר האָט געמיינט אַז שולדיק איז נישט אַזוי ער, איר ברודער, ווי לענאַ, איר שוועגערין — אַ שלעכטע און גייציקע יידענע. און טאָמער האָט אסתר זיי אויסגעפּעלט ווי אַ פינפטע ראָד צום וואָגן, איז זי נאָך צוגעשפּאַנט צו אַ צווייטער, פּונקט אַזאַ עלנטער ווי זי. אָבער אין גרויסן לאַנד, ווו דאָס אויבערשטע פּונעם שטייסל, „דער גרעסטער נכס פון דער מדינה איז דער מענטש"... האָבן מען מיר קיין קרובים נישט געהאַט. און אַנטלויפן פון קאַזאַכסטאַן האָט זיך אַזוי געוואָלט, ווי עס ווילט זיך לעבן...

שרייבן מיר אסתרס ברודער וועגן אונדזער לאַגע אַז ביידע זענען מיר שוין פון דער „פאַרשיקונגס"־שטראָף באַפרייט. אַז מיר וועלן חלילה, קיינעם צו לאַסט נישט פאַלן, ווייל איך, שפרה, אסתרס פריינדין בין אַ גוטע שניידערקע... און... מען דאַרף זיך אָננעמען מיט סבלנות און וואַרטן אויף אַן ענטפער. וועט ער אויך דאָס מאָל נישט קומען?

דערווייל איז געקומען דער פרילינג. מיר האָבן פאַרזייט און באַאַרבעט דעם גרויסן גאָרטן אונדזערן. אסתר האָט זיך געמיט גאַנצע טעג. איך אין די פרימאָרגן־שעהען און אין אָוונט, נאָכן אומקער פון וואַרשטאַט, און דעם גאַנצן זונטיקדיקן טאָג — דער טאָג פון רו. מיר זענען געווען פאַר־אינטערעסירט אין אַ גוט גערעטעניש פון קאַרטאָפל וואָס וועט אונדז אַריינברענגען געלט אויף רייזע־הוצאות.

דאָ האָבן מיר זיך שוין נישט געפילט אַזוי עלנט ווי אין אַקאַנסק. דאָ איז געווען אַ גרויסע גרופּע פאַרשיקטע — יחידים און אויך משפּחות. צווישן זיי — אײן ייִדישע און אַ רוסישע — וועלכע זענען געוואָרן אונ־דזערע בעסטע פריינד אויף לאַנגע, לאַנגע יאָרן. צווישן זיי אויך די ייִדי־שע פרוי לאה מיט איר הויזגעזינד.

צוריק מיט פיר יאָר ווען איך בין צום ערשטן מאָל געפאָרן צו אסתרן אויף אָן אָפענער לאַסטמאַשין, האָט דער שאָפער זיך אָפּגעשטעלט אין וועג, כדי דערקוויקן דאָס האַרץ אין בופעט מיט וועלכן זי האָט פאַרוואַלטעט. זי האָט דעמאָלט געשטילט מיין דאָרשט און מיך אויך געעצהט ווי אַזוי זיך דערקלייבן אין דאָרף.

לאה אַ סימפּאַטישע, ייִדיש־חנעוודיקע פרוי, מיט איר מאַן סרוליק שטאַמען פון אַ קליינעם שטעטל אין ווייסרוסלאַנד. זייער ליבע אין עלטער פון זיבעצן יאָר הייבט זיך אָן אין יענע ברויזנדיקע יאָרן פונעם בירגער־קריג. ווי קאָמסאָמאָלצעס פאַרלאָזן זיי דאָס שטעטל. געקומען קיין מאָסקווע און דורכגעמאַכט קאַלטס און וואַרעמס, הונגער, דאַכלאָזיקייט, ביז ס'האָט זיי זיך איינגעגעבן איינצוואָרדענען. געוואָרן קאָמיוג־אַקטיוויסטן און אויך געקראָגן אַ קליין צימערל אין דער הויפּטשטאָט.

לאה האָט געבראַכט אויף דער וועלט אַ זונדעלע. אין צוויי יאָר אַרום — אַ טעכטערל. זיי האָבן געלעבט אין נויט אָבער צופרידענע. ביז די סטאַלינישע גזירות האָבן געטראָפן אויך זייער משפּחה און זיי ווערן פאַר־שיקט קיין קאַזאַכסטאַן.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן די צווייטע וועלט־מלחמה. מיט דער מלחמה דער הונגער. זייער איינציקע דערנערונג — פאַרפראָרענע שאָלעכץ פון קאַרטאָפל. זייער איינציקער זון, כאָטש אַ זון פון אַ פאַרשיקטער משפּחה ווערט גערופן אין דער רויטער אַרמיי, און געפירט אויף די פראָנטן. טאַטע־מאַמע דערוויסן זיך אַז דער זון איז שווער פאַרוווּנדעט און געפינט זיך נישט ווייט פון אַריק־באַליק אין אַ מיליטערישן לאַזאַרעט. לאה דער־שלאָגט זיך אַהין. זי געפינט איר זון אין די שווידערלעכסטע באַדינגונגען.

אין אַ שמוציקן באַראַק, אָן מעדיציניִשער הילף און אין הונגער. דאָרט איז ער געשטאָרבן פון די ווונדן.

דערפאַר איז אויסגעוואַקסן אַ שיינע טאָכטער. זי איז געווען מיט אַלע מעלות און שיין ווי אַ רויז, אַזוי ווי זי האָט געהייסן — ראָזאַ. דאָס יונגע מיידל האָט זיך אָבער געפילט אין דער פאַרשיקונג איינזאַם, נידערגעשלאָגן, מינדערוועדיק. מיט דעם ווייזט אויס דערקלערט זיך וואָס אָט דאָס געראַ־טעוועטע מיידל איז באַווירקט געוואָרן פון דעם מיאוסן מיכאַיל, וואָס טאָמער איז ווייניק זיין פיזישע העסלעכקייט, האָט ער נאָך געהאַט דערצו אַ ליידנשאַפט צום ביטערן טראָפּן. די עלטערן האָבן נישט געקענט אָפּווענדן דעם אומגליק, וואָס זייער מיידל איז בלינדערהייט אַליין אַריינגעקראָכן אין אים ווי אין אַ פאַרזינקנדיקן זומפּ. זי האָט חתונה געהאַט פאַר דעם מיאוסן שייגעץ. געבראַכט אַ קינד אויף דער וועלט. אַ מיידעלע. די באָבע מיטן זיידן האָבן דאָס אייניקל אויסגעהאָדעוועט, דערצויגן, און דאָס איז דאָרט געווען זייער איינציקע טרייסט.

איוואַנאָוו, אונדזער צווייטער גרויסער פריינד, איז פאַרשיקט געוואָרן קיין קאַזאַכסטאַן נאָך צען יאָר לאַגער־אָפּקומעניש. אַהער אין דער פאַרשי־קונג איז געקומען זיין פרוי און אַ טאָכטער.

ער, דער פאָטער, איז געווען אַן אָפיציר פון הויכן ראַנג. מ׳האָט אים אַרעסטירט אין 1937טן יאָר. די אויספאָרשונג האָט זיך געצויגן קיילעכדיקע צוויי יאָר. גאַנצע צוויי יאָר האָט ער געלעבט אין פּחד דערשאָסן צו ווערן. פאַר וואָס מ׳האָט אים באַלוינט נאָר מיט אַ „קינדערישן סראָק" — צען יאָר לאַגער, האָט ער זיך נישט געקענט דערקלערן.

ס׳איז איבעריק צו דערציילן וואָס די פרוי און זייער טאָכטער זענען אויסגעשטאַנען ווי די משפּחה פון אַ לאַגערניק.

זומער 1955, סוף כל סוף — אַ בריוו פון שאַיען. געשריבן איז דער בריוו אין רוסיש, פון דער שוועגערין לענאַ. אַדרבא, זאָלן מיר קומען. וואָס שייך מיך, טיילט זי מיט, אַז סאַמאַרקאַנד בייטיקט זיך שטאַרק אין גוטע שניידער.

גרייטן מיר זיך שוין ווידער צו אַ נייער איבערזידלונג. מען דאַרף געפינען אַ בעלן אויף אונדזער כאַטע. דאָס געדויערט לאַנג. גרינגער איז געווען מיטן באַרג גרויסע, שיינע קאַרטאָפל. מ׳האָט זיי אויסגעכאַפּט. אונד־זער האָרעוואַניע, הייסט עס, האָט זיך געלוינט.

נאָכן ליקווידירן אונדזער ווירטשאַפט האָבן מיר זיך געקענט צעצאָלן מיט די חובות. און סוף אָקטאָבער געזעגענען מיר זיך מיט אונדזער פריינד.

דער וועג קיין סאַמאַרקאַנד? ער האָט אונדז מיט אַלעמען דערמאָנט

די רייזע פונעם לאַגער. מיר האָבן עטלעכע מאָל געמוזט טוישן די באַנען. אַרויפשטייגן, אַראָפשטייגן. קאַמפּאַסטירן די בילעטן אין די אומגעהויערע רייען ביי די קאַסעס. די איבערגעפּולטע וואַקזאַלן אַזוי ווי אין די מלחמה־יאָרן. פאַרוואַרלאָזטע, היימלאָזע, הונגעריקע יונגגנטלעכע. ברויט, עסנוואַרג, רייסן זיי ממש אַרויס פון די הענט.

אויפן וואַקזאַל אין סאַמאַרקאַנד האָט אונדז קיינער נישט באַגעגנט: מיר האָבן אַרויסגענומען אונדזער באַגאַזש וואָס איז צו אונדזער פאַר־ווונדערונג אָנגעקומען פּריער. מיר האָבן געדונגען אַ פורל, איינגעשפּאַנט אין אַן אייזל און דער אוזבעק האָט אונדז געבראַכט צום הויז פון שאַיע דריבוס.

מיר האָבן קיינעם נישט געטראָפן אין דער היים. די דירה פאַרשלאָסן. פון די שכנים האָבן מיר זיך דערוווסט אַז לענאַ איז שוין אַ לענגערע צייט אין אַנדיזשאַן ביי זייער טאָכטער, מאַניע, וועלכע לעבט דאָרט מיט איר רוסישן מאַן, אַן אָפיציר און מיט אַ ייִנגל — באָריס. און שאַיע איז אין דער שניידער־פאַבריק. מען דאַרף צוגיין צו אים ער וואַרט אויף אונדז. .

שאַיע, אַ דאַרינקער, די פּלייצע אַ געבויגענע, דאָס פּנימל אַ קליינס, אַ נעבעכדיקס, ווי עס וואָלט זיך בעטן: האָט אויף מיר רחמנות!

ער האָט באַלד דערקענט אסתרן. זיי זענען געשטאַנען אַרומגענומענע, ביידע קליינינקע, דאַרינקע, מיט גרויע קעפּ געראָטענע איינער צו דעם צווייטן. פון זייער געוויין האָט מיר פאַרקלעמט דאָס האַרץ. מיר האָט ער געדריקט די הענט, נישט זאָגנדיק קיין וואָרט. ביידע זענען מיר זייַנע געגאַרטע שוועסטער.

די דירה — צוויי צימערן און אַ גאָר קליין קיכעלע — אין אַן איינ־שטאָקיקער געביידע. אין ערשטן אויגנבליק האָט די דירה געמאַכט אַ גוטן איינדרוק. די צימערן הויכע, גרויסע פענצטער. נאָר אַלץ איז אָפּגעלאָזן, שמוציק. דאָס בעטגעוואַנט אויף וועלכן שאַיע איז געשלאָפן — שוואַרץ ממש.

די שכנה וואָס דאַרף באַדינען שאַיען אין דער צייט פון לענאַס אָפּ־וועזנהייט איז אַליין אַ פאַרנומענע. זי קען נאָר אָפּקאָכן פאַר אים אַ לעפל געקעכטס און עס אים ברענגען אויף דער אַרבעט. שאַיע איז אַ שוואַכינ־קער. ער קען נישט אַהיימקומען פון דער אַרבעט צום איבערבייסן. אויך לענאַ טראָגט אים דעם אָנבייסן אויף דער אונטערנעמונג. די דירה האָט זי נישט קיין צייט צו ראַמען. און אויב גלייבן דער שכנה איז נאָר לענאַ שולדיק אין שאַיעס שוואַכן געזונט־צושטאַנד. זי האָט אים פאַרמאָרעט. זי גיט אים נישט גענוג שפּייז און נישט צו דער צייט. איז נישט שווער

זיך פאַרצושטעלן ווי די דאָזיקע ידיעות וועגן לענען און איר באַציונג צו איר מאַן, דעם פאָטער פון איר טאָכטער, האָט געווירקט אויף אונדז...

דערווייל האָבן מיר ביידע זיך געכאַפּט מאַכן אַן אָרדענונג אין דער וווינונג. מיר האָבן געוואַשן, געראַמט, געלאָפן אויפן מאַרק איינקויפן. און דער עיקר — פּרוכטן, וואָס מיר ביידע האָבן אַזוי שטאַרק געגלוסט. מיר האָבן געקאָכט אויפן פּרימוס גוטע מיטאָגן אין וועלכע שאַיע האָט זיך געבייטיקט נישט ווייניקער פון אונדז און שאַיע איז געווען מיט אונדז גליקלעך. ביז... ביז ס'האָט זיך אומגעקערט לענאַ.

לענאַ האָט צו וויסן געגעבן מיט אַ קאַרטל ווען זי קומט און מיר ביידע זענען געפאָרן זי באַגעגענען.

אסתר האָט זי באַלד דערקענט. זי איז איר אַנטקעגנגעלאָפן, זי אַרומגעכאַפּט און לענאַ, באַטראַכטנדיק זי מיט אירע קורצזיכטיקע אויגן, האָט זיך צעיאָמערט:

— געוואַלד, וואָס איז געוואָרן פון דער שיינער אסתר! אין גאַנצן גרוי און דאַכט זיך צוריקגעוואַקסן, קלענער געוואָרן.

מיך האָט זי באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס און צונויפציענדיק די דינע ליפּן, אַ שאָקל געטאָן צו מיר מיט איר גרויסן קאָפּ. איך האָב באַטראַכטנדיק די גרויסע דיקלעכע יידענע, געקלערט, אַז אַזעלכע איז זיכער פּעיִק צו פאַרמאָרען איר אייגענעם מאַן!

מיר האָבן געדאַרפט זיין גוט מיט איר, נישט פאָרוואַרפן וואָס זי האָט נישט געענטפערט אויף אסתרס בריוו פונעם לאַגער. זי האָט אונדז דאָך געדאַרפט צושרייבן צו איר וווינונג און אין איר איז געווענדט צי מיר וועלן קענען בלייבן לעבן אין סאַמאַרקאַנד. כדי די געלט-גייציקע פרוי זאָל זיין פאַראינטערעסירט אין אונדז, האָבן מיר געפירט די ווירטשאַפט פאַר דער גאַנצער משפחה מיט אונדזער געלט. זי האָט זיך נאָר פאַרנומען מיט דער קיך, וואָס זי האָט זייער ליב געהאַט.

אונדזער שרעק, אַז סאַמאַרקאַנד איז איינע פון די 37 שטעט פאַרמאַכטע פאַר געוועזענע לאַגערלייט, איז געווען אַן אומזיסטע. מ'האָט אונדז צוגעשריבן גאַנץ לייכט און איך האָב מיך איינגעאָרדנט אין דער גרויסער שניידעריי-אונטערנעמונג — „אַטעליע מאָד".

לענאַ איז געווען צופרידן וואָס איך בין געקומען צו דעם אַ דאַנק איר הילף. אָבער אין אַלץ וואָס זי האָט געטאָן איז געווען איין כוונה — אויסנוצן אונדז ביידע, אַ באַוועגטע פון איר גייציקייט.

אין גיכן וועלן מיר זיך איבערצייגן אין דעם.

דאָס אָנקומען אויף אַרבעט אין דער „אַטעליע מאָד" איז געווען אַ

גרויסע הצלחה. די אונטערנעמונג האָט זיך געפונען אין אַ גרויסער גע־ביידע מיט לאַנגע, ברייטע זאַלן, אָפּטיילונגען, צימערן פאַר ביוראָען. געבייט האָט מען דאָ פאַר מענער און פרויען מאַנטלען און קאָסטיומען, נאָר אינדיווידועלע באַשטעלונגען.

די אַרבעטער אין דער אונטערנעמונג, מערטייל פרויען — ייִדישע, פון פאַרשיידענע געגנטן. און די גרעסטע צאָל פון בוכאַראַ — רוסישע, אוזבע־קישע. אַלע צושניידער — ייִדן. מיין צושניידער האָט מען גערופן בראַ־וואַרסקי. ער איז געווען אַ הויכער, ברייטפּלייציקער, סימפּאַטישער מאַן מיט קלוגע אויגן און גוטמוטיקן שמייכל. איך האָב ביי אים אַ סך געלערנט פאַר וואָס איך בין אים געווען זייער דאַנקבאַר.

מיט דער צייט זענען מיר געוואָרן היימישער און איך האָב אים דער־ציילט אַלץ וואָס איך האָב דורכגעמאַכט צוזאַמען מיט אסתרן, די שוועסטער פון שאַיע דריבוס. שאַיען האָט ער געקענט און האָט אויך געוווּסט וואָס לענאַ זיין ווייב שטעלט מיט זיך פאַר. דערפאַר האָט ער אונדז מיטגעפילט וואָס מיר מוזן ווינען צוזאַמען מיט אַזאַ גייציקער אויסנוצעריין, און דער־פאַר האָט ער אויך געטאָן אַלצדינג איך זאָל בעסער פאַרדינען.

לענאַ איז צופרידן. זי האָט מיך איינגעאָרדנט אויף אַזאַ גוטער אַר־בעט. ווי וואָלט איך געקומען צו דעם ווען נישט זי ? יאָ, זאָג איך. איך בין זייער דאַנקבאַר און אַ גוטע זאַך וואָלט זי געטאָן ווען זי געפינט אויך פאַר אסתרן אַן אַרבעט...

אָט דעמאָלט איז לענאַ אַרויס מיט לשון. קריגן אַרבעט פאַר אַזאַ שוואַ־כער פרוי וואָס האָט נישט קיין פאַך, איז נישט גרינג. עס וואָלט אויך גע־ווען נישט מענטשלעך צו שיקן אסתרן אויף אַרבעט. בעסער, האָט זי גע־זאָגט, זאָל אסתר זיצן אין דער היים. אין דער היים פעלט אויך נישט קיין אַרבעט. אָט קומט דער ווינטער, מען וועט דאַרפן הייצן דעם אויוון מיט שטיינקוילן, ראַמען די דירה, גיין איינקויפן. ווער וועט דאָס אַלץ טאָן ? זי ? לענאַ ? זי איז אַ שוואַכע פרוי, זי גייט קוים אַרום...

אָט דאָס איז עס, האָב איך געטראַכט. זי האָט זיך ביזן דנאָ פון אירע כוונות אַנטפּלעקט. זי האָט געדאַרפט אסתרן פאַר אַ דינסט. אַן אומזיסטע דינסט. און מיך — ווי אַ גוטע פאַרדינערין, וואָס גיט געלט פאַר דער ווירטשאַפט. און צוגעבן דאַרף איך, אַז זי האָט אונדז געקאָרגט מיט דער־נערונג, פּונקט ווי זי האָט דאָס געטאָן מיט שאַיען, דעם מאַן אירן.

מיר האָבן נישט געקענט שלום מאַכן מיט אַזאַ מין לאַגע, און לענאַ האָט אונדזער לאַגע אויסגענוצט. מיר זענען דאָך געווען צוגעבונדן צו איר וווינונג. מיר באַשליסן ביידע אַז מיר מוזן זיך אָפּטיילן מיט דער דער־

נערונג. אסתר הייבט אָן באַהאַלטן ברויט. זי קאָכט עפּעס אָפּ ווען לענע־טשקע שלאָפט נאָך. לענען האָט דאָס געבראַכט אין געפערלעכן כעס. זי וואַרפט אונדז שטעכווערטלעך. הערן מיר אויף צו רעדן מיט איר. פאַר־דריסט עס זי נאָך מער. די באַציונגען פאַרשאַרפן זיך מיט יעדן טאָג. נעמען אָן אַן עקלהאַפטן כאַראַקטער. און ביז גאָר האָט אונדז דערעסן ווען ס'איז געקומען צו פאָרן זייער טאָכטער מאַניע מיט באָריסן, דעם זיידנס און דער באָבעס באַליבטע אייניקל.

מיט איר קומען איז דאָס לעבן ביי שאַיען געוואָרן אַן אמתער גיהנום. געראָטן אין דער מאַמען מיטן כאַראַקטער האָט זי נאָך געקוקט אויף אונדז ווי אויף געוועזענע אַרעסטאַנטן, פאַרברעכערינס... און זי איז צוגעשטאַנען צו דער מוטער זי זאָל אונדז ביידן דערגיין די יאָרן.

כדי נישט צו געפינען זיך מיט זיי, די שונאים אונדזערע, פלעגן מיר דערפאַר אַוועקגיין אויף אַ גאַנצן אָוונט שפּאַצירן אויף די סאַמאַרקאַנדער בולוואַרן. אָבער שלאָפן האָבן מיר געמוזט אַהיימקומען. וואָס־זשע האָט געטאָן די פרוי פון אַ סאָוועטישן אָפיציר? זי האָט אויפגעעפנט דעם ראַדיאָ אויפן גאַנצן כוח — טויב צו ווערן.

אונדזער געלעגער האָט לענאַ צוגענומען פאַר איר. מיר ביידע זענען געשלאָפן אויף אַ שמאָל בעטל, אויף אַ מאַטראַץ וואָס באָריס, דאָס יינגל האָט יעדע נאַכט נאַס געמאַכט. מיר האָבן נישט געקענט ליידן ווי די מאַמע פּייניקט איר בן־יחידל, שלאָגט אים גרויזאַם, דרייט אים סאַדיסטיש די הענט, פון צוקוקן ווי זיידע־באָבע וויינען, שטעלן זיך איין פאַר אים, רייסן אים אַרויס פון אירע נעגל. דאָס יינגל איז בלאַס און בלוי פון ווונדן, ער שרייט אַז די שכנים לויפן זיך צונויף...

ניין, מיר האָבן נישט געקענט פאַרבלייבן אין דעם הויז. די גוטע פריינד וואָס מיר האָבן שוין דערוואָרבן אין סאַמאַרקאַנד האָבן אונדז גע־קענט העלפן נאָר מיט אַן עצה. און די עצה איז: זוכן אַ וווינונג נאָר ביי די אייגנטימער פון פּריוואַטע דירות. אָבער ווער פון די פּריוואַט־אייגנטי־מער, אַרומגערינגלט מיט הויכע פּאַרקנס און מיט בייזע הינט־שילדן אויף די טויערן וויל פאַרדינגען אַ צימער אָדער אַ ווינקל?

*

מיט אונדזערע פריינד אין קאַזאַכסטאַן געפינען מיר זיך אין ענגן בריוו־אויסטויש. מיר ווייסן אַז זיי זענען פון אַריק־באַליק אַריבערגעפאָרן אין שטאָט קאָקטשעטאַוו ווו זיי וווינען אין אַ געדונגענעם צימער. אויך לאה מיט איר משפּחה זענען איבערגעפאָרן אַהין און זיך געקויפט אַ גרויס סאַ־

מאַן־הויז. לאה שרייבט אויך, אַז אַלע גייען אַוועק אויף אַרבעט און האָבן נישט אויף וועמען צו לאָזן דאָס אייניקל; זיי זענען גרייט אונדז בײדע אָפּגעבן אַ צימער אין זייער הויז בתנאַי אַז אסתר זאָל זײַן די ניאַניע פֿון דעם מיידעלע...

אַוודאי, ס'איז נישט גרינג צו פֿאַרלאָזן די שיינע שטאָט סאַמאַרקאַנד ווו מיר האָבן זיך אַ ביסל אַנגעוואַרעמט נאָך די צפון־קעלטן, ווו מיר האָבן געגעבן דעם אָרגאַניזם וויטאַמינען, ווו כ'האָב אויך געהאַט אַ גוטע אַרבעט, מיט אַ גוטן פֿאַרדינסט. נאָר מיר האָבן דאָך קיין אַנדער ברירה נישט גע־האַט, נישט האָבנדיק ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן.

בראָוואַרסקי האָט פּונקט ווי מיר באַדויערט, וואָס צוליב דער סיבה וועלן מיר מוזן פֿאַרלאָזן סאַמאַרקאַנד. אין משך פֿון די פֿינף חדשים האָב איך געמאַכט 30 מאַנטלען. אָפּגעשפּאָרט דריי טויזנט רובל, קענען מיר זיך פֿאַרגינען צו קויפֿן נייע קאָלדרעס (זיך געזעגענען מיט די לאַגערנע) און נאָך נייטיקע זאַכן.

די לעצטע טעג זענען מיר ווייניק אין דער היים. עס הויערט דאָרט אַ דריקנדיקע, פּײַנטלעכע שטילקייט. שאַיע איז געלעגן קראַנק. די מכשפה, די טאָכטער זייערע, מיט דעם אומגליקלעכן ייִנגעלע זענען אַוועקגעפֿאָרן. לענאָ פֿאַרברענגט מער ביי די שכנים. נישט פֿאַרטראַגנדיק די אַטמאָספֿער פֿלעגן מיר שוין נעכטיקן ביי אונדזער באַקאַנטער רובינשטיין.

נאָר אין טאָג פֿון אונדזער אָפּפֿאָר זענען מיר אַוועק זיך געזעגענען מיט שאַיען. מ'האָט געדאַרפֿט צוקוקן פֿון אַ זייט די אָפּשייד־סצענע פֿון אסתרן מיט איר ברודער. מיר פֿעלט פֿאַרב און כוח אַרויסצוברענגען דאָס וואָס ס'האָט זיך אָפּגעטאָן אין די נשמות פֿון דער שוועסטער מיט דעם ברודער. שאַיע האָט געקוקט אויף אונדז מיט טרויעריקע אויגן וואָס האָבן דאַכט זיך, געפֿרעגט: — אויף וועמען לאָזט איר מיך איבער?...

אין סאַמאַרקאַנד האָבן אונדז באַגלייט די רובינשטיינס. אין קאָקטשע־טאָוו האָבן אונדז באַגעגנט אונדזערע פֿריינד, וועמענס נאָמען איך קען נאָך אַלץ נישט אַנטפּלעקן. אין סאַמאַרקאַנד האָט שוין געבליט דער אוריוק. אין קאָקטשעטאָוו איז נאָך געלעגן אַ שניי. דאָס צימער פֿון די פֿריינד — אַ קליינס. עס שטייען דאָרט קוים אַ בעט, און אַ שמאָלע קושעטקע. פֿאַר פֿיר מענטשן זייער און זייער ענג. מיר ביידע האָבן זיי נאָך אויסגעפֿעלט. אָבער צו לאָהן קענען מיר דערווייל נישט איבערגיין, ווייל דאָס צימער איז פֿאַרנומען פֿון די איוואַקאָוס, וועלכע זענען אין דער צייט אויך אַי־בערגעפֿאָרן קיין קאָקטשעטאָוו. מיר וועלן מוזן האָבן געדולד ביז זיי וועלן קויפֿן אַ הויז.

נאָך דעם נאַכטמאָל זענען מיר איבערראַשט געוואָרן ווען אונדזערע פריינד האָבן אונדז אָפּגעטראָטן דאָס בעט און אַליין זיך אויסגעבעט אויפֿן קאַלטן דיל. וויפֿל מיר האָבן נישט פּראָטעסטירט, דערוווידערט, זיך געבעטן אַז דאָס געלעגער אויפֿן דיל קומט אונדז — ס'האָט נישט געהאָלפֿן.

צום גליק האָט אין דריי טעג אַרום זיך באַפֿרייט דאָס צימער ביי לאהן און מיר האָבן זיך אַריבערגעפֿירט אין אונדזער נייער רעזידענץ.

*

אונדזער צימער איז אַן אָפּגעזונדערטס פֿון דער וווינונג און מיט אַ באַזונדערן אַריינגאַנג. עס פֿאַרמאָגט אויך צוויי גרויסע פֿענצטער. כאָטש דאָס הויז איז אויך פֿון סאַמאַן, איז אָבער דער דאַך געדעקט מיט שינדל. די גרויסע קאַזאַכסטאַנער רעגנס שרעקן אונדז שוין נישט.

איך האָב באַלד באַקומען אַרבעט אין דער שטאָטישער שניידעריי־פֿאַבריק און אסתּר פֿירט די ווירטשאַפֿט און ביאַנטשעט לאהס אייניקל. דאָ האָב איך אַ מעגלעכקייט אָנצונעמען פּריוואַטע אַרבעט. באַשטעלונגען זע־נען פֿאַראַן גענוג.

אין דער דירה פֿילן מיר זיך ווי מיטגלידער פֿון לאהס משפּחה און סראָליק דער קליינער, שאַרפֿזיניקער, בייסיקער, איז דער ליבלינג נישט נאָר אונדזערער, נאָר פֿון דער גאַנצער קאָלאָניע פֿאַרשיקטע. ער איז אַ געבוירענער סאַטיריקער און זיינע בייסיקע וויצן, חכמהלעך, קאַלאַמבורן זענען זיין נקמה־אַקט אין די גרויסע מנהיגים פֿון לאַנד, פֿאַר דעם פּיין און די ליידן פֿון מיליאָנען מענטשן, וואָס זיי זענען זייער גורם. ער קען הונ־דערטער לידער אין יידיש און אין רוסיש. און ער איז אונדז מהנה מיט זיינע פֿון אים אַליין געשאַפֿענע מאָנאָלאָגן, פֿריילעכע, אָנגעזויגענע מיט פּאָלקס־הומאָר.

ס'איז דאָך שוין געווען דאָס דריטע יאָר נאָך סטאַלינס אַפּאָפּלעקציע און מ'האָט געמיינט, אַז... מען מעג שוין. מ'האָט געמיינט... די שרויפֿן זע־נען טאַקע נאָכגעלאָזט געוואָרן אַ ביסל, ס'איז געווען אַ קורצע צייט פֿון „אָטעפּעל"... פֿון אַן אויפֿפֿרירונג, אַ לינדערונג הייסט עס. אָבער די יורשי־סטאַלינס האָבן זיך גיך געכאַפּט אַז מ'האָט צופֿיל לויז געמאַכט די שרויפֿן.

צווישן די פֿאַרשיקטע האָבן זיך עס פֿאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די מאַכט קוקט איבער די „דיעלעס" פֿון די געוועזענע אַרעסטאַנטן און עס ווערן פּעקלעכווייז רעהאַביליטירט נישט נאָר די לעבן־געבליבענע, נאָר אויך די אומגעבראַכטע, געשאָסענע, געשטאָרבענע פֿון עבֿודת פּרך...

נאָך כרושטשאָווס באַרימטער דרשה אויפֿן 20סטן צוזאַמענפֿאָר פֿון

דער קאָמפּאַרטיי ווען ער האָט אויפגעדעקט סטאַלינס אמתן פּרצוף און די פאַרקריפּלונגען פון דער יוסטיץ, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן אין משך פון זיין הערשאַפט, האָט מען געמעגט גלייבן אין די קלאַנגען. ווען כרושטשאָווס אַנטפּלעקונגס־רעדע איז פאַרעלייענט געוואָרן אומעטום אויף פאַרזאַמלונגען, זענען אין די זאַלן פאַרגעקומען האַרצרייסנדיקע סצענעס. מענטשן זענען געפאַלן אין חלשות. אַנדערע אין אַנפאַל פון היסטעריע האָבן געשריגן, געגוואַלדעוועט, פון גרויס פּיין און ווייטיק.

אַזוי פיל אומשולדיקע פאַרפייניקטע,
אַזוי פיל אומשולדיקע דערשאָסענע,
אומגעבראַכטע טאַטעס!
פאַרלאָרן געגאַנגענע קינדער!
און ווו זענט איר געווען דעמאָלט?
און פאַר וואָס האָט מען זיך געכאַפּט אַזוי שפּעט,
נאָך זיין טויט?

ס׳איז געקומען דער ספּעציעלער דעקרעט וועגן רעהאַביליטאַציע. מיר, געוועזענע אַרעסטאַנטן, האָבן באַקומען פון דער גענעראַל־פּראָקוראַטור פּאַפּירלעך אַז „צוליב דעם פעלן פון אַ ממשותדיקן טאַטבאַשטאַנד" ווערט דער און יענער פולשטענדיק רעהאַביליטירט...

צי ס׳האָט אונדז געפרייט דער פאַקט פון רעהאַביליטאַציע? אָן ספק. אָבער — האָט מען געקענט מוחל זיין די פייניקער פאַר אַזוי פיל פאַרפייניקטע לעבנס? פאַר וויפל איז דאָס שוין געקומען צו שפּעט, נאָך אַלעמען? און וויפל האָבן נישט געקענט געניסן פון דער לאַגע, ווייל זיי האָבן פאַרלאָרן זייער געזונט „דאָרטן", זיך אומגעקערט צעלאָמעטע, קראַנקע, שוין נישט פעיִק אָנצוהייבן אַ נייעם קאַן, זיך איינגלידערן, זיך צופּאַסן צו דער נייערווירקלעכקייט.

הכלל — רעהאַביליטאַציע. מיר האָבן באַקומען נייע פּאַספּאָרטן, ריינינקע, אָן אַ שום פּגם, און אָן אַ שום „פּונקט" (דאָ מעגסטו יאָ, דאָרט — נישט זיך באַזעצן), דאָס איז איינס.

■ די לאַגער־יאָרן ווערן אונדז פאַררעכנט ווי אַרבעטס־סטאַזש מיט רעכט צו באַקומען פּענסיע.

■ אונטערנעמונגען אויף וועלכע מיר האָבן געאַרבעט בעתן אַרעסט דאַרפן אונדז אויסצאָלן אַ צוויי־חדשימדיקן געהאַלט.

■ מיר האָבן רעכט און מען דאַרף אונדז אין ערשטער ריי באַזאָרגן מיט אַ וווינונג.

די ערשטע זאַך וואָס איך האָב געטאָן באַקומענדיק דאָס רעהאַביליטאַ־ציע־פּאַפּירל? איך האָב מיך אַוועקגעזעצט און נאָך צוואַנציק יאָר אָנגע־שריבן אַ בריוו צו מיינע שוועסטער אין אַמעריקע.

די צווייטע זאַך — אין קאַקטשעטאָווער שטאָטראַט האָב איך דער־לאַנגט אַ מעלדונג וועגן אַ דירה, „אין ערשטער ריי".

אין אַ צייט אַרום גייען מיר אין שטאָטראַט געוואָר ווערן דעם ענט־פער אויף אונדזער מעלדונג. דער ענטפער — אַן אומצווייידייטיקער: אין ערשטער ריי ווערן דערטיילט דירות פאַר דעמאָביליזירטע פון דער רויטער אַרמיי.

סטייטש? און דער רעהאַביליטאַציע־דעקרעט? און דער פּונקט וועגן באַזאָרגן... אאַז"וו.

תיקו!

אונדזער ריי אויף אַ דירה אין קאַקטשעטאָוו איז קיין מאָל נישט געקומען. נאָך אַנדערהאַלבן יאָר האָבן מיר געמוזט באַפרייען דאָס צימער ביי לאהן. מיר וואַלגערן זיך אין געדונגענע צימערן. דאָס האָט געדויערט אַזוי לאַנג ביז אונדזערע פריינד, נאָך לאַנגע יאָרן, האָבן באַקומען אַ דירה, און אונדז אַריינגענומען צו זיך.

קאַפּיטל אַכט

# מיין וועג קיין ישראל

נאָך דער רעהאַביליטאַציע האָט זיך איינגעשטעלט אַ נאָרמאַלער בריוו־אויסטויש צווישן מיר און מיינע שוועסטער. און אַ באַזונדערע פרייד איז געווען פאַר מיר צו געפינען אין אַמעריקע מיין יוגנט־חברטע פון זעמב־ראָווע, מינדל סאַרניעוויטש.

מינדל, מינדל... ווי נאָענט, ווי צוגעבאַקן מיר זענען געווען איינע צו דער צווייטער, ביז ס׳האָבן זיך פונאַנדערגעשיידט אונדזערע וועגן. דער־וויסנדיק זיך אַז מינדל לעבט און זי טרעפט זיך אויך מיט מיינע שוועס־טער אין אַמעריקע, זענען אויפגעשווומען אין זכרון אַזויפיל שיינע אָנגע־נעמע עפּיזאָדן פון די יונגע יאָרן. כ׳האָב מיך דערמאָנט די פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע, צו וועלכער מיר האָבןביידע געהערט. די מיידלשע סודות, וואָס מיר פלעגן זיך קעגנזייטיק פאַרטרויען. די ביינאַכטיקע שפּאַצירן, שפּילערייען און שטיפערייען, די בשותפותדיקע חלומות, ווען מיר האָבן מיט הייטערדיקע הערצער און מיט גרויסע, בענקענדיקע אויגן, גלייבנדיק און האָפענונגספול אַריינגעקוקט אין דעם אין נעפּלען איינגעהילטן מאָרגן.

וואָס וועט ער אונדז ברענגען, דער מאָרגן?

קיינער האָט עס נישט געקענט זאָגן און קיינער האָט נישט געקענט טרעפן וואָס פאַר אַן אומגעהייערע, צייטנערדיקע רעדער עס גרייט צו דער געשיכטע־דעמאָן, צווישן וועלכע עס וועלן צעריבן און צעדרויבלט ווערן נישט נאָר אונדזערע חלומות, נאָר דאָס גאַנצע לעבן אונדזערס.

מיר האָבן געוווינט דעמאָלט אונטער איין דאַך אין אַ געדונגענער דירה, וואָס האָט געהערט צו איר פאָטער. אין זעלבן מויער האָט געוווינט מינדלס פאַמיליע. און אַזוי, כאָטש זייער מעמד איז געווען אַ פּיל בעסערער ווי אונדזערער, זענען אונדזערע משפּחות געווען מער ווי באַפריינדעט.

ביי זיי זענען געווען צען קינדער, קען מען זיך פאָרשטעלן ווי פריי־לעך, טומלדיק ס׳איז געווען אין הויז פון די סאַרניעוויטשעס. זעקס פון די קינדער זענען אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן צוזאַמען מיט טאַטע־מאַמע. מינדל, לייטשע און שלמה זענען שוין צו זייער מזל געווען אין אַמעריקע.

ווערט מינדל געוואָרן פון אַ בריוו וואָס אונדזער חשובער בן־עיר הערש סמאָליאַר האָט איר געשריבן פון וואַרשע, אַז זייער עלטסטער ברודער, איטשע, לעבט און וווינט מיט זיין משפחה אין סמאָלענסק.

דער עלטסטער ברודער לעבט! דאָס איז געווען אַזאַ איבערראַשונג פאַר די שוועסטער, אַז זיי זענען מבולבל געוואָרן פון דער ידיעה. דער עלטסטער ברודער לעבט, דאַרף מען אַלצדינג טאָן זיך צו טרעפן מיט אים!

און טאַקע, נישט אָפּלייגנדיק אין דער לאַנגער באַנק, האָבן די צוויי שוועסטער מיטן שוואָגער מאַקס בוכבינדער באַשלאָסן, אַז אַזוי ווי פון דאָרטן קומען צו זיי קיין אַמעריקע איז כמעט אוממעגלעך, ווייל ס'איז אַ פאַרשלאָסענער טויער, וועלן זיי פאָרן קיין ראַטנפאַרבאַנד. און מינדל איז מיר מודיע דעם טאָג פון זייער קומען.

דאָס קומען זייערס פון אַמעריקע איז זיי זיכער אָנגעקומען גרינגער ווי מיר מאַכן די יאַזדע פון קאָקטשעטאַוו קיין מאָסקווע צו דער באַגעגעניש מיט זיי. אָבער גאָט מיינער, דורכלאָזן אַזאַ נישט געחלומט גליק אַרומצו־נעמען מינדלען, לייטשען, מאַקסן, מיט וועמען כ'האָב מיך נישט געזען 45 יאָר און וועלכע זענען מיר טייער און ליב ווי מיטגלידער פון מיין אייגענער משפּחה, דאָס וואָלט דאָך באַטייט באַרויבן זיך אַליין. מיט גרעסטער אומ־געדולד האָב איך געוואַרט אויף דער ידיעה פון זיי אַז זיי לאָזן זיך אין וועג. און אין חודש מײַ 1965 בין איך געקומען קיין מאָסקווע זיך ווידער טרעפן מיט מיין יוגנט...

און אָט בין איך מיט זיי, און צוזאַמען פאַרברענגען מיר אין מאָסקווע עטלעכע טעג און צוזאַמען פאָרן מיר קיין סמאָלענסק צו איטשען וויפל געהויבענע רגעס, דערמאָנונגען, צערודערטקייט און פרייד האָבן מיר גע־בראַכט די טעג, וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט צוזאַמען. זיי וועלן קיין מאָל נישט אויסגעמעקט ווערן פון זכרון.

צום געזעגענען זיך באַשליסן מיר אַז איך מוז קומען קיין אַמעריקע זיך זען מיט מיינע שוועסטער. מינדל דאַרף ווירקן אויף זיי מען זאָל מיר אַרויסשיקן אַן איינלאַדונג אויף אַ באַזוך, צו געסט, און זי זאָגט עס מיר צו, אָבער... דאָס וועט מוזן אַ ביסל געדויערן, מחמת אויף זייער צוריקרייזע אַהיים פאַרקערעווען זיי אויף אַ באַזוך קיין ישראל...

זיי פאַרקערעווען... אַזוי־אַ פּשוט, אַהין, אין יענעם לאַנד פון וועלכן מיר קענען נאָר חלומען, אָן שום האָפענונג אַז די מעגלעכקייט צו קומען אַהין וועט אַמאָל מקוים ווערן.

יאָ, זיי קומען אַהין אין דעם לאַנד ווען און וויפל מאָל זיי ווילן. ס'איז דאָך זייער היימלאַנד, כאָטש זיי לעבן אין אַמעריקע. זיי האָבן אַריינגעלייגט

אין דעם לאַנד נישט ווייניק מי, דאגות, געלט און זיי זענען שטאָלץ מיט דעם וואָס דאָס לאַנד איז געוואָרן אין אַ קורצער צייט אַ ביישפּיל נישט נאָר פאַר דעם אַרומיקן אָפּגעשטאַנענעם מזרח, נאָר פאַר דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט.

ישראל — איך בין דעמאָלט געווען אין קאָמי־לאַגער. און איך געדענק דעם רושם וואָס ס'האָט אויף אונדז, די גרויסע גרופּע אַרעסטאַנטן, געמאַכט גראָמיקאָס רעדע אין דער אַנסאַמבליי פאַרן שאַפן אַ יידישע היים אין ישראל. ווי אויפגעהייטערט מיר זענען דעמאָלט געוואָרן, ווי ווערדיקער, חשובער מיר האָבן זיך דערפילט מיט אַ מאָל. און מיר זענען אַפילו גרייט געווען מוחל צו זיין די סאָוועטישע מנהיגים די באַגאַנגענע פאַרברעכנס און די צרות וואָס זיי האָבן אָנגעטאָן מיליאָנען מענטשן...

אין צייט פון דער מדינה־אַנטשטייונג, פון איר ערשטער מלחמה פאַר איר אומאָפּהענגיקייט און אויך שפּעטער זענען די לאַגערן און די פאַרשיקונגס־ערטער געווען אַ סך יידן באַשטראָפטע פאַר זייערע ציוניסטישע אָנשויונגען. זיי האָבן נישט ווייניק געווירקט אויף מיין יידישן באַוווסטזיין, אויף מיינע געפילן און מיך באַפליגלט מיט דעם שיבת ציון־חלום. שיבת־ציון, ווען איך האָב נישט געוווסט צי איך וועל אַרויס אַ מאָל אַ לעבעדיקע פון דעם לאַגער־גיהנום.

שפּעטער, ווען איך בין שוין געווען אויף דער פריי און איך האָב אין דעם ווייטן און קאַלטן קאַזאַכסטאַן שוין פאַרמאָגט אַ שטיקל ראַדיאָ־אַפּאַראַט, בין איך צוויי מאָל אין טאָג געזעסן צוגעשמידטע מיטן אויער צו „קול ישראל”, איך בין געווען אין קורס פון אַלע געשעענישן אין דעם לאַנד, אַרומגערינגלט מיט שונאים, וואָס ווילן די יידן אַריינשטופּן אין ים. זיך געפרייט מיט אַלע דערגרייכונגען אויף אַלע געביטן, און אויפגעעציטערט, געוואָרן פון יעדן אומגליק, וואָס האָט געטראָפן, ווי די טראַגעדיע, למשל, מיט דער דערטרינקענער אונטערוואַסער־שיף. כאָטש מ'האָט דעם פאַרדעכטיקטן אין דעם פאַרברעכן נישט פורש בשם געווען, האָט מען פון די רמזים פאַרשטאַנען ווועמען מ'איז אויסן...

הייַנט, וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין דער זעקס־טאָגיקער מלחמה? דער ראַדיאָ איז געוואָרן מיין מאַגיע. איך פלעג קוים דערציען פון איין אוידיציע צו דער צווייטער. ווי צעבראָכן איך בין געוואָרן פון דער ערשטער ידיעה וועגן אָנהייב פון דער מלחמה. וועגן אַריינדרינגען פון עטלעכע אַראַבישע מלוכות אין דעם קליינעם לאַנד, וועגן צעשמעטערטע און אַראָפּגעשאָסענע צענדליקער ישראלדיקע עראָפּלאַנען, לויט דער סאָוועטישער בייעס־טראַנסלאַציע. און ווי שמחהדיק מיר איז געוואָרן ווען ס'האָט זיך אַרויסגע־

וויזן, אַז ס'איז דער פולשטענדיקער הפך... און ווען איך האָב געהערט דעם שופר ביים באַפרייטן כותל און דאָס געוויין פון באַפרייער, וועלכער האָט קדיש געזאָגט נאָך יענע וועלכע זענען געפאַלן אין וועג נישט דער־גייענדיק צום כותל, האָב איך געוויינט צוזאַמען מיט אים.

אָ, ווי שטערן־ווייט דו ביסט פון מיר ישראל... און נישט דערפאַר ווייל די שטרעקע איז געאָגראַפיש אַ גרויסע צווישן אונדז, און דערפאַר אומדער־גרייכבאַר, נאָר ווייל עס שטייט צווישן אונדז אַ דיקע, נישט דורכברעכבאַרע „אייזערנע וואַנט"...

אויב אַפילו עס וואָלטן געעפנט געוואָרן די טויערן פאַר יידישער אויסוואַנדערונג און עס וואָלט מיר דערלויבט געוואָרן מיטן פעקל אויפן פלעקל זיך אַוועקלאָזן אין וועג וואָלט איך נישט געקענט רירן זיך פון אָרט.

פלוצעם, — יעדער אומגליק קומט דאָך אומגעריכט — פלוצעם איז אסתר זייער קראַנק געוואָרן. זי איז פון תמיד אַן געווען אַ שוואַכינקע. אָבער איר געזונט צושטאַנד האָט זיך געהאַלטן אין איין פאַרערגערן. די אָרטיקע דאָקטוירים, די יידישע, פאַרשיקטע אַזוי ווי מיר, אויף מיין ווונק קומען באַלד צו לויפן אַהיים. מען טוט וואָס מען קען. זיי נעמען זי אין שפּיטאָל אויף אַ לענגערער צייט. איך בין שוין אויף פענסיע, גיב איך אַוועק מיין גאַנצע פרייע צייט פאַר אירעט וועגן. וואָס איר איז, דאָס קען איך נישט דערגיין. די דיאַגנאָזן פון די דאָקטוירים — ווידערשפּרעכלעכע. איינע מיינען אַז אירע לונגען זענען אָנגעגריפן, אַנדערע — אַז דאָס האַרץ, און זי איז אין אַ קאַטאַסטראָפאַלן צושטאַנד פון בלוט־אָרעמקייט, און איר רעטונג איז — וויטאַמינען און אַ וואַרעמער קלימאַט.

אַוודאי, ווי רעהאַביליטירטע, וואָלט מען געקענט פאָרן קיין קרים, וואָס שמט מיט די קוראָרטן און סאַנאַטאָריעס. אָבער צוליב דעם דאַרף מען האָבן אַ סך געלט. דער וועג איז אַ לאַנגער. אים דורכמאַכן אַליין וועט אסתר נישט זיין בכוח. איך וועל זי מוזן באַגלייטן, וועט די הוצאה זיין אַ טאָפּלטע. אויב אַפילו אסתר וועט באַקומען אַן אומזיסטע „פּוטיאָווקע" וועל איך דאָך מוזן דינגען ערגעץ אַ געלעגער. און די דאָזיקע פּריוואַטע געלעגער־צושטעלער שינדן די הויט. ניין, די דאָזיקע שלאַפקייטן זענען נישט פאַר אנשי שלומנו. אָבער פאָרן האָט אסתר געמוזט. מ'האָט זי גע־דאַרפט ראַטעווען. האָב איך ניין חדשים אין יאָר געאַרבעט בייטאָג און בייכנאַכט (ווי אַן ערשטקלאַסיקע שניידערין האָב איך גוט פאַרדינט. כ'האָב שוין געהאַט אויך אַ נייע ניימאַשין) האָבן מיר געקליבן אַ קאָפּיקע צו אַ קאָפּיקע — און עטלעכע סעזאָנען נאָך אַנאַנד פלעג איך ברענגען אסתרן קיין קרים אויף גאַנצע דריי חדשים.

מיר פאָרן דורך מאָסקווע ווו מיר האָבן פריינד און מיר פרייען זיך מיט דער געלעגנהייט זיך טרעפן מיט זיי. בייע פריינד האָבן מיר דער־וואַרבן אויך אין גורזוף וווהין מיר קומען עטלעכע יאָר נאָך אַנאַנד. קיין ספּעציעלע היילונג האָט אסתר נישט באַקומען. אָבער דערפאַר האָט זי געגאָסן פון דער פרישער ים־לופט, אָנגעקוועלט פון דער באַרגיקער לאַנד־שאַפט, און זיך דערנערט נישט שלעכט און הנאה געהאַט פון די געשמאַקע מיטאָגן וואָס די באַלעבאָסטע האָט מיר דערלויבט אָפּצוקאָכן אין דער היים.

איין מאָל, שפּאַצירנדיק פאַר נאַכט אויפן וווּנדערלעכן בייבערעגיקן בולוואַר, קומט אונדז אַנטקעגן ע.ר. דער באַוועגלעכער, קליינוווּקסיקער ייד. אַ לייַדנשאַפטלעכער שאַכמאַטיסט, אַ פריילעכער, שאַרפזיניקער מעשיות־דערציילער, וואָס איז געווען דאָס ליבלינג פון אַלע פּליאַזש־באַזוכער. ער האָט זיך געאיילט מיט זיין טשעמאָדאַנדל צום וואָקזאַל. געזעגענענדיק זיך האָב איך באַמערקט אונטער דעם צעשפּיליעטן העמד אַ מגן־דודל און איך האָב אין גרויסער גערירטקייט שטאַרקער געדריקט זיין האַנט. אַ מאָסקווער ייד, האָב איך מיך געוווּנדערט, אין משך פון צענדליקער יאָרן אַן אָפּגעריסענער און אָפּגעפרעמדטער פון יידישקייט און... אַ מגן־דוד? האָט ער מיר געענטפערט: אַן אָפּגעפרעמדטער — נאָר לכאורה, מיין טייערינקע. גיט אין ראַטנפאַרבאַנד עטוואָס אַ קוועטש אויף יעדן, אַפילו אַסימילירטן, שוין פאַרגוייִשטן ייד, און דאָס אין דער טיף פאַרבאָרגענע וועט בולט אַרויס אין דרויסן.

דעם 12טן אויגוסט 1967 אויף אונדזער צוריקוועגס אַהיים פאַרהאַלטן מיר זיך אין מאָסקווע ביי אונדזערע פריינד, און איך בין בייגעווען ביי זייער אַ רירנדיק בילד. אונדזער פריינד, אַ מענטש אין די אַכציקער, איז געזעסן ביים ראַדיאָ און הערנדיק „קול ישראל" האָט ער זיך באַגאָסן מיט טרערן. מאי קאָ משמע לן?... ווייזט זיך אַרויס אַז פון ירושלים גיט מען איבער אַ מיטינג צום יאָרטאָג פון די פון סטאַלינען צעשאָסענע יידישע שרייבער.

בעת דעם זעלבן באַזוך האָב איך געהערט וואָס עס טוט זיך אויפן פליפעלד ווען יידן פאָרן אַוועק קיין ישראל. באַגלייטן זיי קומען נישט נאָר די קרובים, נאָר אַ סך יוגנוואַרג. קיינער פון די איבערבלייבנדיקע ווייסט נישט ווען עס וועט זיי באַשערט זיין זיך פאַראייניקן מיט די וואָס פאָרן אַוועק. נאָר מ'איז אין אַ געהויבענער שטימונג, מ'איז פריילעך, מען זינגט לידער און מען גייט אַפילו אַ טענצל...

איך האָב דאָס געמוזט זען מיט מיינע אייגענע אויגן. צי דען פאָרט

מען טאַקע אַרויס קיין ישראל? און צי דען איז דאָס יונגוואַרג געוואָרן אַזוי דרייסט, אַז נישט קוקנדיק אויף דעם אַכזריותדיקן רעזשים, און אפשר צו להכעיס אים, דריקן זיי אָפן אויס זייער אָנגעהעריקייט צו יידן און זייער אידענטיפיצירונג מיט ישראל?

גאַנץ פרי, ווען אונדזער באַקאַנטע איז נאָך געשלאָפן בין איך שטי־לערהייט אַרויס פון דער שטוב, געכאַפּט אַ פּריוואַטן אויטאָ וועלכער האָט פאַר עטלעכע רובל מיך צוגעפירט צום פּליפּלאַץ. ס'איז נאָך געווען פרי, נאָר פון דער צערודערטקייט און עמאָציאָנירטקייט פון די אָנגעקומענע גרופּעס מענטשן האָב איך פאַרשטאַנען אַז דאָס זענען די גליקלעכע. מ'האָט געלאַכט, זיך געוויצלט, זיך געווונטשן הצלחה און עמעצער האָט נאָכגעשריגן: געדענק מישאַ, תיכף אַרויסשיקן אַ „וויזאָוו" (איינלאַדונג). נאָר איין פּרוי האָט אויסגעבראָכן אין אַ גרויס געוויין... אַ געוויינלעכע יידישע טראַגעדיע: איין זון מיט זיין משפּחה איז שוין אין ישראל, זי האָט געדאַרפט פאָרן מיט זיי, האָט דער צווייטער זון, אַ קעגנער פון ישראל, דערוווידערט און זי פאַרהאַלטן דאָ. ווערט דאָס מאַמע־האַרץ צע־ריסן צווישן ביידע זין און זייערע משפּחות...

אומקערנדיק זיך קיין קאָקטשעטאָוו האָב איך געטראָפן אַן איבערראַ־שונג: אַן איינלאַדונג קיין אַמעריקע פון מיין שוועסטער שרה. דאָס האַרץ האָט מיר געקלאַפּט ווי אַ האַמער ווען איך האָב מיך ענדלעך אָנגענומען מיט מוט און בין געגאַנגען אין מ.וו.ד. דורכפירן אַלע פאָרמאַליטעטן כדי צו באַקומען אַ דערלויבעניש.

אין צוויי חדשים אַרום האָב איך באַקומען אַן ענטפער, אויף וועלכן איך האָב אַן אילוזיעס געוואַרט — אַן אָפּזאָג.

אין זומער פון 1969טן יאָר, אין גורזוף, האָט אסתרס געזונט־צו־שטאַנד זיך ערנסט פאַרערגערט. דעם פאַרגאַנגענעם ווינטער האָט זי געליטן פון ווייטיקן אין מאָגן. ווידער געלעגן אין שפּיטאָל. און דאָ אויפן פּליאַזש האָט זי זיך דערפילט אַזוי שלעכט, אַז איך האָב זי געמוזט אָפּפירן צו אַ דאָקטער. נאָך די דורכגעפירטע אַנאַליזן האָט דער דאָקטער מיך אַריינגע־רופן און מיך געוואָרנט, אַז קרים איז נישט פאַר איר, איך זאָל תיכף אַנטלויפן מיט איר פון דאָרטן.

אַרויספאָרן פון גורזוף איז געווען נישט לייכט. איך בין אַרומגעלאָפן קריגן בילעטן וואָס איז מיר געלונגען ערשט אין דריי טעג אַרום. אסתר איז געווען אומעטיק. זי האָט אויפגעהערט עסן, געלעגן אַ שווייגנדיקע. דער וועג צוריק אַהיים האָט זי אויך היפּש אויסגעמאַטערט. איך און די פריינד אונדזערע האָבן זי אָפּגעפירט אין שפּיטאָל און מיר זענען אַלע פאַרצווייפלט

געוואָרן ווען ווערא וואָלפּאָוונאַ די הויפּט־דאָקטערין האָט אונדז מיט מיט־געפיל מודיע געווען אַז ביי אסתרן איז אַ ראַק פון די געדערים...

פאַרשטייט זיך, אַז אסתר טאָר דעם גרויזאַמען אמת נישט וויסן. ווערא, וואָס איז אונדז אויך אַ גוטער פריינד, ווי אַ יידישע פרוי און אויך אַ גע־ליטענע (איר פאָטער איז אויך אַ געזעסענער), האָט אסתרן פאַרהאַלטן ביי זיך אין שפּיטאָל, נישט איבערגעבנדיק זי אין שפּיטאָל פאַר ראַק־קראַנקע. אַלע מעדיציניש תחבולות וואָס זי האָט געפּרוווט אויף איר האָבן נישט געהאָלפן. אַ יאָר צייט האָט ווערא זי געהאַלטן אין שפּיטאָל ביז די קראַנקע האָבן גענומען פּראָטעסטירן פאַר וואָס מען האַלט אַזעלכע צווישן זיי. איך בין געצוווּנגען זי נעמען אַהיים. אַ חודש צייט בין איך אַליין זיך מטפּל געווען מיט איר. זי באַדינט, געבאָדן, געקאָרמעט ווי אַ קליין קינד, נישט אַרויסווייזנדיק איר מיין פּחד און מיין פאַרצווייפלונג.

דעם 10טן יולי 1970 האָבן זיך פאַרענדיקט די יסורים פון אָט דער טייערער פרוי, וואָס איז פאַרפאָלגט געווען פון נאָכאַנאַנדיקע אומגליקן און צרות. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן אויף אייביק.

נישטאָ אסתר, מיט וועלכער איך האָב דורכגעמאַכט צוזאַמען דרייסיק טראַגישע יאָרן, וועלכע איז מיר אייגענער פון אַ שוועסטער, אַזאַ שוואַ־כינקע, אומפעיִקע צו אַ געראַנגל מיט די אַכזרישע כוואַליעס פון לעבן. נישטאָ מיין האַרציקע פריינדין, צוליב וועמעס רעטונג איך האָב מקריב געווען מיין פּערזענלעך לעבן. וואָס זשע האַלט מיך נאָך דאָ אין אָט דעם פרעמדן, קאַלטן, אומפריינדלעכן לאַנד?

אַוודאי, איך האָב נאָך צענדליקער אמתע פריינד. זעלטן גוטע, האַר־לעכע מענטשן וואָס זענען אונדז תמיד בייגעשטאַנען אין אַ נויט. עס איז אַ שאָד זיך צו שיידן מיט זיי, אָבער דער כישוף פון יענעם ווייטן לאַנד האָט אַזוי געמאַגניעט, געלאָקט, מיך גערופן און איך האָב מיך נישט גע־וואָלט אָפּזאָגן פון דעם גליק צו קומען און זען יענע ערד מיט די אייגענע אויגן, און אָטעמען יענע לופט און איינזויגן די פאַרב פון יענעם הימל און לעבן מיט די פריידן און אומגעהייערע זאָרגן פון דעם פאָלק, וואָס האָט פאַרוונדערט די וועלט מיט זיין אויסדויער, זיין עקשנות, זיין אַרבעט, קאָמפּעטענץ...

אין האַרבסט 1971 טראָג איך אָפּ מיין בקשה וועגן אַ דערלויבעניש עולה צו זיין קיין ישראל. וועט מען מיר געבן די דערלויבעניש? צוריק מיט אַ פּאָר יאָר האָט מען מיר אָפּגעזאָגט אַ באַזוך ביי מיינע שוועסטער אין אַמעריקע, נאָר אַ באַזוך. נישט מער ווי אַ באַזוך. וואָס זשע וועט מען

באַשליסן ווען איך בעט מיך קיין ישראל, — דעם „ראַסיסטישן" לאַנד — אויף שטענדיק?

פּיינלעכע חדשים פון וואַרטן. מיינע גוטע פריינד פיבערן אין איינעם מיט מיר. די פריינד אין מאָסקווע קוקן אַרויס מיט אומגעדולד אויף מיי־נער אַ גוטער ידיעה. און ווען איך האָב דאָס גליק דערלעבט, האָב איך זיי צו וויסן געטאָן מיט דריי ווערטער, אין טעלעפאָן: יאָ! — יאָ! — יאָ!...

אָבער ווי איבערראַשט בין איך געוואָרן ווען קומענדיק אין מ.וו.ד. צו באַקומען דעם אַרויספאָר־דאָקומענט, האָט מען מיר געהייסן איינצאָלן ניין הונדערט רובל. סטייטש? מ'האָט דאָך מיר געזאָגט, אַז דער דאָקו־מענט קאָסט נאָר פיר הונדערט רובל? דאָס דאַרף איך באַצאָלן פאַר אָפּ־זאָגן זיך פון דער בירגערשאַפט! אַ נייע צרה. איך שרייב צו מיינע שוועסטער, צו מיין חברטע מינדל, איך לויף צוריק אַרבעטן אין צעך (ווי אַ פּענסיאָנערין האָב איך רעכט צוויי חדשים אין יאָר צו אַרבעטן, נישט פאַרלירנדיק די פּענסיע). וואָס וואָלט איך געטאָן ווען מיר קומען נישט צו הילף מיינע גוטע פריינד? איך האָב דעם דאָקומענט באַקומען. דעם 31סטן מאַרט 1972 האָב איך פאַרלאָזט קאַזאַכסטאַן.

אָבער פון יסורים בין איך נאָך נישט פּטור. אָנקומענדיק קיין מאָסקווע אין דער האָלענדישער פאַרשטייערשאַפט זאָגט מען מיר, אַז אין פּאַספּאָרט פעלט דאָס פּאַפּירל אויף וועלכן מען שטעלט די וויזע. וויפל איבערלע־בענישן, אַרומלויפענישן איבער די פאַרשיידענע אַמטן אין מאָסקווע איז מיר באַשערט געווען, ביז איך האָב דאָס פּאַפּירל געקראָגן. דעם 10טן אַפּריל האָב איך מיך געזעגנט מיט מיינע מאָסקווער פריינד.

און אָט בין איך אויף דער גרענעץ אין ברעסט. איך האָב נאָך ביי זיך 5 סאָוועטישע רובל. צו וואָס דאַרף איך זיי? פאַר זיין גוטער באַהאַנדלונג אין וועג גיב איך זיי אָפּ דעם וואַגאָן־קאָנדוקטאָר. אויף דער סטאַנציע לויפן אַריין די גרענעץ־באַאַמטע, נעמען צו די דאָקומענטן. יאָגן אַרויס די פּאַסאַזשירן מיט זייערע פּעק פונעם וואַגאָן אין וואָקזאַל וווּ עס ווערט דורכגעפירט אַן אונטערזוכונג. צוויי מיידלעך פירן מיך אַריין אין אַ באַזונ־דער צימער. הייסן מיר זיך אויסטאָן. זיי באַטאַפּן די קליידער, פּרעך און ברוטאַל זוכן זיי ביי מיר גאָלד, ברילִיאַנטן... ווו האָט איר זיי באַהאַלטן?

אָבער מיינע אָפּקומענישן האָבן זיך נאָך נישט געענדיקט. אפשר צוליב מיין שלימזל און מער, זיכער, צוליב דער נאַכלעסיקייט פון די מ.וו.ד.־באַאַמטע איז מיר באַשערט נאָך איין גרויסע איבערלעבעניש, וואָס איז דער ווערעך אויף מכה.

איין קליינקייט: דער גרענעץ־אָפיציר מעלדעט מיר אַז איך קען ווײַ־טער נישט פאָרן, ווייל אין מיין דאָקומענט פעלט איין פּאַטאָ!!

די פיס זענען מיר געוואָרן אונטערגעהאַקט. איך האָב מיך צעוויינט, צעשריגן אַ פאַרצווייפלטע. היתכן? איך האָב דאָך דערלאַנגט צען פאָ־טאָס, וויפל מ׳האָט געפאָדערט...

ווייס איך וואָס, רעדט צו דער וואַנט. וואָס טוט מען? איך לויף אַוועק צום וואַגאָן־קאָנדוקטאָר מיט אַ געוויין. ער, אַ גוטער מענטש, קערט מיר אום די 5 רובל. גיב איך אָפּ מיינע זאַכן אין דער קאַמער פאַר באַגאַזש־היטונג, אַ דערשלאָגענע, אַ הונגעריקע מאַטער איך מיך אָפּ די נאַכט אין וואָקזאַל־האָטעל און גאַנץ פרי לויף איך אַרויס אין שטאָט זוכן אַ פּאָטאָ־גראַף. וואָס זשע טוט גאָט? איז ביי די פּאָטאָגראַפן הייגט רו־טאָג. אויפן מאַרק, עצהט מען מיך, וועל איך געפינען איינעם.

בקיצור... איבערגעקומען ברעסט, איבערגעקומען די גראָבע באַהאַנד־לונג פון די פּוילישע באַאַמטע וואָס רייסן זיך אַריין אין וואַגאָן און פאַ־דערן די דאָקומענטן מיט פרעכקייט און זילזולים. און דאַנקען גאָט — מיר זענען אין עסטרייך.

שוין פון דער גרענעץ האָבן מיר דערפילט אַן אַנדער לופט. אַ קול־טורעלע, אַ העפלעכע, גאָר אַן אַנדער באַנעמונג. ס׳איז געוואָרן גרינגער אויפן הארצן. ס׳האָט מיך אַרומגענומען אַזאַ צופרידנקייט און זיסע מיד־קייט נאָך דעם ברעסט־קאָשמאַר.

מיט וואָס פאַר אַ פּאַרזיכטיקייט האָבן די ישראלדיקע פאָרשטייער אונדז געהאָלפן אויסשטייגן פון די וואַגאָנעס. אַליין אויפגעלאָדן אונדזערע זאַכן אויף די לאַסט־מאַשינען, וואָס האָבן עס אָפּגעפירט אין דעם אַלטן עסטרייכישן שלאָס ווו ס׳איז געווען דער איבערזידלונגס־פּונקט, אַ באַ־וואַכטער פון עסטרייכישע פּאָליצײ־לייט. קראַנקנשוועסטער האָבן אַרויס־געטראָגן אויף אַ טראָגבעטל אַן עלטערע פרוי פאַרזיכטיק און מיט זאָרג. שוין אין זאַל פונעם וואָקזאַל האָט מען אונדז אַריינגעפירט איבערכאַפּן אַ פרישטיק. ווייסע טישטעכער און אויף די טישן פון כל טוב... אויף מיר האָט דאָס געווירקט ביז טרערן. אַ יונגערמאַן האָט זיך צוגעזעצט צו יעדן טישל און אויסגעפרעגט די נייגעקומענע פון וועלכער געגנט מען קומט, צי זענען פאַראַן קרובים אין ישראל, אין וועלכער געגנט וואָלטן זיי וועלן וווינען, און אויך — איז מען עפּעס אַ פאַכמאַן? און אויב יאָ, אין וועלכן פאַך?

אויספרעגנדיק מיך האָט דער יונגערמאַן די פאַך־פראַגע דורכגע־לאָזט. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער האַלט מיך שוין נישט פאַר קיין טוערין

צוליב מיין עלטער... דאָס האָט מיך פאַרדראָסן און איך האָב אים גלייך געזאָגט, אַז ער האָט אַ טעות אויב ער מיינט אַז איך בין אויסן נאָר דעם ביטוח לאומי. ברוך השם, איך בין נאָך געזונט און נאָך בכוח עפּעס צו לייסטן...

דער יונגערמאַן איז רויט געוואָרן. ער האָט זיך אַנטשולדיקט, און מיט האַרציקייט געפרעגט: „איז אויב אַזוי, איז וואָס איז אייער פּאַך?"

דעם 13טן אַפּריל פון 1972טן יאָר. צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן שטייג איך איין אין אַן אַעראָפּלאַן. מיר איז אַלצדינג אינטערעסאַנט. איך קוק מיט באַווונדערונג אויף די יונגע פּילאָטן — יינגלעך כמעט — וואָס פירן מיט זיכערקייט אַזאַ אומגעהייערע מאַכינע, אַן אָנגעפּראָפּטע מיט מענטשן און מיט קליינע קינדערלעך, וואָס שלאָפן אַזוי געשמאַק אין ספּעציעלע וויגעלעך... עס וואַקסט דאָס האַרץ קוקנדיק אויף די שיינע, טשאַקנדיקע סטיואַרדעסעס, וועלכע זאָרגן אַזוי פאַר די פּאַסאַזשירן, אינטערעסירן זיך ווי מען פילט, צי פעלט זיי נישט עפּעס, און הערן נישט אויף צעטראָגן טאַצן מיט פאַרשיידענעם עסנוואַרג.

איך זיץ ביים פענצטערל און קוק אין דער פינצטערניש אַרויס. אונטער אונדז איז דער ים, איבער אונדז אַ הימל מיט שטערן. אָט, אָט וועלן זיך באַווייזן די פייערלעך פון תל־אָביב. אָט שטייגן מיר אויס פון אַעראָפּלאַן. יינגלעך, מיידלעך באַגעגענען אונדז מיט בלומען. זיי זינגען, זיי מאַכן אַרום אונדז אַ ראָד און טאַנצן:

שלום עליכם!

שלום עליכם!

גאָט מיינער, דאָס איז דאָך נישט קיין חלום. דאָס איז די וואָרסטע וואָר. איך שטיי אַ צעחושטע און איך מומרל די ברכה, וואָס איך געדענק פון מיין טאַטן:

שהחינו וקימנו, והגיענו לזמן הזה!

# נאָכוואָרט

די מחברין פון דעם דאָזיקן בוך זכרונות איז נישט קיין שריי־בערין און נישט ליטעראַריש־קיסטלעריש כוונות האָט זי געהאַט ביים אויפסיליען עפּיזאָד נאָך עפּיזאָד אָט די אויטאָביאָגראַפישע פאַרצייכענונגען. איר ציל איז געווען — אַנטפּלעקן דעם אמת וועגן אַ גרויליקער געזעלשאַפטלעכער סיסטעם און ווייזן ווי אַזוי עס רעאַגירט דער מענטש ווען דער גורל וואַרפט אים אַריין אין אַן אימהדיקן תהום, געשאַפן פון דער סיסטעם, אַ תהום וואָס האָט פאַרשלינגען מיליאָנען.

זי האָט קיין מאָל פריִער נישט געקלערט אַז די טראַגיש־געקייטלטע נסיונות אירע וועט זי ווען עס איז אַרויפברענגען אויף פּאַפּיר. זי האָט נישט געפירט קיין טאָגביכער. דאָס דורכגעמאַכטע און דורכגעטראַכטע נישט פאַרצייכנט טאָג נאָך טאָג אין בלאָק־נאָטן. אַלע געשעענישן און איבערלעבונגען האָבן זיך טיף איינ־געקריצט אין איר גאָלדענעם זכרון וואָס האָט אין אַכציק יאָריקן עלטער זיך פאַרהיט אַ לויטערער און שאַרפער. און אויב זי האָט מיט גרעסטן אימפּעט, מיט דערציילערישן פּאַטאָס זיך גענומען צו דער פעדער, שרייבנדיק געפּרעסט, איילעוודיק, אין אַ גאַלאָפּירנ־דיקן סטיל, אומגעדולדיק זיך אויסדערציילן ביזן סוף — איז עס אַ דאַנק די באַקאַנטע און פריינד וועלכע האָבן זי צוגערעדט צו דעם דאָזיקן פאַר איר נישט געוויינלעכן אַקט. אויסהערנדיק די לעבעדיקע שילדערונגען פון איר לאַנגן פיל מיט פּעריפּעציעס יסורים־וועג. האָבן זיי פאַרשטאַנען נישט נאָר אַז זי פאַרמאָגט דערציילערישע פעיִקייטן און טעמפּעראַמענט, נאָר אויך אַז דאָס דערציילטע וואָס וויקלט זיך פונאַנדער אויפן פאָן פון דער עפּאָכע

איז פון אַ מאָראַלישן און געזעלשאַפטלעכן באַטייט וואָס טאָר נישט פאַרפאַלן גיין.

אין דעם בוך אַנטפּלעקט זיך אויך אַן אָפּטימיסטישע, עקשנות־דיקע פרויען־נאַטור. זי אַליין און די געשטאַלטן וואָס מאַטערן זיך ווי די דערציילערין גופא, אַרויסצוראַטעווען זיך פון דעם תהום זענען געשילדערט רעאַליסטיש, אַ האָר נישט צוגעפּוצט, נישט רעטושירט. דאָס איז אַ רעאַליסטיש בוך פון אַ גרוילִיקן אמת.

„איינגנס"

# אינהאַלט